וואָלף טאמבור

# מאראמאָרעשאנער

דערציילונגען



פארלאג קריטעריאָן
בוקארעשט 1975

# אויך דעם מחבר

...אין דער חסידישער וועלט ווייסט מען, אז אלע מעשיות, אלע דערציילונגען, אלע פערזן און לידער, וואָס עמעצער האָט אמאָל דער־ציילט, אָדער אָנגעשריבן — סיי די וואָס זענען געחתמעט מיט א נאָמען, סיי וואָס זענען געחתמעט מיט א פסעוודאָנים, סיי מע האָט זיי דערציילט בשם אומרו, דאָס הייסט אז מע האָט זיי איבערדערציילט — זענען זיי נישט קיין נייע, צי אָריגינעלע מעשיות, אָדער לידער, נאָר אלע זענען זיי אלטע, נאָך מימים קדמונים.

אויך דאָ, ביים דערציילן א מעשה, אָדער זינגען א ליד, איז חל דער זאָג פון שלמה המלך: אין חדש תחת השמש. נישטאָ קיין נייע מעשה אָדער ניי ליד אונטער דער זון... אלע, אלע מעשיות וואָס מע האָט אמאָל דערציילט, אָדער מע וועט נאָך אמאָל דערציילן, זענען זיי נישט קיין נייע מעשיות, נאָר איבערדערציילטע און אָבער א מאָל איבערדערציילטע.

אלע מעשיות, אָדער לידער, זענען דאָך באשאפן געוואָרן אויף איין מאָל, נאָך אין די ששת־ימי־בראשית, און ווען אונדזער אוראורעלטערבאָבע, חוה, האָט געוואָלט איינשלעפן אירע צוויי קינדערלעך, קיינען און הבלען, האָט זי זיי דערציילט די זעלביקע מעשיות, געזונגען די זעלביקע לידער, נאָר מיט דער צייט זענען זיי פארלוירן געגאנגען, זענען פארגעסן געוואָרן...

געשעט זשע א מאָל, אז איינער דערמאָנט זיך פון אָט יענע מעשיות, אָדער לידער, צי אן ענלעכע מעשה, דערציילט ער זי, אין פראָזע, צי אין א ליד, פארשטייט זיך, אז יעדער אויף זיין אופן. איינער אין א שענערן

לבוש, אין א זײדן אָדער א סאַמעטן קלײד. מיט שײנע קלינגענדיקע פראַזן, מיט מעטאַפאָרן, װערטלעך, װאָס האָבן א צוציִאונגס־כּוח און פאַרכאַפּן די צוהערער, צי די לײענער — און טײל, רחמנא ליצלן, דערצײלן איבער א מעשׂה, צי שרײבן אָן א פּאָעם, אז סע קומט אױס צו גענעצן, אין א לבוש פון פלאַקסענעם צײגװאַרג, געלאַטעט און געשטיקעװעט. דאָס איז, פאַר־שטײט זיך, אױך א לבוש, אָבער לײדער א נעבעכדיקער... װאָס זאָל מען אָבער טון? (פאַרענטפערט זיך דער מחבר, מײן װײניקײט) א מענטש, װער ער זאָל נישט זײן. איז דאָך אָבער אױך נישט מער װי א מענטש, א זינ־דיקער בן־אָדם?!

אײן זאַך איז אָבער יאָ װיכטיק. זײער װיכטיק נאָך בײם סאַמע אָנ־הײב. אז דער דערצײלער צי דער דיכטער גופא זאָל זײן איבערצײגט. אז דאָס װאָס ער שרײבט איצט, אָט דאָס איז טאַקע ממש תּורת משה. דאָס בעסטע װאָס סע קאָן זײן, אָדער װאָס ער איז ביכולת צו געבן. װײל, װען נישט אפילו ער, דער מחבר, איז נישט פאַרזיכערט אין דעם, װאָס זשע קאָן ער זיך דערװאַרטן פון די לײענער צי צוהערער זײנע?!

קודם כּל דאַרף ער, דער מחבר גופא הנאה האָבן פון זײנע שאַפונ־גען. דערצײלט מען דאָך, אז דער גרױסער שלום־עליכם, װען ער פלעגט אָנשרײבן א מעשׂהלע, פלעגט ער אַלײן, בשעת מעשׂה, קײכן פאַר געלעכטער.

א שרײבער, א קינסטלער בכלל, דאַרף דעריבער זײן א מקפּיד לגבי זיך גופא. ער דאַרף זיך באַמיען צו געבן דאָס בעסטע װאָס ער איז ביכולת אָנצושרײבן.

פאַר װאָס? — אָט נאָך אײן פאַרװאָס...

...מע דערצײלט נאָך אין נאָמען פון א רבין, אז ער פלעגט זאָגן בײ די שבתדיקע סעודות, זײער שײנע דרושים, טיש־תּורהס, אז די צוהערער פלעגן זיך פון זײ לעקן די פינגער. אָבער ער גופא איז קײן מאָל מיט זיך נישט געװען צופרידן און זיך תּמיד געפילט געקריװדעט פון זײנע אײגענע דרושים אָדער תּורה־װערטלעך, הגם ער האָט זײ אַזױ שײן געזאָגט און אױסגעטײטשט, אז זײ זענען אַרײנגעדרונגען אין דער טיפעניש פון דער נשמה און אין די הערצער פון זײנע צוהערער.

מע האָט אָבער באַשיימפּערלעך געזען אויף זיין הייליק געזיכט, אַז דאָס תורה־זאָגן קומט אים אָן זייער שווער, גלייך ער וואָלט געטאָן א שווערע עבודה. הגם ער האָט די תורה געזאָגט מיט שמחה, איז ער געווען ווי געפּלאָגט פון א געדאַנק, גלייך ער וואָלט געפּרואווט אַריבערגיין איבער א שטרויכלונג און קאָן זי זייער שווער איבערהיפּן. די מקורבים האָבן עס נישט איין מאָל אין אכט גענומען, אָבער זיי האָבן נישט פאַרשטאַנען די סיבה דערפון.

איין מאָל האָבן זיי צווישן זיך אָפּגערעדט און באַשלאָסן, אים צו שטעלן אָט די פראַגע, אַז ער זאָל זיי אויפקלערן, פאַר וואָס ער איז אַזוי אומצופרידן מיט זיינע תורה־ווערטלעך, בעת זיי, זיינע חסידים, זענען נשתומם, ווען זיי הערן זיך צו, און זענען איבערצייגט, אַז דאָס וואָס זיי הערן פון זיין פה־קדוש, איז גאַנץ באַשטימט געזאָגט געוואָרן נאָך ביים הר סיני, בשעת מתן תורה...

דערציילט מען אַז דער צדיק האָט זיי געזאָלט האָבן געענטפערט בזה הלשון:

אמת, די תורה איז אייביק, אי אלט אי ניי — זי איז נצחיות. אמת, איך זאָג אייך טאַקע נישט קיין נייעס, דאָס אלץ איז נאָך געזאָגט געוואָרן צו משה רבנו. אָבער, זעט איר, דער שטן האָט זיך זיינע שטיק. איך האָב טאַקע מורא, אַז איך קען עפּעס צולייגן, וואָס ס'איז נישט געזאָגט געוואָרן אויפן הר־סיני, אָדער חלילה אַרויסלאָזן עפּעס, וואָס איז דווקא יאָ געזאָגט געוואָרן — קען דען דער מענטשלעכער זכרון און מוח אַלעס געדענקען גענוי אַזוי ווי ס'האָבן עס געהערט אונדזערע אורעלטערן, בעת די קולות וברקים, ווען מע האָט זיי געגעבן די עשרת הדברות?... איז דערפאַר בין איך געווער־געווערט... איך בין נישט געווערגערט אויף דעם **וואָס** איך זאָג אין מיינע דרושים, נאָר, **ווי אַזוי** איך זאָג זיי... איך באַמי זיך, אַז סע זאָל אַרויסקומען וואָס בעסער, אַז לכל־הפּחות איך גופא זאָל דערפון הנאה האָבן. ווייל, אַז איך וועל אם־ירצה־השם קומען פאַרן בית־דין של מעלה, וועט מען דאָך מיך אַוודאי משפּטן אויך וועגן יעדן איינציקן תורה־זאָגן, וועגן יעדן דרוש וואָס איך האָב אַמאָל געזאָגט, איז וועל איך תיכף איבער־האַקן די רייד פונעם קטיגור און וועל אים פרעגן, אַז ער זאָל מוחל זיין זאָגן וועגן וועלכער ס'איז די רייד, וועגן וועלכן דרוש ער באַ־שולדיקט מיך. וועט ער דאָך מוזן איבערחזרן דעם דרוש מיינעם... איז ממה־נפשך: איז עס נישט געווען פון מיינע דרושים, בין איך דאָך גאָרנישט

שולדיק און מ׳וועט מיך נישט קאָנען פאראורטיילן — ווידער אז סע וועט יאָ זיין איינע פון מיינע דרושים, פון מיינע תורה־ווערטלעך, וויל איך אז זיי זאָלן זיין אזעלכע שיינע ווערטלעך, אז ווען איך וועל זיך צוהערן, ווען מ׳חזרט איבער מיין תורה־זאָגן, זאָל עס מיר אזוי געפעלן, אז פון דער הנאָה זאָל איך אויפלעבן און באקומען אזא כוח, אז איך וועל שוין זיין ביכולת אויסצוהאלטן אויך דאָס גיהנום!...

אזוי האָט געזאָגט יענער רבי.

אָבער, איך, מיין ווייניקייט, ווי אזוי וועל איך אויסהאלטן דאָס „גיהנום״?!



דאָס דאָ געזאָגטע וויל זיין א מין התנצלות, א רעכטפארטיקן מצד דעם מחבר, וואָס ווענדט זיך צו די לייענער מיט אָט די פיר „ראָמאנען״ אין מיניאטור. זיי זענען א קאפיטל יידיש לעבן פון דעם „נעכטיקן״ מאראמאָ־רעש, אין וועלכן סע האָבן זיך „געראנגלט מיט זיך״ די פייווישס, סערלס און גיטלס. יעדער איינער פאל איז א וואריאנט פון דעם כמעט זעלביקן טראגיזם. איז דערפאר ווילט זיך, אז אויך די לייענער זאָלן דערגיין צו דער מסקנה אז „יעדן מוז מען געפינען א זכות״...

...אויך דעם מחבר.

**וו. ט.**

# מיט דער געלער אָרעמבאנד

א שוועסטערקינד־מתנה
**טשיפּעלע**, די שטילע, ציכטיקע צנועה, ווי א טויב;
**ווילעם פישעלאָוויטש**, וואָס איז אויפגעשטאַנען תחיית־המתים
פון א מאסן־קבר און זערנאָך איבערגעלעבט אויך אוישוויץ.
צו זײ שלושים — דרייסיק יאָר נאָך היטלערס מפּלה. כן יאבדו!

## אויפן וועג „נאך אָסטן"

...צאקא־צאק, צאקא־צאק, פאָרט די באן און זי פאָרט, און זי פאָרט, איילנדיק זיך, גלייך מע וואָלט זי אונטערגעטריבן מיט אומגעזעענע בייטשן. די רעדער רוישן, דער לאָקאָמאָטיוו שניידט אדורך פון צייט צו צייט די טונקלקייט מיט זיין לאנגן יעמערלעכן פייף: או־או־או!...

דאכט זיך אז עס איז איין לאנגע נאכט, א לאנגע פינצטערניש, וואָס ווערט פון צייט צו צייט דורכגעשטאָכן מיט ליכט־שטראלן, וואָס דרינגען אריין אין די שפּאלטן פונעם לאסט־וואגאָן, ווי מיט בלישטשענדיקע שפּיזן. איז דערפאר זעט עס אויס, אז עס איז איין לאנגע נאכט — אָן אויפהער. צאקא־צאק, צאקא־צאק...

די וואגאָנען זענען פארמאכט, פאררינגלט, אזוי ווי מע פירט ארעסטאנטן צי געפאנגענע. קיינער ווייסט נישט, וואו ער געפינט זיך, אויף וועלכן עולם. ער ווייסט, אז ער איז פארלאָדן געוואָרן אין א לאסט־וואגאָן, אנגעטשעפּעט צו א באן, אן עשאלאָן, וואָס פאָרט „נאך אָסטן", אויף מיזרח, אויפן אוקראַינישן פראָנט... נאָר ווען די באן פארקערעוועט, דעמאָלט קאָן מען אפשר עפּעס דערזען דורך די קליינע פענצטער־קראַטעס, וואָס זענען העכער ווי א שטייענדיקער מענטש. איז אז מען וויל דווקא יאָ ארויסקוקן (אוי ווילט זיך!), שטעלט מען זיך אויף, ארויסגעהאָלפן דורך א צווייטן, און מען קוקט. ווען די באן פארקערעוועט, זעט מען צו ערשט דעם לאָקאָמאָטיוו, וואָס דעכעט שווער, אָבער דאָך יאָגט ער אין א כמעט משוגענעם געאיילעניש אויף פאָרויס. תמיד אויף פאָרויס... הגם א סך מאָל דאכט זיך אויס, אז דאָס איז נישט פאָרויס. עס איז גאָר, ווי אויף צוריק...

יאָ, אומזיסט איז אויפגעהאַנגען אויף די וואַגאָנען א טעוועלע מיט אַן אויפשריפט: „נאָך אָסטן״. ווען די ארבעטס־דינסטלער פונעם צוואַנג־ארבעטס־באַטאַליאָן נומער 108/6 האָבן זיך געפרואווט אָריענטירן נאָך דער זון, האָבן זיי גאָר באַמערקט, אַז מע פירט זיי גאָר אויף מערב, נישט אויף מיזרח. סוף־כל־סוף איז דאָך אַלץ איינס, וואוהין מע פירט. די הויפט זאַך איז דאָס, וואָס זיי לייענען אויף די אויפשריפטן פון די וואַקזאַלן, וועלכע זיי פאָרן פאַרביי: „רעדער מוזן ראָלן פאַרן זיג״... פאַר זיי איז דאָך דער זעל־ביקער „זיג״ אין מערב, ווי אין מיזרח.

איז פאָרן זיי שוין ענדלעך ארויס אויפן פראָנט.

וויפל צייט האָבן זיי זיך שוין צוגעגרייט צו אָט דער „גליקלעכער״ רייזע? כמעט דריי חדשים האָט מען זיי געפּייניקט אין דער היים, אין אונ־גערן, אויסגעשטאַנען כל־ערליי דערנידעריקונגען און ליידן. אַנגעהויבן זיך שפּייזן מיט זעקס הונדערט גראַם ברויט א טאָג און זענען דערגאַנ־גען אין לעצטן חודש, צו גאָר הונדערט זעכציק גראַם ברויט א טאָג. דאָס איז געשען דאָ, נאָך אין דער היים, אין אונגערן, וואו עס איז פאַראַן ברויט. וואָס וועט מיט זיי זיין דאָרט, אויפן פראָנט, אַז דאָ ווען זיי זענען נאָך געווען אין דער היים, אונטער דער מכלומרשטער השגחה פון געזעצלעכ־קייט, וואו מען האָט געוואָלט שאַפן דעם איינדרוק, אַז די ארבעטס־דינס־טלער ווערן באַטראַכט פאַר כמעט געוויינטלעכע זעלנער, א באַווייז: זיי טראָגן א מיליטערישע היטל מיט דער אונגערישער קאָקאַרדע... איז וואָס וועט זיין דאָרט?...

# ווידערשטענדלער

...די פאַרזאַמלונג איז צוזאַמענגערופן געוואָרן — האָט דער פאָרזי־צער געזאָגט אין זיין קורצן דערעפענונגס־וואָרט — כדי צו פאַרהייליקן דעם זכרון פון די אומגעקומענע...

(דער שרייבער, וואָס איז געווען פאַרבעטן צו לייענען פון זיינע ווערק, האָט זיך דערווייל צוגעגרייט, אַנגיסנדיק זיך א גלאָז וואַסער און ארויס־גענומען פון זיין בוזעם־קעשענע פון פריער אָנגעשריבענע בייגעלעך פאַפּיר).

— איך גיב דאָס וואָרט דעם חשובן שרייבער...

— ליבע צוהערער! (אָבער איידער נאָך ער זאָל אָנהייבן לייענען, האָט ער די ברילן אַראָפּגענומען מיט דער רעכטער האַנט, די בייגעלעך פּאַפּיר האָט ער געהאַלטן אין דער לינקער האַנט. דער בליק זיינער איז געווען געווענדט צום זאַל, וואו ער האָט געזען נאָר קעפּ, קעפּ פון פאַרשי־דענעם עלטער, מיט יונגע, שוואַרצע, געקרייזלטע האָר, ביז גרויע, ערטער־ווייז פּליכעוואַטע, לבנהדיקע קעפּ, מיט די אויגן געוואַנדן פאָרויס, וואָס וואַרטן צו הערן פון אים עפּעס נייעס, וואָס מע האָט נאָך ביז היינט נישט געזאָגט, כאָטש מען מערקט שוין אָפּ דעם אזכרה־יאָרצייט עטלעכע צענ־דליגגער יאָרן. דער רעדנער האָט עס דערפילט אין די בליקן. אָבער וואָס קען מען מחדש זיין און זאָגן עפּעס, וואָס עס איז נאָך נישט געזאָגט געוואָרן? דערפאַר האָט ער א ווײַלע פאַרשפּעטיקט, און מיט בליקן פרעגנדיקע זיך געוואַנדן צום עולם, גלייך ער וואָלט זיך שואל־עצה גע־ווען: זאָל ער לייענען פון די בייגעלעך, וואָס ער האָט צוגעגרייט, צי זאָל ער זיך ווענדן דירעקט, מיט פּשוטע ווערטער, ספּאָנטאַנע? עטלעכע סע־קונדעס האָט עס געדויערט און ער האָט זיך באַשלאָסן. און אַזוי מיט די ברילן אין דער האַנט האָט ער פאַרגעזעצט):

די, וואָס האַלטן, אַז די זעקס מיליאָן יידן, וואָס זענען אומגעקומען, זענען געפירט געוואָרן צו דער עקידה ווי די לעמער, און האָבן זיך נישט אַקעגנגעשטעלט די היטלעריסטישע רוצחים, די ווייסן נישט, וואָס עס הייסט זיך אַקעגנשטעלן, אָדער שטעלן א ווידערשטאַנד.

פאַרשטייט זיך, אַז שטעלן א ווידערשטאַנד קאָן מען אויף פאַרשי־דענע אופנים. דאָס באַלאַנגט פון די אומשטאַנדן: די מעגלעכקייטן פון די פאַרפאָלגטע, די סביבה, אין וועלכער זיי געפינען זיך, די טראַדיציע און די פאָרעם פונעם קאַמף, דער ציל פונעם ווידערשטאַנד און אַזוי ווייטער...

עס איז באַוואוסט, יידן האָבן געשטעלט א ווידערשטאַנד די היט־לעריסטישע רוצחים מיט כלי־זיין, אין א באַוואָפנטן אויפשטאַנד, ווי דאָס איז געשען אין די געטאָס פון וואַרשע, ביאַליסטאָק, ווילנע און אין אַנדערע ערטער וואו זיי האָבן געקעמפט באַזונדער; און אויך צוזאַמען מיט אַנדערע קעמפער, נישט־יידן, אין די פאַרטיזאַנער־אָפּטיילונגען פון פאַרשידענע לענ־דער אין אייראָפּע, וואו זיי האָבן צוזאַמען מיט אַנדערע ווידערשטענדלער זיך אַקעגנגעשטעלט די היטלעריסטישע אָקופּאַנטן, ווי אויך דאָ, אין רו־מעניע... אָבער ווען מע זאָל זיך נאָר מיט דעם באַגנוגן, וואָלט עס נישט געווען ריכטיק. ניין, דער ווידערשטאַנד איז געשטעלט געוואָרן אויך מיט אַנדערע מיטלען, אויך נישט באַוואָפנטערהייט, מיטן קאַמף קעגן פאַרלירן

זיך, מיטן קאמף פאר ממשיך זיין אין די שווערסטע באדינגונגען זייער גייסטיקן קיום, נישט לאָזן זיך צוזאמענברעכן מאראליש, נישט פארלירן דעם בטחון און די אמונה, וועלכע זיי האָבן געירשנט פון זייערע עלטערן און אורעלטערן זינט טויזנטער יאָרן. און אויב דער גזר איז געוואָרן אומפארמיידלעך — איז זאָל מען אויסגיין ווערדיק, נישט יאושדיק. נאָר אדרבה, מיט א גלויבן, א בטחון, אז עס איז נאָך נישט כלו כל הקיצין: דער מענטש, דער אָדם העליון, וועט נישט ווערן לגמרי א פארווילדעוועטע חיה...

דאָס מין ווידערשטיין איז מיט גאָרנישט מינדער ווי דער באוואָפנ־טער ווידערשטאנד. אדרבה. אין געוויסע אומשטאנדן, בפרט אין די, אין וועלכע עס האָבן זיך געפונען די יידישע גיבורים, ווידערשטענדלער, ווען סע האָט זיך געשטעלט די פראגע: וואָס איז בילכער צו טויטן א פאשיסט אָדער צו ראטעווען א ייד? איז פיל מאָל גרינגער געווען צו טויטן א היטלעריסט ווי צו ראטעווען א ייד. איז דער פרואוו צו ראטעווען א יידיש לעבן געווען א ווידערשטאנד! אפשר א פיל העכערער, א ווערטיקער — און מיט רעכט ווערן זיי אָנגערופן „קדושים", די וואָס זענען אומגעקומען אין געראנגל פאר זייער קיום. אָט דאָס איז זייער קידוש־השם. פאר וואָס? ווייל שוין דער פרואוו צו זיין און צו עקזיסטירן. פאָרצוזעצן דעם המשך, וואָס די שונאים ווילן אונטערשניידן — דאָס איז שוין א ווידערשטאנד...

דאכט זיך, אז דער היסטאָריקער עמנואל רינגלבלום רופט דאָס אָן אין זיין בוך „נאָטיצן פון װארשעװער געטאָ" פסיכישער ווידערשטאנד...

(דער רעדנער האָט זיך דאָ אָפּגעשטעלט א ווײלע. עס האָט זיך גע־פילט, אז עפּעס איז נישט דערזאָגט געוואָרן. און ער האָט ווי בכיוון נישט געמאכט קיין פארבינדונג צווישן דעם געזאָגטן און דעם, וואָס ער גרייט זיך צו לייענען. ער האָט אָנגעטון די ברילן און אָנגעהויבן לייענען פון די אָנ־געשריבענע בייגעלעך):

# א קאַפּיטל תהלים

... אין וועלדל צווישן טיסאָ־לעק און טאָקאַי האָבן אָפּגעהילכט די געשרייען פון די מיליטערישע באפעלן, פון דעם טוץ אונגערישע פאשיס־

טישע שומרים, וואָס האָבן געוועלטיקט איבער דעם צוואַנגאַרבעטס־באַטאַ־ליאָן פון טראַנסילוואַנישע יידן.

...דער ווינט האָט צעבלאָזן דעם פּריש־געפּאַלענעם שניי, און האָט צע־שפּרייט אַן אימהדיקע שטימונג צווישן די איבערגעשראָקענע טראַנסילוואַנישע און מאַראַמאַראָשער יידן. הגם זיי האָבן ווייניק גערעדט צווישן זיך, דאָך האָט זיך געטראָגן פון מויל צו מויל אַ שאַרך, אַ שעפּטשע, אַ „וואָס געשעט?" — אַ פּרעגצייכן אויף וועלכן מע האָט נישט געהאַט קיין ענטפער. ווי, ווי שרעקלעך עס איז דאָס נישט־וויסן! מעג זיין אפילו דאָס גרעסטע אומגליק, אָבער אַז מען איז דערפון אינפאָרמירט צו דער צייט, איז עס ווייניקער מוראַדיק, ווי „עפּעס" וואָס האָט נישט קיין נאָמען, וועגן וועלכן מע ווייסט כמעט גאָרנישט. אַזוי פיל איז מען יאָ געוואויר געוואָרן, אַז היינט וועט מען „אויס־הענגען" צוויי צוואַנגאַרבעטס־דינסטלער.

וואָס באַטייט „אויסהענגען"?

אין דער אונגערישער שפּראַך איז פאַראַן אַזאַ וואָרט: קיאַקאַסטאַני. דאָס הייסט נישט אויפהענגען, אַ וואָרט וואָס מע געפינט אין אַלע לשונות. „אויסהענגען", אָט דאָס דאָזיקע וואָרט געפינט מען נישט אין אומגאַנג, אין אַנדערע שפּראַכן. סיידן מען איבערזעצט עס ספּעציעל פון דעם אונגערישן. וואָס זשע הייסט אויסהענגען? דערקלערט זיך עס אַזוי. דאָס איז אַן אַלטער מנהג, ער שטאַמט נאָך פון דער עסטרייך־אונגערישער אַרמיי. מע פלעג דער־ציילן וועגן דעם נאָך בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, אַז איינע פון די דיסציפּלין־שטראָפן איז „אויסהענגען". דאָס הייסט אַז מע בינד צוזאַמען ביידע הענט אהינטער די פּלייצעס, דערנאָך הענגט מען אויף דעם באַשטראָפ־טן, געוויינטלעך אויף אַ בוים, לאָזנדיק אים הענגען אויף די אהינטערגע־בונדענע הענט אַ צייט, לאָמיר זאָגן צען־צוואַנציק מינוט, לויט דער האַרב־קייט פון דער שטראָף...

וואָס געשעט מיטן אויסגעהאָנגענעם? די הענט זייענדיק אויסגע־דרייט אויף הינטן, און די גאַנצע משא פונעם קערפּער ציט זיי אויס נאָך מער ביז אויסצולינקען, — שטעלט זיך לאַנגזאַם אָפּ די בלוט־צירקולאַציע. דער קערפּער ווערט קודם רויט, און דערנאָך הויבט ער אָן צו באַקומען אַ בלוילעך־בלאַסן קאָליר. וואָס פילט דער אויסגעהאָנגענער? פאַרשטייט זיך, אַז דאָס קאָן וויסן נאָר יענער, וואָס איז אַ מאָל געווען אין דער לאַגע. דאָס עדותשאַפט פון די וואָס זענען געווען דערביי, ביי אַן אויסהענגען, איז פאַרשטייט זיך ווייניקער וויכטיק. מע קאָן זיך אָבער דאָך פאָרשטעלן, אַז דאָס זענען איינע פון די ליידן, וואָס דאַנטע מיט זיין דיכטערישער פאַנטאַזיע

האָט באַשריבן אין זיין „גיהנום". א באַווייז, אַז אויך אַצינד, הגם מע הענגט אויס א יידישן אַרבעטס־דינסטלער, דאַרף איז געווען דערביי א דאָקטער, ווייל אַזוי שרייבן פֿאָר די אונגערישע מיליטערישע תקנות, אַז ביים אויסהענגען דאַרף זיין דערביי א דאָקטער וועלכער וועט אין א גויטפאַל געבן די ערשטע הילף, כדי צו ראַטעווען דעם אויסגעהאַנגענעם, אַז ער זאָל חלילה נישט אויסהויכן זיין נשמה פֿאַר דער צייט.

דער אַרבעטס־באַטאַליאָן איז געווען פֿאַרזאַמלט אין א האַלבן קרייז און האָט געוואַרט מיט אומגעדולד, אַז מע זאָל פֿירלייענען דעם אורטייל, אָדער דעם באַפֿעל. פֿאַר וואָס זשע געדויערט עס אַזוי פֿיל?

די הכנות, דאָס פֿאַרציען, דאָס פֿאַרשלעפֿן די צייט, איז גורם, אַז די ליידן פֿונעם וואַרטנדיקן אומוויסן זאָלן וואַקסן. הגם, וואָס איז דאָ צו וויסן, אָדער געוואַויר צו ווערן? מע ווייסט, אַז קיינער האָט מיט גאָרנישט חוטא געווען. אַלץ איז נאָר געמאַכט געוואָרן, כדי צו פּייניקן, ווי אַן אויסדרוק פֿונעם נידע־ריקסטן חייהשן געפֿיל. חייהשן געפֿיל? ! ניין, נישט קיין חייהש געפֿיל איז דאָס. ווייל אויב מע זעט אַז די חיה פּייניקט איר קרבן, אָט דאָס דאַכט זיך נאָר אויס פֿאַר אונדז, אַז זי פּייניקט איר קרבן, פֿאַקטיש שטילט די חיה נאָר איר הונגער. עס איז דאָך נאָרמאַל פֿאַר א חיה, אַז ווען זי איז הונ־געריק, זאָל זי אויפֿעסן דאָס לעבעדיקע נפֿש, וואָס זי באַגעגנט און איז שוואַכער פֿון איר. דאָס איז נאָרמאַל... אָבער פּייניקן? ניין, א חיה, ווי ווילד זי זאָל נישט זיין, א חיה פּייניקט נישט, אויף יעדן פֿאַל נישט באַ־וואוסטזיניק. מע ווייסט שוין פֿון לאַנג, אַז עס איז נישט ריכטיק יענץ לאַ־טיינישע שפּריכוואָרט „האָמאָ האָמיני לופּוס", אַז דער מענטש לגבי דעם מענטשן איז א וואָלף. ניין, עס איז נישט ריכטיק, אָדער דער באַטייט איז היינט שוין אַן אַנדערער. היינט ווייסט מען שוין, אַז דער וואָלף לגבי דעם וואָלף איז נישט קיין „וואָלף"...

צו ערשט האָט מען אויסגעהאָנגען דעם אַרבעטס־דינסטלער גראָס שימאָן. א קראַנקער ייד פֿון קרוב צו פֿערציק יאָר, פֿיזיש צוזאַמענגעבראָכן. וואָס האָט מען זיך געקאָנט דערוואַרטן פֿון אַזא ליידנדיקן? וואָס פֿאַר א ווידערשטאַנד קאָן מען שטעלן אין א קאַלטן פֿראָסטיקן וואַלד, מיט די ליי־דיקע הענט קעגן אָנגעלאָדענע ביקסן?

וואָס קאָן טאָן שמעון גראָס, וואָס האָט איבערגעלאָזט אין דער היים א פֿרוי מיט פֿיר קינדער?

...איז ווען די פֿאַשיסטישע חיות האָבן אָנגעהויבן ציען דעם שטריק איבער דער צווייג פֿונעם בוים, האָט גראָס שימאָן פֿאַרקרומט זיין צו פֿרי

פארעלטערט פנים אין א ווייטיקדיקער גרימאסע, און געשעפטשעט „ויהי נועם"... פאר וואָס דווקא „ויהי נועם"? ווייל דאָס איז אים געקומען אויפן זינען. אָן א פארוואָס. נאָר סתם אזוי, ווייל דאָס האָט אויסגעדריקט זיין שטימונג איצט, ווען ער איז ביים פארלירן דאָס באוואוסטזיין. כל זמן ער קאָן זיך נאָך קאָנטראָלירן, ער ווייסט נאָך קוים אויף וואָס פאר א וועלט ער געפינט זיך, שעפטשעט ער.

— וואָס זאָגט ער דער פארשאָלטענער ייד? — האָט געדונערט דאָס חייהשע רעווען פונעם קאָמאנדאנט פונעם ארבעטס־באטאליאָן.

— ער זאָגט תהלים — האָט אים אן ארבעטס־דינסטלער געענטפערט — ער בעט זיך צו גאָט. ער זאָגט פסאלמען...

— זאָל ער זיך בעטן צו גאָט וויפל ער וויל — האָט די חיה גערע־וועט — איך בין אייער גאָט און וועל מאכן אייער סוף...

א שוידער איז אריבער דער שדרה, דערהערנדיק אָט דאָס סטראשען, ווייל דער צוזאָג א „סוף צו מאכן" איז געקומען מיט עטלעכע טעג איידער מע פירט ארויס אויפן אוקראאינישן פראָנט.

מע דארף דערמאנען, אז אין יענע צייטן האָט מען לכל־הפחות לפנים, עפנטלעך, נישט ארויס געוויזן קיין ווילקיר. פאר אלע פייניקונגען האָט מען געגעבן א לעגאַלן אויסרייד. אלץ איז מכלומרשט געטאָן געוואָרן גע־זעצלעך, לויט די מיליטערישע תקנות. אָפיציעל האָט מען זיך געקאָנט פארקלאָגן אויף אן אומרעכט, וואָס עס איז קעגן עמעצן באגאנגען געוואָרן. מיליטעריש האָט מען געקאָנט ארויס אויף ראפּאָרט און זיך באקלאָגן. וואָס עס איז געשען נאָך אזא ראפּאָרט, נאָך אזא באקלאָגן זיך? דער פארשווין איז מער אין זיין לעבן נישט ארויס אויף קיין ראפּאָרט זיך צו באקלאָגן... א באווייז איז אויך דאָס היינטיקע אויסהענגען...

נו, וויפל קאָן אויסהאלטן אזא גראָס שימאָן צו זיין אויסגעהאָנ־גען? נאָך איידער ער האָט געענדיקט דאָס קאפּיטל תהלים, האָט ער געחלשט. דער דאָקטער, וואָס איז געווען דערביי האָט מורא געהאט צו עפענען דאָס מויל. איז ער דאָך אויך געווען נישט מער ווי אן ארבעטס־דינסטלער. נאָר האָט מען דען געדארפט זיין א דאָקטער אויף צו זען, אז דער אויסגעהאָנ־גענער איז האלב א טויטער?!

איז האָבן די „חיות" נאָכגעלאָזט דעם שטריק און אים אָפּגעגאָסן מיט אן עמער וואסער, אים צו דערמונטערן...

אצינד ליגט ער, שמעון גראָס, אין שניי. די נאסע בגדים זיינע הייבן זיך אָן צו פארהארטעווען פונעם פראָסט, און ער שעפּטשעט שוין ווידער:

„לא תירא מפחד... זאָלסט נישט מורא האָבן פאַר א שרעק פון דער נאַכט, פאַר א פייל וואָס פליט ביי טאָג, פאַר א פעסט וואָס גייט אַרום אין דער פינצ־טער, פאַר א מגיפה וואָס פאַרוויסט אין מיטן טאָג. אין דיין זייט וועלן פאַלן טויזנט, און צען טויזנט פון דיין רעכטער האַנט — צו דיר וועט עס נישט גענענען. בלויז מיט דיינע אויגן וועסטו אָנקוקן, און די באַצאָלונג פון די רשעים וועסטו זען“...

ער איז שוין צו זיך געקומען. ער שעפּטשעט שוין ווייטער דאָס ניינציקסטע און איין און ניינציקסטע קאַפּיטל פון תהלים. אָבער די חברים זיינע, וואָס האָבן זיך צוגעקוקט צו זיינע פּייניקונגען, זענען נאָך נישט צו זיך געקומען. זייער אָטעם איז נאָך דערשטיקט טיף אין האַלדז, גלייך זיי וואָלט מען געווען אויסגעהאַנגען. פאַר וואָס? ווייל זיי האָבן געזען, אז זייער גורל איז אין די הענט פון אוממענטשן, פאַר וועמען עס איז נישט פאַראַן קיין שום געזעץ. יעדער קען טאָן מיט זיי, וואָס נאָר ער וויל. זיי זענען הפקר...

די פּסוקים תהלים האָבן געשוועבט אין דער קילער, וואַלדיקער דעצעמבער־לופט.

איבער זיי האָבן געשוועבט שוואַרצע וואָראַנעס, אין א קרייז איבער די געפּייניקטע אַרבעטס־דינסטלער, גלייך זיי וואָלטן געוואַרט אויף א קרבן...

(דער שרייבער, וועלכער האָט געענדיקט לייענען אָט דאָס קאַפּיטל פון זיינע כתבים, האָט זיך דאָ א ווײַלע אָפּגעשטעלט, גלייך ער וואָלט אויף עפּעס געוואַרט. אויף וואָס? אויף אַפּלאָדיסמענטן? איז דען די שטימונג געווען, ביי אזא סוף קאַפּיטל, גינציק צום אַפּלאָדירן? אָדער האָט ער זיך א ווײַלע אָפּגעשטעלט, כדי צו ווייזן אז עס איז אַן הפסקה, פון א סוף קאַפּיטל? ער האָט א זופּ געטון פונעם גלאָז וואַסער, וואָס איז געשטאַנען פאַר אים. ער איז נישט דורשטיק געווען, ער האָט דערמיט נאָר געוואָלט אָנמערקן א פּויזע צווישן צוויי קאַפּיטלעך, אזוי ווי פיל רעדנער זענען זיך נוהג. אָבער אין דער צייט האָט זיך דערהערט דאָס קול פון א יונגן צוהערער):

— ווילט איר אפשר זאָגן, אז דאָס קאַפּיטל תהלים איז געווען אַן אַקט פון רעזיסטענץ? — און האָט מיט אַן איראָנישן שמייכל צוגעגעבן — איז עס כאָטש דערגאַנגען ביז צום כסא הכבוד?

יאָ, דאָס קאַפּיטל תהלים האָט אויסגעדריקט זיין גלויבן — האָט דער רעדנער געענטפערט געלאַסן אויף דער כמעט אַרויסרופערישער איבערגע־

שפּיצטער שאלה. ער האָט נישט א מאָל געקוקט אויף דעם, וואָס האָט אים די פראַגע געשטעלט. ווייל ער האָט געפילט אז די פראַגע איז אין דער לופט, כמעט ביי אלע. האָט ער איבערגעריסן דאָס לייענען און געענט־פערט אויף אויסנווייניק: — אז ער גלויבט אין א כוח, אין א יש, וואָס איז פיל העכער פון זיין פיזישער אָפּהענטיקייט. די אלע ליידן און פּיי־ניקונגען זענען פאַרבייגייענדיקע, לגבי דעם נצחיות, דעם אייביק גילטיקן אמת, וואָס געפינט דעם אויסדרוק אין די פּסוקים פון תהלים, וואָס דויערן שוין דריי טויזנט יאָר, וואָס ווערן געזונגען און דעק־לאַמירט אין אלע עקן וועלט, אויף כמעט אלע לשונות... דער אויסגעהאָנגענער, דאָס מאָל הייסט ער שמעון גראָס, איז אַן אות פון אָט דעם אוראַלטן, אָבער דויערהאַפטיקן תהלים. אַן אות פון תהלים! איר באַנעמט די ריזיקייט פון אזא אות? אַן אות פון תהלים איז אַן אוניווערס. א וועלט, א ריזיקע, וואָס וועט דויערן און איבערדויערן אלע עינוים און פּייניקונגען...

(דאָס מאָל האָט דער זאַל, האָבן די צוהערער, יאָ רעאגירט. מע האָט עס געפילט אין דער לופט. עס האָט נישט געפעלט קיין סך און עס זאָלן זיך טאַקע יאָ דערהערן אַפּלאָדיסמענטן. אָבער דער רעדנער האָט שוין מער אויף זיי נישט געוואַרט. ער האָט זיך אָנגעטון צוריק די ברילן און אָנגעהויבן לייענען דאָס צווייטע קאַפּיטל):

## מיט שטאָלץ

דער צווייטער אויסגעהאָנגענער איז געווען יאַקאָב בינדער. דער איז געווען א קרעפּטיקער יונגער־מאַן, ווייזט אויס, א שפּאָרטלער. די „חיות" האָבן זיך געפאָרעט אַרום אים מיט „געטריישאַפט". מע האָט גע־צויגן דעם שטריק אים אויסצוהענגען, מיט דער זעלביקער פּראָצעדור: ביידע הענט אהינטער געבונדן, דעם שטריק איבער א צווייג און — מע האָט געצויגן און געצויגן. די פיס זיינע האָבן שוין נישט דערגרייכט די ערד, אָבער ער האָט אויסגעהאַלטן. ער האָט נישט געחלשט תיכף. נאָך מער. אויף זיין בלאַס געזיכט האָט זיך געלאָזט מערקן א גרימאַסע פון א שמיי־כל. הגם דאָס איז אַרויסגעקומען א פאַרקרומטע גרימאַסע, א מוראַדיקע, א קאַריקאַטורעלע — אָבער דאָך האָט זיך געלאָזט זען אז די מאָראַל זיינע

איז נישט אָפּגעשוואַכט, טראָץ דעם וואָס די כוחות זענען דערגאַנגען כמעט צום סוף.

אַז די חיות, די פּאַשיסטישע, האָבן געזען, אַז זיי האָבן נישט דער־לעבט צו האָבן אַ סאַטיספּאַקציע פון דער פּייניקונג און דערנידעריקונג. האָבן זיי אים געוואָלט כאָטש אָפּגיסן מיט אַן עמער וואַסער, מכלומרשט אים „אָפּראַטעווען", ווייל „ער האָט געחלשט"... אין דער אמתן האָבן זיי געטראַכט כאָטש אַזוי צו פאַרגרעסערן די פּייניקונגען, ווייל אין אַזאַ פראָס־טיקן טאָג איז אַ פּשוטע מחייה אָפּצוטובלען דעם קרבן אין קאַלטן וואַסער... אָבער ער האָט זיך געווערט. אמת, ער האָט שוין נישט געקאָנט רעדן. דאָס פּנים זיינס האָט שוין אָנגעהויבן אָנווערן דעם נאַטירלעכן קאָליר. עס האָט זיך שוין אָנגעהויבן פאַרבן אין בלוילעך־בלאַסן מתים־קאָליר, אָבער דאָך האָט ער נאָך געקאָנט מורמלען צווישן די ציין, אַז מע זאָל אים נישט „מונטערן" מיט קיין וואַסער, ווייל ער האָט נישט געחלשט.

וויפל עס האָט געדויערט די גאַנצע צערעמאָניע פון אויסהענגען?

עס איז געווענדט, מיט וואָס פאַר אַ מאָס מע מעסט די צייט. ווען מע מעסט די צייט מיט אַ פּשוטן זייגער, האָט עס געקענט דויערן אַ האַלבע שעה. אויף אַזוי פיל צייט איז ער געווען באַשטראָפט צו ווערן אויסגעהאָנ־גען. דאָס איז דער לענגסטער טערמין, וואָס דער רעגולאַמענט דערלויבט אויסצוהענגען, פאַר דער שווערסטער זינד. אָבער פאַר די אַרבעטס־דינסט־לער, פאַרן גאַנצן צוואַנגאַרבעטס־באַטאַליאָן איז עס געווען אַן אייביקייט, וואָס האָט נישט גענומען קיין עק.

דערמיט ווילט זיך נישט זאָגן, אַז דאָס סאָלידאַריטעטס־געפיל מיטן געפּייניקטן האָט דערשלאָגן יעדן איינעם פון זיי. ניין, פּשוט, דאָס געפיל פאַר דערהאַלטן דעם אייגענעם זיין, די סכנה פאַרן אייגענעם איבערלעבן, האָט זיך באַוויזן אין דער גאַנצער נאַקעטקייט. עס האָט זיך באַוויזן נאָך אַ מאָל, אַז דער גורל זייערער איז אין די הענט פון סאַדיסטישע חיות. איז אַ וואונדער, וואָס די פּייניקונגען זייערע זענען מיט גאָרנישט געווען קלענערע, גלייך זיי אַלע וואָלטן געווען אויסגעהאָנגען געוואָרן?!

אָבער ביי בינדער יאַקאָבן אַליין, וויפל האָט עס געדויערט, ביז ער האָט זיך געזען אַראָפּגעלאָזט פונעם שטריק?

ווען מע האָט אים אַראָפּגעלאָזט פונעם שטריק, האָט ער געמאַכט אַ באַמיאונג, אַז ער זאָל פאַלן שטייענדיק אויף די פיס, אָבער דאָס האָט זיך אים שוין נישט איינגעגעבן. זיין קערפּער איז געווען געליימט. די אברים זענען געווען כמעט ווי פּאַראַליזירט — איז ער געפאַלן אַ קנויל צו דער

ערד. אָבער נאָך עטלעכע סעקונדעס האָט ער זיך פּאַמעלעך אויפגעהויבן, צו זיך געקומען, און מיט די לעצטע אָנשטרענגונגען געמאַכט עטלעכע גימנאַסטישע באַוועגונגען, כדי דאָס בלוט זאָל אָנהייבן נאָרמאַל צירקולירן. דערנאָך האָט ער זיך געשטעלט מיליטעריש פאַרן באַטאַליאָנס־קאָמאַנדאַנט און ראַפּאָרטירט לויטן מיליטערישן רעגולאַמענט, מיטן העכסטן קול, וואָס איז אים נאָר מעגלעך געווען, אז דער גאַנצער וואַלד האָט אָפּגעהילכט:

— העד אויבערלייטנאַנט, דער אַרבעטס־דינסטלער בינדער יאַקאָב, פון צוואַנגאַרבעטס־באַטאַליאָן הונדערט אכט אויף זעקס, האָט אויסגעפירט די דיסציפּלינאַרע שטראָף !...

אָט די ווערטער זענען אַרויסגעזאָגט, בעסער געזאָגט, אַרויסגעשריגן געוואָרן אויף אַ באַזונדער הויך קול, אויף אַ ריינעם אונגעריש, וואָס נישט אַ מאָל דער געוועזענער עסטרייך־אונגערישער מאַרינע־אָפיציר, האָרטי מיקלאָש, דער היינטיקער רעגענט פונ'עם פאַשיסטישן אונגערן, קאָן אַזוי רעדן אין אַזאַ ריינעם אונגעריש... דער גאַנצער חלל פון האָרטישן אונגערן האָט געקאָנט אָפּקלינגען, פון אָט דעם ראַפּאָרט (אַזוי האָט עס זיך כאָטש זיי אויסגעדאַכט !).

דאָס ווידערקול האָט זיך צוריקגעקערט פון אַלע פיר זייטן, וואָס האָט גורם געווען, אז דער גאַנצער באַטאַליאָן פון די יידישע אַרבעטס־דינסטלער האָט אָפּגעאָטעמט און עס האָט זיך געזען אויף זייערע פּנימער, אז די שונאים האָט זיך נישט איינגעגעבן, זיי איינצוברעכן.

(דער רעדנער האָט זיך אויסגעטון די ברילן. דאָס האָט אויך געזאָלט הייסן אז ער האָט ג'ענדיקט דאָס לייענען... ער האָט מסתמא נישט גע־וואוסט, אז דאָס אויסטון און אָנטון די ברילן פון אַ רעדנער מאַכט נערוועז די צוהערער... עס האָט געדויערט עטלעכע סעקונדעס און עס האָט זיך דערהערט דאָס זעלביקע קול פון יענעם יוגנטלעכן):

— דאָס איז אויך אַן אַקט פון ווידערשטאַנד?

— יאָ, האָט דער שרייבער רואיק געענטפערט. דאָס איז אַן אַקט פון ווידערשטאַנד.

— אפשר ווילט איר זאָגן — האָט ווייטער געפרעגט דער יוגנטלעכער — אז דאָס איז געווען אַן אַקט פון פּאַסיווער רעזיסטענץ ?

— ניין, האָט ווייטער געענטפערט דער שרייבער, איך וויל דאָס בכלל נישט זאָגן. מע דאַרף נישט מאַכן קיין חילוק צווישן פּאַסיווער און אַקטיווער רעזיסטענץ. ווייל וואו איז די גרענעץ צווישן פּאַסיוון און אַקטיוון ווידער־שטאַנד? אויב איר ווילט, קאָנט איר מאַכן אַ חילוק צווישן באַוואָפנטן און אַ

נישטבאוואָפּנטן ווידערשטאַנד. אָבער צווישן אַזוי גערופענעם אַקטיוון און פּאַסיוון ווידערשטאַנד איז, לויט מיין מיינונג, נישטאָ קיין שום חילוק. אַדרבה, עס איז כמעט נישט מעגלעך קיין אַקטיווער ווידערשטאַנד אָן דעם פּאַסיוון ווידערשטאַנד...

(דער רעדנער האָט זיך אַ ווײַלע אָפּגעשטעלט. זיך פאַרטראַכט, גע־זוכט דאָס פּאַסיקע וואָרט, און באַלד פאָרגעזעצט) :

— ביי אונדז, ביי דער שרייבער־משפּחה, האַלט מען, אַז כדי סע זאָלן געבוירן ווערן שרייבער־גאונים ווי שעקספּיר צי פּושקין, האָבן גע־דאַרפט צו יענער צייט עקזיסטירן צענדליקער מיטלמעסיקייטן און אויך אַפילו גראַפאָמאַנען... אַזוי איז אויך מיט די העלדן פון ווידערשטאַנד... איר ווייסט ווי אַזוי עס זעט אויס אַ פּיראַמידע? שטעלט אייך פאָר אַזאַ גע־אָמעטרישע פיגור, אַ דרייעק אין דער פאָרעם פון אַ פּיראַמידע. אין שפּיץ איז די פאָרעם דין, אויסגעשפּיציקט. אויב מיר וועלן אַזוי אויסשטעלן די ווידערשטענדלער, וועט מען געוויס שטעלן אין שפּיץ דעם העלד פון אַק־טיוון ווידערשטאַנד. כדי סע זאָל זיין מער פאַרשטענדלעכער, וועל איך זאָגן, אַז דאָרט אין שפּיץ וועט אוועקגעשטעלט ווערן דער העלד פונעם באַוואָפנטן אויפשטאַנד. אָבער, לאָמיר נאָר אַ טראַכט טון : קאָן אָנקומען אַהין אין דער שפּיץ פון דער פּיראַמידע, דער העלד — אָן דעם יסוד פון דער פּיראַמידע, וועלכער שטעלט מיט זיך פאָר דעם מאַסן־ווידערשטאַנד, דעם פּאַסיוון אַפילו, ווי אַזוי טייל ווילן אים אָנרופן ? !

דערפאַר וויל איך מיינען, אַז יעדעס געראַנגל, יעדער פּרוּוו, צו נישט צו מאַכן די פאַרברעכערישע כוונה פונעם שונא, איז אַ רינגעלע אין דער קייט פונעם ווידערשטאַנד.

יאָ, אַ קאַפּיטל תהלים, אָדער אַפילו בלויז אַ ניגון, אַ טאַנץ, קאָן אַ מאָל אויך זיין אַ פאָרעם פון ווידערשטאַנד... נאָך מער, איך מיין אַז איר וועט אוודאי מסכים זיין, אַז אַ געוויסער ניגון, אין אַ געוויסער צייט, אויף אַ געוויס אָרט — איז נישט נאָר אַ פּאַסיווער ווידערשטאַנד, נאָר אַן אַקטיווער ווידערשטאַנד...

— איר קענט דעם משל פון אליעזר שטיינבאַרג די „צוויי פייגע־לעך" ? — די פראַגע איז געשטעלט געוואָרן פון יענעם יונגן מאַן וואָס האָט זיך, ווייזט אויס, נישט באַגניגנט מיטן ענטפער.

אָנשטאָט אַן ענטפער, האָט דער רעדנער ציטירט שורות פון יענעם שטיינבאַרגישן משל :

זיצט זיך איינס, דאָס עלטערע, הכנעהדיק און שטיל.
מילא, וועלן מוז מען ווי ס'איז מעגלעך אז נישט מעגלעך ווי מ'וויל.
דאָס ווייסט יעדער, ווער דעם קאָפּ אין אומגליק ניט פארלירט.
נאָר דאָס צווייטע — וויי, וואָס דאָס פארפירט!
וואָס פארעקשנטער די נויט, אלץ אימפּעט מער.

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

„פיקהאָלץ!" זאָגט דאָס עלטערע, „וואָס נארישקייטן צו באווייזן?
זעסט דאָך, שוואך דאָס שנעבעלע, די דראָטלעך — אייזן!
גיי שוין, אומרו, גיי שוין אין דיין רו!"

**ניין, איך וויל נישט באהויפטן „אז באשערט איז די ישועה קומט זי סייוויסיי!". אזא מין פאסיוויטעט, וואָס האמעוועט דעם ווידערשטאנד, איז צום פאראורטיילן. זי איז, ווי מע זאָגט, מעכב די גאולה. אזא מין פאַ־סיוויטעט איז כמעט פאררעט... פון דעם רעד איך נישט.**

**איך רעד וועגן פאסיוון ווידערשטאנד. וואָס דערמוטיקט דעם אַק־טיוון ווידערשטאנד. אָט וועגן וואָס איך האָב דערציילט... צווישן אָט דעם ווידערשטאנד, דעם פאסיוון, ווי איר ווילט אים אָנרופן, און דעם אקטיוון איז נישטאָ קיין מחיצה, אז ביז דאָ ענדיקט זיך דער פאסיווער און פון דאָ אָן הייבט זיך אָן דער אקטיווער ווידערשטאנד... איך קאָן נאָר אָנווייזן, למשל, אז די וואָס ווייסן פון דער עקזיסטענץ פון א ווידערשטאנדס־באווע־גונג און זיי שווייגן, הגם זיי טוען גאָרנישט נאָר זיי שווייגן און פארבאהאלטן דעם סוד, זענען זיי שוין ווערט אָנגערופן צו ווערן ווידערשטענדלער. געווי אזוי ווי די, וואָס קוקן זיך צו, ווען מע באגייט פארברעכנס און שווייגן, דארפן פאררעכנט ווערן פאר מיטשותפים צו די פארברעכנס... על אחת כמה וכמה, די וואָס שטיצן א באוועגונג פון ווידערשטאנד מיט מאטעריעלער הילף, אָדער נאָר מיט מאָראלישער, די זענען שוין לכל הדעות מיטשותפים... דערפאר האָב איך דעם אויפשטאנד געגליכן צו א פּיראמידע: דער יסוד פון דער פּיראמידע, די מאסן וואָס שטיצן די אויפשטענדלער, אָנהויבנדיק מיטן בלויזן שווייגן, פון די וואָס זענען נישט קעגן דעם ווידערשטאנד, אָט די דאָזיקע זענען דער פונדאמענט, אויף וועלכן סע לענען זיך אָן די אַק־טיווע קעמפער — די באוואָפנטע ווידערשטענדלער און אויפשטענדלער...**

אין סטראַטעגישן לשון רופט מען אָן אָט די מאַסן „הינטערלאַנד״. און עס איז באַוואוסט, אַז קיין שום פראָנט קאָן נישט האָבן קיין קיום אָן א הינטערלאַנד.

אין דעם זינען, וועל איך ביי דער געלעגנהייט באַמערקן, אַז פּרצעס „דריי מתנות״ זענען נישט נאָר שיינע, נאָר אויך ניצלעכע. איר דערמאָנט זיך ווי אַזוי י. ל. פּרץ ענדיקט זיין דערציילונג „דריי מתנות״?

עמעצער פון צווישן די צוהערער האָט רעציטירט, אַנשטאָט אים צו געבן אַן ענטפער:

„— אמת, שיינע מתנות, אויסטערליש שיינע... צו ניץ קומען זיי נישט, גאָר נישט לתשמיש, אָבער לנוי — אויסטערליש״.

— ניין, האָט דער רעדנער אָפּגעענטפערט ווי אויפגעבראַכט, ניין, פּרץ איז נישט גערעכט. אָט יענע דריי מתנות, וועלכע האָבן אפשר אין זיין צייט אויסגעזען ווי אומניצלעכע, האָבן אָבער פונעם היסטאָרישן שטאַנד־פּונקט א גרויסן ווערט געהאַט: די יאַרמלקע אויפן קאָפּ, די שפּילקע וואָס האָט צוגעהאַלטן דאָס קלייד, דאָס זעקעלע ארץ־ישראל ערד — דאָס זענען געווען אין יענער צייט און אין יענע באַדינגונגען א פאָרעם פון ווידערשטאַנד, אין וועמענס זכות עס האָבן דורות יידן פאָרגעזעצט זייער קיום...

דאָס מאָל האָבן די צוהערער אויסגעבראָכן אין אַפּלאָדיסמענטן.

אָבער ווען דער רעדנער האָט זיך שוין אָנידערגעזעצט, א מידער, האָט ער דאָך געהאַט דאָס געפיל, — אַז הגם ער איז געווען איבערצייגט אין אָט די מיינונגען, וואָס ער האָט נאָר וואָס אַרויסגעזאָגט, אַז ער איז גערעכט, דאָך האָט ער געהאַט דאָס געפיל, אַז אים האָט זיך נישט איינגעגעבן צו אי־בערצייגן אויך די צוהערער. און דאָס איז נישט צוליב די מיינונגען זיינע, נאָר צוליב דעם אופן ווי אַזוי ער איז בכוח דאָס צו געבן צו פאַרשטיין... הייסט עס, אַז אָט די עפּיזאָדן, וואָס ער האָט דערציילט, זענען נישט אָנגעשריבן געוואָרן מיט דער נויטיקער איבערצייגונגס־קראַפט, זענען אויך נישט קינסטלעריש גענוג באַאַרבעט געוואָרן, אויף צו באַאיינפלוסן, אויף צו עמאָציאָנירן...

דער רעדנער האָט געפילט א ביטערן טעם אין מויל, דעם טעם פון כמעט א דורכפאַל. און ער האָט אָנגעהויבן טראַכטן און טראַכטנדיק האָט ער געמוזט דערלאָזן אויך דעם געדאַנק: זענען זיינע אַרגומענטן נישט געווען גענוג איבערצייגנדיק — אָדער אפשר איז ער גאָר נישט גערעכט?!...

ווען דער שרייבער איז אַראָפּ פון דער בינע, האָבן עטלעכע צוהע־רער, פון די ערשטע רייען, אים געדריקט די האַנט און מיט א שמייכל אים

געזאָגט א קאָמפּלימענט, אז עס האָט זיי זייער געפעלן דאָס קאַפּיטל, וואָס ער האָט פאַרגעלייענט. אנדערע האָבן געפרעגט אויב דאָס איז א פראגמענט פון א גרעסערער ארבעט, אפשר גאָר פון א ראָמאן? ער האָט נישט געענטפערט, נאָר געשאָקלט מיטן קאָפּ, און אויך געדאנקט מיט א שמייכל, ביז ער האָט זיך, ווי בגנבה, ארויסגעשארט פונעם זאל.

אויב אים האָט זיך איינגעגעבן צו עמאָציאָנירן די צוהערער? דאָס איז ער ערשט איצט נישט זיכער געווען. אדרבה, זינט דער יוגנטלעכער האָט אים געשטעלט די פראגן און אים ארויסגערופן ווי צו אן עפנטלעכער דיסקוסיע, האָט ער אויך שוין אָנגעהויבן צווייפלען אין דער גילטיקייט פון זיינע ארגומענטן. ער האָט געצווייפלט, אויב ער האָט געפונען די אי־בערצייגנדיקסטע באווייזן, אָבער ער איז זיכער געווען אין איינעם. אז אים אליין האָט מער עמאָציאָנירט זיין איצטיק פאַרלייענען, ווי בעת ער האָט אָנגעשריבן אָט דעם עפּיזאָד פון אויסהענגען די חברים זיינע אין דעם צוואנגארבעטס־באטאליאָן, וואָס איז באשטאנען פון מאראמאָרעשער יידן.

יאָ, דאָס בילד איז, דאכט זיך, טאקע גענוג שוואך סקיצירט, ווייל אויב די צוהערער האָבן נישט „געזען״ פאר זיך דאָס פון אים באשריבענע, איז דאָך דאָס א סימן, אז ער איז שולדיק, אז ער איז נישט געווען ב־יכולת דאָס זיי צו „ווייזן״... און דאָך — ווי בולט איז נאָך דאָס בילד פאר אים. גלייך אצינד זעט ער זיך שטיין אין האלבקרייז, פארזאמלט ארום דעם אויסגעהאָנגענעם. און כאָטש אין דרויסן איז איצט העלער פרילינג, עס איז אפשר דער ערשטער ווארעמער טאָג, דאָך פילט ער די קעלט פון דעמאָלט, ווען עס האָט אין יענעם וועלדל, נעבן דעברעצין, אין אונגערן, געבלאָזן א קאלטער, שנייאיקער ווינט. און כאָטש ער איז איצט אין אוי־טאָבוס, צווישן מענטשן מיט אנדערע געדאנקען, פון אן אנדערער וועלט, וואָס ווייסט שוין נישט וועגן היטלעריסטן און וועגן געפּייניקטע יידן — דאָך פילט ער זיך אצינד עטלעכע שפּאן פונעם אויסגעהאָנגענעם. ער זעט זיינע ווייטיקלעכע גרימאסן, און פונקט ווי דעמאָלט, קוקט ער אויף זיין האנט־זייגערל בגנבה און שעפּטשעט צום חבר זיינעם, אזוי שטיל, אז נאָר ער זאָל אים הערן: סע זענען שוין פארביי צען מינוט... סע זענען שוין פארביי פופצן מינוט... זיי שטארק!... סע זענען נאָך געבליבן פינף מינוט... נאָך צוויי מינוט... האלט אויס!...

דאָס האָט ער אויך זיך גופא געזאָגט: האלט אויס!...

ניין, עס איז לגמרי נישט דאָס, וואָס ער האָט געוואָלט אָנשרייבן. ער וועט עס מוזן איבערקוקן, דאָס גאנצע כתב־יד, פּרוואוון איבערארבעטן

דאָרט, וואו עס איז ארויס אזוי שוואך, אויב נישט, דארף ער דאָך צערייסן אלץ...

אמת, דאָס דאָזיקע געפיל האָט ער שוין נישט צום ערשטן מאָל. וויפל מאָל האָט עס מיט אים שוין פאסירט, אז ער האָט זיך אוועקגעזעצט אָנ־שרייבן א דערציילונג, צי עפעס אנדערש, און ווען ער האָט עס געענדיקט, האָט ער געפילט אן אומצופרידנקייט, ווי פון איינעם, וואָס האָט געגעסן און דאָך זיך נישט געפילט געזעטיקט. ערשט שפּעטער מיט וואָכן, ווען ער האָט ווידער איבערגעלייענט דאָס אָנגעשריבענע, האָט עס אים הנאה געטון... און ווידער, ווען עס איז פארביי נאָך א מאָל א צייט און ער האָט איבערגעלייענט דאָס אָנגעשריבענע, האָט ער ווידער געפילט א ווידערווילן, אז עס איז אים נישט געלונגען... און נישט איין מאָל איז אים אָנגעקומען צו פארניכטן די אָנגעשריבענע זייטלעך. נאָר זיינע חברים האָבן זיי געקאָנט אָפּראטע־ווען, אז זיי האָבן דערפון זיך דערוואוסט. זיי האָבן אים געפּרואווט מסביר זיין, אז דאָס איז דער נאָרמאלער פּראָצעס פון שאפן, פון צווייפלען, אויך אויף א געלונגענער זאך.

ווען ער איז אָנגעקומען אהיים, האָט ער אפּירגענומען דאָס כתב־יד און זיך גענומען פון אָנהויב לייענען. פאר זיך, אָבער אויף א קול, כדי איבערצוקוקן דאָס געשריבענע:

# דער קאָמאנדאנט איז געווען א ציווילער

דער קאָמאנדאנט פונעם צוואנגארבעטס־באטאליאָן, הונדערט אכט אויף זעקס, איז א נייער. ער איז ערשט צוריק מיט צוויי־דריי טעג גע־קומען צו זיי און דערווייל האָבן זיי נאָך נישט צייט געהאט זיך ארומצו־קוקן, וואָס פאר א מין בריאה דאָס איז. איינס איז געווען זיכער, אז דער נייער קאָמאנדאנט איז שוין נישט דער געוועזענער.

יענער איז געווען אן אדלדיקער, געשריבן מיט אן איפּסילאָן ביים סוף פון זיין נאָמען, וואָס באווייזט, אז ער שטאמט פון אן אדלדיקער משפּחה, ווי אין דייטשן א „פאָן" שטאמט פון א באראָן, א גראף... ער איז בסך הכל געווען א וואָך צייט ביים באטאליאָן. און אפילו אויך אין דער דאָ־זיקער צייט האָט מען אים אויך זעלטן געזען. א גאנצן טאָג איז ער געזעסן

אין זיין קאנצעלאריע. נאָר צו מיטאָג איז ער ווי בגנבה געגאנגען אויף זיין קוואַרטיר. ער איז געווען אָנגעטון ציוויל. א פּאָר רייט־הויזן, אריינגעשטעקטע אין א פּאָר געשנורעוועטע שטיוול. א דריי־פּירטל איבערציער, צונויפּגעקנעפּלט מיט די טראַדיציאָנעלע, אונגערישע, געהאַפּטענע קנאָפּלעכער.

דעמאָלט האָט מען נאָך נישט געוואוסט, פאַר וואָס ער האָט זיך נישט אָנגעטון מיליטעריש. ער איז געווען דער איינציקער, וואָס איז נישט געווען אוניפאָרמירט. אפילו די צוואנגארבעטס־דינסטלער, די טראַנסילוואַנישע יידן, זענען אויך געווען אוניפאָרמירט מיטן אונגערישן מיליטערישן היטל, מיט א קאָקאַרדע פון אונגערישן רויט־ווייס־גרינעם טריקאָלאָר, און אויפן לינקן אָרעם א געלע באַנד מיטן נומער 108/6.

צווישן די ארבעטס־דינסטלער האָט מען אים געזען איין איינציק מאָל. דאָס איז געשען אין א נאָכמיטאָג, וואָס איז מער קיין מאָל נישט פארגעסן געוואָרן דורך די ארבעטס־דינסטלער (וואָס באטייט קיין מאָל? געוויינטלעך פארשטייט מען עס אויפן גאנצן לעבן. דאָ, אין אונדזער פאַל, איז דער „קיין מאָל" געווען פון גאָר קליינעם דויער. ביי דעם גרויסן רוב פון זיי האָט עס געדויערט עטלעכע חדשים. ביי טייל פון זיי האָט עס געדויערט נישט מער ווי עטלעכע וואָכן, און ביי די ווינציקער ווי צען, וועלכע זענען געבליבן ביים לעבן — איז דער „קיין מאָל" עפּעס מער ווי עטלעכע יאָר). אין יענעם נאָכמיטאָג האָבן זיך די שומרים געלאָזט וואוילגיין און אויסגעריכט דעם גאנצן באטאליאָן אין דער לאנגער שטאַל, וואו זיי זענען געווען איינקוואַרטירט (אין דרויסן האָט גערעגנט), און אין מיטן צווישן די צוויי רייען האָט דער קרענקלעכער גראָס שימאָן געשפּרונגען ווי א פראָש...

וואָס עס הייסט שפּרינגען ווי א פראָש, דאַרף מען נישט פארטייטשן. דאָס איז א באַקאַנטע פאָרעם פון דיסציפּלינאַרע שטראָפן, כמעט אין אלע מיליטערישע איינהייטן. אָבער נאָר אין נאָרמאַלע צייטן איז דאָס נישט קיין שווערע שטראָף. פאַר א יונגן זעלנער צו שפּרינגען ווי א זשאַבע עטלעכע מאָל, לאָמיר זאָגן, צען מאָל, צי אפילו צוואנציק מאָל איז שווערלעך, אָבער עס איז אויף קיין פאַל נישט געפערלעך. אָבער אין דעם דאָזיקן פאַל, ווען די האָרטיסטן האָבן געשטעלט שפּרינגען גראָסן, וועלכער איז שוין געווען אין די מיטעלע יאָרן און נאָך דערצו נאָך א קרענקלעכער, און דאָס האָט שוין געדויערט מער ווי א האַלבע שעה, — דאָס איז שוין נישט געווען צום אויסהאַלטן. ער איז שוין נישט געווען בכוח צו מאַכן אויך נישט א מאָל איין איינציקן שפּרונג. ער האָט געלייגט די הענט אויף די לענדן, זיך איינגעבויגן מיט די קני, געמאַכט א פּרוואו צו מאַכן א שפּרונג, אָבער ער

איז תיכף געפאלן צו דער ערד, א קנויל. וויפל מאל ער האט געפרואווט טון כאטש נאך איין שפרונג, איז ער געפאלן ווי אן אונטערגעשאסענער פויגל, וועלכער האט שוין מער נישט קיין כוח צו באוועגן די פליגל, כאטש איין מאל נאך, כדי ער זאל זיך נאך האלטן אין דער לופט... אומזיסט האבן די רוצחים אים געדריגעט מיט די פיס, אין די ריפן, אין קאפ, וואו זיי האבן נאר אנגעטראפן, אומרחמנותדיק.

דאס בלוט האט געקאכט ביי די אלע ארבעטס־דינסטלער, וועלכע האבן זיך געמוזט צוקוקן צו דעם פייניקן פון זייער חבר. אבער וואס איז זיי דען געבליבן צו טון? די פויסטן האבן זיך געבאלעט, אבער מע האט געדארפט האבן כוח זיך צו באהערשן. מען האט פארביסן די ליפן און מען האט געשוויגן. מען האט געפילט, אז דער גאנצער ציל פון אט דעם פייניקן דעם אומשולדיקן קרבן איז דאך נישט מער ווי צו פראוואצירן און ארויס־צורופן די געמיטער, כדי מען זאל זיך קאנען נוקם זיין איצט, דא, נאך איידער מע וועט ארויס אויפן פראנט, אין דער אוקראינע. מוע דארף גע־וואויר ווערן איצט, מיט וועמען מען האט צו טון. אויב עס זענען פאראן בונטאחשטשיקעס צווישן אט די צוואנגארבעטס־דינסטלער, — זאלן זיי זיך באווייזן דא. וואס פריער...

דאס בלוט איז גערונען פון גראס שימאנען, פונעם מויל, פון דער נאז, אבער די רוצחים האבן נישט אויפגעהערט זייער טייוולאנישן שפיל און אים געשלאגן, געדריגעט, אז ער זאל שפרינגען ווי א פראש.

דעמאלט איז עס געשען. די סטרונע האט געמוזט פלאצן. איר האט געזען אמאל, ווי אזוי א סטרונע רייסט זיך איבער, ווען מע ציט זי אויס צו פיל? דאס דערהערט זיך ווי א קלאנג, אן אפגעריסענער, גלייך א לעבן וואלט איבערגעריסן געווארן, מען הערט גלייך ווי דעם לעצטן אטעם זיך אויסהויכן... אזוי האט דאס געדולד זיך איבערגעריסן ביי איינעם פון זיי, ביי בינדער יאקאבן.

ער איז ארויס פון דער ריי, אן דעם ער זאל בעטן דערלויבניש דאס צו טון און איז אריין געלאפן אין דער קאנצעלאריע, וואו עס איז געזעסן דער קאמאנדאנט פונעס באטאליאן; דאס פלוצעמדיקע ארויסגיין פון דער ריי האט איבעררראשט נישט נאר די ארבעטס־דינסטלער, נאר אויך די שומ־רים. דער סערזשענט, וואס האט אנגעפירט מיטן טרויעריקן ספעקטאקל פון דעם פראש־שפרינגען, האט זיך אויך אויף א ווייל פארלוירן, אבער ער האט שוין נישט געהאט קיין צייט צו באטראכטן, וואס פאר א שטעלונג צו נעמען אין דער סיטואציע, ווייל די טיר פון דער קאנצעלאריע האט זיך

ראפּטום געעפנט און עס איז געקומען דער קאָמאַנדאַנט. אַן אויפגערעגטער האָט ער דערזען ווי גראָס שימאָן איז א קנויל, ווי א פּראַש, פון וועלכן עס רינט דער שווייס און דאָס בלוט, האָט ער נאָר א פרעג געטון דעם סערזשענט:

— וואָס איז דאָס פאַר א קאָמעדיע? זאָל דאָס תיכף אויפהערן. אַזוי לאַנג ווי איך בין דער קאָמאַנדאַנט פונעם באַטאַליאָן, זאָל זיך דאָס מער נישט איבערחזרן!... איבעריקנס, קומט אריין צו מיר אין דער קאַנצעלאַריע!

הגם דאָס איז געווען א נצחון, האָט אָבער יעדער איינער פון זיי געוואוסט, אַז נאָך אַזא נצחון קאָן מען זיך אויף קיין גוטן נישט דערוואַרטן. אָבער דערווייל איז עס געווען א נצחון, בפרט ווען עס האָט זיך געהערט פון דער קאַנצעלאַריע, ווי דער קאָמאַנדאַנט וואָרנט אַלע (ווייל אַלע שומרים האָט ער צו זיך גערופן!), אַז ער באַטראַכט די אַרבעטס־דינסט ווי א מיליטערישע פליכט און אַז ער וויל, סע זאָל אין זיין באַטאַליאָן הערשן מיליטערישע דיסציפּלין, נישט אַנאַרכישער ווילקיר...

דאָס איז געווען נישט נאָר א נצחון אין דעם דאָזיקן פאַל, פון גראָס שימאָנען, דאָס איז געווען אויך א גוטער צוזאָג, אַז אויך להבא וועט מען נישט קאָנען זיי פּייניקן, אויך דעמאָלט ווען מע וועט זיי אַרויספירן אויפן פראָנט. דאָס איז געווען א דערמוטיקונג, וואָס עס האָט זיך געפילט אין דער לופט. כאָטש דער קאָמאַנדאַנט האָט געזאָגט, אַז יעדער זאָל הערן, אַז אויך יאַקאָב בינדער וועט באַשטראָפט ווערן, פאַר וואָס ער האָט נישט רעספּעקטירט די הייעראַרכישע דיסציפּלין און אַרויס אויף ראַפּאָרט דירעקט צו אים, האָט דאָס אָבער קיינער נישט גענומען אין אַכט ווייל דאָס האָט שוין נישט געציילט. דער נצחון איבערן ווילקיר איז שוין געווען פאַרזיכערט סיי ווי סיי.

אָבער וויי, ווי קורץ איז געווען די פרייד פונעם נצחון! עס האָט נישט געדויערט מער ווי אַנדערטהאַלבן טאָג.

אַזוי ווי מען האָט נישט געזען, ווען עס איז אַנגעקומען דער קאָמאַנדאַנט, אַזוי האָט מען נישט געזען, ווען ער איז אוועק. מען האָט נאָר געזען א רשעותדיקן שמייכל אויף די פּרצופים פון די שומרים. מען האָט קודם נישט געוואוסט דעם באַטייט פון דער פרייד, אָבער דעם אַנדערן טאָג האָט מען שוין פאַרשטאַנען, אַז דער שפּיל איז א פאַרלוירענער. עס האָט זיך פאַרגעשטעלט דער נייער קאָמאַנדאַנט. דאָס מאָל אין אַן אָפּגעבליאַקעוועטער אוניפאָרעם, וואָס איז געהאָנגען אויף אים, ווי א זאַק.

ערשט אַצינד האָט מען פאַרשטאַנען, פאַר וואָס דער געוועזענער קאָמאַנדאַנט האָט זיך נישט אָנגעטאָן מיליטעריש. מען איז געוואויר געוואָרן,

אז ער איז געווען א רייכער גוטבאזיצער און בכלל נישט געהאט קיין חשק ארויסצוגיין אויפן פראָנט מיט א באטאליאָן יידן. קודם האָט ער בכלל נישט געהאט קיין חשק ארויסצוגיין ליידן א קאלטן אוקראאינישן ווינטער. און אויב שוין יאָ פראָנט, איז זאָל כאָטש זיין ווי א בכבודיקער קעמפער, ווי א שטאבס־אָפיציר, מיט רעגולער מיליטער. איז האָט ער זיך נישט אָנגעטון דעם אוניפאָרעם און נישט גערוט, ביז עס האָט זיך אים איינגעגעבן איבערצוגעבן די קאָמאנדע.

דער נייער קאָמאנדאנט, דער איז שוין נישט געווען קיין אדלדיקער, ווי זיין פאָרגייער. דער איז געווען א באשיידענער אדמיניסטראטאָר פון א מיל, מיט א באשיידענעם געהאלט. פאר אים איז די אוניפאָרעם מיטן ראנג פון א לייטנאנט געווען א קאריערע, ביי וועלכער ער האָט זיך געפילט, אז ער האָט עולה לגדולה געווען. כאָטש ער איז שוין נישט געווען אזוי יונג, דער רוקן זיינער איז שוין געווען א געבויגענער, און זיין נידעריקער אָפיצירישער גראד איז שוין נישט געווען צוגעפאסט פאר זיין עלטער. ער איז שוין געווען צו נידעריק. אָבער פאר אים איז עס געווען די לעצטע געלעגנהייט פון מאכט, וואו ער האָט זיך געקאָנט מאניפעסטירן ווי אן אלמעכטיקער, אז אלע זיינע קאפריזנע באפעלן זאָלן אויסגעפירט ווערן אָן שום דיסקוסיעס. ער האָט אלע רעכטן איבער די ארבעטס־דינסטלער, ווייל זיי האָבן קיין שום רעכטן נישט. ווער זשע קען אים פרעגן, אז ער זאָל געבן חשבון איבער זיינע ווילדע מעשים?

ביי דער מיל איז ער געווען דער, וואָס האָט געמוזט זיין אונטערטעניק, געמוזט אויספירן אלץ וואָס דער פריץ האָט אים באפוילן. אצינד איז ער דער פריץ.

איז האָט ער שוין אצינד, באלד ביי דער ערשטער באגעגעניש זיינער מיט דעם צונויפגעזאמלטן ארבעטס־באטאליאָן, זיך געלאָזט הערן מיט ווילדע געשרייען, מיט דראָונגען, מסתמא נאָך אויפגעהעצט אויך פון די שומרים, וועלכע האָבן לייכטער אָפגעאָטעמט, ווען זיי זענען פטור געוואָרן פונעם געוועזענעם קאָמאנדאנט, וועלכער איז, לויט זייער מיינונג און דערפארונג, גאָרנישט געווען פאסיק צו אזא פאָסטן. ער איז געווען א ציווילער...

נאָך אזא מעשה, ווי דאָס שפרינגען ווי א זשאבע, ביי וועלכן די שומרים האָבן געליטן א מיאוסן דורכפאל, ביים פייניקן גראָס שימאָנען, האָט מען זיך אויף עפעס בעסערס נישט געקאָנט דערווארטן אונטער דער

נייער קאָמאַנדע, ווי דאָס אויסהענגען נישט נאָר גראָס שימאָנען, נאָר אויך יאַקאָב בינדערן...

דער שרייבער האָט אויפגעהערט לייענען. זיך אָנגעלענט אויף די עלנבויגנס און אונטערגעשפּאַרט דעם קאָפּ אויף די הענט: ווער מען אינטע־רעסירט עס היינט? ווער מען קאָן היינט אינטערעסירן דאָס פּייניקן עטלעכע יידן, צוואַנגאַרבעטס־דינסטלער, דורך אויסהענגען, צי דורך שפּרינגען ווי א פּראַש? היינט, נאָך אוישוויץ, איז דאָך דאָס אַזוי מינדערוואַרטיק.

וואָס איז נישט מינדערוואַרטיק?

אָבער דאָס געלייענטע איז דאָך נישט געווען קיין פּשוט ווייַנען אויף די צרות, וואָס עס האָבן געליטן יידישע צוואַנגאַרבעטס־דינסטלער, וועלכע זענען שוין צום גרעסטן טייל סיי ווי סיי אומגעקומען. אמת, עס וואָלט אפשר געווען עפּעס בילכערס צו באַשרייבן, ווייל אָט דאָס דאַזיקע ווער מען קאָן עס עמאָציאָנירן? דעם אַלטן דור, וואָס האָט עס איבערגעלעבט? צי דעם נייעם דור, וואָס ווייסט כמעט גאָרנישט דערפון? (און וויל אפשר נישט וויסן — עס איז פאַר אים ווי אומגלויבלעך!). און אז מע דערציילט עס אים, הערט ער עס אויס, ווי א לאַנגווייליקע מעשה...

ניין, דער שרייבער איז געקומען צו דער מסקנה, אז דאָס צו באַ־ווייַנען פּשוט, ווייבעריש, דאָס האָט טאַקע נישט קיין צוועק. אָבער, דאַרף מען אויך נישט דערציילן אָט די העלדישקייט, וואָס עס האָבן באַוויזן ביי יעדן שריט און טריט, די אַרבעטס־דינסטלער, מיט וועלכע ער איז געווען צוזאַמען אין אָט יענע שווערע מאָמענטן? ניין, ער איז באַוואוסטזיניק, אז דאָס איז נישט נאָר כדאי, נאָר דאָס איז אויך זיין חוב. אפשר איז ער גאָר צוליב דעם איבערגעבליבן א לעבעדיקער, כדי צו זיין אַן עדות?

איז פאַר וואָס זאָל ער נישט דאָ, ביי דעם קאַפּיטל, זיך אָפּשטעלן מער אויף דעם געדאַנק? ער האָט דאָך גאָרנישט געשריבן וועגן דעם מסירות־נפשדיקן חירקן פון יאַקאָב בינדער, וואָס האָט איינגעשטעלט זיך און אַחעק צום קאָמאַנדאַנט ראַפּאָרטירן, אז מען פּייניקט דעם קראַנקן שמעון גראָס, פאַר וואָס ער האָט שפּעטער באַצאָלט מיטן לעבן?...

יאָ, ער וועט מוזן איבערשרייבן פון דאָס ניי אָט דאָס קאַפּיטל.

# אזוי באָרט מען יידן

מען האָט נאָך נישט אָפּגעפּאַרטיקט דאָס מיטאָג־עסן, האָט מען שוין אָנגעהויבן טרייבן די אַרבעטס־דינסטלער. די רימענעס פון די שומרים זענען אַריין אין זייער טעטיקייט. טייל האָבן באַלד אָנגעהויבן מיט דעם אַנדערן עק, מיטן שנאַלן. די שלעק זענען געפאַלן, וואו מען האָט נאָר אָנגעטראָפן: איבער די הענט, וואָס האָבן געפּרואווט שיצן דאָס פּנים, און איבער דעם פּנים גופא.

— אַרויס, אַרויס, אין באָד אַריין!

אין באָד? זינט די עטלעכע חדשים, וואָס זיי זענען שוין דאָ, איינ־קוואַרטירט אין דער גרויסער שטאַל (כמעט אַלע צוואַנגאַרבעטס־באַטאַליאָ־נען זענען איינקוואַרטירט געוואָרן אין די שטאַלן פון די גרעפישע מאַיאָנ־טיקעס!), האָבן זיי נאָך נישט געזען קיין באָד, אָדער לכל הפחות אַ נאָ־טירלעך וואַשן זיך אויפן פּנים צי אויפן לייב. אמת, דעם ערשטן דעצעמבער, ווען זיי האָבן געאַרבעט ביים ברעג פון דער טייס, אין דרויסן האָט די זון גע־שיינט, האָבן עטלעכע, יונגערע אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די בגדים און זענען אַריינגעשפּרונגען אין וואַסער, טראָץ דעם הייטל אייז, וואָס איז געווען דין פאַרצויגן איבערן טייך, נאָר כדי זיך צו קאָנען אַרומוואַשן. אַצינד טרייבט מען זיי אין באָד אַריין. דאָס האָט געזאָלט אויך זיין איינע פון די צוגריי־טונגען אַרויסצופאָרן אין דער אוקראַינע, אויפן פראָנט.

אויב באָד, איז באָד. דאַרף מען, הייסט עס, מיטנעמען אַ שטיקל זייף, אַ האַנטעך...

— שנעל, שנעל, אויסרייען אין פינף שורות! לינקס אויסדרייען! פאָרויס מאַרש!... איזשאַק, גיב דעם טאָן. דער מאַרש זאָל זיין מיט געזאַנג!...

איזשאַק. אַ קליין פּאַרזעניש, אָבער תמיד גוט געלוינט, לוסטיק. קיין גלייך וואָרט גייט אים פון מויל נישט אַרויס. אַלע מאָל וועט ער טרעפן אַ חוזקדיק שפּיצל, וואָס אויך די שומרים קאָנען נישט בייקומען. קודם האָבן זיי אים געפּרואווט בייקומען מיט שלעק, מיט פאַרשידענע צרות, וואָס זיי האָבן אים אָנגעטון. אָבער אַז דאָס אַלץ האָט נישט געהאָלפן? תמיד האָט ער געפונען אַ שפּיצל, און פון זיי חוזק געמאַכט, צו לייטיש געלעכטער, האָבן זיי זיך אָנגעהויבן צוגעוויינען, איינצולעבן זיך אין זיינע וויצן און זיך אויך געלאָזט וואויל גיין מיט אים. ער איז געווען אַ מין לץ פונעם אַרבעטס־באַטאַליאָן. די ראָלע, וואָס עס האָט אַמאָל געהאַט דער

הויף־נאר אין די קיניגלעכע הייף, האָט איציקל (ביי זיי האָט ער געהייסן איזשאַק!) געהאַט אין באַטאַליאָן פון צוואַנגאַרבעט.

ווי אַזוי ער איז געוואָרן דער טאָן־געבער ביים זינגען?

וויפל די אויפזעער האָבן זיך געהאַט באַמיט אַרויסצוברענגען א מאַרשירן מיט געזאַנג, האָט זיך עס זיי נישט איינגעגעבן. ווען מען האָט זיך עס דאָ געגלוסט צו זינגען? אַז מען שלאָגט איינעם, אַז ער זאָל לאַכן, לאַכט ער. אָבער עס איז ווי צו אַזאַ געלעכטער. אַזוי איז אויך ביים זינגען. אָבער ווי צו אַזאַ זינגען... עס איז מער געווען א געוויין ווי א געזאַנג. אַזוי גייט נישט דאָס מאַרשירן. איזשאַקן איז עס אָבער יאָ געלונגען, אויפצוהייטערן דעם גאַנצן אַרבעטס־באַטאַליאָן, אַז אַלע זאָלן מיטזינגען.

געשען איז עס אַזוי. געוויינטלעך, זייענדיק א קליינגעוואַקסיקער, פלעגט ער מאַרשירן צום סוף פון דער קאָלאָנע. דאָרט פלעגט קיינער נישט באַמערקן ווי אַזוי ער מאַרשירט, ווי אַזוי עס זעט אויס זיין גאַנצער הולך. דער שומר, וואָס איז געגאַנגען הינטער אים, האָט זיך מיט דעם נישט אָפּגעגעבן. דאָס הייסט, אַז געאַרט האָט עס אים יאָ, אָבער אַז ער האָט געזען מיט דער צייט, אַז מען קאָן מיט אים נישט דורכקומען, אַז עס איז אומזיסט דאָס שלאָגן אים, האָבן זיי אים געלאָזט לויפן: זאָל ער טון, וואָס ער וויל. האָט ער טאַקע געטון דאָס, וואָס ער האָט געוואָלט. אַזוי למשל האָט עס זיך זיי נישט איינגעגעבן, אַז ער זאָל גיין מיטן מיליטערישן היטל, דאָס איינציקע מיליטערישע מלבוש, וואָס די אַרבעטס־דינסטלער האָבן געטראָגן, אַזוי ווי עס באַדאַרף צו זיין, מיט דער קאָקאַרדע, מיטן אונגערישן טריקאָלאָר פאָרויס. תמיד איז עס ביי אים געווען אויסגעדרייט, אַז נישט אויף הינטן, איז כאָטש אויף א זייט. אומזיסט האָט מען עס אים אַרויפגעצויגן אויפן קאָפּ, איבער די אויערן, מיט געשלעג ביז בלוט. סע זענען נישט אַדורך מער ווי עטלעכע מינוט און דאָס היטל איז שוין ווידער ביי אים אויסגעדרייט, ווי אויף חוזק — הגם מען האָט אים די הענט צוגעבונדן... אַזוי איז געשען, אַז איין מאָל האָט איזשאַק זיך געשטעלט אין מאַרש אין שפּיץ פון דער קאָלאָנע, ווען מען האָט באַפוילן צו זינגען. ער האָט גענומען די ריכטיקע קאַדענצע, נאָכן ריטעם פון דער מאַרש־קאָמאַנדע, און אָנגעהויבן זינגען א באַקאַנט אונגעריש מיליטעריש ליד, וואָס אַלע האָבן געקאָנט, אָבער אַנשטאָט סע זאָל זיין א מאַרש־ליד, איז עס ביז איצט געווען ווי נאָך א לוויה... איציקל אָבער האָט עס געזונגען מיט ברען, מיט לעכערלעכע גרימאַסן. שטעלט אייך פאָר, אַז אַזא באַשע־

פעניש, א קליינטשיקס, א האלבמענטשל, אָנגעטון חוזקדיק, זינגט מיט א שיין, לוסטיק קול:

„איך בין דער זעלנער פון האַרטי מיקלאַש,
דער שענסטער זעלנער בין איך"...

איז אז מען קוקט אים אָן, דעם שענסטן זעלנער, גייט דאָך אָן א חלשות. איז זאָל מען נישט מיטזינגען?

איז זינגט דעמאָלט גיט איזשאק דעם טאָן צום זינגען. אויפן פעלד, ווען מען מארשירט, זינגט מען אלע מינים לידער. אונגערישע, מיליטערישע לידער, פול מיט ניבול־פה, וואָס איז נישט צוגעפאסט צו די יונגעלייט פון טראנסילוואניע און מאראמאַראָש, פון וועלכע דאָס רוב זענען געוועזענע ישיבה־בחורים.[*] אזעלכע מין זמירות איז ביי זיי א באליידיקונג, וואָס זיי דארפן אזעלכע דיבורים ארויסברענגען אויף די ליפן. נאָר אז מען שלאָגט, מוז מען דאָך. דאָס מאָל האָט מען אָבער געדארפט זינגען אָט די שמור־ציקע לידער אויף דער גאַס, מארשירנדיק איבערן שטעטל, אויפן וועג צו דער באָד. דאָס איז שוין געווען א מין דערנידעריקונג אין די אויגן פון דער ציווילער באַפעלקערונג: אָט וואָס פאר א צווידייטיקע לידער סע זינגען די יידישע ארבעטס־דינסטלער!...

האָט דאָס געזאנג אונטערגעהינקט. נאָר געציילטע פון זיי האָבן געזונגען. די איבעריקע האָבן געברומט אונטער דער נאָז. איז האָט זיך מיט א מאָל דערהערט א קאָמאנדע: לייגן זיך... געהערט? לייגן זיך!...

דער גאנצער באטאליאָן האָט זיך געלייגט צו דער ערד, און נאָך עטלעכע סעקונדעס:

— אויפשטיין!

— לייגן זיך!

אזוי האָט עס אָנגעהאלטן עטלעכע מינוט.

צו דער באָד איז מען נאָך נישט אָנגעקומען, קיין וואסער אויף זיך ארומצוואשן האָט מען נאָך נישט געזען, אָבער מען איז שוין קויטיק פון קאָפּ ביז פיס, לויטער בלאָטע.

אלע דורכגייער האָבן אויסגעדרייט די קעפּ, נאָכקוקנדיק די פאר־ביימארשירער, פארבלאָטיקטע, זינגענדיק אונגערישע מיליטערישע לידער מיט א יידישן אקצענט, מיט יידישע תנועות...

אָנגעקומען אין דער באָד, האָט מען זיך דערזען אין א קאלטער נישט־פארהייצטער חורבה מיט עטלעכע נאַכהענגענדיקע דושן. דאָ האָט זיך ערשט אָנגעהויבן דאָס אמתדיקע לעבן.

לויט דער קאָמאנדע האָט מען זיך אין דער איילעניש אויסגעטאָן. די זאכן האָט מען צונויפגעוואָרפן, ווי אזוי מען האָט נאָר געקאָנט. טייל האָבן געפרואווט אויפהענגען זיי אויף א נאָגל, וואָס איז געווען אָנגעשלאָגן אין דער וואנט. נאָר זיי זענען אראָפגעפאלן מיט די נעגל צוזאמען.

— פארטיק? וואשן זיך אונטער די דושן!

יאָ, די קאָמאנדע איז זייער א קלאָרע אָבער פון די דושן רינט נאָך נישט קיין וואסער. און אין צימער איז קילבלעך און מען ציטערט נאַקעט מיט דעם זייף אין די הענט...

ביים צענטראלן קראַן, פון וואו מע לאָזט אָן דאָס וואסער, סיי דאָס קאלטע, סיי דאָסווארעמע, האָט זיך אוועקגעשטעלט א שומר, א רוצח, וואָס האָט אָנגעהויבן די טייוולאָנישע שפּיל; אָט האָט ער געגעבן דעם וועג פאר זידיק וואסער, אָט האָט ער עס אָפּגעשטעלט און געגעבן דעם וועג פארן קאלטן וואסער. און די שומרים זענען געשטאנען מיט די רימענעס אין די הענט, ווי די הענקער, און געשלאָגן איבערן נאַקעטן לייב, און נישט געלאָזט אפּירגיין פון די דושן, זיך צוריק צו ציען פון דעם זידיקן וואסער, וואָס האָט געבריט דאָס פארפרוירענע לייב. און ווען מען האָט זיך שוין אונטער די שמיץ פון די שומרים אָנגעזייפט דאָס פנים, האָט זיך פּלוצעם אָפּגעשטעלט אין גאנצן דאָס וואסער. עס איז שוין נישט געווען נישט קיין קאלטס און נישט קיין הייס וואסער. דערווייל איז דאָס זייף אריין אין די אויגן, און מע זעט מער נישט גאָרנישט, וואָס עס טוט זיך ארום. מע טאפּט ווי אין דער פינצטער, מע פילט נאָר די שמיץ; און מען הערט נאָר די געוואלדעס פון די קרבנות...

... מאמע! ווען דו האָסט געבאָדן דאָס עופּהלע דיינס אין א קליין מילטערל, ווען דו האָסט צוגעגאָסן פון צייט צו צייט א ביסל וואסער, וואָס דו האָסט קודם אויסגעפּרואווט מיטן עלנבויגן, אויב עס איז חלילה נישט צו הייס אָדער צו קאלט, און דו האָסט געזען ווי דאָס קליינע געטלעכע באשעפעניש ציט אויס די קליינע רונדע גלידערלעך פאר הנאה פון דער ווארעמער באָד, האָסטו אָנגעקוואָלן פאר תענוג. איינע פון די מוטערליכע תענוגים... האָסטו זיך געווען געקאָנט ריכטן, אז אמאָל וועלן ווילדע חיות,

וואָס האָבן א צורה פון א מענטש, אין שטאנד זיין אָנצוטון אזוי פיל ליידן פאר דיין קינד, ווען עס וועט זיך וועלן אליין באָדן, און אָפוואשן די גלידערלעך?

...מאמע! ...אָבער אויך יענע מאמע, די וואָס האָט געהאַט דעם זעלבן פארגעניגן, פון באָדן א זויגלינג, צוקוקנדיק און אָנקוועלן, ווען דאָס קליינע מלאכל באוועגט די פיסלעך אין ווארעמעם וואסער פון דיין באָד, האָסטו דיר געוועןגעקאָנט פאָרשטעלן, אז דאָס זעלבע קליינע „מלאכל" וועט זיך אויסלערנען לייענען און שרייבן, וועט דערגיין צו א גראַד פון א קאפראל צי סערזשאַנט, אָדער גאָר ווערן אן אונטעראָפיציר און ווערן אזא גרויסע ווילדע חיה?... מאמע! וויפל ליידן קאָן אזא חיה אָנטון!... וואו, אין וועלכן קעמערל פון אזא מוח, קאָן זיך איינגעסטן אזא גרויסע מאָס סאדיזם?

... מאמע! האָסטו אויסגעוואקסן א ווילדעניש, וואָס איז נאָך פיל, פיל ארגער ווי די נעכטיקע מענטשנפרעסער. יענע זענען דאָך געווען צדיקים קעגן אָט די „ציוויליזירטע" מענטשן. יענע ווילדע בארבארן, די נעכטיקע מענטשנפרעסער, האָבן געכאַפּט מענטשן, זייערע מיטמענטשן, ווי א יעגער כאַפּט אין וואלד א חיה, כדי צו לעשן זיין הונגער, ער האָט געביסן אין פלייש, געזען נאָך דאָ און דאָרט א פינגער, אן אבר פון זיין מיטמענטש מיט וועלכן ער האָט פאר עטלעכע שעה נאָך גערעדט, אצינד בראָט ער אים אויפן פייער און בייסט שטיקער. יאָ, אָבער ער לעשט דאָך זיין הונגער?! עס איז א מיטל פאר אים, צו דערהאלטן זיין לעבן, עס איז שווער דאָס צו טון, אָבער פאר אים איז עס דאָס לייכטסטע, צו שטילן דעם הונגער... איז טראכט ער נישט דערפון. ער ווייסט נישט צו פילאָזאָפירן וועגן עטיק און מאָראַל, נאָר ער בייסט שטיקער פלייש, מוסקלען, זויגט די מענטשלעכע מארעכביינער — ער שטילט זיין הונגער. אָבער פאר די—אָ חיות, בצורת אָדם, פאר זיי, וואָס זענען אויפגערייצט געוואָרן פונעם בלויזן אויפביגדן די חיה אינעם מענטש דורך דעם פאשיסטישן רעזשים, וועלכער האָט אוועקגענו־מען דעם פארבאָט פון „לא תרצח!", איז שוין דער מענטש, דער מיטמענטש, מער קיין מענטש נישט, נאָר א בלויזער סוביעקט פאר ווילדע פייניקונגען, פאר שטילן דעם דורשט צו טון רישעות? פשוט אָן א פארוואָס. נישט א מאָל דעם הונגער שטילט מען זיך נישט!

...מאמע! האָסטו דיר פאָרגעשטעלט אמאָל, אז מע קען אָנטון אזוי פיל רישעות אונטער דער פאָרעם פון באָדן זיך?

— אַנטון! — האָט א דונער געטון א נייע קאָמאנדע. און די שלעק האָבן אָנגעהויבן פאלן אויף די נאקעטע לייבער, פארפרוירענע און פאר־ברענטע פונעם זידיקן און קאלטן וואסער.

— אַנטון!

און דאָס לעבן, דאָס נאָרמאלע לעבן פון די געפייניקטע אין צוואנג־ארבעטס־באטאליאָן נומער 108/6, האָט ווידער גענומער איר „נאָרמאלן" גאנג...

אויפן וועג צוריק האָט איציקל, דאָס הייסט איזשאק, ווידער געגעבן דעם טאָן, און מען האָט געזונגען אונגערישע מיליטערישע לידער...

ווען דער מחבר האָט איבערגעלייענט אָט דאָס דאָזיקע קאפיטל פון זיין דערציילונג האָט ער א קרענקלעכן שמייכל געטון: סע זענען שוין אריבער העכער דרייסיק יאָר זינט אָט די געשעענישן. די לאגע האָט זיך געביטן. די אומשטאנדן זענען אנדערע. כמעט דער דור האָט זיך געביטן. דאָס גאנצע זעט אויס ווי פון אן אנדער׳ער וועלט. נישט די הענקער און נישט די קרבנות זענען שוין נישט קיין רעאליטעט, נאָר אן איבערבלייב פון א מעשה, צי גאָר פון א לעגענדע, פון א קאָשמאר... איז אז מע דער־ציילט היינט א ברעקל פון יענע מענטשלעכע פייניקונגען, פון די מענטש־לעכע ליידן, קלינגט עס אָפּ פרעמד, אומגלויבלעך, איבערגעטריבן.

מיט וואָס קאָן מען באווייזן היינט, אז דאָס אלץ איז נישט איבער־געטריבן? אדרבה, עס איז נישט דערזאָגט געוואָרן און נישט דער־ציילט געוואָרן אלץ, די אלע מענטשלעכע ליידן, ווייל עס איז שווער זיי צו באשרייבן. צו זאָגן, אז כמעט ניינציק פראָצענט פון יענע געפייניקטע זענען אומגעבראכט געוואָרן אין זייערע פיינען, ווייל זיי זענען דערפייניקט געוואָרן צום טויט, איז דאָס א באווייז?

ווער ציילט די מענטשן, וואָס זענען שוין נישטאָ? קיינער ציילט זיי נישט. קיינעם גייען זיי נישט אָן. נאָר יענער וואָס האָט דירעקט פארלוירן זיינע משפחה־מיטגלידער, נאָר פאר יענעם פעלן זיי. נאָר יענער ווייסט, אז פון זיין משפחה זענען אומגעקומען אזוי פיל און אזוי פיל מיטגלידער, אָבער פאר פרעמדע גייט די זאך בכלל נישט אָן. איז ווער ווען זאָל מען עס איבערציילן?...

די הענקער, אָדער זיי זענען שוין נישט קיין לעבעדיקע, פון אלטקייט, אָדער זיי לעבן נאָך און זענען היינט זקנים, אוממעכטיקע און אויך אפילו

אָן פּיזישער מאכט. זייערע קינדער, אָדער אייניקלעך ווייסן דען, אז זייערע עלטערן זענען געווען ארגער ווי די בארבארישע מענטשנפרעסער ?...

דעם שרייבער האָט ארומגענומען א יאוש־געפיל ביי אָט די געדאנ־קען. יאָ, ער וועט אויך דאָס קאפּיטל מוזן איבערשרייבן פון דאָס נײַ, צו גאָר פארניכטן אלץ און מער גאָרנישט שרייבן... זאָל ער פרואוון איבער־גיסן אָט די געפילן אין א נייער כלי? אפשר וועט זיך אים דאָך איינגעבן צו רעדן צום נייעם דור, צו די, וואָס זענען איבערגעבליבן פון די קרבנות, און אפשר וועט זיך אים געלונגען צו רעדן אויך צו די יורשים פון די הענקער גופא?...

פרואוון דארף מען? אוודאי דארף מען. מע דארף אלעס דערציילן און איבערדערציילן. מע זאָל נישט קאָנען זאָגן אז מען האָט נישט געוואוסט.

די לעגענדע דערציילט דאָך אז ווען גאָט האָט גערופן צו פאראנט־וואָרטלעכקייט קינען, פאר וואָס ער האָט דערהרגעט הבלען, זיין לייבלעכן ברודער, האָט קין תמעוואטע זיך פארטיידיקט:

— פון וואו זאָל איך געוווּען וויסן, אז ווען איך וועל אים פלעטן דעם קאָפּ מיט א שטיין, וועט ער ווערן א טויטער? ! אין מיין לעבן האָב איך דאָך קיין טויטן מענטשן נישט געזען, איך האָב זיך נישט א מאָל משער געווען וואָס דאָס הייסט טויט — איז וואָס בין איך שולדיק?...

איז דארף מען דאָך הייסט עס יאָ דערציילן, כדי די אוראייניקלעך פון קינען זאָלן מאָרגן, איבערמאָרגן נישט זאָגן ווידער אז זיי האָבן פון גאָרנישט נישט געוואוסט...

# ראטעווען איז נאָך וויכטיקער

ווען דער קאָמאנדאנט פונעם צוואנגארבעטס־באטאליאָן האָט גע־לאָזט רופן מאיר רעסלערן און אים אָנגעטרויט, אז ער וועט פון היינט אָן לייענען די יידישע און רומענישע בריוו, וואָס קומען אָן צו די ארבעטס־דינסטלער, האָט עס אים כמעט ווי הנאה געטאָן. ער וועט אזוי ארום פיל זאכן געוואויר ווערן פריער פון יעדן. צווייטנס: ער וועט אפשר פטור ווערן פון א טייל פון דער שווערער ארבעט, אונטערן אויסרייד, אז ער איז באַ־שעפטיקט ביים לייענען די בריוו.

אין דער קאנצעלאריע האָט מען אים אָנגעזאָגט, אז ער זאָל וועגן דעם קיינעם נישט וואגן צו דערציילן. דאָס דארף בלייבן א שטרענגער סוד.

אזוי האָט ער טאקע לכתחלה געמיינט, אז ער איז דער איינציקער, וואָס ווייסט דערפון פון צווישן די ארבעטס־דינסטלער.

די בריוו, וואָס די ארבעטס־דינסטלער האָבן געשריבן צו זייער משפחה, זענען נישט געווען קיין סך, דאָך האָט מען נישט געקאָנט קאָנטראָלירן די גאנצע פּאָסט. די בריוו, וואָס זענען ארייגעוואָרפן געוואָרן אין פּאָסטקעסטל פון׳עם ארבעטס־לאגער, האָט מען טאקע יאָ איבערגעלייענט. אָבער יענע בריוו, וואָס זענען ארויסגעשיקט געוואָרן, מע זאָל זיי ארײַנוואַרפן אין א פּאָסטקעסטל פון דער שטאָט, אָדער גראָד אין דער פּאָסט פון דער באַן, יענע האָט מען שוין נישט געקאָנט קאָנטראָלירן דאָ, אין ארבעטס־לאגער. מיט יענע בריוו האָבן זיך שוין מסתמא אָפּגעגעבן אנדערע אָרגאַנען. אזוי איז עס געשען אויך מיט די בריוו וואָס זענען געווען געשריבן אין דער אונגערישער שפּראַך. מיט זיי האָט ער גאָרנישט געהאַט קיין שום מגע־ומשא. ער האָט געדאַרפט לייענען און איבערגעבן דעם תוכן בלויז פון די יידישע בריוו, און זעלטן פון א רומענישן בריוו (רומעניש איז געווען כמעט פאַרבאָטן צו שרייבן!).

דאָס איבערזעצן די בריוו איז געמאכט געוואָרן אויף צוויי אופנים: ער האָט פריי איבערזעצט, לייענענדיק פאַר דעם אונטעראָפיציר, וואָס איז געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער קאָרעספּאָנדענץ, און טייל בריוו האָט ער געמוזט איבערזעצן וואָרט־ווערטלעך, מיט א געשריבענער איבערזעצונג.

וועלכע בריוו דאַרף מען איבערזעצן שריפטלעך? דאָס האָט מען אים פון צייט צו צייט געזאָגט. און טאקע מיט אָט דער געלעגנהייט האָט ער זיך געכאַפּט, אז ער איז נישט דער איינציקער וואָס צענזורירט די בריוו... ניין, סע מוז זיין כאָטש נאָך איינער (אויב נישט נאָך מער) וואָס ווייסט מסתמא אויך נישט וועגן אים. און זייערע איבערזעצונגען ווערן קאָנפראָנטירט, כדי זיך צו איבערצייגן, אז ביידע, אָדער איינער פון זיי ביידע זאָגט דעם אמת.

אויב ביים אָנהויב האָט זיך עס אים אויסגעוויזן ווי א פאַרווײַלונג, האָט זיך עס מיט דער צייט ארויסגעוויזן צו זיין זייער א סכנהדיקע ארבעט. מיט דער צייט האָט ער זיך דערזען אין א מצב גלייך ער וואָלט זיך געגליטשט אויף א דין הײַטל אייז, וואָס קען יעדע רגע זיך ברעכן אונטער זיינע

פיס — און ער וועט אריינזינקען אין א תהום, פון וועלכן ער וועט קיין מאָל נישט ארויס. וועגן דעם האָט ער זיך שוין אָפּגעגעבן חשבון, ווען עס איז געווען א ביסל צו שפּעט, ווען ער האָט שוין געהאַט איבערגעגעבן עטלעכע צענדליקער בריוו מיט איבערזעצונגען, וואָס זענען געווען נישט גלאַט כשר...

אין א טאָג האָט מען אים צוריקגעגעבן איין בריוו, וועלכן ער האָט אים שוין איין מאָל איבערזעצט, אז ער זאָל אים נאָך איין מאָל איבערזעצן. אָבער דאָס מאָל איז שוין געווען אונטערגעשטראָכן מיט א רויט שרייבפּענדל א פראזע: „דער ימח־שמוניק זאָל נאָר איינגעמען א מיתה־משונה, וואָלט מען דיך אפשר געלאָזט אהיים, צו דיין ווייב און קינדער"... ווען ער זאָל געווען געדענקען, ווי אזוי ער האָט עס דעמאָלט איבערזעצט, וואָלט ער עס געקאָנט איבערחזרן נאָך איין מאָל און פּטור. אויב עמעצער, אן אנדערער איבערזעצער, וויל עס איבערזעצן אנדערש, איז עס זיין זאך. ער האָט עס אזוי פארשטאנען אין יידיש, און אזוי האָט ער עס געקאָנט איבערזעצן אויף אונגעריש. סוף־כל־סוף קאָן דאָך אים קיינער נישט מאכן קיין פירוואָרף, אז ער איז נישט אזא גרויסער ספּעציאַליסט אין דער אונגערישער שפּראך, היות ער האָט זיך געלערנט אין די רומענישע שולן? יאָ, דאָס אלץ איז גוט, אָדער וואָלט געקאָנט זיין גוט ווען ער וואָלט געדענקט, ווי אזוי ער האָט געמאכט די ערשטע איבערזעצונג. אָבער אז ער געדענקט נישט, וואָס פאר א פירוש ער האָט דעמאָלט געמאכט, אז ער זאָל נישט פאראומגליקלעכן יענעם, וואָס האָט דעם בריוו באקומען און נישט זיין משפּחה, וואָס האָט דעם בריוו געשריבן?... ער האָט געטראכט און געטראכט, אפשר וועט ער זיך דאָך דערמאָנען. אָבער וואָס קאָן מען זיך דערמאָנען, ווען דורך זייגע הענט זענען אדורך צענדליקער בריוו מיט אזעלכע פּסוקים, וואָס דער שווייס באגיסט אים, ווען ער דאַרף זוכן א כשרע טייטש פאר אזעלכע טריפהנע ווערטער?

א גאנצע נאכט איז ער נישט געשלאָפן און נאָר געטראכט, ווי אזוי זיך צו ראטעווען פון אָט דעם אומגליק. ווייל וואָס טוט ער, ווען זיי האָבן נאָך זיין פריערדיקע איבערזעצונג (און מסתמא האָבן זי זיי. ווען נישט וואָלט מען ביי אים נישט געפאָדערט קיין אנדערע!) און איצט וועט מען אים פרעגן: ווי אזוי איז דאָס מעגלעך, אז ער האָט דאָס פאַריקע מאָל אזוי איבערזעצט און היינט ווידער אנדערש?! והשנית: וואָס וועט ער טון, אז דער צווייטער (ער ווייסט נאָך נישט, ווער ער איז, אָבער ער איז שוין איצט פעסט איבערצייגט, אז עס עקזיסטירט אזעלכער!) וועט איבערזעצן, ווער ווייסט ווי אזוי? ווייל דעם אמת, די אמתע איבערזעצונג איז ער איבערצייגט, וועט קיין איין ארבעטס־דינסטלער נישט מאכן. מסתמא, האָט

יענער אויך זיך געבראָכן דעם קאָפּ צו טרעפן א פּאסיקע איבערזעצונג, וואָס זאָל כאָטש ענלעך צו דעם יידישן פּסוק און דאָך זאָל מען עס אזוי פארשטיין, אז סע זאָל חלילה קיינעם גארנישט שאטן.

ער האָט מיט א מאָל דערפילט, אז דאָס אייז פון אונטער זיינע פיס הייבט טאקע אָן צו קראכן, און אָט־אָט שלינגט אים איין דער תהום...

איצט האָט ער שוין אָנגעהויבן מקנא זיין די חברים זיינע, וואָס האָבן איצט געשלאָפן, מידע פון דער שווערער אויסמאטערנדיקער ארבעט א גאנצן טאָג; נאָר ער איינער דרייט זיך אויף זיין געלעגער פון איין זייט אויף דער אנדערער און קאָן נישט איינדרימלען. ער איז אזוי פארצווייפלט, אז ער האָט זיך פארלוירן, גלייך ער וואָלט געווען אין דער געפערלעכסטער לאגע. דערפאר איז ער נישט ביכולת דורכצוטראכטן א לויטערן געדאנק. וועלכן געדאנק? יאָ, ער קאָן נישט דורכטראכטן אויף קלאָר: וואָס וואָלט טאקע געשען, למשל, ווען מע כאפּט אים באמת, אז ער האָט נישט איבערזעצט ריכטיק און האָט אויסבאהאלטן, אז איינע א מאמע, ווען זי האָט געשריבן א בריוו צו איר זון, וואָס איז אין ארבעטס־לאגער, האָט זיך ארויסגעכאפּט מיט א קללה אויפן אדרעס פונעם ימח־שמוניק? וואָס וואָלט געקאָנט מיט אים דעמאָלט געשען?

אָט דער געדאנק, דער ענטפער אויף אָט דער פראגע, האָט זיך ביי אים נישט געקאָנט קלאָר פארמולירן. ווייל, וואָלט ער עס יאָ געקאָנט פארמולירן, וואָלט אפשר די סכנה קלענער געוואָרן. ווייל — תמיד איז דאָך די סכנה פיל קלענער, אין דער ווירקלעכקייט, ווי די סכנה, וואָס איז פארנעפּלט אין אן אומבאקאנטן פחד, וואָס איז נישט אלע מאָל באגרינדט. ווייל, ווען איינער האָט שוין דעם פּסק־דין, מעג ער זיין דער הארבסטער, דאָך איז ער בילכער ווי די מורא פארן אומבאקאנטן, וואָס מען ווייסט נאָך לגמרי נישט, וואָס סע קאָן ווערן ווען דער פּסק־דין וועט ארויסגעגעבן ווערן. דאָס פארנעפּלטע אומבאקאנטע באדראָען ווירקט תמיד ערגער אויף די מענטשלעכע געהירן ווי די מעשה גופא. אויב מען גיט עמעצן א פּאטש, א פּשוטן פּאטש אין דער באק, וועט עס אים געוויס נישט וויי טון שפּעטער מיט עטלעכע מינוט. אָבער אז מע וועט אים סטראשען, אויפהייבן די האנט און זיך מאכן אז מען גיט אים א פּאטש, און דאָס וועט זיך איבערחזרן אזוי עטלעכע מאָל א שעה צייט — דאָס הייסט, ער וועט אין א שעה צייט זיך דערווארטן, אז מען וועט אים געבן א פּאטש, אָבער דער פּאטש וועט דאָך נישט קומען. ער וועט נאָר יעדעס מאָל זיך פרוואוון שיצן מיטן צו־מאכן די אויגן פאר מורא — דער דאָזיקער וועט נישט אויסהאלטן קיין

שעה, אָן דעם, אז ער זאָל האָבן א קלענערע צי א גרעסערע קריזע פון זיינע נערוון. ער וועט דערשיטערט ווערן נאָר פונעם בלויזן באַדראָען...

דאָס איז דער כוח פון דער מורא.

ווער עס האָט אין זיין לעבן נישט געפילט קיין מורא, פון אן אומבאַשטימטן פחד — דער ווייסט נישט וואָס עס הייסט גייסטיק אומברענגען. קאָן זיין, אז ס'ע זענען פאַראַן העלדן וואָס פאַרמאָגן אפשר אן אייזערנעם אויסדויער־כוח. געוויס זענען פאַראַן. אָבער ס'ע זענען פאַראַן זייער ווינציק מענטשן, וואָס קאָנען בייקומען אזא סכנה, וואָס באַשטייט פון באַדראָען. א מענטש קאָן מער אויסהאַלטן ממשותדיקע, פיזישע פייניקונגען, ווי די סכנה, וואָס האָט נאָך נישט קיין באַשטימטן נאָמען. א מורא, א שרעק פאַר עפּעס, וואָס איז נאָך נישט דעפינירט, דאָס לייגט צוגרונט דעם מענטשלעכן נערוון־סיסטעם און איז עלול אים צוזאַמענצוברעכן. אויב איר האָט באַגעגנט א מאָל א מענטש, וואָס איז געווען געפּלאָגט פון אזא מין מורא־געפיל און איר האָט געפּרואוווט אים דערמוטיקן, איר האָט גערעדט צו אים, דוכט זיך, געגנוג לאָגיש; איר האָט געפּרואוווט אים אויפווייזן, אז די מורא זיינע איז נישט מער ווי אן איבערגעטריבענע, ווייל אין ערגסטן פאַל איז ער אויסגעשטעלט אויף א פּיל קלענערער סכנה, אויף פיל ווייניקער ליידן, ווי די ליידן, וואָס ער מאַכט זיך אליין, מיטן טראַכטן און איבערטרייבן די סכנה — האָט איר זיך געקאָנט איבערצייגן, אז אַלץ איז געווען אומזיסט: דער מענטש מאַכט דאָך זיך נישט אליין די ליידן, באַוואוסטזיניק. דאָס אַלץ געשעעט דאָך אין זיין אונטערבאַוואוסטזיין, אין דער מורא וואָס האָט זיך אריינגעביסן אין מאַרך פון זיינע ביינער. זאָגט דאָך דאָס פאָלקסווערטל: פאַר קיין געשלאָגענעם הונט זאָל מען קיין שטעקן נישט ווייזן...

מאיר ר'עסלער איז געלעגן אויף זיין שטרויענעם געלעגער און געטראַכט. ער האָט זיך ווי פאַרפּלאָנטערט אין זיינע קאָשמאַרישע מחשבות.

ער טראַכט און די צייט גייט, די נאַכט פאַרלויפט, אז נישט ער שלאָפט, און נישט ער האָט געפונען עפּעס אן אויסוועג. ער האָט אָנגעהויבן טראַכטן צו דערוויסן זיך, צו דערראָטן, ווער עס וואָלט געקאָנט זיין דער צווייטער, וואָס קאָנטראָלירט די בריוו. ווען ער זאָל כאָטש דאָס וויסן, וואָלט ער דאָך געקאָנט מיט אים רעדן און זיך איינפאַרשטיין מיט אים. אפשר וואָלטן זיי ביידע געפינען עפּעס אן אויסוועג, כדי נישט אריינצופאַלן אין אן אומגליק. נישט זיי און נישט יענער, וואָס האָט באַקומען דעם בריוו... אָבער גיי, קלויב אויס איינעם פון צווישן צוויי הונדערט צוואַנציק! ער

האָט גוּעטראכט צו ניצן די מעטאָדע פון "עלימינירן": אויסשליסן די "ענ‍יקע, וואָס שטאַמען פון אונגערן פון "מאַמע־לאַנד" אָדער פון דרום־טראַנסילוואניע, וואָס רעדן כמעט נישט קיין יידיש. פון די זענען אויך פאַראַן אַ דרייסיק־פערציק יידן, וואָס ער ווייסט וועגן זיי זיכער, אָבער עס בלייבן דאָך נאָך איבער אַן ערך פון אַ הונדערט אכציק, וואָס קענען לייענען יידיש און איבערזעצן אויף אונגעריש נאָך אפשר פיל בעסער ווי ער?!

איז טראַכט ער און טראַכט און די נאַכט גייט. עטלעכע האָבן זיך אָנגעהויבן דורכוועקן און זיי שטייען אויף נאָך איידער דער טאָג־דינסטליער וועקט זיי אויף, כדי צו האָבן צייט צו לייגן תפילין און אָפּכאַפּן שחרית דאַווענען.

אָבער אין דער לעצטער מינוט, ווען די פייפעלעך האָבן זיך שוין געהערט, ווי זיי וועקן אויף מיט בהלהדיקע קולות, איז אים געקומען דער געדאַנק, צו פאַרניכטן יענעם בריוו, וואָס ער האָט באַקומען צו איבערזעצן און נאָך איין מאָל און אויף זיין אָרט וועט ער לייגן אַן אַנדערן בריוו, וואָס ער האָט באַקומען צוריק מיט עטלעכע טעג. ער האָט דאָך איבערגענומען די בריוו געציילטע, צען, איז וועט ער צוריק געבן צען בריוו... דאָס אונטערגעשטראָכענע? דאָס וועט ער אונטערשטרייכן צוויי שורות אין אַן אַנדערן בריוו, אַ גאָרנישט געפערלעכן...

סע זענען אַדורך עטלעכע טעג זינט דעמאָלט און עס איז גאָרנישט געשען. מען האָט אים גאָרנישט געזאָגט, גאָרנישט געפרעגט, גלייך סע וואָלט קיין מאָל נישט געווען עקזיסטירט קיין חשד אויף זיין איבערזעצן. אָבער דווקא די שטילקייט, דאָס "גאָרנישט געשען", האָט אים געעקבערט ווי אַ וואָרעם אין האַרץ: ווייסן זיי טאַקע גאָרנישט אַז ער האָט איבערגעביטן יענעם בריוו, אָדער מאַכן זיי זיך, אַז זיי ווייסן נישט, און אין אַ שיינעם טאָג וועלן זיי ארויסקומען מיט לשון?...

די טעג זענען געגאַנגען, שווערע, געפלאָגטע פון פחד און זאָרג. ער האָט ווייטער באַקומען בריוו צום איבערלייענען, צום איבערזעצן. און יעדעס מאָל ווען מען האָט אים געגעבן אַ נייעם בריוו אין די הענט, האָט אים דער בריוו געבראָטן די הענט, גלייך ער וואָלט געווען גענומען אין די הענט אַ ברענענדיקע קויל, וואָס האָט זיך צוגעקלעפּט צו דער האַנט: נישט ער קאָן זי אַרויסלאָזן פון דער האַנט, נישט ער קאָן זי ווייטער האַלטן, ער קאָן נישט אויסדויערן, עס בריט אים... ער האָט זיך אָפּגעגעבן חשבון, אַז זיין געדולד

דערנענטערט זיך צום סוף. ער האָט שוין מער נישט געקאָנט אויסהאלטן. אזוי, מיט סתם וואַרטן און גאָרנישט טון, ביז אין א שיינעם טאָג זאָל מען אים נעמען און פייניקן פיזיש, אים דערשלאָגן ביז טויט, ווי עס האָט שוין פאסירט אויך מיט אנדערע, דאָס קאָן ער שוין נישט איבערטראָגן. די נערוון זיינע זענען דערגאנגען ביז צום סוף פון זייער אָנגעשטרענגטקייט. עס איז אים אויסגעקומען, אז ער זאָל זיך אליין מעלדן און זיך מתוודה זיין: אָט בין איך דער, וואָס איך בין באגאנגען, על פי טעות, דעם און דעם חטא, און זאָל זיין, וואָס עס האָט צו זיין — זאָל עס זיך אָבער ענדיקן איין מאָל פאר אלע מאָל!

דאָס איז זעלבסטמאָרד? יאָ, עס איז גלייך מיט זעלבסטמאָרד. ער ווייסט עס. אָבער די מענטשלעכע נערוון האָבן דאָך א גרענעץ! וויפל קאָן א מענטש אויסהאלטן, אז די שווערד פון דאמאָקלעס זאָל הענגען איבער זיין קאָפּ?

ער האָט שוין מער נישט געקאָנט אויסבאהאלטן זיין סוד. ער איז אים געווען צו שווער, אז ער זאָל אים טראָגן אליין אויף זיינע אקסלען. אפשר, אז ער וועט אים אָנטרויען אויך פאר א צווייטן, וועט עס אים א ביסל לייכ־טער ווערן? יאָ, ער מוז מיט עמעצן רעדן דעריבער. אפשר וועט יענער גע־פינען אן אויסוועג און אים געבן אן עצה, כדי זיינע זאָרגן זאָלן קלענער ווערן?

אָבער מיט וועמען קאָן ער וועגן דעם רעדן? סע זענען געווען גענוג חברים, אין וועלכע ער זאָל האָבן צוטרוי. אָבער דאָ איז געווען די רייד וועגן א סוד, וואָס האָט נישט געהערט בלויז צו אים, פון זיין פערזענלעכן לעבן. דאָ איז געווען די רייד וועגן אן ענין, וואָס דער קאָמאנדאנט האָט אים געוואָרנט, אז אויב ער וועט דעריבער רעדן מיט עמעצן, קאָן ער געמשפּט ווערן פאר אויסזאָגן א מיליטערישן סוד, וואָס אין מלחמה־צייט ווערט עס הארב באשטראָפט. מיט אזא סוד קאָן ער זיך נישט שפּילן. קאָן ער דען פאָרויסזען די אומשטאנדן, אין וועלכע יענער וועט זיך ארויסכאפּן, אָדער געצוואונגען זיין זיך ארויסצוכאפּן מיט א וואָרט, אָן זיין ווילן אפילו? און דאן שטעלט ער אין א סכנה אויך יענעם, וואָס האָט באקומען דעם בריוו.

סוף־כל־סוף האָט ער זיך דאָך געמוזט באשליסן און דער באשלוס זיינער איז געפאלן אויף יאקאָב בינדערן. פאר וואָס ער האָט דווקא אים אויסגעקליבן, כדי אים אָנצוטרויען זיין סוד? אויף דעם וואָלט ער געקאָנט ענטפערן, אז ער האָט זיך טאקע זייער שווער באשלאָסן. קודם האָט ער גע־טראכט זיך צו באראָטן מיט זיינעם א בן־עיר, פישל וואָלקאָוויטש, וועמען ער קען פון דער היים און האָט צו אים דעם גרעסטן צוטרוי. ער איז אן ערנסטער

מענטש. און אויף וויפל עס איז אים באקאנט, ווייסט ער, אז פישל האָט פאַר־בינדונגען מיט דער ארבעטער־באַוועגונג. ער איז שוין נישט איין מאָל געווען ארעסטירט און אויך געשלאָגן, דאָך האָט ער נישט פארראָטן. קיינער איז נאָך אים נישט ארעסטירט געוואָרן. טראָץ דעם האָט ער זיך גיכער אנטשלאָסן צו יאקאָב בינדערן, וועלכן ער האָט טאקע נישט געקענט פון פריער. ערשט דאָ, אין ארבעטס־באטאליאָן האָבן זיי זיך באקענט, גערעדט מיט אים עטלעכע מאָל וועגן דער אלגעמיינער אינטערנאציאָנאלער לאגע. ער האָט זיך איבערצייגט, אז בינדער איז נישט נאָר א פארשטענדלעכער מענטש, נאָר איז אויך א מענטש מיט דערפארונג. ער האָט פארשטאנען, אז בינדער וועט זיך מער אויספארשטיין אין דעם ענין. בכלל איז בינדער באקאנט געוואָרן אין גאנצן ארבעטס־באטאליאָן ווי איינער, וואָס האָט זיך איינגע־שטעלט אין א געפערלעכער סכנה, ווען ער האָט זיך אָנגענומען די קריוודע פון שמעון גראָס. יעדעס מאָל האָט ער זיך אָנגענומען פאר די, וואָס האָבן געהאט אויסצושטיין פייניקונגען, טראָץ דעם, וואָס ער איז שוין געווען איין מאָל אויסגעהאָנגען און אליין געפייניקט געוואָרן.

אין אן אָוונט, ווען מען האָט זיך שוין געלייגט שלאָפן, האָט ער זיך אָנפארטרויט מיט זיין סוד און דערציילט פאר בינדערן די גאנצע מעשה מיט די בריוו.

בינדער האָט אים אויסגעהערט מיט אויפמערקזאמקייט און אים נישט איבערגעריסן די רייד. ערשט ווען מאיר רעסלער האָט געענדיקט, האָט אים בינדער איבערגעפרעגט איינצלהייטן. דערנאָך האָט ער אים בארואיקט:

— דער גורל אונדזערער איז דאָס מאָל ביי זיי אין די הענט. וואָס זיי ווילן, קאָנען זיי מיט אונדז טון. זיי זענען נישט מחויב צו געבן עמעצן חשבון וועגן זייערע ווילדע מעשים...

— איז, אז מיר זענען הפקר — האָט אים רעסלער אונטערבראָכן די רייד — דארפן מיר זיך אָפזאָגן פון צו פארטיידיקן זיך?

— אָט דאָס איז גוט געפרעגט — האָט מיט א שמייכל אים געענט־פערט בינדער — טאקע אזוי שטעלט זיך די פראגע: וואָס קאָנען מיר טון, אויף זיך צו פארטיידיקן? איז זענען פאראן מערערע מעטאָדעס. די בעסטע מעטאָדע ווערט באניצט פון יענע, וואָס קעמפן מיטן געווער אין די הענט קעגן דעם פאשיסטישן שונא... אָבער נישט יעדערער קאָן דאָס טון, אָדער נישט יעדער איז מסוגל דאָס צו טון און נישט יעדערער האָט די מעגלעכ־קייט דערצו. בלייבט, אז פאר אונדז איז איין זאך וויכטיק, מיר זאָלן

אויסהאלטן און זיך נישט פארלירן... מיר טאָרן זיך נישט פארלירן, נישט פיזיש און נישט גייסטיק. איך חזר איבער: אין דער ערשטער רייע גייסטיק. דער גייסטיקער ווידערשטאנד איז אין אונדזערע באדינגונגען דער וויכ־טיקסטער. מיר זאָלן בלייבן מענטשן, אזוי לאנג מיר האָבן נאָך די נשמה אין אונדז... מיט אָט דעם פרט זענען מיר דאָך העכער פון זיי, פון די שונאים אונדזערע. בעת זיי, וואָס הערשן איבער אונדז, האָבן זיך פאר־וואנדלט אין ווילדע חיות, דארפן מיר, זייערע קרבנות, קעמפן פארן דער־האלטן אונדזער מענטשלעכן אויסזען. מיט וואָס עפּעס אנדערש קאָנען מיר זיך נאָך איבערנעמען אויב נישט מיט דעם, פון צו בלייבן מענטש?... אין שייכות מיט אייער פאל, וועגן וואָס איר האָט מיר דאָ דערציילט, קאָן איך אייך נאָר אזוי פיל זאָגן: ווי גרויס די סכנה זאָל נישט זיין, וואָס שוועבט איבער אייער קאָפּ, איז אָבער איין זאך קלאָר — איר האָט גוט געטון, וואָס איר האָט איבערזעצט אזוי ווי איר האָט פארשטאנען, כדי אָפּצוראטע־ווען נישט נאָר אונדזערן א חבר, דאָ אין ארבעטס־באטאליאָן, נאָר אויך זיין משפחה אין דער היים...

יאקאָב בינדער האָט זיך אָפּגעשטעלט, געטראכט א ווײַלע, דערנאָך האָט ער פאָרגעזעצט:

— איר ווייסט, אז מיליאָנען מענטשן ראנגלען זיך איצט מיט דער פאשיסטישער חיה אויף טויט און לעבן... מענטשן האָבן זיך געלאָזט אין קאמף, איינשטעלנדיק זייער לעבן, און דאָס לעבן פון זייערע משפחות, צו טויטן די פאשיסטן... מען האלט עס פאר דער גרעסטער מצוה היינט, צו טויטן א היטלעריסט. אָבער וואָס שייך דאָס יידישע פאָלק, איז נישט קיין קלענערע מצוה, צו ראטעווען א ייד פונעם טויט... איז לייגט עס, ווען איר ווילט, אויף דער וואָגשאָל: וואָס איז אייך לייכטער, צו טויטן א היטלעריסט, צי צו ראטעווען א ייד? אויף צו טויטן א היטלעריסט דארפט איר צו ערשט האָבן אין די הענט א כלי־זין און דערנאָך די געלעגנהייט. אויף צו ראטע־ווען נישט איין ייד, נאָר עטלעכע, איז אייך נויטיק געווען בלויז א שרייב־פענדל — און די געלעגנהייט האָט איר געהאט!... צי זיי, די הענקער אונדזערע, האָבן זיך געכאפּט, אז איר האָט זיי אונטערגערוקט אן אנדערן בריוו אויף יענעם אָרט, צי ניין, דאָס איז נישט וויכטיק, אז איר זאָלט אייך אויף דעם גריבלען. אייער געוויסן קאָן זיין רואיק, אז איר האָט אייך געטון די פליכט צו ראטעווען א ייד, צי גאָר א גאנצע משפחה פון אומברענגען... דאָס איז וויכטיק. וואָס עס איז געשען, ווייסן מיר שוין. וואָס סע וועט גע־שען, קאָנען מיר נאָך נישט וויסן. מיר מוזן אָבער בלייבן מענטשן, אויך

ווען מען מוז ריזיקירן דאָס אייגענע לעבן... איז טראַכט נאָר וועגן דעם, אַז איר האָט געטון דאָס, וואָס איר האָט געמוזט טון, אָפּצוראַטעווען אַ ייִד. דאַכט זיך, אַז דאָס איז שוין גענוג, אַז איר זאָלט קאָנען רואיק שלאָפן... אַ גוטע נאַכט!

— אַ גוטע נאַכט! — האָט אים געענטפערט רעסלער און מער קיין וואָרט נישט אַרויסגערעדט. ער האָט זיך אין דער פינצטער צוריקגעצויגן אויף זיין געלעגער און זיך געלייגט שלאָפן.

עס איז געווען די ערשטע נאַכט נאָך אַ וואָך פון פּיין, פון גרויל פון פּחד — וואָס ער איז געשלאָפן רואיק, באַרואיקט מיט זיך אַליין, מיט זיין געוויסן...

## צום געזעגענען

עס איז באַוואוסט, איינע פון די מיטלען אויסצומאַטערן זענען גע־ווען די אַפּעלן, וואָס מע פלעגט מאַכן אין די אַרבעטס, צי קאָנצענטראַציע־לאַגערס. דער וואָס האָט עס נישט מיטגעמאַכט קאָן עס אפשר נישט פאַר־שטיין. וואָס איז עס אַזוי שווער, צו שטיין אין דער ריי, ביז מע ציילט איבער די מענטשן?

יאָ, עס איז זייער שווער צו שטיין אויף איין אָרט און וואַרטן און וואַרטן, אויף וואָס וואַרט מען? אויף גאָרנישט. נאָר מען איילט זיך נישט. מע ווערט גאָרנישט פאַרשפּעטיקן. איז שטייט מען און די גאַנצע משא פונעם מידן קערפּער, וואָס איז דאָס מאָל, דאַכט זיך, ווי אָנגעפּולט מיט בליי, לאָזט זיך מיט אַ מוראַדיקער שווערקייט אויף די מידע פיס. ווען מע זאָל געווען גיין און נישט שטיין אויף איין אָרט, וואָלט אפשר נישט געווען אַזוי שווער. שטיין אָבער אויף איין אָרט און וואַרטן אויף גאָרנישט, ווען דער מאָגן נאָגט און בעט עפּעס צו עסן, דאָס איז זייער שווער. פּסיכיש ווערט מען נאָך מער אויסגעשעפּט ווי פיזיש. די נערוון זענען אָנגעצויגן, גרייט צום פּלאַצן, ווען מע ציילט די רייען, דערנאָך ציילט מען פון דאָס ניי... דער חשבון שטימט נישט און מע ציילט נאָך איין מאָל און נאָך איין מאָל. צום סוף (ווי שווער עס קומט דער סוף), ראַפּאָרטירט מען די צאָל.

דערנאָך גייט מען עסן: אין דער פרי, דעם אָנבייסן — און אויף דער נאַכט, דעם נאַכטמאָל. מיט דעם ענדיקט זיך געוויינטלעך דער אַפּעל.

יאָ, געווייגטלעך. אָבער אז מען האָט עפּעס מודיע צו זיין, טוט מען עס ביים אפּעל. נאָר וועמען אינטערעסירן די מודעות? מען קאָן דאָך זיי שוין אויסנווייניק: „פון הייגט אָן טאָר מען נישט... קיינער טאָר נישט... עס איז פארבאָטן צו...״

אלע מודעות האָבן דעם זעלבן אינהאלט: מע טאָר נישט. אלץ טאָר מען נישט, אפילו אָטעמען.

דאָס מאָל האָט מען פאָרגעלייענט א מודעה, וואָס האָט דווקא יאָ געקענט אינטערעסירן. ביים היינטיקן אָוונט־אפּעל האָט מען פאָרגעלייענט א ליסטע מיט נעמען פון אַן ערך דרייסיק ארבעטס־דינסטלער, וואָס מע לאָזט זיי פריי אויף פינף טעג, כדי זיי זאָלן זיך קאָנען גיין אהיים געזעגענען מיט זייערע משפחות און גלייכצייטיק זיך מיטנעמען ווארעמע ווינטער־מלבושים, איידער מע גייט ארויס אויפן פראָנט...

דאָס איז געווען אַן איבערראשונג. ווער האָט זיך געקענט ריכטן אויף אזא מין גוטער בשורה? נאָכן איבערלייענען די ליסטע האָט מען באלד אָנגעהויבן אויסטיילן די אורלויב־צעטל.

די וואָס האָבן באקומען דעם אורלויב זענען אזוי מבולבל געוואָרן, אז זיי האָבן א ווײַלע זיך פארלוירן און נישט געוואוסט וואָס פריער צו טון. נישט איינער איז שוין דאָס מאָל נישט געגאנגען צום נאכטמאָל. ווער דארף עסן אין אזא מאָמענט? טייל זענען גיך געלאָפן אין שטאל אריין, וואו זיי זענען געווען איינקווארטירט, כדי זיך צונויפצופאקן די „זיבן זאכן״: קויטיקע וועש, די ראזיר־מכשירים, מלבושים, וואָס מען דארף זיי פארנייען דאָ און דאָרט, וואו זיי האָבן זיך צעטרענט אָדער צעריסן. טייל זענען געלאָפן גראָד צו דער באַן, אזוי ווי זיי זענען געווען ביים אפּעל און האָבן זיך נישט מיטגענומען גאָרנישט. זיי האָבן זיך געאיילט, ווייל די צייט שטייט נישט. די צייט, די פינף טעג, האָבן זיך דאָך שוין אָנגעהויבן. דער היינטיקער טאָג, דאָנערשטיק, וואָס איז שוין כמעט אדורך (עס איז דאָך שוין דער אָוונט־אפּעל!) איז דאָך אויך פאררעכנט פאר א טאָג, איז אז מען וועט נישט דערכאפּן דעם צוג וואָס פאָרט איצט, אין אָוונט, אוועק קיין דעברעצין, און פון דאָרט יענעם צוג וואָס פאָרט קיין סיגעט — איז דאָך די גאנצע טירחא אַן ארויסגעוואָרפענע, ווייל ביז מאָרגן אָוונט איז דאָך שוין קיין אנדערער צוג נישטאָ. איז נישט נאָר וואָס מע וועט נישט האָבן קיין צייט צו פארברענגען אין דער היים מיט דער משפּחה קיין האלבן טאָג נישט, נאָר עס איז מער ווי זיכער, אז מע וועט נישט קענען קומען צוריק צו דער צייט. און אָנגעזאָגט האָט מען, אז ווער סע וועט זיך נישט מעלדן צו דער

צייט,ביים צוריקקומען, דאָס הייסט, דעם פינפטן טאָג, זונטיק, אין דער פרי, צום אפּעל, דער וועט געמשפּט ווערן ווי א דעזערטיר און קאָן פאַר־אורטיילט ווערן צום טויט, ווייל עס איז מלחמה־צייט און דאָ רעדט זיך דאָך וועגן יידן...

הייסט עס, אז בסך הכל זענען עס דריי טעג מיט צוויי נעכט. אין דער דאָזיקער צייט דאַרף מען פאָרן מיט צוויי באַנען הין און צוריק און טייל דאָרפן נאָך מאַכן עטלעכע צענדליקער קילאָמעטער צו פוס, אויב מע וויל אָנקומען צו דער צייט.

איז אָט פאַר וואָס די אומגליקלעכע „גליקלעכע" ארבעטס־דינסטלער, וואָס האָבן באַקומען דעם אורלויב, זענען ארומגעלאָפן ווי פאַרסמטע מייז.

די ארבעטס־דינסטלער, וואָס זענען געבליבן, אז זיי זאָלן פאָרן אויף אורלויב שפּעטער מיט עטלעכע טעג, אין דער צווייטער סעריע, זענען באַ־פאַלן די „גליקלעכע" מיט אָנזאָגענישן: גיי אריבער צו מיין ווייב און זאָג איר... גיי אריבער צו מיין מאַמע און זאָג איר... טייל האָבן זיך געאײַלט צו שרייבן א בריוול, אז זיי זאָלן עס איבערשיקן מיט דער געלעגנהייט, און אזוי ארום צו וויסן טון אהיים, אז זיי וועלן אפשר שפּעטער מיט עטלע־כע טעג אויך אהיים קומען אויף אורלויב, זיך צו געזעגענען, איידער זיי וועלן ארויס אין דער אוקראַינע.

אין זייער בהלה האָבן זיי זיך נישט אָפּגעגעבן קיין חשבון, אז די אַלע אָנזאָגעכצער זענען אין ווינט. די אהיימפאָרער האָבן נישט א מאָל גע־הערט, וואָס מע רעדט צו זיי, אזוי זענען זיי געווען פאַרטון מיט זייערע אייי־גענע ענינים. די בריוולעך און צעטעלעך, וואָס מען האָט זיי געגעבן, האָבן זיי אריינגעשטופּט אין די טאַשן, אָבער — קודם האָבן זיי אליין נישט גע־וואוסט, וואו זיי האָבן זיי אהין געטון, און דערנאָך — האָט מען זיי אריינגע־רופן אין דער קאַנצעלאַריע און מען האָט זיי געהייסן ארויסנעמען אַלץ פון די טאַשן און מען האָט אזוי ארום צוגענומען אַלע בריוועלעך...

צווישן די גליקלעכע, וואָס האָבן באַקומען דעם אורלויב אין דער ערשטער סעריע האָט זיך געפונען אויך פישל וואָלקאָוויטש, א יונגערמאַן פון ביטשקעוו, נעבן סיגעט. ווען ער האָט דערהערט זיין נאָמען פירלייע־נען, האָט ער זיך פאַרלוירן און נישט געהאַט קיין מאַכט, צוצוגיין נעמען דאָס אורלויב־צעטל. הגם ער איז געווען א שפּאַרטלער, א מענטש א גבר, האָט ער זיך אָבער פאַרלוירן ביים געדאַנק, אז ער וועט אהיים גיין און קענען זען זיין שיינע פרוי און זיינע דריי קינדערלעך. די מוסקלען זיינע זענען מיט א מאָל ווייך געוואָרן און ער איז שיער נישט געפאַלן פון די פיס.

ער איז געגאַן פּלאָנטערנדיק זיך מיט די פיס, גלייך ער וואָלט געטאַפּט אין דער פינצטער, ווייל די אויגן זיינע זענען פייכט געוואָרן און די אויגנ־ברילן האָבן זיך ווי פאַרנעפּלט.

ער האָט זיך גאָרנישט מיטגענומען, נאָר תיכף געלאָפן צו דער באַן. איין געדאנק האָט אים געמאַטערט: ער זאָל צייט האָבן עפּעס קויפן א מת־נה פאַר זיין פרוי און פאַר די קינדערלעך, ווען ער וועט אָנקומען קיין דעברעצין, און צווישן איין צוג און צווייטן זאָל ער קענען עפּעס קויפן. ער וועט דאָך נישט אָנקומען אהיים מיט די ליידיקע הענט?!

אומזיסט איז אָבער געווען זיין איילן זיך. הגם די באַן, וועלכע ער האָט גענומען כדי צו פאָרן קיין דעברעצין איז טאַקע געקומען צו דער צייט. און יענע, וועלכע ער האָט געדאַרפט נעמען אין דעברעצין, צו פאָרן ווייטער קיין סיגעט האָט פאַרשפּעטיקט, אזוי אז אים זענען פאַרבליבן גאַנ־צע דריי שעה צו ציטערן אין קאַלטן וואַרט־זאַל, אָבער צו קויפן עפּעס, כאָטש א פּאָר צוקערלעך פאַר זיינע קינדער — דאָס האָט ער דאָך נישט אויסגעפירט. וואו זאָל ער איצט, אין די נאַכט־שעהן, קויפן עפּעס?

איז ער געזעסן איינגעקאָרטשעט, אין א ווינקל פונעם קופּע און גע־דרימלט. האַלב געדרימלט און האַלב פאַרטיפט אין זיינע מחשבות: ער האָט געזען, אז זיין חבר, מאיר רעסלער, וועלכער האָט אויך געדאַרפט נעמען דעם זעלביקן צוג, כדי צו פאָרן אהיים קיין סיגעט, האָט גאָר גענומען אַן אנדערע באַן, וואָס פאָרט אין א קעגנגעזעצטער ריכטונג. מסתמא קיין בו־דאַפּעסט. קודם האָט ער געמיינט, אז יענער האָט זיך טועה געווען און האָט אים נאָכגערופן. אָבער אז יענער האָט אים מיט א שמייכל א ווינק געטון, ווי איינער רעדט: ער ווייסט וואָס ער טוט, האָט ער שוין פאַר־שטאַנען, אז מער וועלן זיי זיך נישט באַגעגענען אין דעם צוואַנגארבעטס־באַטאַליאָן...

טראַכטנדיק, פאַרנדיק האָט ער זיך משער געווען, אז יענער וועט זיך מער שוין נישט מעלדן ביים ארבעטס־באַטאַליאָן. מסתמא וועט ער זיך דאָרט אויסבאַהאַלטן אין בודאַפּעסט. עס איז א גרויסע שטאָט, וועט ער זיך דאָרט פאַרלירן...

ערשט שפּעטער האָט ער זיך דערמאָנט, אז ער האָט שוין נישט גע־זען ביי רעסלערן די געלע אָרעמבאַנד מיטן נומער פונעם ארבעטס-באַטאַ-ליאָן און אויך נישט דאָס מיליטערישע היטל.

פישל וואָלקאָוויטש האָט נישט פאַרשטאַנען רעסלערן, פאַר וואָס ער האָט זיך באַשלאָסן, זיך נישט צוריק צו קערן צום ארבעטס־באַטאַליאָן.

ווי אזוי זאָל ער אים געווען פארשטיין? ער האָט דאָך אויך ווייב און קינדער און אז ער וועט זיך נישט צוריק קערן, וועט מען דאָך זיי אויך אָנטון צרות?! יאָ, דאָס איז געווען די לאָגיק פאר פישל וואָלקאָוויטש, ווייל ער האָט נישט געוואוסט פון דעם אומרו, וואָס האָט געמאטערט רעסלערן. הגם נאָכן געשפּרעך מיט בינדערן האָט רעסלער זיך א ביסל בארואיקט, אָבער נאָך עטלעכע טעג האָבן זיך די קאָשמארן אומגעקערט צו אים. דאָס געפיל פון שטענדיקן פּחד האָט אים ווידער א מאָל געפּלאָגט. איז האָט ער באשלאָסן, אוועק צו לויפן פונעם באטאליאָן. איצט איז געווען די בעסטע געלעגנהייט דאָס צו טון. און כדי צו שאנעווען די משפּחה זיינע איז ער נישט א מאָל אהיים געגאנגען, ווייל אָנקומענדיק אהיים מוז ער זיך דאָך מעלדן ביי די זשאנדארן, אָדער ביי דער פּאָליציי, איז בעסער דאָס אויסצומיידן.

דאָס האָט פישל וואָלקאָוויטש נישט געהאט פון וואו צו וויסן. איז דערפאר האָט ער אים נישט פארשטאנען. האָט ער דעריבער געטראכט און געטראכט, ביז ער האָט איינגעדרימלט, און זייענדיק מיד פון דער שווערער ארבעט, איז ער פארזונקען אין א טיפן שלאָף, בעת די באן האָט אים איינגעוויגט מיט זיין טרייסלען. ער האָט זיך צוגעוואוינט אויך צום געפילדער פון די, וואָס זענען ארויפגעשטיגן אויף די פארשידענע סטאַציעס פון די אונגערישע שטעטלעך און פון די, וואָס זענען אָפּגעשטיגן אונטערוועגס.

— — — — — — — — — — — — — —

...זיין פרוי האָט זיך איינגעהילט מיטן שיינעם מוסלין־זיידענעם טיכל און ארומגענומען דריי מאָל מיט אירע שיינע הענט מיט די לענגלעכע פינגער, די פלעמלעך פון די ליכט, וואָס זי האָט נאָר וואָס אָנגעצונדן לכבוד שבת און געשעפּטשעט מיט אירע שיינע ליפּן: ברוך־הוא־וברוך־שמו!... דריי מאָל האָט זי אזוי ארומגענומען די ליכטלעך און דערנאָך פארדעקט מיט אירע שיינע ווייסע הענט דאָס שיינענדיקע געזיכט און געשעפּטשעט דעם יהי רצון פון ליכט־בענטשן... יאָ, דאָס איז דאָך דאָס טיכל, וואָס ער האָט איר געבראכט א מתנה. ער האָט עס געקויפט (אָדער נאָר געוואָלט קויפן? סע דאכט זיך אז יאָ, ער האָט עס געקויפט!) אין דעם געוועלב נעבן דער סטאַציע, אין דעברעצין, ווען ער איז געקומען אויף אורלויב... יאָ, ער האָט זיך צעגאָסן אין א צופרידענער הנאה, אז ער איז איצט אויך נישט געקו־

מען מיט די ליידיקע הענט, נאָר געברענגט א מתנה, ווי געוויינטלעך, ווען ער פלעגט אהיים קומען פון א נסיעה... דאָס עלטערע יינגל איז שוין אָנגעטון שבתדיק. גרייט צו גיין מיט אים אין שיל אריין. די אנדערע צוויי קינדער שפילן זיך... ער האָט נישט געוואָלט גיין אין שיל אריין. די צייט איז איצט צו טייער ביי אים. אָבער זי, די פרוי זיינע האָט אים געבעטן, אז ער זאָל יאָ גיין, זיך זען מיט די פריינד זיינע. דאָס שבתדיקע, דאָס יידישע שבתדיקע געפיל האָט אים ארומגענומען ווי א חשובן גאסט. ער האָט שוין עטלעכע חדשים נישט געפילט אָט די אטמאָספער, וואָס דער שבת ברענגט אריין אין א יידיש הויז. אצינד, איז ער אהיים געקומען, איז ער ווידער דאָ, צווישן די זייניקע. אין אָט דעם מאָמענט, ווען די פרוי האָט זיך צעכליפעט אונטער דעם שיינעם טיכל, וואָס ער האָט איר געבראכט א מתנה, ווען זי ווייגט זיך אויס מסתמא אז איר מאן זאָל ניצול ווערן בשלום און צוריק קומען פונעם פראָנט, אין דעם מאָמענט האָט ער פארגעסן פונעם ארבעטסבאטאליאָן. ער האָט פארגעסן פון דער מלחמה. ער האָט פארגעסן אין די יידן־געזעצן, אין די געלע אָרעמבענדער, און אויך אפילו אין די זאָרגן, אז בעת ער איז אין ארבעטס־לאגער, האָבן זיין ווייב־און־קינדער נישט קיין פרנסה, אז אירע עלטערן, וואָס דארפן איר ארויסהעלפן, האָבן אויך נישט זייער פיל. און דאָך — איז ער גליקלעך. די צופרידנקייט צעגייט זיך אין זיין נפש, ווי א ווארעמער גלעט איבער זיין פנים... אלץ זינגט אין אים א שיר מזמור לתודה, וואָס ער האָט זוכה געווען זיך צו זען מיט זיין משפחה... איז גייט ער צו אויף די שפיץ־פינגער, ער זאָל חלילה זי נישט שטערן פון אירע מחשבות די הייליקע, בעת זי איז פארטיפט אין איר תפילה ביי די ליכט־בענטשן, און בויגט זיך צו צו איר, טוט איר לייכט א קוש איבערן קאָפּ, איבער איר שיינעם טיכל, וואָס ער האָט איר געברענגט א מתנה, ווען ער איז אהיים געקומען...

...אוי! וואָס איז געשען?! בעת ער האָט זיך צוגעבויגן זי צו קושן, האָט ער פארלוירן די גלייכוואָג און איז אומגעפאלן.

וואו איז ער? דאָ גאָר?!... מען האָט אים אויפגעוועקט פון זיין זיסן חלום, אז ער איז שוין אָנגעקומען קיין סיגעט. ער דארף גיך אָפּשטייגן...

מיט א שווער געמיט איז ער אראָפּ פונעם וואגאָן, אין וועלכן ער האָט אזוי זיס געחלומט, און פארגעסן אויף עטלעכע מינוט (סיי וואָס פאר א חלום דויערט דאָך נישט מער ווי עטלעכע מינוט!) זיינע אומגליקן. אָבער וויי, ווי אכזריותדיק עס איז די ווירקלעכקייט.

מיט שווערע טריט איז ער אויסגעשטיגן פון דער באַן און געבליבן א ווײַלע אומבאַשלאָסן: וואוהין זאָל ער זיך לאָזן? מיטן באַנוועג, דערלענג די שינעס, קען ער איבערהאַקן דעם וועג און אָנקומען צו פוס קיין ביטשקעוו. ער וואָלט זיך אַזוי אײַנגעשפּאָרט א שטיק וועג. אָבער די סכנה איז נישט קיין קליינע. מע קאָן אים באַשטראָפן דערפאַר. מע טאָר דאָך נישט גיין אויפן באַנוועג. און נישט אַזוי די שטראָף האָט אים אָפּגעשראָקן ווי די סכנה, ווען מע כאַפּט א ייד, אין די צײַטן, מיט סײַ וואָס פאַר א קליינעקייט, איז נישט נאָר וואָס מע באַשטראָפט אים, נאָר מע שלעפּט אים אַרום, מע פּײַניקט אים מיט דערנידעריקונגען און באַליידיקונגען — און ער פאַרלירט צײַט.

צײַט, דאָס איז אַצינד דאָס טײַערסטע. הײַנט איז פרײַטיק און מאָרגן שבת נאָך מיטאָג, דאַרף ער זיך שוין לאָזן אין וועג אַרײַן. איז אים געבליבן נישט מער ווי א דרײַסיק שעה צו פאַרברענגען מיט זײַן משפּחה.

איז דאָך די צײַט קורץ. איז דווקא וועגן דעם טאָר ער נישט אויסווײַלן דעם קורצן וועג, נאָר אַרײַן גיין אין דער שטאָט און דערנאָך פאַרקערעווען אויף לינקס (אפשר וועט ער געפינען א געלעגנהייטלעכן וואָגן, וואָס פאָרט קיין קרעטשענעוו?) און צוויילנדיק זיך קאָן ער אָנקומען קיין ביטשקעוו שפּעטסטנס אין צוויי שעה, אויך ווען ער גייט צו פוס... יאָ, באַלד איז ער אין מיקעוו, דערנאָך אין קרעטשענעוו און באַלד קומט ער אָן קיין ביטשקעוו — און ער וועט זיך זען מיט זײַן פרוי און קינדער, וועלכע ער האָט שוין עטלעכע חדשים נישט געזען.

וויפל נעכט האָט ער נישט געשלאָפן און תמיד געטראַכט צו זײַן פרוי, וועלכע ער האָט איבערגעלאָזט מיט דרײַ קליינע קינדער — טראַכטנדיק: ווער ווייסט, צי ער וועט זיי נאָך זען אַמאָל?!

אַצינד וועט ער זי זען, פאַרברענגען מיט איר איין שבת. איין שבת. איין שבת — דערנאָך וועט ער אַוועק אויפן פראָנט, אין דער אוקראַינע. אין די אומבאַקאַנטע ווײַטקייטן...

ער איז נאָך נישט אָנגעקומען אַהיים און זײַן האַרץ האָט אים שוין אָנגעהויבן שלאָגן האַסטיקער, ווי מיט האַמערס, וואָס האָבן זיך צעלאָזט מעכאַניש, געטריבן מיט אַן אומגעצוימטער קראַפט.

אויך די פיס האָבן אים מעכאַניש געטראָגן, גלײַך ער וואָלט נישט א מאָל אָנגערירט די ערד, נאָר געפלויגן, אונטערגעטראָגן פון בענקעניש...

איידער ער איז צוגעקומען נענטער צו זײַן היים, האָט ער דערזען זײַן שוועגערין, זײַן פרויס שוועסטער, וועלכע איז געווען אין הויף מיט

א בראָך האַלץ אין די הענט. אָבער אזוי ווי זי האָט אים דערזען, האָט זי ארויסגעלאָזט דאָס האַלץ פון די אָרעמס און זי האָט צוזאמענגעבראָכן די הענט:

— דו ביסט גאָר דאָ?!

ער האָט נישט פארשטאנען, וואָס זי וויל דערמיט זאָגן, מיט אזא מין ברוך־הבא. ער האָט געמיינט, אז אויך זי, ווען זי וועט אים דערזען, וועט זי זיך אויך דערפרייען. אָבער זי האָט זיך דאָך מער דערשראָקן, ווי דערפרייט?!

ער האָט נישט ארויסגערעדט קיין וואָרט, ווייל ער האָט נישט גע־קענט עפענען דאָס מויל, נאָר געשפאנט גיכער, ער זאָל אריין אין שטוב.

ערשט דאָ האָט ער זיך דערוואוסט, אז רחל, זיין פרוי, איז נעכטן אוונט אָפגעפאָרן צו אים...

ווען ער האָט צוריק מיט א וואָך געשריבן, אז זיי גרייטן זיך ארויס צו גיין אויפן פראָנט, האָט זי זיך באשלאָסן צו פאָרן צו אים, מיט אים זיך צו זען, צו געזעגענען זיך מיט אים — צו פארברענגען מיט אים ווי מאַן און ווייב, כאָטש נאָך איין מאָל...

... איז ער איצט דאָ — און זי איז דאָרט...

## צוזאמענגעבראָכן

ווען רחל וואָלקאָוויטש איז אָנגעקומען אין יענעם אונגערישן שטעטל וואו איר מאַן איז געווען אין ארבעטס־לאגער, האָט אין דרויסן געשנייעט. סע זענען געפאלן געדיכטע שטיקער ווייסע וואטע, אָבער ווען זיי זענען אָנגעקומען צו דער ערד — איז פון דער קלאָרער און ריינער ווייסער וואטע געוואָרן קויטיק וואסער. עס האָט זיך תיכף צעטאָפּעט, ווי נאָר עס איז אָנגעקומען צו דער ערד.

זי איז געשטאנען אומבאהאָלפן, אין א פרעמד שטעטל. וואו זי האָט קיינעם נישט געקענט און נישט געוואוסט, וואוהין זיך צו לאָזן אין וועג אריין, ביי וועמען זיך נאָכצופרעגן, ווי אזוי אָנצוקומען צום ארבעטס־לאגער

זי האָט נישט געוואוסט, אָבער זי האָט געפילט, אז זי דארף גיין, זי דארף זוכן איר מאַן, זי זאָל אים זען, נאָך איידער ער וועט ארויסגעפירט ווערן אין דער אוקראַינע...

אויך אנדערע יידישע ווייבלעך האָבן אזוי געטון. זיי זענען אויך געפאָרן צו זייערע מענער און זיך דערשלאָגן אָנצוקומען און מען האָט זיי צוגעלאָזט, אָדער מען האָט גאָר ארויסגעלאָזט די מענער זייערע, כאָטש אויף עטלעכע שעה...

איז זי אויך געקומען. זי וועט אויך פּרובירן צוקומען צו אים, און אפשר וועט מען אים אויך ארויסלאָזן, כאָטש אויף עטלעכע שעה.

קודם איז זי אריין אין שטעטל, אזוי אָן א באשטימטן ציל. זי זאָל געוואויר ווערן, וואו עס איז א בית־המדרש, א יידישע שיל, וועט זי מסתמא אָנטרעפן אויך א ייד, וועט ער איר אפשר אָנווייזן, וואו און ווי אזוי. אָבער וואו טרעפט מען דאָ אָן אויף א יידישער שיל?

גייענדיק אזוי האָט זי באמערקט א פערד און וואָגן. געטריבן פון א יידישן ארבעטס־דינסטלער, א סימן, דאָס מיליטערישע היטל און די געלע באנד אויפן אָרעם. נעבן דעם ארבעטס־דינסטלער זיצט א שומר, א באַוואָפנטער.

זי האָט זיך געלאָזט נאָך דעם וואָגן. ער וועט זיך דאָך ערגעץ מוזן אָפּשטעלן.

דער וואָגן איז נישט געפאָרן גיך. די פערד זענען געגאנגען אין שפּאַן. אָבער פאר איר איז דאָך געווען שווער, צו האלטן זיך נישט ווייט פון זיי. אין וואָגן איז געזעסן נאָך איין ארבעטס־דינסטלער, מיטן פּנים אויסגעדרייט אויף צוריק. מיט די פיס נאָכהענגענדיק פון דרויסן, אָקערשט וואָס זיי האָבן נישט אָנגערירט די ערד פון דער גאס, וואו דער שניי האָט זיך צעטאָפּעט.

דער ארבעטס־דינסטלער האָט באמערקט אז די פרוי גייט זיי נאָך, האָט ער פארשטאנען, אָדער ער האָט פון איר פּנים אראָפּגעלייענט אז זי איז א יידיש קינד, האָט ער זיך משער געווען, אז מסתמא איז זי א פרוי אָדער א שוועסטער פון איינעם פון זיי. ער האָט איר געמאכט א צייכן, אז זי זאָל זיך נישט איילן, און אָנגעוויזן אז אָט־אָט שטעלן זיי זיך אָפּ. מיט דער האנט האָט ער איר געוויזן צו א געוועלב פון גרינצייג, וואָס איז געווען נישט ווייט.

זיי האָבן אָפּגערעדט, אז זי זאָל איבערוואַרטן ביי איינעם, א היגן ייד, דאכט זיך, אז ער איז דער ראש־הקהל דאָ און קאָן דורך אַן השתדלות

צוקומען אויספועלן ביים קאָמאנדאנט, אז מען זאָל איר מאן אפשר לאָזן זיך זען מיט איר, און אויב נישט, וועט מען פּרובירן אים ארויסבאקומען, אז מאָרגן פרי זאָל ער, פישל וואָלקאָוויטש, ארויסקומען אין שטאָט מיט דעם זעלבן וואָגן, נאָך די שפּייזן און אנדערע זאכן, וואָס מען דארף באַזאָרגן פאר דעם ארבעטס־באטאליאָן.

דאכט זיך, אז אלעס איז אין דער בעסטער אָרדענונג. איין זאך אָבער פעלט — אייזערנע נערוון, זיך צו דערווארטן אויפן מאָרגנדיקן טאָג...

אָבער דער מאָרגנדיקער טאָג קומט, סיי מע דערווארט אים מיט בענקעניש, סיי מע דערווארט אים בכלל נישט. אלץ איז, בעל־כרחו, ווי דאָס לעבן, ווי דער טויט — און פיל מאָל ווי א לעבן, וואָס דער טויט איז כמעט בילכער פון אים. פאר וואָס? ווייל ווען עס איז געקומען דער מאָרגנדיקער טאָג, שבת פאר מיטאָג, איז זי צו איר גרויס איבערראַשונג געוואויר געוואָרן, אז איר מאן, פישל וואָלקאָוויטש, איז אייערנעכטן אהיים געפאָרן אויף אורלויב און מאָרגן, זונטיק פרי, ז'ארף ער זיך שוין מעלדן צוריק.

אכזריותדיק־טראגיש, און אָפט מאָל אויך איראָניש, איז דער גורל... ווי אזוי וואָלט זיך געקאָנט בעסער נוקם זיין דער גורל אָן מענטשן, איבערפולטע מיט באגערענישן און ליידן, ווי זיי צו צעטיילן אין א מאָמענט, ווען זיי האָבן געהאט די מעגלעכקייט זיך צו פאראייניקן?!...

צו פארבעסערן איצט די לאגע איז שוין קיין אויסוועג נישטאָ. דאָס איינציקע, וואָס איז איר פארבליבן צו טון, איז געווען — צו ווארטן ביז זונטיק פרי, ווען איר מאן וועט זיך צוריק קערן צום ארבעטס־באטאליאָן.

ווארטן, דאָס איינציקע וואָס עס איז איר געבליבן צו טון, בעסער געזאָגט, דאָס איינציקע, וואָס עס איז איר איבערגעבליבן איז — נישט צו טון גאָרנישט. ווייל, וואָלט זי זיך אויפגעזעצט אויף דער באן און געפאָרן צוריק, מיטן אָוונטיקן צוג, וואָלט זי דאָך אויסגעמיטן זיך צו באגעגענען מיט איר מאן. דאָס מאָל שוין כמעט באוואוסטזיניק.

אייביקייטן. אייביקייטן, וואָס זענען צונויפגעשטעלט פון אייביקייטן. ווייל יעדע שעה איז אן אייביקייט. יעדע מינוט איז אן אייביקייט, יעדע סעקונדע איז אן אייביקייט, ווען מע דארף ווארטן. בפרט ווען דאָס ווארטן איז נאָך מער אָנגעשטרענגט, מיט מער נייגעריקייט, בפרט ווען דאָס ווארטן איז א פארצווייפלטס. ווען מע קאָן נישט אויסווייכן, נישט צו ווארטן, און אפילו מע ווארט יאָ — קאָן מען זיך אויך נישט דערווארטן צום געגארטן ציל...

דאָס איז די לאַגע. א פּאַטאַלע. מע קאָן זי שוין נישט ענדערן.

זי האָט געוואַרט. קודם, אַז סע זאָל אַדורכגיין דער הייַנטיקער טאָג, שבת. דערנאָך האָט זי געוואַרט, אַז סע זאָל אַדורכגיין די נאַכט, אין וועל־כער זי האָט נישט צוגעמאַכט קיין אויג. און גאַנץ פרי, זונטיק פרי, איז זי אַרויס צום וואָקזאַל אָפּוואַרטן איר מאַן...

צום וואָקזאַל זענען געקומען אָפּוואַרטן די אַרבעטס־דינסטלער, וועלכע האָבן זיך געדאַרפט צוריק קערן פון זייער אורלויב, אויך פון די שומרים פונעם אַרבעטס־באַטאַליאָן, א גרופּע שומרים מיט אויפגעפלאַנצטע געווער, וואָס האָבן פּאַטרולירט אויפן וואָקזאַל, הין און צוריק. קיין ציווילע מענ־טשן האָט מען נישט געלאָזט זיך דערנענטערן. אַזוי, אַז ווען דער צוג איז אָנגעקומען, האָבן די שומרים אַרומגערינגלט די אַרבעטס־דינסטלער, כדי זיי אָפּצופירן גראַד אין אַרבעטס־לאַגער.

פישל וואָלקאָוויטש, ווען ער איז אַראָפּגעקראָכן פון דער באַן, האָט ער זיך אַרומגעקוקט, געזוכט — און כמעט גאָרנישט געזען. די אויגנבריִלן זענען ביי אים ווי פאַרנעפּלט געוואָרן און נישט געזען, אַז זיין פרוי, רחל, שטייט ביי א פענצטער אין וואַרטזאַל און קוקט, און קוקט, און ווייסט נישט, ווי אַזוי אים צו מאַכן א צייכן, אים צו וויסן טון, אַז זי איז דאָ...

די שומרים האָבן דערווייל צונויפגעזאַמלט די אַרבעטס־דינסטלער אויף איין אָרט, מיטן אויסרייד אַז זיי זאָלן גיין אין א מאַרש־קאָלאָנע, זיי זאָלן זיך נישט פאַרלירן אויפן וועג... דער אמת איז געווען, אַז דער קאָ־מאַנדאַנט פונעם באַטאַליאָן האָט אָנגענומען אָט דעם באַשלוס, כדי אויס־צומיידן, אַז די אַרבעטס־דינסטלער זאָלן האָבן די געלעגנהייט, זיך צו פאַר־בינדן מיט דער היגער יידישער באַפעלקערונג.

רחל וואָלקאָוויטש האָט געזען, ווי איר מאַן איז אויך אַרייַנגענומען געוואָרן אין דער קאָלאָנע, האָט זי זיך מער נישט געקאָנט איינהאַלטן און אַרויס פונעם וואַרטזאַל שרייענדיק, כמעט היסטעריש, אַז זי וויל רעדן מיט איר מאַן. צוליב דעם צו געוואַגטן שטורעמדיקן אַרויסגיין און איר נישט נאָרמאַלן געוואַלדיקן שרייַען, האָט דער שומר, וואָס האָט געהיט די טיר צום וואָקזאַל, זיך פאַרלוירן און איז אויף א מאָמענט נישט בכוח גע־ווען זי אויפצוהאַלטן. אַזוי האָט זיך איר איינגעגעבן, אַז טראָץ אַלע פאַר־צוימונגען איז זי אָנגעקומען צו דער נאָענט, נאָך א שפּאַן־צוויי פון דער קאָלאָנע. ענדלעך האָט זי דערזען אויך ער, פישל, דער מאַן אירער. ביידע האָבן אין יענעם מאָמענט נישט געהערט גאָרנישט און נישט געזען גאָר־נישט. זיי האָבן זיך אַרומגעאָרעמט... עפּנטלעך פאַר דער ציווילער באַ־

פעלקערונג, האָבן די שומרים נישט געוואגט זיך צו באניצן מיט זייערע געוויינטלעכע מעטאָדן צו שלאָגן. זיי האָבן זיך אין אזעלכע באדינגונגען צוריקגעהאלטן, ווייל די ציווילע באפעלקערונג האָט זיך נישט מאניפעסטירט אנטיסעמיטיש. אדרבה, נישט איין מאָל האָט מען געקענט באמערקן אויך סימפאטיע לגבי די יידישע צוואנגארבעטס־דינסטלער. איז האָבן זיי זיך באהערשט, אָבער אין דער שטיל, כמעט צווישן די ציין, אז בלויז די ארבעטס־דינסטלער זאָלן עס דווקא יאָ דערהערן: ווארט נאָר, אין ארבעטס־לאגער וועלן מיר זיך שוין נוקם זיין.

דאָ, אויפן וואָקזאַל, האָט מען זיך באניצט מיט „ציוויליזירטע" מעטאָדן. דער אונטעראָפיציר האָט זיך דערנענטערט צו זיי, טאקטיש, מיט געציילטע שריט, מיליטעריש, אָבער דאָך נישט איילנדיקע און ארויפגעלייגט די האנט אויף דער פרוי. מיליטעריש האָט ער וואָלקאָוויטשן אָפּגעגעבן א קאָמאנדע:

— ארבעטס־דינסטלער וואָלקאָוויטש, גראַד־שטיין!

דער ארבעטס־דינסטלער האָט גענומען א מיליטערישע האלטונג און תיכף ראפּאָרטירט:

— הער אונטעראָפיציר, איך מעלד אונטערטעניק (אזוי איז דער נוסח לויט די מיליטערישע תקנות אין דער אונגערישער ארמיי!), איך בין טאקע געווען אין דער היים אויף אורלויב, אָבער מיין פרוי איז אין דער צייט דאָ געווען. איך בעט אייך אונטערטעניק, דערלויבט מיר צו בלייבן עטלעכע שעה אין שטאָט. איך וועל זיך שפּעטער אליין מעלדן אין ארבעטס־לאגער.

דער אונטעראָפיציר האָט שמייכלענדיק אונטערגעברומט: „נאָ־נאָ!" און מען האָט נישט געקאָנט פארשטיין פון אָט דעם אונגערישן ברומען אויב דאָס איז אן הסכמה, צי איז דאָס אן איראָנישער ארויסרוף. איין זאך האָט מען יאָ געוואוסט אויף קלאָר. אז ער האָט נישט אוועקגענומען די האנט פון דער פרוי. אדרבה, ער האָט זי צוגעצויגן צו זיך, גלייך ווי צום ארומאָרעמען.

פישל איז א ווײַלע געשטאנען אין זיך צוגעקוקט. ער האָט נאָך אלץ געווארט אויף אן ענטפער אויף זיין בקשה. אָבער דער ענטפער האָט פארשפּעטיקט צו קומען. ער האָט נישט געהערט נישט קיין אָפּזאָג און נישט קיין דערלויבעניש. ער האָט זיך צוגעקוקט צו זיין שיינער פרוי, וועלכע איז אין דעם מאָמענט געווען בלאסער פון א טויטן, און ער האָט געזען, אז זי האָט אָנגעהויבן ציטערן פאר אויפרעגונג, אָבער זי באהערשט

זיך, נישט צו דערוויטערן דעם אונטעראָפּיצירס האַנט, כּדי אים נישט אויפצורייצן נאָך מער.

סע זענען אַדורך סעקונדעס, וואָס האָבן געקאָנט געמאָסטן ווערן מיט אייביקייטן.

דריי מענטשן זענען געשטאַנען אין אַ קרייז. פון יעדן איינעם האָבן געשטראַלט קעגנגעזעצטע מאַגנעטישע כוואַליעס, צוציענדיקע און אָפּ־שטויסנדיקע. נישט געזעענע שטראַלן האָבן זיך קעגנזייטיק געעקבערט טיף, טיף. אָבער איין געמיינזאַמע שטויסקראַפט האָט געווירקט אויף די אַלע נישטגעזעענע, אָבער כּמעט ממשותדיק געפילטע, מאַגנעטישע שנאה־כוואַליעס. אָנגעזאַמלטע שנאה, פון וויפל צייט?... צייט האָט פאַרשידענע מאָסן. פאַראַן סעקונדעס, וואָס קאָנען צוליב זייער אינטענסיטעט זיין גלייך מיט אייביקייטן, און פאַרשטייט זיך, אַז די רעזולטאַטן זענען דעריבער פאַרשידענע, וואָס קאָנען אויך שווער געמאָסטן אָדער געוואויגן ווערן. די שנאה וואָס האָט זיך געזאַמלט איצט, אין דעם אָנגעשטרענגטן מאָמענט, קאָן אויך נישט געמאָסטן ווערן מיט דער געוויינטלעכער מאָס, ווייל אויך די דאָזיקע צייט האָט זיך נישט געקאָנט מעסטן מיט דער זייגערדיקער צייט, נאָר מיט דער מאָס פון דער אָנגעשטרענגטקייט.

פישל וואָלקאָוויטש האָט נאָך איין מאָל איבערגעחזרט זיין בקשה, ראַפּאָרטירנדיק מיליטעריש:

— הער אונטעראָפּיציר, איך מעלד אייך אונטערטעניק, איך בעט אייך דערלויבט מיר...

דער אונטעראָפּיציר האָט אים אונטערבראָכן דאָס מאָל. ער האָט נישט געוואַרט, אַז ער זאָל ענדיקן זיין רעגולאַמענטאַרן ראַפּאָרט, און מיט דעם זעלבן איראָנישן שמייכל געענטפערט:

— יאָ, מיט אַ באַדינג...

וואָלקאָוויטש האָט כּמעט נישט געהערט, וואָס דער אונטעראָפּיציר האָט געזאָגט. ער האָט אויף אַ ווייל נישט פאַרשטאַנען, אויב מע רעדט בכלל צו אים, צי צו אַן אַנדערן. ער האָט נאָר געזען דאָס ציניש שמיי־כלענדיק אויפן ווילדן, סאַדיסטישן פּרצוף פונעם אונטעראָפּיציר, האָט ביי אים אָנגעהויבן קאָכן דאָס בלוט, ווי אונטערגעצינדן, גלייך מע וואָלט גע־ווען אין זיינע אָדערן אַריינגעטריפט הייס־קאָכעדיק בליי... דאָס איז גע־ווען דער רעזולטאַט פון דער גאַנצער אָנגעשטרענגטקייט פון די לעצטע דריי טעג, וואָס ער האָט פאַרבראַכט אין דער גרעסטער שפּאַנונג; ער דאָרט, אין דער היים און זי, דאָ, וואַרטנדיק אויף אים; זייענדיק אויסגע־

מאַטערט פונעם וועג; ער איז שוין נישט געשלאָפן דריי נעכט, נאָר געפּלאָגט זיך אין פאַרשידענע קאָשמאַרן. ביי נאַכט די טונקלע חלומות, און ביי טאָג די שוואַרצע מחשבות. און אַצינד? שטייט ער דאָ, ווען ער האָט ענדלעך דערזען זיין פּרוי, נאָך עטלעכע חדשים אָפּוועזנהייט און ערב דעם אַרויספאָרן אויפן פראָנט, אין דער אוקראַינע — ווער ווייסט, אויב עס איז נישט צום לעצטן מאָל?... אין די שלייפן האָט געהאַמערט מיט ריזיקע קלויסטערגלעקער (עס איז דאָך געווען זונטיק פרי!), קלאַנגען, וואָס האָבן פאַרטויבט יעדערן מענטשלעכן קלאָרן געדאַנק. אין די אויערן האָט געזאָטן ווי אין קאָכעדיקע קעסלען. עס האָבן זיך געהערט פייפן פון אומצאָליקע סירענעס, וואָס פּליסטערן, אי שטיל ווי שלענג, וואָס וואַרעמען זיך ביי דער זון, אי ווי שאַקאַלן, וואָס וואָיען אין וועלדער און אין מדבריות... ער האָט נאָר געהערט ווי אין חלום, דאַכט זיך, אַז דער אונטעראָפיציר האָט געזאָגט: מיט א באַדינג... זי זאָל פאַרברענגען קודם מיט אים דעם הייַנטיקן טאָג... זי געפעלט אים... זי איז א שיינע יידישקע — דערנאָך וועט אים, וואָלקאָוויטשן, בעסער זיין. ער וועט אים נעמען אונטער זיין פּראָטעקציע...

וואָלקאָוויטש האָט גענוי נישט געהערט, וואָס דער אונטעראָפיציר האָט צוזאַמענגערעדט. ער האָט בכלל גאָרנישט געהערט אויסער דעם ווילדן גערויש, וואָס האָט געהאַמערט אין זיינע שלייפן... ער האָט זיך געטראַכט: וואָס וואָלט געווען, ווען ער זאָל איצט... ניין, ער האָט נישט געטראַכט גאָרנישט. ער איז נישט געווען ביכולת צו טראַכטן עפּעס. אפילו ווען דער געדאַנק איז אים געקומען, האָט ער אים נישט געקאָנט דערטראַכטן ביז צום סוף. די פויסט האָט זיך ביי אים געבייַלט אין קראַנקהאַפטיקע קרעמפּן. ניין, דאָס איז נישט געווען קיין פויסט — דאָס איז געווען א שווערער שטאָלענער באַראָז, א זעך־האַמער פון א קאָוואַל, וואָס האָט זיך דערהויבן פון זיך אַליין פלוצעמדיק, ווי א בליץ, וואָס צייכנט א זיג־זאַג אויף א פאַרוואָלקנטן הימל, און געפאַלן אויפן קאָפּ פונעם אונטעראָפיציר...

וואָס איז געשען?!

קיינער ווייסט נישט גענוי, וואָס עס איז געשען. קיינער האָט כמעט גאָרנישט געזען, הגם די אויגן פון אַלע זענען געווען געוואָנדן צו זיי. זיי האָבן אָבער נישט צייט געהאַט צו זען עפּעס, ווייל דעם דונער הערט מען מיט פאַרשפּעטיקונג, אָבער דעם בליץ — זעט מען קוים. דער בליץ דערשיינט און פאַרשווינדט אין א פראַקציע פון א סעקונדע. ווער זשע וואָלט געקאָנט זאָגן גענוי, וואָס עס איז געשען?! איין זאַך האָט מען קלאָר גע־

זען:ביידע, אי דער אונטערראַפּיציר, אי פישל וואָלקאָוויטש זענען געפאלן צו דער ערד, גלייך ווי א דונער וואָלט זיי ד'ערשלאָגן.

ביידע האָט מען געפירט פונעם וואָקזאל מיט באַזונדערע וועגן, ווייל ביידע זענען געווען אין חלשות, וואָס איז נישט געווען ווייט פון טויט.

דעם אונטעראַפּיציר האָט מען געפירט אין א וואָגן אין מיליטערישן שפּיטאָל און דעם ארבעטס־דינסטלער האָט מען געפירט א פארחלשטן, אין ארבעטס־לאַגער.

דאכט זיך, אז דער שלעגער איז גאַר געלעגן אין טיפערן חלשות, ווי דער געשלאָגענער גופא...

# פון זיבן זענען עלף געבליבן

ווען איר זענט נאָך א קינד געווען, האָט איר א מאָל זיך געלאָזט אראָפּקוילערן א בערגל און פארלוירן דעם קאָנטראָל איבער זיך, נאָר זיך געקוילערט ביז אין טאָל, ביז איר האָט זיך אָפּגעשטעלט און איר האָט נישט געפילט קיין גאַנץ אבר, נאָר די צעטרייסלטע אברים, וואָס האָבן איבערגעהיפּט אין קוילערן איבער צווייגלעך, איבער שטיינער, וואָס האָבן געלאָזט שפּורן אויפן יונגן קערפּער איינערן?

אזוי האָט זיך פישל וואָלקאָוויטש דורכגעוועקט פון זיין חלשות און געפילט אָט יענעם טעם, אז ער קוילערט זיך אראָפּ, אראָפּ, נאָר ער שטעלט זיך נישט אָפּ. דאָס טרייסלען האָט נישט קיין אויפהער. אויפן פּנים האָט ער געפילט א קאַלטע פייכטקייט פון די שניי־פלעקלעך, וואָס זענען געפאלן און זיך אָפּגעשטעלט אויף די ליפּן, וואָס האָבן געברענט, גלייך ער וואָלט געווען געטרונקען פייער. איין שניי־פליטערל האָט זיך אים געשטעלט אויף די וויעס פון אן אויג, זיך צעטאָפּעט. און די פייכטקייט האָט אריינגעטריפט אין אויג און אים געצוואונגען צו עפענען די אויגן. אָבער ער איז דערווייל צו זיך געקומען. ער האָט זיך ווי אויסגעניכטערט פון א שיכרות, אָדער פון א בייזן חלום. ער האָט זיך אָנגעהויבן דערמאָנען, וואָס עס איז מיט אים געשען. ער האָט אָנגעהויבן זיך אָפּגעבן חשבון, וואָס עס איז געשען מיט אים — און וואָס סע קאָן מיט אים געשען פון איצט אָן

און ווייטער... איז אים אדורכגעפלויגן א געדאנק: מע דארף זיין פֿאַרזיכ־
טיק, צוריקגעהאלטן. ניין, מע טאָר נאָך נישט עפענען די אויגן...

ער האָט זיך אויפגעמונטערט פֿון זיין חלשות און געפילט אז ער געפינט זיך אין א וואָגן, וואָס לויפט און איילט זיך. ער האָט נאָר געהערט ווי די בייטש צוויקעט די פערד. דער קוטשער טרייבט זיי אונטער מיט אן אונגערישן „נאָ, נאָ, געגאַנגען!". ער האָט דערהערט דאָס קול פֿונעם ארבעטס־דינסטלער, וועלכער איז דער קוטשער ביים וואָגן וואָס ווערט גע־נוצט ביים אפּראָוויזיאָנירן דעם ארבעטס־באטאליאָן. צו ביסלעך האָט ער זיך אָנגעהויבן דערמאָנען די איינצלהייטן, וואָס און ווי אזוי עס איז גע־שען מיט אים. ווי אזוי ער האָט מיט איין קלאַפּ אנידערגעשלאָגן דעם היטלעריסטישן אונטעראָפיציר, וואָס האָט זיך געטשעפּעט צו זיין פרוי. ביז אהער האָט ער זיך אלץ גענוי דערמאָנט, און בעתן טראכטן דערפון האָט ער דערפילט, ווי דאָס בלוט לויפט אים צו די שלייפן און דער צאָרן הויבט ווידער אָן קאָכן אין אים. יאָ, ביז אהער האָט ער זיך אלץ גענוי דערמאָנט. אָבער, וואָס איז געשען נאָך דעם? וואָס איז געשען מיטן אונ־טעראָפיציר? וואו איז איצט זיין פרוי? וואָס וועט זיין מיט אים?... ער האָט האלב געעפנט איין איינציק אויג, כדי ער זאָל זיך אָפּגעבן חשבון וואו ער געפינט זיך. וואוהין פירט מען אים? ער האָט געזען אז נעבן ארבעטס־דינסטלער זיצט א היטלעריסטישער שומר מיטן אויפגעפלאנצטן געווער, וועלכער דרייט זיך אויס צו אים פֿון צייט צו צייט, כדי צו זען, וואָס ער טוט. ווייזט אויס, אז ער ווארט קוים, אז ער זאָל אים זען אן אויפגעמונטערטן. אז ער איז צו זיך געקומען, האָט ער פארשטאנען, אז וואָס שפּעטער ער וועט „צו זיך קומען" וועט אלץ בעסער זיין. ער וועט צייט האָבן איבערצוטראכטן, וואָס ווייטער צו טון. ווייל זיך פארלאָזן איצט אויפן בלינדן צופאל, דאָס איז פאר אים קיין גוטער עסק נישט. ער האָט אָנגעהויבן זיך אָפּגעבן חשבון וועגן דער ערנסטקייט פֿון זיין לאגע, אז ער איז אין א גרויסער סכנה. קודם וועט מען אים שלאָגן און פייניקן סכ־נות נפשות — דאָס איז כמעט א זעלבסטפארשטענדלעכקייט. אָבער אפילו אויך געזעצלעך קאָן מען דאָך אים פארמשפטן פארן אויפהויבן א האנט קעגן א קאָמאנדאנט, דאָס וואָס אין מלחמה־צייט שמעקט עס מיט כמעט טויטשטראָף אויך, בפרט ווען עס איז די רייד פֿון אן ארבעטס־דינסטלער, א ייד. דאָס קאָן אויסגעטייטשט ווערן אויף אלערליי אופנים, ווי העצן קעגן דער מאכט, ווי אן אויפשטאנד. וואָס קאָן מען נישט זאָגן אויף א ייד, אין אָט די דאָזיקע צייטן?!

ער וואָלט נייגעריק געווען צו וויסן, וואָס איז געוואָרן מיטן אונ־טעראָפיציר, וועלכן ער האָט אנידערגעשלאָגן. ווייל דאָ ליגט דאָך דער שליסל פון זיין מצב. ווי אזוי וואָלט ער געקאָנט אים קוקן אין די אויגן, ווען ער האָט אויפגעהויבן די האנט קעגן אים? אָבער צוריק גערעדט: ווי אזוי וועט יענער קאָנען קוקן אין די אויגן פון סיי וועלכן ארבעטס־דינסט־לער, ווען ער איז אנידערגעשלאָגן געוואָרן ווי א פליג דורך אן ארבעטס־דינסטלער, א ייד, וואָס טראָגט א געלע אָרעמבאנד?!

עס איז קלאָר, ער טאָר נאָך נישט עפענען די אויגן. ער מוז קודם טראכטן, טראכטן, טראכטן... ווייל אויב ער האָט דעמאָלט, ווען ער האָט אנידערגעשלאָגן דעם היטלעריסט, געהאנדלט אומבאוואוסטזיניק, פונעם אימפולס פון דער רציחה, וואָס האָט זיך אין אים אָנגעצונדן — דאָס מאָל דארף ער זיך באזינען מיט ישוב־הדעת. דעמאָלט האָט ער געהאנדלט נאָכן אימפולס פונעם הארץ — איצט דארף ער האנדלען נאָכן שכל...

דערווייל פאָרט דער וואָגן. מען דערנענטערט זיך מסתמא צום אר־בעטס־לאגער. וואָס וועט זיין דעמאָלט?

דער שומר האָט אים געפרואווט וועקן, טרייסלענדיק אים ביים אָרעם:

— העי, דו, הערסטו!

— כ׳וועל אים ממיתן! אויף טויט וועל איך אים ממיתן! — האָט פישל וואָלקאָוויטש געברומט ווי צווישן די ציין. אָבער די אויגן האָט ער נאָך נישט געעפנט.

יאָ, ער מוז שפילן ווייטער אָט דעם שפיל. קיין אנדערער אויסוועג איז שוין נישטאָ. ער איז משוגע, און משוגע מוז ער בלייבן. קיין אנדערן אויסוועג האָט ער נישט...

ווען דער שומר האָט דערהערט, אז דער געחלשטער ברומט עפּעס, האָט ער אָפּגעשטעלט דעם וואָגן. ער איז אראָפּגעקראָכן און גענומען מונ־טערן דעם חולה. דאָס מאָל האָט וואָלקאָוויטש שוין געמוזט עפענען די אויגן, אָבער רעדן קאָן ער דאָך, וואָס ער וויל. האָט ער ווייטער אָנגעהויבן סטראשען:

— איך וועל אים ממיתן!... געלט האָב איך... פון די זיבן קילאָ הייוון האָב איך פארקויפט עלף, איז זענען געבליבן — וויפל זענען גע־בליבן? יאָ, געבליבן זענען עלף... פון זיבן זענען עלף געבליבן...

בעת ער האָט גערעדט אזוי, גלייך ווי אין דעליר, האָט ער געזוכט דעם בליק פונעם ארבעטס־דינסטלער. אפשר וועט ער פון אים עפּעס קאָנען געוואויר ווערן, כאָטש אויפן ווינק.

— פון זיבן זענען עלף געבליבן...

דערווייל זענען זיי שוין נישט ווייט פונעם ארבעטס־לאגער. איצט דארף מען שוין נישט קיין וואָגן. מען קאָן שוין צו גיין צו פוס. אָבער, אזוי ווי מען הייבט אָן גיין צו פוס, הייסט דאָס אז ער איז שוין נישט מער קיין חולה, ער איז שוין א געזונטער, און א געזונטער קאָן שוין אויס־האלטן שלעק...

הייסט עס אז דאָ דארף מען שוין זיין פאָרזיכטיק. קיין אימפּראָ־וויזירן וועט שוין נישט זיין גענוג. איצט איז אָדער — אָדער. אָדער אים גיט זיך איין, זיי צו איבערצייגן, אז ער איז טאקע משוגע, איז דאָס די איינ־ציקע האָפענונג, ער זאָל זיך ארויסדרייען פון אָט דער סכנה. אפשר וועט ער פטור ווערן און מען וועט אים נישט משפטן? אָדער ער זינקט אין א תהום, פון וועלכן עס איז נישטאָ קיין אויסוועג...

איז דארף מען שפּילן, און יעדעס שפּיל איז א האזארד, א ריזי־קירנדיקס.

זענען דאָ צוויי מעגלעכקייטן, אָדער צוויי װאריאנטן: צו געוואל־דעווען, צו שרייען, ווי א משוגענער — אָדער צו לאכן אָן א פאַרוואָס, אויך ווי א משוגענער... האָט ער דערווייל זיך באנוצט מיט ביידע „מעטאָ־דעס" גלייכצייטיק. ווען דער שומר האָט אים געגעבן א שטויס מיט דער ביקס: — „ריר זיך שנעלער!" — האָט ער אָנגעהויבן הירזשען, ווי מיט א היסטעריש געלעכטער. אָבער ווען דער שטויס האָט זיך איבערגעחזרט און די שטויסן האָבן אָנגעהויבן קומען עפטער, האָט ער זיך א ווילע אָפּ־געשטעלט און זיך אויסגעדרייט צום שומר. געוואָרפן אים א דורכבויערנ־דיקן בליק, אז יענעם איז פארקילט געוואָרן זיין מוטערס מילעך, מסתמא האָט ער זיך געטראכט:

— ווער ווייסט, וואָס מע קאָן זיך דערווארטן פון א משוגענעם?!...

אזוי זענען זיי דערגאנגען ביז צום קאָמאנדאנט, וועלכער איז שוין געווען אינפאָרמירט וועגן געשעענעם ביים וואָקזאל, אָבער איצט האָט ער דעם „פארברעכער" פאר די אויגן. ער האָט מיט א געלאסענעם טאָן גע־פּרוּווט אים אויספרעגן: פאר וואָס? פאר ווען?

אָבער ער האָט באקומען איין ענטפער:

— כ'וועל אים ממיתן! אויף טויט וועל איך אים ממיתן!... געלט האָב איך. פון די זיבן קילאָ הייוון האָב איך פארקויפט עלף, איז זענען געבליבן — וויפל זענען געבליבן? יאָ, געבליבן זענען עלף... פון זיבן זענען עלף געבליבן...

דער קאָמאַנדאַנט האָט געדרייט זײַנע אונגערישע וואָנצעס און א ווײַלע נישט געוואוסט וואָס צו טון. א ווײַלע האָט ער געטראַכט, אָבער האָט ער דען געקאָנט טראַכטן, ווען אָט דער משוגענער רעדט און רעדט און הערט נישט אויף? האָט ער מיט א מאָל א ברום געטון ווי א ווילדע חיה:

— מאַרש קי! אַרויס פון דאַנעט, מיט אָט דעם משוגענעם הונט!...

און בעת דער שומר האָט אַרויסגעשטויסן פון דער קאַנצעלאַריע דעם „משוגענעם", האָט דער קאָמאַנדאַנט גענומען אַליין אָנשרייבן א ראַפּאָרט אָפּצושיקן דעם אַרבעטס־דינסטלער, פישל וואָלקאָוויטש, קיין בודאַפּעסט אין שפּיטאָל — בעסער געזאָגט: אין מיליטערישן משוגעים־הויז.

— זאָלן זיי זיך דאָרט פונאַנדערקלויבן מיט אָט דעם דאָזיקן לײַ־זיקן ייִד...

וואָס איז געשען מיטן אונטעראָפיציר, וועלכן פישל וואָלקאָוויטש האָט מיט איין קלאַפּ, ווי א דונער, אים אַנידערגעלייגט אויפן וואָקזאַל?

ווער קאָן וויסן? עס זענען אַרומגעגאַנגען פאַרשידענע קלאַנגען. טייל האָבן געזאָגט. אַז סע שאַט אים נישט קיין קדחות. ער איז געזונט ווי א בער, אָבער צוליב דער אויטאָריטעט פון די האַרטיסטישע וואַכלײַט, כדי צו דערהאַלטן דעם פּרעסטיזש, האָט מען אים איבערגעשטעלט אין אַן אַנדערן אַרבעטס־באַטאַליאָן, וואו מע ווייסט נישט פון דער מעשה, אַז א ייִדישער אַרבעטס־דינסטלער האָט אים מיט איין קלאַפּ אַנידערגעשלאָגן. טייל האָבן געזאָגט, אַז ער איז נאָך איצט אין שפּיטאָל און עס איז מעג־לעך, אַז מען זאָל אים באַפרײַען פון מיליטער־דינסט צוליב דעם...

איינס איז קלאָר. די יסודות פון די באַציאונגען צווישן די אַרבעטס־דינסטלער און די האַרטיסטישע שומרים זענען געוואָרן אויפגעטרייסלט. עס איז געשען עפּעס, וואָס האָט געביטן און איבערגעמאַכט דאָס באַקאַנטע בילד: נישט נאָר די אַרבעטס־דינסטלער זענען די געשלאָגענע. פון איצט אָן זענען זיי געוואָרן אויך די שלעגער... הגם עס איז אַן איינצלנער פאַל אָבער ער איז אויסערגעוויינטלעך און דערפאַר האָט ער אײַנגעקריצט אין די באַציאונגען א קאַרב, א צייכן, וואָס צעטיילט די געשיכטע פון דעם אַרבעטס־באַטאַליאָן.

אין יעדן פאַל, מיט אָט דעם עפּיזאָד האָט מען זיך געזעגנט מיט דעם אונגערישן „מוטער־לאַנד"...

איז בלייב זשע געזונט מוטער־לאנד (טייל פלעגן זיך ווינטשן: הלוואי בלייבן מיר יתומים נאָך דער „מוטער"!), בלייב געזונט, שלאָף רואיק: מיר גייען איינעמען אין דער אוקראַינע א „גרויס, גרויס אונגערן" וואָס גייט שוין נישט אריין אין דער אלטער מאפּע...

# אויפן לעצטן וועג

... צאקא־צאק, צאקא־צאק. פאָרט די באן און זי פאָרט, און זי פאָרט און די רעדער רוישן. דער לאָקאָמאָטיוו שניידט אדורך פון צייט צו צייט די טונקלקייט מיט זיין יעמערלעכן פייף: או־או־או!

נאָך דעם לאָקאָמאָטיוו לויפט דער ערשט׳ער וואגאָן, וועלכן מע קאָן אָנזעען דורכן פענצט׳ער, ווען די באן פארקערעוועט. דאָ, אין אָט דעם דאָזיקן וואגאָן פאָרט די קאָמאנדע־מאנשאפט בראש מיטן קאָמאנדאנט. דאָס איז דער אייציקער מענטש פון דער גאנצער באן, וועלכער ליגט אויסגעצויגן אויף דער באנק, וואָס איז נישט נאָר צופרידן פון זיך און פון זיין לאנגער, אומבאקאנטער רייזע — נאָר איז ממש גליקלעך און פילט זיך אויפן זיבעטן הימל... אפילו אזוי ליגנדיק, דרימלענדיק מיט די צוגע־מאכטע אויגן, לאָזנדיק זיך איינשלעפערן דורכן וויגנדיקן טרייסלען פון דער פאָרנדיקער באן, טראכט ער זיך: נו, איז געקומען אויך מיין צייט... נישט נאָר די גרויסע קארפּן־קעפּ זאָלן זיך אָנזשעברעווען מיט כל־ערליי וואוילטאָגן אויפן חשבון פון דער מלחמה. איז וועל איך אויך אָפּהריזען א ביינדל... וואָס איז? זיין שכן, וואָס האָט געלייגט די הענט אויף א יידיש קלייטל, צי יענער, וואָס האָט באקומען א יידישע קרעטשמע — זיי זענען עס בילכער פון אים?!... צי די וואָס זיצן אין דער היים און מאכן גאָלדע־נע געשעפטן, ליווערנדיק פּראָוויאנט פארן דייטשן מיליטער, זיי זענען בילכער פון אים?

צי די וואָס זענען אויפן פראָנט (עס הייסט אויפן פראָנט, אין דער אמתן זענען זיי ווייט, ווייט הינטערן פראָנט. זיי זאָגן, אז זיי קעמפן מיט פּארטיזאנערס!...), שפּילן קאָרטן דורך די נעכט און לאָזן זיך וואוילגיין מיט רוסישע, צי אוקראַינישע מיידלעך, יענע זענען עפּעס חשובערע פון

אים? (א מינוט האָט ער א טראכט געטאָן, אז דאָס איז דווקא נישט אזוי געגנוי. מיט די מיידלעך קאָן נאָך עפּעס אמת זיין, דאָס וואָס מע דערציילט, אָבער בנוגע די קאָרטן — ווער קאָן גלייבן, אז מע האָט צייט צו שפּילן אין קאָרטן אויפן רוסישן פראָנט? נישט א מאָל די אינטענדענט־אָפיצירן!) און ועל־כולם, שיקן זיי נאָך אהיים ביי יעדער געלעגנהייט א קאסטן מיט זאכן, וואָס זיי האָבן זיך דאָרט אָנגעזשעברעוועט אויפן פראָנט, קריגס־טראָפייען: שיינע פעלץ־מאנטלען פאר זייערע פרויען, מעשענע און קופּער־נע טשייניקעס, אלטע אנטיק־זייגערס — אפילו קאָנסערוון... סיי וואָס. נאָר נישט זיצן אין דער היים מיט די פארלייגטע הענט, ווי ער איז געזעסן ביי דער מיל, וואו ער איז געווען אדמיניסטראטאר און געציילט די זעק קלייען — עס איז דען געווען מעל, מישטיינכגעזאָגט?... יאָ, אזוי האָט ער געלעבט מאָנאָטאָן, ביי אָט דער מיל, יעדן טאָג דאָס זעלביקע. יעדע וואָך דאָס זעל־ביקע. יעדן חודש דאָס זעלביקע, די זעלביקע חשבונות. און יעדעס יאָר מיט די זעלביקע בילאנצן. עס האָט זיך אים אויסגעדאכט, אז די שטיינערנע רעדער פון דער מיל האָבן אין זייער גערויש, אין שטענדיקן זעלביקן גע־רויש, טאָג און נאכט, כסדר אָן אויפהער, אריינגעכאפּט אויך זיין לעבן צווישן די גרויסע שטיינערנע רעדער און זיי מאָלן און מאָלן, נישט נאָר די זערנעס ווייץ צי מאַליי, נאָר אויך זיין לעבן מאָלט זיך דאָרט אויף שטויב־שטויבעלעך... וואָס האָט ער זיך דאָרט געקאָנט דערוואַרטן? יאָ, אָ־בער דאָס איז שוין פארביי. איצט איז ער דער האר איבער זיין גורל — ער איז דער קאָמאנדאנט, דער אלמעכטיקער, און איז כמעט נישט אונ־טערוואָרפן קיינעם נישט. ער טוט וואָס ער וויל. בפרט איצט, ווען זיי גייען ארויס אויפן פראָנט, ווער וועט אים זאָגן דעות? אז זייענדיק נאָך אין לאנד האָט מען זיך ווייניק געקימערט מיט אים און מיט זיין באטאליאָן יידישע צוואנגארבעטס־דינסטלער (איז דאָך די גאנצע צייט קיינער קיין מאָל נישט געקומען אין אינספּעקציע!), וועט מען זיך דאָרט, אויפן פראָנט מיט אים קימערן?!... יאָ, דאָ איז ער בעל־בית, אייגנטלעך איז „בעל־בית" צו ווייניק געזאָגט — ער איז ממש א גאָט... זיינע געבאָטן און באפעלן מוזן אויסגעפירט ווערן אָן שום טענות ומענות. קיינער וואָגט נישט און וועט נאָך ווייניקער וואגן צו פּרואוון זיך אנטקעגן צו שטעלן זיין אומ־באשרענקטן ווילן... דאָ איז פּשוט: פּאק! און פארטיק, ווייניקער מיט איי־נעם. אזוי האָט ער געהערט דערציילן פון די וואָס זענען געוועזן נאָך מיט צוריק מיט א יאָר אויפן פראָנט מיט יידישע ארבעטס־דינסטלער...

... יאָ, עס איז מיר גוט... איך קאָן איינשלאָפֿן רואיק. מיר איז גוט... בעסער איז מיר נאָך קיין מאָל נישט געווען...

— — — — — — — — — — — —

א לעגענדע דערציילט, אז ווען שלמה המלכס דינער האָבן געכאַפּט דעם אשמדאי און אים געפירט א געבונדענעם צום מלך, האָבן זיי געזען, אז דער אשמדאי האָט זיך אויפן וועג, דורכגייענדיק פאַר א הייזל, זייער צעלאַכט. האָבן די דינער אים געפרעגט, וואָס איז די גדולה מיט אים, וואָס אים קומט אָן אזוי צו לאַכן? האָט ער זיי געענטפערט, אז דורכגייענדיק פאַר א הייזל פון א שוסטער, האָט ער געהערט, ווי איינער האָט זיך באַשטעלט ביי אים א פּאָר שיך, וואָס זאָלן ביי אים דויערן אויף גאַנצע זיבן יאָר...

— וואָס זשע איז דאָס געלעכטער? — האָבן די דינער אים געפרעגט פאַרחידושט.

— דאָס געלעכטער איז דאָס — האָט דער אשמדאי געזאָלט ענטפערן — וואָס דער מענטש האָט שוין נישט צו לעבן נישט א מאָל קיין זיבן טעג... איז נישט צום לאַכן?

עס מאַכט זיך זייער אָפט אזוי, אז דער מענטש מאַכט זיך פּלענער, פּלענער — און נאָך עטלעכע טעג, צו מאָל נאָר עטלעכע שעה, לאָזט זיך אויס פון אלעמען א בוידעם...

ווען דער מלאך, וואָס באַשעפטיקט זיך מיט די חלומות, וואָלט אים כאָטש אין חלום געוויזן, דעם גליקלעכן קאָמאַנדאַנט, א בילדל, א סעקווענץ פון א פילם, וואָס זאָל אָפּשפּיגלען זיין מצב נישט שפּעטער ווי מיט צוויי־דריי וואָכן, וואָלט דאָס בילדל נישט געווען געוויזן אזא איבערגליקלעכן מענטש... ווען ער וואָלט אים נאָר געוויזן א סעקווענץ פון אָט יענעם נישט געדרייטן פילם, ווי מע ווייזט אין די מאָדערנע קינאָפילמען ביים סאמע אָנהויב, א סעקווענץ פונעם סוף, אלס פירשפּאַן — וואָלט ער געווען געקאָנט זען זיך בערך אין דעם מצב:

...אין א וואָגן, אָן איבערגעלאָדענעם מיט די אלע חפצים און דעם פּראָוויאַנט פונעם ארבעטס־באַטאַליאָן, זיצט איינגעקאָרטשעט נישט קיין אנדערער ווי ער, דער געוועזענער האָפעדיקער קאָמאַנדאַנט (איצט איז ער שוין בכלל נישט האָפעדיק — אדרבה, איצט איז ער נישט מער ווי א פּשוט נעבעכל!), דער אויבערלייטנאַנט פון דער אונגערישער קיניגליכער

ארמיי... מע דארף אָבער צו לייגן דאָס וואָרט „געוועזענער". אלץ איז נאָר „געוועזן". ווייל איצט איז ער שוין בלויז אן אלטער פארצער, נישט מער ווי אן אָפּגעשלאָגענע הושענא... זיינע פיס זענען שוין אָפּגעפרוירן. ער פילט זיי שוין כמעט נישט. ער פילט נאָר, ווי צוויי קלעצלעך וואָלטן אים נאָכגעהאָנגען אויפן אָרט, וואו ער האָט פריער געהאט פיס. דריי טעג און דריי נעכט האָט ער זיך שוין נישט אויסגעטאָן די שטיוול, ווייל אומזיסט האָט מען זיך מיט אים געמוטשעט, אים אראָפּצוציען די שטיוול. עס האָט זיך נישט איינגעגעבן קיינעם. ער האָט געמוזט רעזיגנירן צוליב דער ווייטיק. איז ער געזעסן אזוי אין וואָגן און געדרימלט אָנגעטאָנערהייט. די פערד האָבן זיך פויל געצויגן אין די שווערע וועגן פון די איינגעזונקענע רעדער אין שניי. דער קוטשער, וואָס איז נאָכגעגאנגען נעבן זיי צו פוס, האָט זיי שוין נישט א מאָל אונטערגעטריבן נאָר זיי געלאָזט גיין, פאמעליעך, אויף גאָטס בארחמנות, ווייל — וואוהין זאָל מען זיך איילן, וואוהין דארף מען דאָס דערגיין, אז מע דארף נישט אָנקומען אין ערגעץ?!...

דער קאָמאנדאנט איז איינגעוויקלט אין זיבעצן שאלן און קאָצעקלעך, וואָס ער האָט באפוילן, אז מע זאָל צונעמען פון די יידישע ארבעטס־דינסטלער. זיי דארפן דאָך שוין סיי־ווי־סיי גאָרנישט. זיי איז נישט קאלט (טייל זענען שוין פארפרוירענע, טויטע, אונטערן שניי!). זיי גייען צו פוס איז זיי נישט קאלט. נאָר ער, וועלכער איז נישט געגאנגען צו פוס, נאָר געפאָרן ווי א גראף אין וואָגן, אים זענען די פיס אָפּגעפרוירן שוין אין די ערשטע טעג, ווי זיי זענען אָנגעקומען אין דער אוקראינע. איצט איז שוין צו שפעט. איצט, אויך ווען ער וואָלט געוואָלט, קאָן ער שוין מער נישט גיין צו פוס... דעם ערשטן אָוונט האָט מען אים נאָך געקאָנט אראָפּשלעפּן די שטיוול פון די פיס. דעמאָלט האָבן זיי אויסגעבעטלט, די ארבעטס־דינסטלער, וועלכע האָבן געקאָנט רעדן אוקראיניש נאָך פון דער היים, האָבן פאר אים אויסגעבעטלט ביי אן אוקראינישער פרוי א ביסל שמאלץ פון אן עוף, און מיט א געגדזענער פעדער האָט מען ארומגעשמירט זיינע אָפּגעפרוירענע פינגער פון די פיס — דעמאָלט איז אים א ביסל גרינגער געוואָרן. אָבער דעם אנדערן טאָג אָוונט, ווען ער איז אראָפּגעקראָכן, ארויסגעהאָלפן פונעם קוטשער, פונעם וואָגן, דעמאָלט האָט מען שוין מער נישט געקאָנט פון אים אראָפּשלעפּן די שטיוול. די ווייטיקן זיינע זענען געווען אזוי גרויס, אז ער איז בילכער געשלאָפן אָנגעטאָן, איידער זיך אויסצוטון די שטיוול. זינט דעמאָלט האָט מען אים שוין מער נישט געקאָנט אויסטון די שטיוול. גלייך זיי וואָלטן געווען צוגעוואקסן צו די פיס. ניין, פאר־

קערט, די פיס וואָלטן געוועזן צוגעוואַקסן צו די שטיוול און געוואָרן א טייל פון די מלבושים, נישט פונעם לעבעדיקן קערפּער...

... ווען דער מלאך פון די חלומות, ווען ער וואָלט געוועזן געוויזן פאַר דעם היינטיקן קאָמאַנדאַנט, וועלכער שלאָפט אַזוי איבערגליקלעך, ווען ער וואָלט אים געוועזן געוויזן דאָס בילד זיינס, ווי אַזוי ער וועט אויסזען שפּעטער מיט פיר וואָכן — וואָלט זיך דער איבערגליקלעכער איבערלייטנאַנט, וואָס חלומט אַזוי זיס וועגן יונגע שיינע רוסישע מיידלעך, דערשראָקן: א נישט ראַזירטער, בלאַס ווי א מת, וואָס מע וואַרט שוין א וואָך, אַז מע זאָל אים באַערדיקן. די אויערן זענען אָפּגעפרוירענע, די ליפּן זענען אים געשפּאָלטן פאַר קעלט. אפילו עסן קאָן ער שוין נישט, נאָר פון צייט צו צייט גיסט מען אים אַריין אין מויל א ביסל טיי מיט ראָם... און וואָס וועט זיין דער סוף? ער זיצט דאָך אין א וואָגן וואָס שטעלט זיך נישט אָפּ. ער פאָרט און פאָרט און קומט נישט אָן אין ערגעץ. וואו ער וויל זיך אָפּשטעלן, פאַריאָגט מען אים ווייטער — אָן אַן עק. וואוהין זאָל ער אייגנטלעך אָנקומען, ווען די אונגערישע טרופּן, צו וועלכע ער דאַרף זיך באַהעפטן, נעבן וואָראָנעזש, זענען דאָך שוין לאַנג אַרומגערינגלט געוואָרן. און ער, דער קאָמאַנדאַנט פון א יידישן צוואַנגאַרבעטס־באַטאַליאָן, מיט וועלכע ער האָט דאָ געוואָלט אויפגעריכט ווערן, איז גאָר אָנגעקומען גראָד אין דער איינקרייזונג — איז איצט פאַר אים געבליבן אַן אומענדלעכע רייזע נישט אהין און נישט אהער. נישט מע קאָן זיך אָפּשטעלן, ווייל די אָפּעריר־ נדיקע מיליטערישע טרופּן יאָגן פון איין אָרט צום אַנדערן — און צום פאָרן ווייטער איז שוין נישטאָ קיין פּלאַץ, ווייל דער קרייז ווערט וואָס א מאָל ענגער — איז גייט מען איין טאָג אין איין ריכטונג, און דעם צווייטן קערט מען זיך אום צוריק, אָבער דאָך נישט דאָרט וואו מען איז געווען נעכטן...

וואָס קאָן טון א מענטש, א קראַנקער, א פאַרפרוירענער, וואָס האָט נישט קיין שום אויסזיכטן פון זיך קאָנען כאָטש אַנווארעמען לייטיש, זיך איבערבייטן די וועש און איבערשלאָפן א נאַכט אין א וואַרעם בעט?!...

... דרימלט ער, דערווייל, מיט די האַלב אָפענע אויגן, און קוקט זיך צו, ווי די אונטערטאַנען זיינע, די וואָס זענען נאָך איבערגעבליבן פון זיינע יידישע אַרבעטס־דינסטלער, טאַפּטשען דעם טיפן שניי מיט זייערע מידע פיס, וועלכע זיי הייבן קוים אַרויס פון די שניי־טיפענישן, און באַמיען זיך מיט די לעצטע כוחות צו גיין, צו גיין ווייטער, פאָרויס, וואוהין מע טרייבט זיי, אין ווייסן אין־סוף... ער זעט, ווי פון צייט צו צייט פאַלט

איינער אין חלשות, אנדערע פּרואווץ אים אויפהייבן און ווייטער פירן, אָבער נישט אַלע מאָל געלינגט עס זיי, איז דערהערט זיך נאָך א געקנאַל פון א ביקס — מע ווייסט שוין. דאָס באַטייט, אז אין באַטאַליאָן איז גע־בליבן מיט איין ארבעטס־דינסטלער ווייניקער... דער קאָמאנדאנט שרייט שוין נישט. ער געוואַלדעוועט שוין נישט. ער ווילדעוועט שוין נישט מער ער ש׳עפּטשעט נאָר ווי פאַר זיך, אונטער דער נאָז:

— מיינע אונגערישע ברידער... אונגערישע ברידער... נעבעך יידי־שע קינדער...

ווען דער מלאך פון די חלומות וואָלט אים געוויזן אָט דאָס בילדל, וואָלט ער זיך געוועז אליין נישט דערקענט... ער וואָלט זיך גע־ווען בשום אופן נישט געקאָנט דערקלערן, ווי אזוי איז דאָס מעגלעך אז ער, אן אריער, א שטאָלצער אונגערישער פאַשיסט, זאָל אָנרופן אזעלכע שמוציקע יידן: אונגערישע ברידער...

אָבער דער מלאך־החלומות שלאָפט זיך מסתמא אויך איצטער אין א ווארעם געלעגער. ער רוט זיך אויס און ווייזט נישט דעם קאָמאנדאנט כאָטש א שאָטן פון זיינע גרויסע „גליקן״, וואָס ווארטן אויף אים דאָרטן, ווען זיי וועלן אָנקומען אויפן פראָנט אין דער אוקראַינע...

וואָלט ער אים געוויזן געוואָלט ווייזן א בילדל, ווי אזוי ער וועט אויסזען שפּעטער מיט צוויי חדשים — וואָלט שוין כמעט נישט געווען, ווער סע זאָל אָנקוקן אָט דאָס קאָשמארישע געמעלעכץ...

ניין, נישטאָ ווער סע זאָל ווייזן אזא בילדל. אויך דער מלאך־החלו־מות גופא שלאָפט אויך ערגעץ חלומענדיק וועגן גליקן, פּונקט אזוי ווי עס שלאָפט זיך איבערגליקלעך דער קאָמאנדאנט פון דעם צוואנגסארבעטס־באטאליאָן נומער 108/6, וועלכער וויגט זיך אויסגעצויגן אויף דער באנק, אין א קופּע פון ערשטן וואגאָן פון׳עם עשאלאָן, וועלכער איילט זיך מיט די יידישע ארבעטס־דינסטלער, כדי זיי צו ברענגען וואָס גיכער „נאָך אָסטן״...

... יאָ, דאָרטן וועט ער זיך איינמאָנען אַלע חובות, וואָס דאָס לעבן איז אים שולדיק געבליבן: דאָרטן וועט ער האָבן כבוד, געלט, רייכע טראָ־פייען, און אויך יונגע רוסישע שיינע מיידלעך...

דערווייל, איילט זיך די באַן פאָרויס, פאָרויס — צאקא־צאק, צאקא־צאק...

* * *

ווען די באַן פאַרקערעוועט, קאָן מען זען צו ערשט ד'עם לאָקאָמאָטיוו וואָס דעכעט שווער, אָבער דאָך יאָגט ער אין גאַיילעניש אויף פּאַרויס, אויף פּאַרויס, און שלעפּט נאָך זיך די וואַגאָנען... אין ערשטן וואַגאָן ליגט אויסגעשטרעקט אויף ד'ער באַנק ד'ער קאָמאַנדאַנט און דרימלט, וויגנדיק זיך אין ריטעם פונעם גאַנג פון ד'ער באַן. ער איז צופרידן פון זיך און פון זיין קאַריערע, וואָס זאָגט אים פּאַרויס, אַז בקרוב וועט ער אויפגעריכט ווערן דורך די טראָפייען, וואָס ער וועט זיך אָנזשעבער'עווען דאָרט, אין דער אוקראַינע ... ער האָט איצט אַלץ: מאַכט, במילא אויך כבוד, באַלד וועט ער האָבן אויך רייכטום, אי יונגע רוסישע מיידלעך. וואָס קאָן ער זיך מער ווינטשן?!...

און דאָך, מיט אַ מאָל האָט ער זיך דורכגעוועקט איבערגעשראָקן ווי פון אַ קאָשמאַר און אויסגעשריגן ווי נישט מיט זיין קול:

— יאַנאָש! יאַנאָש!!

— צום באַפעל, הער קאָמאַנדאַנט — איז אויפגעשפּרונגען דער אונ־טעראָפיציר מאָלנאַר יאַנאָש, וועלכער איז געפאָרן מיטן קאָמאַנדאַנט אין זעלביקן קופּע פון ערשטן וואַגאָן, און געהאַט די אויפגאַבע צו זיין אויך דער אַדיוטאַנט, אָדער דער סעקר'עטאַר פון דעם באַטאַליאָן.

יאַנאָש איז געווען אויסגעשטרעקט אויף אַ באַנק און אויך געדרימלט, געוויגט פונעם גאַנג פון דער באַן און אויך פון זיינ'ע מחשבות... זיינע מחשבות אָבער ז'ענען געווען אַנדערש ווי די פונעם קאָמאַנדאַנט. לגמרי אַנדערע. הגם ער האָט אויך אין אָנהויב געמיינט אַז ביים אַרבעטס־באַטאַ־ליאָן וועט ער אויפגעריכט ווערן. קודם דורכן כאַבאַר, וואָס ער וועט באַ־קומען ביי די געפּלאָגטע יידן. און דערנאָך, אַז מע וועט אַרויסגיין אויפן פראָנט, אין דער אוקראַינע, דאָרט וועט ער זיך אויך קאָנען אָנראַבעווען מיט אַזוי פיל טייערע זאַכן, וואָס ער האָט געזען און געהערט, ווי אַנד'ע־רע האָבן אהיים געשיקט פאַר זייערע ווייבער... איצט, נאָך איידער ער איז אָנגעקומען אין דער אוקראַינע, ווען ער איז ערשט אויפן וועג, האָט ער זיך שוין ווי אויסגעניכטערט פון זיינע גליק־חלומות.

אים איז געווען גענוג דער באַזוך ז'יינער אין דער היים, ביי זיין פאַמיליע, אויף דריי טעג צו געזעגענען זיך, איז אים שוין געווען גענוג, אַז ער זאָל זיך אָפּגעבן חשבון און וויסן, ווי אַזוי ער האַלט מיט איר, מיט זיין שיינער יולישקאָ...

ער האָט נישט גערעדט מיט קיינעם וועגן זיין מצב בנוגע זיין פרוי ווי אַזוי ער האַלט מיט זיין משפחה־לעבן. מיט וועמען זאָל ער געווען דע־

ריבער רעדן? פאר וועמען האָט ער זיך געקאָנט אָפּרעדן דאָס הארץ? פאר די ארבעטס־דינסטלער?! די דאָזיקע זענען פאר אים נישט קיין מענטשלע־כע ברואים. יאָ, ער האָט זיך מיט זיי יאָ אדורכגערעדט, אָבער אויף זיין אייגענעם לשון — מיטן רימען, מיטן מעשענעם שפּראָנטשיק... קיינער האָט נישט געאנט, פאר וואָס ער איז אזוי ווילד אויפגעטראָגן, ווי אָן אויפגערייצטע חיה, ווען ער האָט זיך צוריקגעקערט פון זיין קורצן אור־לויב פון דער היים. ער האָט דעריבער מיט קיינעם נישט גערעדט, נישט געוויצלט זיך, ווי ער איז געוואוינט געווען, איידער ער איז געווען דאָס לעצטע מאָל אין דער היים. פאר דעם, איז ער געווען א ציניקער. זיין ציניש סאדיזם האָט מען געפילט פון דער ווייטנס. איצט אָבער איז זיין צינישער הומאָר פארשוואונדן. ניין, ער איז נישט פארשוואונדן געגאנגען ער האָט אים איבערגעלאָזט אין דער היים, בעת ער איז געווען דאָס לעצ־טע מאָל, זיך געזעגענען, ווען מע האָט זיך געגרייט צו אָט דער רייזע. דעמאָלט, מיט דער געלעגנהייט פון זיין באזוך האָט ער איבערגעלאָזט זיין גוטיע שטימונג אין בעט פון זיין שיינער יולישקאָ...

... ווען ער האָט זי גענומען פאר א ווייב, האָבן זיך אקעגנגעשטעלט די עטלערן זיינע. זיי האָבן אים בפירוש געוואָרנט, אז זיי וועלן נישט דער־לאָזן אָט דעם נישט פּאסיקן שידוך: קודם איז זי א געמיינע זונה. דערנאָך האָט זי קיין שום פארמעגן נישט, אחוץ דאָס שיינע פּנימל מיטן זונהשן, טריפהנעם שמייכל (זיי פלעגן זיך אויסדריקן: דאָס שיינע זונהשע ציפּער־בלעטל!), אָבער מיט דער בלויזער שיינקייט, האָבן זיי געזאָגט, וועט ער נישט קאָנען אויסהאלטן קיין פאמיליע. זיי האָבן געטענהט, אז זיי האָבן רעכט צו האָבן פּרעטענציעס, ווייל זיי האָבן אויסגעגעבן געלט מיט אים, האלטנדיק אים אין די שולן, אין די מיטלשולן, ביז ער איז געוואָרן אָן אונטעראָפיציר, כאָטש נישט קיין אקטיווער, אָבער בשעת מלחמה איז ער דאָך דאָס, און אויב די מלחמה וועט זיך ענדיקן אמאָל, וועט ער קאָנען זיין אָן אָנגעשטעלטער אין שטאָטהויז, א באאמטער, ערגעץ אין די נייע „באַ־פרייטע" געביטן פונעם „גרויסן אונגערן"...

ער האָט נישט געקאָנט מוחל זיין די עלטערן זיינע, וואָס זיי האָבן זיך איינגעשפּארט און נישט געוואָלט קומען צו זיין חתונה אפילו. האָט ער עס געמאכט אָן זיי, א שטיל באדעקנס, ווי מען זאָגט, און ער האָט חתונה געהאט, אזוי ווי זיין הארץ האָט אים דיקטירט. און דאָס־אָ געפיל, אז ער טוט אָפּ אזא העלדישקייט, אויפן אייגענעם חשבון, נישט נאָר אָן דער מיטהילף פון זיינע עלטערן, נאָר אויך זיי צו להכעיס — האָט אים

געמאכט אין זיינע אויגן פאר א העלד. אזוי איז עס אויך קאָמענטירט געוואָרן אין דער פאשיסטישער יוגנט־אָרגאניזאציע, אין וועלכער ער האָט אקטיווירט, אויך צו להכעיס זיינע עלטערן. ווייל אויך צו דער טעטיקייט זיינער האָבן זיי זיך אקעגן געשטעלט. וואָס ווייסן זיי, דער אלטער דור? זיי לעבן נאָך מיט די לעגענדעס פונעם אלטן קייסער און קיניג פראנץ־יאָזעף און מיט די חלומות און צוזאָגן פון דער סאָציאל־דעמאָקראטישער טאָג־צייטונג, צו וועלכער זיי זענען אבאָנירט...

די עלטערן זיינע זענען ברוגז געווען, פאר וואָס ער האָט אָנגעהויבן שרייבן זיין נאָמען פארדייטשט: מילער. ער האָט געוואָלט זיך ארויסווייזן, אז ער שטאמט פון אריער... דער פאָטער זיינער האָט מיט דעם בשום אופן נישט געקאָנט מסכים זיין. ער האָט געהאלטן, אז „מאָלנאר“ אויף אונגעריש איז נישט נאָר שענער ווי דער דייטשער „מילער“, נאָר איז אויך — אונגערישער... און ער האָט נישט קיין שום מאָטיוו צו בייטן זיין נאָמען. פאר וואָס זאָל פארשווינדן זיין אונגערישער ירושה־נאָמען?...

ביידע זאכן האָט ער אָפּגעטאָן קעגן דעם ווילן פון זיינע עלטערן, און יעדעס מאָל געפילט זיך ווי א מוטיקער העלד, וואָס נעמט זיך אונטער צו זיין זעלבשטענדיק, אויפן אייגענעם אחריות, — און מיט דער צייט האָט דער וואָרעם פון ספקות אָנגעהויבן עקבערן אין זיין מוח, אין אלע ביידע פאלן. מיט דער צייט אָבער האָט ער זיך אָנגעהויבן אויסניכטערן פון ביידע. און — וואָלט געווען אן אויסוועג, וואָלט ער חרטה געהאט אויף ביידע זיינע געוואגטע אונטערנעמונגען: מיט דער פאשיסטישער אָרגאניזאציע האָט ער זיך שוין כמעט קלאָר געמאכט די לאגע. מען האָט אים געוואָרפן א ביינדל, אָבער דאָס איז לגמרי אָן א ביסל פלייש... וואָס איז מיטיינסגעזאָגט די מציאה, צו זיין א גרופע־קאָמאנדאנט, צי אפילו אן אדיוטאנט אין א יידישן ארבעטס־באטאליאָן? ער איז, כלעבן, נישט מער ווי א פשוטער תפיסה־וועכטער! ער האָט זיך ארומגעזען, אז די ציווילע באפעלקערונג האָט געקוקט אויף אים און אויף זיינס גלייכן מיט עקל. זיי זענען באטראכט געוואָרן ווי הענקער פון אָרעמע געפּלאָגטע יידן, וואָס האָבן קיינעם קיין בייז נישט געטאָן...

און וואָס שייך איר, דער שיינער יולישקאָ זיינער, האָט ער זיך תיכף נאָך דער חתונה א ביסל ארומגעקוקט און דערזען איר אמתן פרצוף. ער האָט זיך גיך אויסגעניכטערט פון זיין הייסער ליבע. ער האָט באלד דערזען, אז אויב נישט אין גאנצן גערעכט, איז זענען זיינע עלטערן נישט געווען אזוי אומגערעכט, ווי אים האָט זיך עס לכתחלה אויסגעדאכט. אמת, דאָס

ציפערבלעטל, דאָס פנימל, איז טאַקע געווען שיין — אָבער דער עפּל איז געווען א ווערעמדיקער (דאָס איז געווען דער מוטערס ווערטל, מיט וועלכן זי האָט אים געוואָרנט, אז ער זאָל עפענען זיינע פאַרכישופטע אויגן און ער זאָל זיך נישט פאַרבונדן דעם קאָפּ מיט איר!)... דעמאָלט האָט ער עס נישט פאַרשטאַנען, אָדער גאָר נישט געוואָלט פאַרשטיין. איצט אָבער, ווען ער איז געווען דאָס לעצטע מאָל אין דער היים, אויף זיין קורצן באזוך, האָט ער עס געזען ממש מיט די אייגענע אויגן: ווען ער איז אָנגעקומען אהיים, אין אָוונט (עס איז נאָך נישט געווען אזוי שפּעט!), און אָנגעקלאַפּט אין דער טיר, האָט ער עס געדאַרפט טון עטלעכע מאָל. ווייל — נישט נאָר וואָס די טיר האָט זיך נישט געעפנט, נאָר קיינער האָט זיך נישט אָנגערופן. ער האָט שוין געוואָלט אוועק גיין, מיינענדיק אז עס איז נישטאָ קיינער אין דער היים. נאָר א שכנטע האָט אים צוריקגעהאַלטן (פון רשעות, זי האָט זיך געוואָלט נוקם זיין, ווי א נישט פאַרגינערן, אָן דער שיינער יולישקאָ!) און געזאָגט אז זיין פרוי איז אין דער היים. זאָל ער נאָר שטאַרקער קלאַפּן אין דער טיר... נאָך א צייט האָט ער דערהערט אָן איבערגעשראָקן קול, דאָס איז יולישקאָ געווען אזוי אויפגעבראַכט און אויסגעשריגן:

— ווער, צום טייוול, קלעטערט עס אַרום ביי נאַכט?

— איך בין עס — האָט יאַנאָש מאָלנאַר געענטפערט, ווי נישט מיט זיין קול, נישט געוואָגט, גלייך ער וואָלט געווען אָנגעקלונגען נישט ביי זיך, אין זיין אייגענער וואוינונג, נאָר אין דער טיר פון זיין א העכערן קאָמאַנדאַנט — איך בין עס, האָט ער איבערגעחזרט כמעט שעפּטשענדיק, יאַנטשיקאָ!

— יאַי!!! תיכף! — האָט זיך מיט א מאָל דערהערט יולישקאָס געשריי פון יענער זייט טיר — אָבער אין איר קול האָט זיך נישט געהערט קיין פריידיקע איבערראַשונג, אזוי ווי ער האָט זיך דערוואַרט, אז זי זאָל זיך מיט אים דערפרייען, נאָך אָן אָפּוועזנהייט פון מער ווי צוויי חדשים... גיכער האָט ער געפילט אין איר אויסגעשריי נישט קיין פרייד, נאָר שרעק... האָט ער געוואַרט מיט א פאַרכאַפּטן אָטעם, זי זאָל עפענען, אָבער עס האָט געדויערט מער ווי נאָרמאַל...

ער האָט נישט געמאַכט קיין סצענעס. אדרבה, ער איז געווען רואיקער און געדולדיקער ווי מען וואָלט זיך געקאָנט דערוואַרטן. ער אליין האָט זיך געוואונדערט, וואָס ער איז געווען אזוי רואיק דעמאָלט, בשעת מעשה. ער האָט נישט געפרעגט. ער האָט נישט געפרעגט גאָרנישט. נישט געזאָגט גאָרנישט, גלייך סע וואָלט גאָרנישט פאַסירט. און באמת האָט טאַקע

גאָרנישט פּאַסירט. ווייל פּאַסירן פּאַסירט געוויינטלעך, אין אַזעלכע פאַלן, נאָר דאָס, וואָס דער מענטש וויל, אַז סע זאָל פּאַסירן. אויב דער מענטש וויל נישט, זעט ער גאָרנישט און ממילא פּאַסירט עס נישט. און ער האָט נישט געוואָלט. בפרט איצט ווען ער האָט דאָ צו פאַרברענגען אין דער היים ווייניקער ווי צוויי טעג, איז וויל ער נישט, אַז סע זאָל עפּעס פּאַסירן. ניין, ער האָט נישט געוואָלט. פאַר וואָס זאָל ער געווען וועלן? צו וואָס וואָלט עס אים גענוצט? האָט ער זיך געמאַכט, גלייך ער וואָלט נישט געהערט די שושקעריי אין יענער זייט טיר, גלייך ער וואָלט נישט געהערט, ווי דאָס טירל וואָס האָט געפירט פון דער קיך אין הויף, האָט זיך געעפנט, — און ער איז ענדלעך שוין אריין אין דער שטוב, וואו זיין פרוי האָט אים אויפגענומען מיטן ארומהאַלדזן און קושן, וואָס האָט אים ליידוער זייער ווייניק הנאָה געטאָן. ווייל גראָד דעמאָלט, אין יענעם מאָמענט, האָט ער געהערט די טריט פון אַ פאַרשוין, וואָס האָט זיך דערווייטערט שטיל, ווי אויף די שפּיץ־פינגער... יאָ, אויפן בענקל איז איבערגעבליבן אַ מיליטערישער רימען מיט אַ דיאַגאָנאַל, אָן איבערשוואונג, ווי מע פלעגט עס אָנרופן... ער האָט נישט געפרעגט גאָרנישט און נישט געזאָגט גאָרנישט. אַלץ איז פאַר אים געווען אַזוי קלאָר — איז צו וואָס טויגן די שאלות?!

וואָס איז דען געווען אומקלאָר, אַז ער זאָל דאַרפן עפּעס פרעגן? וואָס איז געבליבן אויפצוקלערן, אַז ער זאָל דאַרפן עפּעס זאָגן? איז ער געווען, אָבער נאָך מער, זיך געוויזן רואיק, אָבער אין זיינע געדעריעם האָט עס גע̇קאָכט, גלייך דאָרטן וואָלטן געטליעט קוילן, וואָס ברענען. ניין נישט זיי ברענען, נישט זיי לעשן זיך — זיי טליען און צייטנווייז פלאַמט ביי אים אויף אַ רציחה און ער וואָלט אין שטאַנד געווען דעמאָלט איבער צו קערן די וועלט, סע זאָל זיך פון איר נישט אויסקלויבן מער ווי איין גרויסע חורבה, ווי אַ ישוב, וואָס איז פאַרפלייצט געוואָרן פון אַ וואולקאַן... אָבער צו דעם, איבער צו קערן די וועלט, פעלן דאָך די כוחות, האָט ער דערווייל אויסגעלאָזט זיין ביטער הארץ צו זיינע יידישע קרבנות. דאָס איז דאָס איינציקע מיטל אויף צו שטילן זיין ריגזה קעגן זיין שיינער יודישקאָ: ער שלאָגט אָן רחמנות, מיט דער ווילדסטער צעלאָזטקייט, די יידישע ארבעטס־דינסטלער...

איצט, אויפן וועג אין דער קאַלטער אוקראַינע, ליגט ער ווי אין היינער־פּלעט. ער האָט נישט קיין נאָסטאַלגישע מחשבות, צי זכרונות, נאָך וועלכע ער זאָל בענקען. אדרבה. איצט וויל ער, אָדער ער וואָלט געוואָלט אַלץ פאַרגעסן. ער וויל בשום אופן נישט האָבן קיין זכרונות פון נעכטן,

ווייל זיי זענען גאָר ווייניק דערפרייענדיקע. אדרבה, אויב ער דערמאָנט זיך (און תמיד דערמאָנט ער זיך. וואָס מער ער מאַכט אָנשטרענגונגען צו פאַרגעסן זי — דערשיינט ווי א בייז געשפּענסט דאָס בילד פון דער שיי־נער יולישקאַ, מיט אירע לאַנגע האָר צעלאָזטע אין ווינט, גלייך זי וואָלט זיך נאָכגעיאָגט ווי א שטורעם נאָך א געליבטן, אַן וועלכן ער קאָן זי זיך מער נישט פאָרשטעלן!), פילט ער א חלשות אונטערן האַרץ. ווייל, ער מוז עס זיך מודה זיין — אויך איצט, נאָך אַלעמען האָט ער זי דאָך נאָך ליב. אָבער אָט די ליבע איז אזוי פאַרפּלאָנטערט מיט שינאה, אז מע ווייסט נישט: וואו ענדיקט זיך זיין אמאָליקע ליבע און וואו הייבט זיך אָן די היינטיקע שינאה?

וואָס סע וועט זיין מיט אים, צי מיט איר, צי מיט זיי ביידע אין דער צוקונפט? ער וויל זיך נישט מאַכן קיין פּלענער אויף דער צוקונפט, ווייל ער זעט זי פאַרנעפּלט. וואָס, מישטיינסגעזאָגט, קאָן ער זיך דאָרט דערוואַרטן? ער זאָל אָנראַבעווען שיינע פּעלצענע פּרויען־מאַנטלען, ווי אַנדערע, כדי זיי אָפּצושיקן פאַר דער שיינער יולישקאַ, יענע יולישקאַ, וועלכע לאָזט זיך איצט וואוילגיין, ווער ווייסט מיט וועמען?!... ניין, איצט ווייסט ער שוין, אז ער האָט נישט א מאָל צו וועמען צו שרייבן כאָטש א פּאָסטקאַרטל...

אָט די מחשבות האָבן אים איינגעשלעפּערט אין פאַרנדיקן וואַגאָן. יאושדיקע, פאַרצווייפלטע געדאַנקען, וואָס א מענטש האָט נאָר פאַרן טויט, אָדער פאַרן זעלבמאָרד... פאַרשטייט זיך, אז אזעלכע געדאַנקען קאָנען אַרויסרופן בלויז קאָשמאַרן, מיט די מוראַדיקסטע זעענישן... גראָד איצט, אין דעם מאָמענט, דערהערט ער דעם קאָמאַנדאַנטס רוף:

— יאַנאָש! יאַנאָש!!

— צום באַפעל, הער קאָמאַנדאַנט — איז ער אויפגעשפּרונגען, ווי אַן איבערגעשראָקענער האָז, ווייל אין קאָמאַנדאַנטס רוף אָדער אויסגעשריי האָט ער דערהערט דעם זעלביקן טאָן פון פאַרצווייפלונג, וואָס ער האָט גע־האַט אין זיין אייגן געמיט...

און דערווייל פאָרט די באַן פאָרויס: צאַקאַ־צאַק, צאַק...

— יאַנאָש! וואו זענען מיר?

ער האָט קודם געוואָלט ענטפערן:

— אין וואַגאָן, הער קאָמאַנדאַנט, מעלד איך אונטערטעניק! — אָבער ער האָט זיך געכאַפּט צו דער צייט. נאָך איידער ער האָט אַרויסגערעדט די ווערטער, אז דאָס וואָלט געווען, אָדער דאָס גרעסטע טיפּשות, אָדער דער

בעסטער שפאס, אזוי אים צו ענטפערן. האָט ער א הוסט געטון כדי צו געווינען צייט און באלד געענטפערט:

— איך מעלד אונטערטעניק (אזוי שרייבן פאָר די מיליטערישע תקנות צו ראפּאָרטירן: „אונטערטעניק!" ווי אין די פעאָדאלישע צייטן!), הער קאָמאנדאנט, מיר זענען אדורכגעפאָרן בודאפעסט צוריק מיט צוויי שעה. האָט מען דעמאָלט צוגעזאָגט, אז איבער א שעה צייט וועט מען זיך אָפּשטעלן, (דאָרט ווי די מיליטערישע קאָמאנדאטור, וואָס רעגולירט די צירקולאציע אויפן באנוועג, וועט דערלויבן!) — דאָרט וועט מען געבן דעם נאכטמאָל... סע זענען אדורך זינט דעמאָלט שוין פיר שעה און — מע וועט שוין גיכער קאָנען געבן דעם פרישטיק איידער דעם נאכטמאָל...

— ווייסט עס דער טייוול, וואוארומעט מע פירט אונדז מיט אָט די פארשאָלטענע [יידן... מסתמא זענען די באן־ליניעס נישט פריי פאר אזא וויכטיקער רייזע... אנשטאט צו פאָרן גראָד אויף מיזרח, רינגלען מיר ארום אויף א ווייטערן וועג, אָבער מסתמא א פרייעם... דער רוח ווייסט, וואו מיר וועלן נאָך אָנשלאָגן מיט אָט די לייזיקע יידן...

מער האָט ער נישט געזאָגט גאָרנישט. ער וואָלט געוועז געוואָלט רעדן מיט עמעצן. זיך אראָפּרעדן פונעם הארץ, אָבער מיט וועמען? מיטן אדיוטאנט זיינעם? דאָס איז אונטער זיין כבוד. ער איז אן אָפיציר, אן אונגערישער קיניגליכער אָפיציר, נאָך פון פרידנס צייטן, פון פאר דער מלחמה, און אָט דער איז קוים אן אונטער־אָפיציר, געמאכט אויף דער גיך, מלחמה־צייט...

דערווייל איז די באן געלאָפן פאָרויס, פאָרויס... קיין מערב, כדי אָנצוקומען וואָס גיכער קיין מיזרח...

*

... ווען די באן פארקערעוועט, קאָן מען זען נישט נאָר דעם לאָקאָמאָטיוו, וועלכער דעכעט שווער, אָבער דאָך יאָגט ער אין געאיילעניש אויף פאָרויס, און שלעפּט נאָך זיך די איבערגעלאָדענע וואגאָנען... מען קאָן זען אויך דעם לעצטן וואגאָן — אויב מען קוקט אויף צוריק צום עק פון דער באן... דאָ, אין דעם לעצטן וואגאָן, איז די קיך, וואָס איז גרייט צו שפייזן דעם ארבעטס־באטאליאָן במשך פון דער גאנצער רייזע און דערנאָך, אז מען וועט שוין אָנקומען אין א גוטער און מזלדיקער שעה, וועט זי עס טון אויך דאָרט, אויפן פראָנט. אזוי לכל־הפחות איז זי אויסגעשטאט

מיט אלע נויטיקע מכשירים, ווי קעסלען, קאָכלעפל, טעפ, גרויסע רייגען, קאָכמעסערס וכדומה.

דאָ, אין דעם וואגאָן, פאַרן צוויי קעכערס און איין היטלעריסטישער שומר. דער ערשטער קיכער, אָדער דער אויבערקיכער, איז ברוך גרין און דער צווייטער, דער געהילף, איז איציקל, אָדער איזשאק, וועלכער איז באַמינירט געוואָרן אויף אָט דעם „פּאַרטרוילעכן פּאָסטן" ערב דעם ארויס־פאָרן אויפן פראָנט.

ברוך גרין זיצט אויפן דיל פונעם וואגאָן און דרימלט אויך אונטער. ער האָט שוין זיין ארבעט פון לאנג פאַרטיק געמאכט. דאָס געקעכטס, דער גולאש, איז שוין לאנג כאַרטיק און ער וואַרט נאָר, אז די באַן זאָל זיך ערגעץ אָפּשטעלן, אזוי ווי מען האָט זיי צוגעזאָגט, און דאַן וועלן זיי מאכן א קליינע איילנדיקע פּויזע, כדי ער זאָל קאָנען אויסטיילן אין גרויס איי־לעניש דעם נאכטמאָל. אייגנטלעך, איז די דאגה נישט אזא גרויסע, ווייל נישט די ארבעטס־דינסטלער דאַרף מען זעטיקן. קיינער וועט זיך נישט באַקלאָגן, אז ער האָט נישט באַקומען דעם נאכטמאָל, פאַר וועמען זאָל ער זיך באַקלאָגן? פאַרן ונתנה תוקף?! די הויפּטזאַך איז נאָר, אז דער „קאַדער־פּערסאָנאַל", די היטלעריסטישע שומרים, זאָלן זיך שפּייזן און אָנפרעסן מיטן ביסל פלייש, וואָס שווימט ארום אין גרויסן קעסל... דאָס איבעריקע, דאָס וואסער, וועט מען אויסטיילן פאַר די ארבעטס־דינסטלער, איז וועט מען נישט צייט האָבן אויסצוטיילן פאַר יעדן, איז כאָטש פאַר א טייל, וועלכע וועלן האָבן די זכיה צו א ביסל וואַרעם וואסער...

איז זיצט ער דערווייל טערקיש, מיט די פיס זיינע פאַרקרייצט אונ־טערן געזעס און דרימלט. ברוך גרין, דער הויפּטקיכער, זיצט אויפן דיל פונעם וואגאָן און וואַרעמט זיך פאַר די פאַר קוילן, וואָס טליען נאָך אונ־טערן קעסל — און ער דרימלט... קוקנדיק אויף דעם רויט־בלוילעכן אונ־טערגייענדיקן פייער, דערמאָנט ער זיך, ווי אזוי מען האָט אים מאָביליזירט אין אָט דעם ארבעטס־באטאליאָן:

דאָס איינרופן אין די ארבעטס־באטאליאָנען איז נישט געשען מיט א מאָל פאַר אלע, אין אלע אָרטשאפטן. מען האָט גערופן פּעריאָדיש. קודם האָט מען מאָביליזירט די יידן פון דער אונטערקאַרפּאַטישער געגנט, וואָס מען האָט „באפרייט" פון דער חרוב געמאכטער טשעכאָסלאָוואקיי. דערנאָך, שפּעטער מיט עטלעכע חדשים, האָט מען אָנגעהויבן מאָביליזירן די יידישע יונגעלייט פון דער „באפרייטער" טראנסילוואניע און ערשט דערנאָך פון די שטעטלעך פון „מאמע־לאנד", פונעם סאמע עכטן אונגערן... ברוך גרין

איז געווען צווישן די, וואָס מען האָט אין זיין שטעטל מאָביליזירט צווישן די לעצטע. ווען ער איז נאָך געווען אין דער היים, זענען שוין די מיינסטע יונגעלייט געווען טייל אין ארבעטס־לאגער און האָבן אויפגעבויט מיליטערישע עראָדראָמען צי קאזארמעס אין אונגערן, צי אין יוגאָסלאוויע, בשכנות מיט אונגערן, און א טייל זענען שוין געווען אויפן פראָנט, אין דער אוקראינע, און פון צייט צו צייט פלעגט אָנקומען צו א בריוו פון איינעם, וואָס פלעגט שרייבן, אז זיי גייט זייער גוט, אָבער מיט עטלעכע יידישע ווערטער האָט מען געשריבן בגנבה און געגעבן אָנצוהערן, אז מע פליט אין דער לופטן, צעפיצלט אויף פיץ־פיצלעך פון די מינעס, וואָס עקספּלאָדירן אונטער זייערע פיס אויף די מינע־פעלדער, וואָס זיי זענען געצוואונגען צונויפצוקלויבן, ווי אייער פון אונטער די הינער... ער, ברוך, איז נאָך דעמאָלט געווען אין דער היים, צווישן די ווייניקע, וואָס מען האָט מאָביליזירט פון די מאראמאָרעשער קליינע ישובים. און זאָל דער אמת געזאָגט ווערן: ער האָט זיך געפילט זייער נישט באקוועם אין אזא מצב. יעדער האָט געקוקט אויף אים, ווי אויף א פּאוואָריזירטן פונעם גורל. מיינסטנס האָט ער עס געפילט ווען ער האָט זיך באגעגנט מיט יונגע ווייבלעך, וועמענס מענער זענען שוין לאנג געווען אויפן פראָנט. וואָס זאָל ער געווען טון, אז מען האָט אים נאָך נישט איינגערופן? וויל מען, אז ער זאָל זיך מעלדן פרייוויליק?!

ער האָט געלעבט אין א שטימונג, וואָס איז געווען פאר אים כמעט פיינלעך, דווקא ווייל ער איז נאָך נישט מאָביליזירט געוואָרן. עס איז מאָדנע, אָבער אזוי איז עס געווען. אייגנטלעך וואָלט ער זיך געווען געדארפט פרייען, וואָס מען האָט אָן אים כמעט פארגעסן און מען האָט אים נישט מאָביליזירט אויף איין מאָל מיט די איבעריקע. אָבער די פרייד איז אים געווען פארשטערט. די משפחות, וועמענס מיטגלידער זענען מאָביליזירט געוואָרן, האָבן אויף אים געקוקט קרום, גלייך ער וואָלט שולדיק געווען, וואָס זייערע זענען גערופן געוואָרן אין די צוואנגארבעטס־באַטאַליאָנען. גלייך זיי וואָלטן געוואָלט אוועק אנשטאט אים, אויף זיין אָרט. דאָס איז איינס. און צווייטנס האָט ברוך זיך נישט געהאט מיט וואָס צו פרייען, ווייל ער האָט געהאט פרנסה בצימצום. ער, וואָס איז געווען א ישיבה־בחור און איצט נישט געהאט קיין שום באשעפטיקונג — האָט געלעבט ביי זיינע עלטערן, אויף קעסט, ווי מע פלעגט זאָגן. ער, זיין פרוי און איינאיינציק קליין זינדל. אזוי פיל האָט ער געקאָנט טון, ער האָט ארויסגעהאָלפן זיין פאָטער ביים פארטיילן די עטלעכע פלעשער

סאדע־וואסער, אויף וועלכע ער האט נאך געפונען קונים... צווישן אונדז גערעדט, איז עס געווען פאר אים א בושה, צו טראגן אויף דער גאס דאס סאדע־וואסער, אנגעלאדן מיט דריי־פיר פלעשער אין יעדער האנט... ער, וועלכער איז געווען פון א ריזנגעשטאלט, העכער און דיקער פון א נארמאלער וואוקס, האט עס אים אויסגעזען קאמיש און דערנידעריקט, א פחיתת הכבוד, פאר אים. אבער וואס האט ער געקאנט טון? דער פאטער זיינער האט אים נישט געשיקט מיט די פלעשער. ער אליין האט אבער נישט געקאנט צוקוקן, ווי דער פאטער זיינער פלאגט זיך מיט די פלעשער. ער אליין האט זיך געפילט, אז ער דארף אויך מיט עפעס ארויסהעלפן צו דער פרנסה.

זיין פרוי? ער האט מיט איר חתונה געהאט גאנץ צופעליק. ער האט זיך באקענט מיט א געלעגנהייט און נאך עטלעכע וואכן האבן זיי זיך פארקנסט. ער האט זיך באשלאסן פאר איר, ווייל ער האט געוואלט סתם חתונה האבן, נישט ווייל ער האט זיך אין איר פארליבט, צי ווייל זי האט אים כאטש געפעלן, נאך דעם וואס זיינע א מומע, וועלכע האט זיי פארשדכנט, האט פאר זיי ארגאניזירט א באגעגעניש. ער האט זי אקצעפטירט, אזוי ווי זי איז, ווייל אויב יענע, וועלכע ער האט געוואלט נעמען פאר א פרוי (ווייל ער האט זי ליב געהאט. דאס גאנצע שטעטל האט דערפון געוואוסט!), האט זיך פארקנסט מיט אן אנדערן, זיין א ישיבה־חבר, האט ער געוואלט פשוט ווייזן, אז ער איז אויך נישט קיין באוול אויף אוועקצווארפן — ער קאן זיך אויך געפינען א כלה... האט ער זיך טאקע געפונען, אבער קיין ליבשאפט האט ער דאך נישט געפילט צו איר, הגם זי איז געווען גאנץ א סימפאטישע. דאס האבן אלע געזאגט, ווען זיי האבן זי געזען. זי האט אימפאנירט, סיי נאכן אויסזען, סיי ווי א מענטש, אז מען האט מיט איר פארפירט א שמועס. אבער וואס זאל מען זאגן? מיטן הארץ קאן מען נישט רעדן. דאס הארץ האט זיך זיינע שגעונען און געזעצן. אויף דעם איז איבעריק צו פרעגן שאלות. זיין גאנץ חתונה האבן האט געהאט איין דערקלערונג: ער האט געוואלט אפטון אויף דווקא. וועמען? איר, דער, וועמען ער האט זיך דערקלערט אין ליבע און זי האט זיך דערמיט נישט גערעכנט, נאר אויפגענומען עס ווי א שפאס און געצויגן די צייט, ביז זי האט זיך פארקנסט מיט אן אנדערן, וועמען זי האט נישט אזוי געליבט, ווי געערט און געשעצט, ווייל ער איז א צייטונגס־שרייבער, א באקאנטער, מיט א נאמען צווישן דער יוגנט, און איז א לינקער טוער, א פאליטיקער, וואס האט א צוקונפט. פארשטייט זיך, אז ערשט נאך דער מלחמה...

אין שטעטל האָבן בייזע צונגען גערעדט, אז דערפאר האָט אים נישט געוואָלט איר פאָטער, און מיט דער צייט איז אים געלונגען, אויך אָפּצורעדן זיין טאָכטער, ווייל מען האָט אים באַרעדט און אויסגעטראַכט אויף אים א שם־רע, אז ער איז נישט ביכולת צו האָבן קינדער... פון וואַנעט ווייסט מען, אז ער וועט נישט קאָנען האָבן קיין קינדער? דאָס האָט אים נישט ווייניק געקרענקט. אזא שם־רע קאָן מען נישט אָפּלייקענען מיט קיין ווערטער, מיט די שענסטע אפילו. דאָס קאָן מען נאָר אָפּלייקענען מיט מעשים. אָבער א פאקט איז, אז דער פאָטער פון זיין געליבטער האָט אים דערפאר נישט געוואָלט נעמען פאר קיין איידעם... דערמיט דערקלערט זיך, וואָס ער האָט חתונה געהאט מיט וועמען עס איז אים אונטערגעקומען אונטער דער האַנט, מיט דער ערשטער געלעגנהייט — נאָר עס זאָל זיין. און וואָס שייך דעם שם־רע, וואָס מען האָט אויף אים אויסגעטראַכט, אז ער קאָן נישט האָבן קיין קינדער, האָט ער איבערצייגט תיכף צו די ערשטע חדשים נאָך דער חתונה. אדרבה, מען האָט נאָך גענדארפט צו ציילן צו די חדשים זינט זייער חתונה, מיט א סך גוטן ווילן, אויך עפּעס פון פאר דער חתונה, כדי סע זאָל אויסקומען און סע זאָל דערגיין די נייטיקע צייט, אז סע זאָל נישט געבוירן ווערן נאָך פאר די ניין חדשים...

אויך איצט, ווען ער וואַרעמט זיך פאר די קוים טליענדיקע קוילן פון אונטערן קעסל, טראַכט ער דערפון, אז עס איז געווען פון זיין זייט א גרויס אומפאַראַנטוואָרטלעכקייט, נישט נאָר נאַרישקייט, צו האָבן קינדער אין אַט דער קריטישער לאַגע, אין די מלחמה יאָרן, ווען מע ווייסט נישט, וועמענס מאָרגן עס איז...

ער האָט מיט איין זאַך זיך געטרייסט, אז ער האָט זיך געבעטן ביי זיין מוטער און שוויגער, נאָך אין די ערשטע חדשים, ווען ער איז געוואויר געוואָרן, אז זיין פרוי איז מעוברת אז מען זאָל אָפּטרייבן דאָס קינד... ער געדענקט נאָך די רייד פון זיין שוויגער:

— אזא זאַך טוט מען נישט ביי ליטווישע יידישע מענטשן... דאָס וואָס סע וועט זיין מיט דער מאַמען דאָס וועט זיין אויך מיטן קינד...

(איצט, ביים איבערשרייבן אָט דעם ענטפער, האָט דער זאַג פון דער שוויגער אָן אנדערן באַטייט, א לגמרי אַנדערן, ווי דעם, וואָס יענע מאַמע האָט אים אפשר דעמאָלט אין זינען געהאַט. גאָר אָן אַנדערן. ווער האָט זיך געזאָלט דעמאָלט ריכטן, אז טאַקע אזוי וועט עס געשען? די מאַמע און דאָס קינד האָבן געהאַט דעם זעלבן גורל. נישט זיי, ווען וועל־

כע סיע ווערט דאָ דערציילט נאָר דרך אגב, נאָר אלע מאַמעס מיט קינדער פון מאַראַמאַרעש, און אלע קינדער מיט מאַמעס, אלע האָבן געהאַט דעם זעלביקן גורל... דאָס האָט אָבער דעמאָלט נאָך קיינער נישט געקאָנט וויסן און זיך נישט אַ מאָל געקאָנט פאָרשטעלן !)...

...איז פאַרבליבן פאַר ברוך גרין, אַז ער זאָל זיך טרייסטן (אוי, מען זאָל באַהיט און באַשירעמט ווערן פון אַזאַ טרייסט !) מיט — אַ נאַרישקייט... אַז אויך זי, די וואָס האָט אים נישט געוואָלט נעמען פאַר אַ מאַן, הגם זי האָט געוואוסט, אַז ער האָט זי ליב (און זי אַליין איז אויך נישט געווען גלייכגילטיק צו אים... אַ באַווייז, אַז אויך נאָך זייער באַזונדער חתונה האָבן האָט זי זיך נישט איין מאָל אויסגערעדט איר האַרץ פאַר אים. דאָס הייסט, אַז זי האָט אים געהאַלטן פאַר אַן אייגענעם און זיך אויסגערעדט פון צייט צו צייט, וואָס עס האָט זיך איר אָנגעזאַמלט אויף דער נשמה !), זי איז אויך פאַרגאַנגען אין טראָגן... דאָס איז שוין געווען דער רעוואָרס, די צווייטע זייט פון דער מטבע (אויך איצט, אין וואַגאָן, וואַרעמענדיק זיך ביים קעסל, קומט אים אָן צו שמייכלען !). אויך יענער, דער ריוואַל זיינער, וואָס האָט חתונה געהאַט מיט זיין געוועזענער געליבטער, האָט אויך דאָס זעלביקע געטראַכט (און אויך אים געזאָגט !), נאָר מיט אַן אַנדערער לאָגיק: אויב ברוכס פרוי איז מעוברת, הייסט עס דאָך, אַז ער איז שוין נישט אַזאַ גרויסע מציאה פאַר זיינע שוויגער־עלטערן?! איז צו וואָס האָט מען געדאַרפט אים, ווען יענער קאָן אויך האָבן קינדער? און, מעשה שטן, האָט זיין פרוי פאַרשפעטיקט. זי איז נאָך נישט פאַרגאַנגען אין טראָגן. איז ער געווען כמעט פאַרצווייפלט... איז אַז ער האָט זיך דערוואוסט, אַז אויך זיין פרוי איז מעוברת, הגם שפעטער, מיט עטלעכע חדשים פאַרשפעטיקונג, האָט ער זיך געפרייט. מע וועט שוין נישט קאָנען האָבן קיין טענות צו אים...

דאָך, האָט ברוך גרין געפילט זיך ווי שולדיק אין דעם גאַנצן מצב. ער האָט עס געפילט בפרט איצט, ווען ער איז געווען אין דער היים זיך געזעגענען מיט זיין משפחה, האָט ער געפילט אַז מע געזעגנט זיך מיט אים אויף אַזאַ אופן, גלייך ער וואָלט זיך שוין מער קיין מאָל נישט צוריק געקערט. ער האָט עס געפילט נישט אַזוי אין די ווערטער, ווי אין דער שטימונג, אין די נישט אַרויסגערעדטע רייד. מען האָט דאָס געדרונגען פון די איבערדערציילעכצער, פון די בריוו, וואָס זענען געקומען פון עם פראָנט פון די אַנדערע יידישע יונגעלייט, — אָבער נאָך מער האָט מען עס געדרונגען פון יענע בריוו, וואָס זענען מער שוין נישט

געקומען קיין מאָל, הגם מען האָט אויף זיי געוואַרט, פון די, וואָס זיַינען אוועק אויפן פראָנט אין די צוואַנגארבעטס־באַטאַליאָנען און נישט מער הערט מען פון זיי. טייל זײַנען פשוט פאַרשוואונדן געוואָרן און מען הערט נישט גאָרנישט וועגן זייער געביין, גלייך די ערד וואָלט זיי דאָרט איינגעשלונגען...

אליע, די מוטער זײַנע, די שוויגער און אויך זיין ווייב האָבן אויף אים געקוקט אַזוי מאָדנע, אַז ער האָט נישט געקאָנט אויסהאַלטן זייער בליק. ער האָט אים געמוזט אויסווייכן. און ווען ער איז געזעסן פרייטיק צו נאַכטס ביים טיש און די פרוי זײַנע האָט אַזוי דרך אגב געזאָגט דעם קינד, וואָס האָט קוים געקאָנט זאָגן יעטלעכע טראָפן ווי „מאַמי" צי „טאַ־טי":

— קוק, זעסטו, ס'איז געקומען ט—אַ— — ט—י!

האָבן אים די טרערן פאַרטונקלט די אויגן, הגם ער האָט זיך צוריקגעהאַלטן. ער איז אַ מאַן און טאָר נישט אַרויסווייזן ווייבערישע שוואַכקייטן (וויפל מאָל זענען מיר מקנא די „שוואַכע" פרויען, וואָס האָבן די פּריווילעגיע זיך אויסצווויינען, ווען נאָר סע קומט זיי אָן און מאַכן זיך לייכטער אויפן האַרץ?), ברוך האָט זיך איינגעהאַלטן, אָבער באַלד האָט ער געפונען אַ געלעגנהייט זיך אויפצוהייבן פונעם טיש און מיט דער געלעגנהייט זיך אויסצואווישן אַ טרער... דאָס קינד שפּילנדיק זיך מיטן לעפל איבערחזרנדיק „טאַ־טי" „טאַ־טי", האָט מיטן לעפל אָנגעקלאַפּט אין טעלער, איין מאָל און צוויי מאָל, ביז עס האָט אָנגעקלאַפּט ביים ראַנד פונעם טעלער און ער האָט זיך צעבראָכן... דעמאָלט האָט זיך ברוך אויפגעהויבן פונעם טיש, גלייך ער וואָלט זיך געווען אויפגערעגט וועגן צעבראָכענעם טעלער. אין דער אמתן האָט עס אים הנאה געטאָן. ער האָט אַלייך נישט פאַרשטאַנען פאַר וואָס, אָבער אים האָט זיך געוואָלט אויך נעמען אַ לעפל, און פּונקט ווי דאָס קינד, אָנהייבן קלאַפּן אין די טעלער נאָך דער ריי ביז זיי וועלן זיך אַלע צעברעכן, נאָך דער ריי... ווייל ווי ער לייענט אין יעדנס אויגן, וועט ער דאָך זיך סיי־ווי־סיי מער נישט צוריק קערן.

איז האָט ער זיך געפילט שולדיק, וואָס ער קאָן נישט, נישט נאָר אויסשרייען ווילד, נאָר כאָטש צוזאָגן אויף זיכער, אַז ער וועט זיך אומקערן אהיים צו זיין פרוי און קינד... איז האָט ער זיך געפילט שולדיק לגבי איר. ער האָט געפילט אַזאַ אומגעזאַלצענעם טעם אין מויל, גלייך ער וואָלט געטרונקען זומער, אין אַן אַרשיצע, לעבלעך שמוציק וואַסער, וואָס אָנשטאַט סע זאָל אים שטילן דעם דורשט — איבלט עס אים... וואָס האָט ער געקאָנט טון?

טאקע דערפאר האָט ער אָפּגעשיקט פאר זיין פרוי א לאנגן בריוו פון אכט זייטן, אין וועלכן ער האָט זיך געבעטן ביי איר, אז זי זאָל נישט ברוגז זיין אויף אים, וואָס ער גייט זיך אוועק אויפן פראָנט (גלייך ער וואָלט געווען געפאָרן אויף א קוראָרט זיך אָפּרוען!), און לאָזט זי אליין איבער מיטן קינד... צווישן די שורות פון זיין בריוו האָט זיך געקאָנט ארויסלייענען זיין זאָרג פאר איר: ווי אזוי וועט זי זיך קאָנען באפאָרען אליין מיטן קינד? און דאָס נישט נאָר איצט, מלחמה־צייט, נאָר נאָך מער — נאָך דער מלחמה. ווייל ווי סע ווייזט אויס, וועלן זיי אין דער היים גיכער איבערלעבן די מלחמה, ווי ער אויפן פראָנט (אזוי לכל הפחות האָט מען נאָך דעמאָלט געמיינט!).

ער האָט אין זיינע אויפקלערונגען, וואָס ער האָט געשריבן אין זיין לאנגן בריוו, וואָס ער האָט אוועקגעשיקט, איידער זיי זענען פארלאָדן געוואָרן אין די וואגאָנען, געפרואווט זי דערמוטיקן און גלייכצייטיק זיך צו פארענטפערן וואָס ער באגייט אזא „פארברעכן" לגבי איר, וואָס ער גייט שטארבן אויפן פראָנט, אליין, אָן איר...

איצט, ווען ער זיצט פארן קעסל און ווארעמט זיך, ווען ער דרימלט איין פונעם וויגן פון דער פאָרנדיקער באַן, טראכט ער נאָר איינס: דער בריוו זאָל אָנקומען צו זיין פרוי, זי זאָל אים באקומען און געוואויר ווערן וועגן זיינע געדאנקען, מיט וועלכע ער געשיידט זיך פון איר... פאר די עלטערן זיינע האָט ער נישט געשריבן גאָרנישט. נאָר צוגעשריבן א גרוס. וואָס זאָל ער געווען שרייבן פאר די עלטערן? פאר זיי האָט נישט קיין זין זיך צו פארענטפערן. ער איז טאקע א בן־יחיד און אזוי האָבן זיי אים טאקע אויפגעוואקסן, אָבער פאר זיי פילט ער זיך נישט שולדיק. בכל אופן איז ער פאר זיי נישט שולדיק מער, ווי אן אנדערער זון פאר זיינע על־טערן. אָבער פאר זיין פרוי? — דאָס איז שוין עפּעס אנדערש. וואָלט ער נישט געווען חתונה געהאט מיט איר. וואָלט איר מסתמא איצט פיל גרינ־גער געווען: זי וואָלט איצט נאָך געווען א מיידל און נישט געהאט שוין קיין דאגות מיט א קליין קינד, אין אזעלכע מוראדיקע צייטן...

אָבער וואָס איז ער שולדיק? אלץ איז דאָך נאָר א פאטאליטעט... גאָרנישט קאָן דער מענטש זיך נישט אויסקלייבן. גאָרנישט... אלץ פירט זיך דאָך לויט די געזעצן פון דער השגחה, אָדער לויט דעם בלינדן צופאל... אלץ. דאָס אחריות, וואָס מע לייגט ארויף אויף די מעשים און האנדלונ־

געץ פון א מענטשן, זענען דאָך נאָר טיילווייז באַרעכטיקט, בפרט אין אזעלכע פאלן. דאָ פאסירן דאָך זאכן, וואָס דער מענטש באטייליקט זיך אין זיי אין מערסטן פאל אויף א פּאסיוון אופן. ער באטייליקט זיך מיט זיין אָנוועזנהייט, נישט אלע מאָל מיט זיין אקטיוויטעט. סע געשעט ניט אים, נישט דורך אים. ער איז דער אָביעקט, נישט דער סוביעקט...

... טליען זיינע מחשבות, ווי עס טליען די קוילן אונטערן קעסל אין לעצטן וואגאָן פון דער באן, וואָס פאָרט אין איילעניש פאָרויס, פאָ־רויס, אויפן פראָנט, אין דער אוקראינע. אוקראינע...! וואָס זעט אויס צו זיין נאָר א סטאציע אויפן וועג צו יענער וועלט, פון וועלכער מע קערט זיך נישט צוריק...

און די באן פאָרט, פאָרט... צאקא־צאק, צאקא־צאק...

*

... ווען די באן פארקערעוועט, קאָן מען זען נישט נאָר דעם עק מיטן לעצטן וואגאָן — מע קאָן זען אויך דעם פאָרלעצטן וואגאָן, וואו סע זענען אָנגעלאָדן די פערד... אין צוויי וואגאָנען וויגן זיך איצט, פאָרנדיק, די פערד פונעם צוואנגארבעטס־באטאליאָן, וואָס מע פירט ארויס אויפן פראָנט, אין דער אוקראינע, כדי זיי, אָט די פערד, זאָלן אויך „צולייגן א האנט“ צום איינגעמען דאָס „גרויסע אונגערן“...

פארשטייט זיך, אז די פערד פאָרן נישט אליין אין די וואגאָנען. בכלל האָבן די פערד גאָרנישט געטאָן אליין, פון זייער גוטן ווילן. נישט א מאָל אריינגיין אין די וואגאָנען האָבן זיי געוואָלט. גענוג האָט מען זיך מיט זיי אָנגעמוטשעט, ביז מען האָט זיי „איבערצייגט“, אז זיי זאָלן זיך לאָזן אָנלאָדן אין די וואגאָנען.

איצט פאָרט מיט זיי דער ארבעטס־דינסטלער ליאָן פישער. ער איז געווען א שטעטישער און אין זיין לעבן האָט ער נישט געהאט צו טון מיט קיין פערד. אָבער, ווי סיי וועלכער, וואָס האָט אמאָל געלערנט אין א ישיבה, האָט ער זיך גרינג אויסגעלערנט סיי וועלכע מלאכה. האָט ער זיך אויסגעלערנט אויך ווי אזוי אומצוגיין מיט פערד... אדרבה, איצט צווישן די פערד פילט ער זיך ווי א היימישער צווישן אייגענע. אים איז עס דאָ, אין דעם וואגאָן מיט די פערד, פיל ווארעמער און היימישער ווי די, וואָס פאָרן אָנגעטאָסעוועט צו פערציק מענטשן אין איין לאסט־וואגאָן.

הגם אין יענע וואגאָנען, וואו עס פאָרן די מענטשן, די ארבעטס־דינסטלער, איז פאראן אויך אן אייוועלע, אין וועלכן מע קאָן אריין

ווארפן עטלעכע קוילן (אויב מען האָט!), כדי זיך אָנצוואַרעמען — איז אָבער דאָ דאָך וואַרעמער. די בהמות, די פערד, מיט זייער אָטעם זענען זיי גובר די קעלט, וואָס קומט דאַכט זיך פון די אייזערנע ווענט פון דעם וואַגאָן...

לעאָן פישער איז נישט קיין בטלן. מע קאָן אים פאַררעכענען נאָר פאַר א האַלבן ישיבה־בחור, ווייל אין דער ישיבה האָט ער זיך אויסגע־לערנט אויך וועבעריי.

דאָס איז געווען דער אויפטו פונעם בערבעשטער רב, וואָס איז אין סיגעט געווען דער ראש הישיבה (אזוי איז ער געווען נאָר דיין!), צו עפענען א וועבעריי־פאַבריק מיט דער הילף פונעם דזשאָינט, וואו די ישיבה־בחורים זאָלן האָבן, וואו זיך אויסצולערנען אויך א מלאכה.

מע האָט אים גערופן דער בערבעשטער רב, ווייל פון בערבעשט האָט מען אים פאַרבעטן צו זיין ראש־בית־דין פון דער סיגעטער קהילה, ביז דער יונגער קאַנדידאַט אויפן כסא־הרבנות וועט אונטערוואַקסן, דער־ווייל איז ער נאָך צו יונג. ער האָט אָקערשט אָנגעהויבן לייגן תפילין, ווען זיין פאָטער, דער סיגעטער רב, איז יונגערהייט נפטר געוואָרן. איז דערווייל פירט אָן מיט דער ישיבה דער בערבעשטער רב.

אין דער ישיבה־פאַבריק האָבן די בחורים געאַרבעט א האַלבן טאָג, און א האַלבן טאָג האָבן זיי געלערנט גמרא און תוספות. טייל האָבן גע־לערנט פאַר מיטאָג און געאַרבעט נאָך מיטאָג, און טייל האָבן געאַרבעט פאַר מיטאָג און געלערנט נאָך מיטאָג. דאָס הייסט אז די פאַבריק האָט גע־אַרבעט אין צוויי שיכטן צו פיר שעה, פּראָדוצירנדיק צייג, נישט קיין טייערן, וואָס איז פאַרקויפט געוואָרן אויף הויזן, כשרע אָן א פאַרדאַכט פון שעטנז, סיי פאַר די ישיבה בחורים גופא, סיי פאַר אַנדערע חסידישע בעלי־בתים פון סיגעט, וועלכע האָבן געוואָלט זיין זיכער, אז זיי טראָגן נישט אויף זיך קיין שעטנז...

די ישיבה־פאַבריק איז געווען א מאָדערנער אויפטו, ווי אזוי צו העלפן פּראָלעטאַריזירן די מאַראַמאַרעשער יידישע יוגנט. איז עס טאַקע געווען א שול נישט נאָר אויסצולערנען א מלאכה, נאָר אויך א געלעגנ־הייט פאַר צו דערציען יונגע רעוואָלוציאָנערן. ווען מע וואָלט געווען געמאַכט אן אומגעריכטע אונטערזוכונג, וואָלט מען געווען געטראָפן אונ־טער די שטרוי־זעק מאַרקסיסטישע ליטעראַטור, וואָס די ישיבה־בחורים פלעגן לייענען בסוד און זיך איבערגעבן פון האַנט צו האַנט די אויסגע־לייענטע בראָשורן.

פון וואו זיי האָבן גענומען אזא לייען־מאַטעריאַל? אויף דעם האָט געזאָרגט די סיגעטער קליינע, אָבער גוט אָרגאַניזירטע פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע.

סיגעט איז דאָך געווען א גרענעץ־שטאָט מיט דער טשעכאָסלאָוואַקיי. ביז די טייס האָט זיי איבערגעטיילט אָט די צוויי מדינות. איבער דער סעלאָטווינער בריק זענען אריבערגעקומען יעדן זונטיק די רומענער, וואָס האָבן געוואוינט אין יענער זייט, אין דער טשעכיי און זענען געקומען יעדן זונטיק קיין סיגעט אין רומענישן קלויסטער. זענען אָט די דאָזיקע געווען די שליחים, וואָס האָבן מיטגעבראַכט מיט זיך צווישן זייערע „סידורלעך" אויך אָט דאָס מאַטעריאַל אין דער יידישער צי אין דער אונגערישער שפּראַך. אין דער טשעכאָסלאָוואַקיי איז אָט דאָס מאַטעריאַל געווען לעגאַל דערלויבט, האָט מען אזוי ארום געקאָנט באַקומען פון פּוילן, פון קאַרל קויטסקיס „דער פּראָגראַם פון גאָטאַ" ביז די פּאָפּולאַריזירנדיקע קליינע ביכעלעך פון וואַרשעווער „גראָשן־ביבליאָטעק".

האָבן די ישיבה־בחורים געלייענט און געלערנט...

טייל פון אָט די ישיבה־בחורים־פּראָלעטאַרן זענען טאַקע מיט דער צייט געוואָרן מיטגלידער פון א פּאַרטיי־קעמערל וואָס פלעגט זיך צונויפקומען בסוד, אין א שבת נאָך מיטאָג, נאָכן טשאָלנט, אין מילגאָרטן, צי אויפן סאָלאָוואַן־באַרג, און מען האָט דיסקוטירט וועגן דער קומענדיקער רעוואָלוציע.

טייל פון אָט די יונגע רעוואָלוציאָנערן זענען שפּעטער אַוועק געפאָרן אין דער בוקאָווינע, כדי צו זוכן פּרנסה און אויך „גייסטיקע שפּייז" פאַר זייער פּאָליטיש־רעוואָלוציאָנערער פאַרפּולקומונג, ווייל די סיגעטער לופט איז געוואָרן ענג פאַר זיי...

לעאָן פישערן האָבן די געשעענישן פאַרכאַפּט אין סיגעט, ווען די אונגערן זענען אריין אין צפון־טראַנסילוואַניע און מאַראַמאָרעש, אדאַנק דעם היטלעריסטישן ווינער אָפּמאַך אָדער בעסער געזאָגט דיקטאַט. די ישיבה־פאַבריק האָט אויפגעהערט אַרבעטן און איז געשלאָסן געוואָרן, צוליב די נייע פאַשיסטישע געזעצן.

איצט, ווען ער וויגט זיך דאָ, אין וואַגאָן, דרימלענדיק און וואַרעמענדיק זיך ביי דער פאַרע פונעם וואַרעמען אָטעם פון זיינע פערד, דערמאָנט זיך פישער. אַז איצט פאָרט ער שוין אייגנטלעך דאָס צווייטע מאָל קיין סאָוועטנפאַרבאַנד... דאָס ערשטע מאָל האָט ער עס געטאָן מיטן אייגענעם ווילן, אין סוף פערציקער יאָר, ווען ער האָט זיך געלאָזט מיט

נאָך אַ גרופּע חברים שוואַרצן די גרענעץ, כדי אָנצוקומען אין איינציקן מיזרח־אייראָפּעאישן לאַנד, אין וועלכן עס איז אין יענער צייט נישט געווען קיין יידן־געזעצן און אַלע בירגער זענען געווען גלייך...

דאָס איז געווען אין אַ עפּיזאָדע פון אַ פּסיכאָזע, פון וואַנדערן... תיכף נאָכן אַריינקומען פון די אונגערישע פאַשיסטן אין טראַנסילוואַניע און מאַראַמאַראָש האָבן זיך אָנגעהויבן שיטן יעדן טאָג נייע פאַרבאָטן. מען האָט נישט געטאָרט פאַרלאָזן אַפילו די שטאָט אָן אַ ספּעציעלער דערלויבניש. איז האָט מען אָנגעהויבן אַרויסקוקן נאָך די סאָוועטן. טייל זענען אַריבערגעלאָפן קיין רומעניע, וואו די פאַשיסטישע געזעצן זענען נאָך נישט געווען אַזוי האַרב. און טייל האָבן געוואַנדן זייער האָפענונג צום ראַטנפאַרבאַנד. אַזוי ווי די גרענעץ מיטן ראַטנפאַרבאַנד איז שוין געוואָרן אַ דירעקטע, זינט ווען די רויטע אַרמיי איז אַריין אין דער גאַליציע און סוב־קאַרפּאַטיע האָט מען געהאָפט, אַז זיי וועלן זיך נישט אָפּשטעלן און קומען ווייטער, אויך קיין מאַראַמאַראָש־סיגעט... האָט מען טאַקע געוואַרט אויף דער באַפרייאונג, ווי אויף משיחן... מע דערציילט טאַקע אַז דער קרעטשענעווער רבי פלעגט יעדן טאָג, פאַר מנחה־מעריב, אַרויס גיין אין הויף און אויפהויבן די אויגן צום הימל, ווי צו קידוש־לבנה, זען צי די רוסן זענען שוין געקומען... פאַרשטייט זיך, אַז די יוגנט, די וואָס האָט שוין געלייענט די מאַרקסיסטישע בראָשורן און געקאָנט אַ ביסל עברי אויף רוסיש, האָבן געלייענט אויך די „איזוועסטיאַ“, וואָס מען האָט געקאָנט קויפן אין סיגעט ביים צייטונגס־קיאָסק. אָט די יוגנט האָט נישט געקאָנט וואַרטן, ביז דער דאָזיקער משיח וועט קומען. מען האָט נישט געקאָנט וואַרטן, ווייל עס איז נישט געווען גענוג לופט אויף צו עטעמען... אויך פאַר לעאָן פישערן איז ענג געווען די לופט. קיין אַרבעט האָט ער שוין נישט געהאַט. די געזעצן האָבן אַרומגעצויגן די פּעטליע אַרום האַלדז, האָט ער זיך צונויפגערעדט מיט נאָך אַ גרופּע יונגעלייט און זיך געלאָזט גיין קיין ראַכעוו, צו דער גרענעץ...

איצט פאָרט ער שוין דאָס צווייטע מאָל צו דער גרענעץ. דעמאָלט האָט אים די אונגערישע גרענעץ־וואַך געכאַפּט, איינגעשפּאַרט אין תפיסה און דערנאָך אים געמשפּט פאַר פּרוּוון שוואַרצן די גרענעץ... איצט פירט מען אים, כמעט אונטער דער זעלביקער וואַך, אין דער אוקראַינע — וועט עס זיך אים איינגעבן אַריבערצולויפן צו דער רויטער אַרמיי? דאָס איז די איינציקע פראַגע, וואָס ער האָט איצט צו לייזן.

איז אז די באַן איז שוין אָנגעקומען אויף דער פּוילישער און דער־נאָך אויף דער סאָוועטישער זייט, האָט זי אָנגעהויבן פאָרן פּאַמעלעכער. איצט איילט מען זיך שוין נישט. ביז איצט, ווען מען איז נאָך גע־ווען אויפן אונגערישן באָדן, ד׳ערנאָך אויפן עסטרייכישן — איז די באַן געלאָפן, כמעט נישט אָפּגעשטעלט זיך. איצט שטייט מען מער אין די סטאַציעס ווי מען זאָל פאָרן... נעכטן איז מען געשטאַנען א גאַנצן טאָג אויף א וואָקזאַל. מען האָט די באַן מאַנעוורירט אויף א טויטער ליניע — לאָז זי וואַרטן. זעענען די וואַגאָנען געוועזן פאַרריגלט און מען האָט געוואַרט...

לעאָן פישער האָט איין געדאַנק, אָנצוקומען וואָס גיכער אויפן פראָנט און דאָרט וועט ער פּרואוון אריבער צו דער רויטער ארמיי, (אָ־דער לכל הפחות צו א פּאַרטיזאַנער־גרופּע!) אויב דאָס גליק וועט אים צושפּילן, וועט ער זיך ר׳עאַליזירן זיין לאַנגסטיקן חלום...

וויפל יוגנטליכע פונעם צוואַנגאַרבעטס־באַטאַליאָן האָבן דען נישט אין דיעם מאָמענט געהאַט דעם זעלביקן געדאַנק?!

*

... און די באַן פאָרט, פאָרט, און פאַרשלעפּט מיט זיך אין דער אוקראַינע א באַטאַליאָן מיט יידישע ארבעטס־דינסטלער, וועלכע האָרטי האָט געגעבן ווי אַן אויסהילף פאַר היטלערן, איינצונעמען רוסלאַנד און ביי׳צוקומען די רויטע ארמיי... אויך זיי, די צוויי הונדערט צוואַנציק אר־בעטס־דינסטלער העלפן „באַפרייען״ דיעם שטח פון דער אונטערקאַרפּאַטי־שער אוקראַינע, און פון גאַליציע, און א טייל פון ד׳ער אוקראַינע גופא, כדי צו מאַכן איין גרויס אונגערן, וועגן וועלכן קיין שום פריערדיק דור האָט נישט א מאָל געחלומט...

צוויי הונדערט צוואַנציק יידן (בלויז אויפן פּאַפּיר זענען זיי אַזוי פיל, ווייל איבער צען פון זיי זענען שוין נעלם געוואָרן, ווער ווייסט, וואו זיי באַהאַלטן זיך אויס!), פּ׳פּצן אונגערן פון דער מאַנשאַפט, וואָס קאָ־מאַנדעווען דיעם ארבעטס־באַטאַליאָן און זעכצן מאַגערע פערדלעך, וואָס האָבן צו שלעפּן אכט וועגן מיט דער לאַדונג... אלע זענען זיי איצט אויפן וועג קיין מיזרח...

לעאָן פישער האָט זיך דערווייל געקוילערט פון איין זייט אויף דער צווייטער אויף א בינטל היי, אויפן דיל פונעם וואַגאָן, און געחלומט. פון

צייט צו צייט האָט ער געכאַפּט א בליק צווישן די שפּאַרעס פון דער טיר און געזען וואַגאָנען, וואַגאָנען, וואָס מע קאָן זיי נישט א מאָל איבערציילן, אזוי פיל זענען זיי. מאַסנווייז, אָנגעלאָדענע און ליידיקע, וואָס שטייען און רוען זיך אָפּ פון זייער מידן וועג פון מיזרח קיין מערב און פון מערב קיין מיזרח — אָבער אלע האָבן אויף זיך דעם כאַוועטישן צייכן, דעם האַמער איבערגעקרייצט איבערן סערפּ, ווי א צו להכעיסדיקער קאָנטראַ־פּונקט קעגן פאַשיסטישן האַקנקרייץ... נעבן אים איז געווען א שטערן מיט פינף שפּיצן: איינער האָט געוויזן צום הימל און פיר צו די קאַרדינאַל־פּונקטן. ער וואָלט אויסגעזען ווי א מגן־דוד, אָבער ס׳האָט געפעלט דער זעקסטער שפּיץ, וואָס זאָל ווייזן צו דער ערד, אויף וועלכער מע זאָל שטיין מיט די שוואַכע, ציטערנדיקע פיס, פילנדיק אונטער זיי פעסטן באָדן...

*

...נו, איז דען דאָס א סוף פון א מעשה?

יאָ, עס איז טאַקע אמת. די מעשה איז נישט געענדיקט. אזוי ווי קיין שום יידישע מעשה האָט נישט קיין סוף, הגם כמעט אין יעדן דור האָבן זיך געפונען שונאים וואָס האָבן זיך געבראָכן זייער טעמפּן מוח, ווי אזוי א סוף צו מאַכן. אָבער דאָס טופּסטע קאַפּיטל פון דער יידישער מעשה איז תמיד געווען אויך ווי אַן אָנהויב קאַפּיטל, אַן ערשט קאַפּיטל, צו א נייער מעשה...

איז דאָך יעדע מעשה אונדזערע נישט מער ווי א רינגעלע אין דער לאַנגער אומענדלעכער קייט פון אונדזער קיום, וואָס איז געווען און וועט אוודאי זיין אָן א סוף.

די געלע אָרעמבאַנד אָדער די מעשה פון דער געלער אָרעמבאַנד, איז דאָך אויך נישט קיין באַזונדערע אומאָפּהענגיקע מעשה, נאָר איז א רינגעלע, ווי אלע זענען עס געווען אויך ביז היינט, אין איין לאַנגער קייט מעשיות, וואָס האָבן זיך אָנגעהויבן נאָך צוריק מיט קנאַפּע פיר טויזנט יאָר און וועלן זיך אוודאי נישט ענדיקן קיין מאָל... סיידן באחרית הימים.

פון די אַרבעטס־דינסטלעך מיט די געלע אָרעמבענדער זענען טאַקע אומגעקומען דער רוב פון זיי, אָבער די דאָזיקע וואָס זענען געבליבן, וואָס האָבן איבערגעלעבט, האָבן זיך מיט דער צייט איינגערייעט אין פאַרשידענע איינהייטן, וואָס האָבן געקעמפט אויך מיט דער ביקס אין די הענט, קעגן פאַשיסטישן שונא. זיי האָבן שפּעטער נישט ווייניק בייגעטראָגן,

אין א געוויסער מאָס צום צעשמעטערן די אלטע וועלט און צו שטעלן א יסוד פאר א נייער וועלט...

איז עס דאָך אן אנדערע געשיכטע א שפּאָגל נייע...

דערפאר טאקע זעט אויס די דאָזיקע מעשה ווי אומפאַרענדקט ווי אלע מעשיות. ווייל וואָס סע האָט פּאסירט ווייטער געהער שוין נישט אהער. איז דערפאר לאָמיר זאָגן אז דאָ ענדיקט זיך בלויז א קאפּיטל פון דער מעשה, פון דער אייביקער יידישער געשיכטע.

...די יידישע געשיכטע איז דאָך אייביק.

# מיין ברודער פּיוויש

נאָך מיין גייסטיקן פאָטער,
דעם קדוש ר׳ **הערשל גערטנער** זצ״ל,
האָט איבערגעלעבט א זון, **שלום־אריה**;
ווי מיט א ברודער האָב איך א סיכסוך,
וועגן דער חסידות־ירושה פון וויזשניץ
(ער האָט גענומען דאָס התנהגות —
מיר זענען געבליבן די מעשיות!).
ווידמע איך אים, און זיין **מלכה**,
אָט די מעשה, ווי א חלק־אויסצאָל...

## דער ברודער ווערט א שמוגלער

ביי אונדז אין שטוב האָט מען געלעבט פון גאָרנישט. מיין פאָטער האָט אין דער צייט קיין געשעפטן נישט געמאכט. עס איז געווען דאָס ביסל פעלד וואָס מיר האָבן געהאט, וואָס איז איבערגעבליבן בירושה פונעם זיידן, איז האָט מען דערפון קוים געהאט אויפן שטיקל ברויט.

אייגנטלעך האָט עס דער זיידע פאר אונדז נישט איבערגעלאָזט בי־רושה. דאָס וואָלט אונדז אפשר צו לייכט אָנגעקומען (אונדז איז קיין מאָל גאָרנישט אָנגעקומען לייכט!). איבערגעלאָזט האָט ער עס לעת־עתה פאר דער באָבע, ביז זי לעבט. נאָר שפּעטער, נאָך איר אָפּלעבן, איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר, וועלן מיר עס ירשענען... דערווייל וואוינט די באָבע ביים פעטער לייב — ממילא איז עס ער דער גאַנצער יורש, נישט מיר.

אזוי איז עס געגאַנגען עטלעכע יאָרן. לויט דעם זיידעס צוואָה, מיר האָבן זיך צוגעקוקט מיט קנאה־בליקן, ווי דער פעטער לייב נוצט דעם גאַנצן גאָרטן, האָט פון וואו צונויפצונעמען א ביסל קאַרטאָפל, מאַליי, פאַסאָליעס און טייל מאָל א ביסל ווייץ אויף שמירה־מצות. מיר האָבן זיך צוגעקוקט איין יאָר, דאָס צווייטע, און אז אויפן דריטן יאָר האָט מען געזען, אז די באָבע זאָל מאריך ימים זיין — איז געזונט און שטאַרק, האָט מען אָנגעע־

הויבן רעדן אנדערע דיבורים: וואו שטייט עס געשריבן אז מיר זאָלן נישט האָבן א סטעבלע היי אויך פאר אונדזער קו? איז האָט עס זיך אזוי אָנגעהויבן. קודם האָט מען אָפּגעקאָסעט א שטיקל פעלד, כדי מיר זאָלן האָבן א ביסל היי צו האָדעווען די קו. דערנאָך האָט מען צעגראָבן לעבן אונדזער שטוב א שטיקל ערד און געמאכט עטלעכע בייטן, כדי מיר זאָלן האָבן וואו אָנצוזייען עטלעכע ציבעלעס, רעטעכער, מייערן און אנדער גרינצייג, וואָס זענען נויטיק אין א שטוב. דערנאָך, שפּעטער מיט א יאָר האָט מען געזעצט עטלעכע קארטאָפל און אזוי זענען מיר צו ביסלעך אריין אין דער חזקה פון אונדזער ירושה, וואָס דער זיידע האָט אונדז איבערגעלאָזט, נאָך אין דער צייט, ווען די באָבע האָט נאָך גע־לעבט.

אמת, עס איז אונדז נישט זייער לייכט אָנגעקומען. אָבער ווי גע־זאָגט, וואָס קומט אָן לייכט? כל־זמן א מענטש לעבט, קומט אים גאָרנישט אָן לייכט. בכל־אופן, ביי אונדז אין שטוב איז גאָרנישט אָנגעקומען לייכט. דאָס אלץ איז אָנגעקומען מיט מחלוקת, מיט קריגערייען, וואָס האָבן אָנ־געהאלטן א גאנצן ליבן זומער, ווען עס איז דער סעזאָן פארן באארבעטן דאָס פעלד. אין הארבסט, בעסער געזאָגט ערב יום־כיפור, אָדער שפּעטסטנס הושענא־רבה, האָט זיך דער טאטע איבערגעבעטן מיטן פעטער, די מאמע מיט דער מומען, מען האָט זיך אָנגעוואונטשן א גוט יאָר, א גמר התימה טובה, און עס איז געווען א צייטווייליקער שלום אין אונדזער משפּחה כמעט א גאנצן ווינטער... אָבער אזוי ווי דער שניי האָט זיך נאָר אָנגעהויבן צו טאָפּען און עס האָבן אָנגעהויבן שפּראָצן אויפן פעלד די ערשטע גרעזלעך — האָט עס זיך איבערגעחזרט פון דאָס ניי. ווידער האָט מען אָנגעהויבן דעם ברוגז. מע קען שוין זאָגן דעם טראדיציאָנעלן ברוגז צווישן יידן אָדער נישט־יידן מאראמאָרעשער יורשים... איין מזל איז נאָך געווען, וואָס ביי אונדז האָט מען זיך נישט געשלאָגן מיט קיין העק, ווי עס פלעגן טון ביי אזעלכע פאלן די פויערים, אונדזערע שכנים.

איז דערפאר לאָמיר זאָגן, אז מיר האָבן געהאט א שטיקל פעלד וואָס מיר האָבן באקומען, אָדער גענומען, בירושה. איז שוין געווען א ביסל היי פאר דער קו, נעבן וועלכער מיר האָבן געוויינטלעך אויפגע־וואקסן אויך א טעלעטשקעלע. האָט מען פארקויפט יעדן טאָג עטלעכע ליטער מילעך, פון וואָס עס האָט זיך געדרייט א ליי אין שטוב. אפילו דעם מלמד, ביי וועלכן איך האָב געלערנט, האָט מען אויך געצאָלט מיט א ביסל קארטאָפל, פאסאָליעס, ציבעלעס און א סך מאָל מיט „גאָרנישט“.

מײַנע פיר שוועסטער, אײַנע גרעסער פון דער אַנדערער, האָבן טאָג און נאַכט מער זיך געקריגט װי געאַרבעט. אָן אַרבעט האָבן זײ אײגנטלעך נישט געקאָנט לעבן און אָן מחלוקת האָבן זײ, װײַזט אױס, נישט געקאָנט אַרבעטן. זײ זענען געזעסן מיט די געבױגענע רוקנס און האָבן גענײט, געשטיקט טולענע פּירהאַנגען, געהעקלט זײַדענע קנעפּ, פּאָלסטערלעך, לױפערס, מיטלערס, אָדער אױסגענײט װאונדערשײנע תּפֿי־לין־בײטעלעך פֿאַר חתנים, װעמענס כּלות עס האָט זיך נישט געװאָלט ברעכן דעם רוקן און זיך אַרױסנעמען די אױגן בײַם אױסנײען אַ תּפֿילין־בײטעלע צי אַ טלית־זעקל. די שװעסטער מײַנע האָבן דערפֿון געהאַט אַרױפֿצוװאַרפֿן אױף זיך אַ קלײד, צו קױפֿן זיך אַ שקעטעלע פּודער, פֿאַר װאָס די מאַמע איז געװען ברוגז. זי האָט געזאָגט, אַז זי האָט קײן מאָל אױף איר פּנים קײן פּודער נישט געלײגט, הגם זי איז אױך אַמאָל אַזױ יונג געװען. זי האָט זײ געראָטן צו נוצן אַנשטאַט פּו־דער, װײַס קראָכמאַלנע מעל געמאַכט פֿון קאַרטאָפֿל. אַזױ פֿלעגט זי אױך טון...

נאָך מער האָט די מאַמע געהאַט צו טון מיט דער עלטסטער, מיט בראַנען, — זי האָט געהאַט פֿאַרשידענע שגעונען. זי האָט, למשל, נישט געװאָלט עסן. זי האָט געפֿאַסט תּעניתים און זיך באַגניגט מיט טרינקען טײ, כּדי זי זאָל נישט אױסזען אַזױ דיק. זי האָט זײַער געװאָלט אױסזען יונגער, אײדלער... יעדער בײַ אונדז האָט פֿאַר איר דרך־ארץ געהאַט. קײנער האָט נישט געװאַגט אָנצורירן אירע זאַכן. חוץ דעם װאָס מען האָט מורא געהאַט פֿאַר איר מױל, האָט מען געהאַט עפּעס אַזאַ מין רחמנות־געפֿיל, װאָס מען האָט געװײנטלעך צו אַ באַעװלהטן, אָדער צו אַן אינ־װאַליד. און װאָס מער מען האָט זי אױסגעמיטן, געבלאָזן איר דעם פֿלאַץ, אַלץ מער מיוחס האָט זי זיך געהאַלטן, אַראָפּגענומען יעדן דעם קאָפּ, גלײַך עמעצער װאָלט דערין שולדיק געװען, װאָס זי קאָן זיך נישט צוטרעפֿן אַ חתן... מײַנסטנס האָט זי זיך נישט געקאָנט אײַנפֿאַרשטײן מיט דער יונג־סטער שװעסטער, מיט בלימען. זי איז נאָך געװען אין די בליענדיקע יאָרן. זי האָט יאַקמײ געבליט װי אַ רױז, זי איז געװען אָן אױסגעלערנטע שנײַדערין, האָט געהאַט איר נײמאַשין און גענײט פֿאַר די פּױערטעס דיקע, װאָלענע װעסטלעך, קלײדער און פֿאַרטעכער. זי האָט תּמיד געהאַט עפּעס קלײן געלט בײַ זיך און זיך געקאָנט פֿאַרגינען צו קױפֿן אױך אַ ליפּנשטיפֿט און געלאַכט פֿון די אַנדערע שװעסטער, װען זײ האָבן זיך געפֿאַרבט די ליפּן מיט רױט פּאַפּיר פֿון קאַװע־פּעקלעך, פֿון ציקאָריע.

אין שטוב, אין אונדזער משפחה, האָט מען זי אויך ליבער געהאַט, ווייל זי האָט דאָך עפּעס פאַרדינט, אַז נישט מיט דעם, איז מיט עפּעס אַנ־דערשט. זי האָט געקאָנט באַקומען פון אַ פּויערטע כאָטש אַ פּאָר אייער פאַר שרייבן אַן אַדרעס, אָדער גאָר אַ גאַנצן בריוו. זי האָט געוואוסט, ווי אַזוי צו געווינען זייער צוטרוי. די מאַמע האָט זיך תמיד געחידושט: „הלוואי העט איך מיך מיט די איבעריקע אַזוי געזאָרגט, ווי אַזוי איך זאָרג מיך מיט דער!" ...ווייל אַז עס איז געקומען אַ בחור אויף אַ „באַ־שוי" צו דער עלטסטער שוועסטער, האָט ער זיך אויך דערנאָך געאייסערט פאַרן שדכן, וועלכער האָט שפּעטער דערציילט בסוד פאַר דער מאַמען, אַז ער וואָלט גיכער גענומען די יונגסטע, בלימען, אויך אָן נדן אפילו.

פאַרשטייט זיך, אַז מיר וואָלטן געוועין אויך איינגעגאַנגען, אַבי איינע פון די מיידן פּטור צו ווערן — איז זי דאָך אָבער געווען די יונגסטע...

דער אמת איז אָבער געווען, אַז ווען די שוועסטער מיינע, בפרט די עלטסטע, בראָנע, וואָלט זיך געווען אַ ביסל אַראָפּגעלאָזט מיט אַ טרעפל, ווי מע זאָגט, געגעבן ביליקער, וואָלט זי שוין לאַנג געקאָנט אַ כלה ווערן; דער פעלער איז אָבער געווען, וואָס מיר האָבן געהייסן, פאַרן דרויסן, בעל־בתישע מענטשן, אָבער אין שטוב האָט געפּייפט דער דלות... דאָס וואָס יעדער פון אונדז האָט געוואוסט — בלויז זי, איינע, בראָנע, האָט דאָס נישט געוואָלט וויסן, נאָר געבלאָזן פון זיך, גלייך זי וואָלט געווען איך ווייס נישט וועמענס טאָכטער...

דער ברודער, פייוויש, אַז ער האָט אויפגעהערט צו לערנען אין דער ישיבה, האָט ער זיך נישט געוואוסט צו וואָס צו נעמען. קיין מלאכה האָט ער נישט געקענט. צום האַנדלען, ווי אַנדערע, האָט ער זיך נישט אויספאַרשטאַנען, ווייל אפילו דער טאַטע מיינער איז אויך נישט געווען גוט פאַר קיין סוחר, איז האָט ער נישט געהאַט פון וועמען זיך אָפּצולער־נען. איז וואָס זאָל ער געווען טון? ער איז אַרומגעגאַנגען אָפּגעריסן, אָפּגעשליסן, נאַקעט ווי אַ ריבל. ער האָט נישט געהאַט קיין איין גוטן אַנצוג אויף זיך, מיט וואָס צו גיין שבת צו מנין. ער האָט נישט גע־וואוסט זיך אַן עצה צו געבן. מיט וואָס אָנצוהייבן צו פאַרדינען עפּעס אַ גראָשן. איז ער געזעסן, ווי אַלע ישיבה־בחורים פון זיינס גלייכן, און זיך אָפּגעגעבן מיט אַזעלכע זאַכן, וואָס האָבן אים נישט געטראָגן אויף פּרנסה — ער איז געזעסן און געלייענט ביכער.

ווייזט אויס, אז אין די ביכלעך האָט ער טאַקע געזוכט צו דער־גענצן דאָס, וואָס ער האָט נישט דערלערנט אין דער גמרא און אין דער יורה־דעה, ביי וועלכע ער האָט פאַרבראַכט זיינע יונגע יאָרן. ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, האָט ער געזוכט אין די ביכלעך צוויי וועגן מיט אַ מאָל. ראשית ווי אַזוי פּערזענלעך אויפגעריכט צו ווערן, און שנית — ווי אַזוי אויפצוריכטן די „וועלט". דאָס הייסט „די גאַנצע מענטשהייט"... טאָג און נאַכט האָט ער זיך געבויערט דעם קאָפּ, געחשבונט און דער־ביי געציילט, דורכטאַנצנדיק נאָך דער ריי די פינגער פון זיין רעכטער האַנט איבערן טיש, אָדער געדרייט אַ שרייבפעדל אין דער האַנט, פאַר־טראַכט, ווי אַזוי מע קאָן אויפגעריכט ווערן...

ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, איז ער געווען פאַרנומען נישט נאָר מיטן איבערמאַכן די גאַנצע וועלט און איר געזעלשאַפט, וועלכע האָט לויט זיין מיינונג אירע יסודות אויף אומרעכט און עקספּלאָאַטאַציע. נאָר ער האָט זיך געבויערט דעם קאָפּ ווי אַזוי צו מאַכן עפּעס אַזאַ מין דערפינדונג, פון וואָס מיר זאָלן מיט אַ מאָל ווערן עשירים, הגם, ווען מיר וועלן משפּטן אויבערפלעכלעך, ווייזט עס אויס צו זיין אַ קאָנטראַסט. וואו קומט עס צו איינעם, וואָס וויל אויפריכטן די גאַנצע מענטשהייט, העלפן שאַפן אַ נייע געזעלשאַפטלעכע אָרדענונג — זאָל ער גאָר זיך פאַרנעמען מיט אַזעלכע זאַכן, פּראַקטישע אָדער פאַנטאַסטישע ווי אַזוי מע וויל עס אָנרופן, כדי צו ווערן אַן עושר?! איז עס אָבער נישט קיין חידוש געווען ביי אונדז, אין מאַראַמאַרעש... דאָ האָט עס געקאָנט געמאָלט זיין, אַז אַזאַ איינער זאָל זיך באַטייליקן אין אַן אומלעגאַל פּאַרטיי־קעמערל, טון בלויז געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט און — ווי אַ נאָרמאַלע זאַך — שפּעטער חתונה האָבן און אָנטון אַ שטריימל, זאָגן אַ דרשה נאָך דער חופּה און עסן קעסטביים שווער... וואָס איז דערנאָך געוואָרן מיטן פּאַרטיי־קעמערל? דאָס האָט געפירט זיין לעבן ווייטער, אָן דעם יונגנמאַן. אויף זיין אָרט איז געקומען אַן אַנדערער ישיבה־בחור אָדער געוועזענער ישיבה־בחור.

דער חתונה־געהאַטער האָט געדאַרפט אָנהייבן זוכן פּרנסה, האָט ער שוין מער נישט קיין צייט געהאַט זיך אָפּצוגעבן מיט „געזעלשאַפטלעכער" טעטיקייט, ער האָט געמוזט זוכן אויף פּרנסה. האָט מיין ברודער אויך אַזוי געטאָן. ער האָט זיך געבויערט דעם מוח ווי אַזוי אַן עושר צו ווערן, און אַ מאָל האָט עס טאַקע אויסגעוויזן אַז אָט־אָט...

די ביכלעך, וואָס פּיוויש האָט געלייענט, זענען נישט געווען קיין יידישע. אין די יידישע האָט ער געפונען נאָר, ווי אַזוי אויפצריכטן די

געזעלשאפט. אויף אן עושר צו ווערן האָט ער באשטעלט פון דייטשלאנד אנדערע ביכער, פאר וועלכע ער האָט נישט א מאָל געדארפט באצאָלן. ער האָט זיי באשטעלט אויף באָרג. זיי האָבן געהאט כל־ערליי געמעלעכצער פון רינגעלעך, שטריכעלעך, גאנצע רייערלעך און דער ברודער האָט זיי איבערגעמאָלט אויף פאפיר.

בעת דער ברודער האָט זיך אָפּגעגעבן מיט אָט דער ארבעט, איז דער טאטע ארומגעגאנגען מורמלענדיק. דער טאטע האָט נישט פארשטאנען אזעלכע חכמות. ער האָט געזען אז דער ברודער טוט נישט גאָרנישט, וואָס זאָל בייטראָגן צו דער פרנסה, נאָר זיצט תמיד איבער די ביכלעך זיינע, האָט ער נישט געשוויגן.

פון וואנעט זאָל ער געוועזן וויסן, אז דער ברודער קלערט נישט וועגן עפעס אנדערש, נאָר טאקע ווי אזוי אן עושר צו ווערן? איז האָט ער אים דערוויייל געהאָדעוועט מיט מוסר פון אין דער פרי ביז אויף דער נאכט:

— וואָס קלערסטו דיר, פייוויש, וואָס? וואָס קאָן זיין דער תכלית פון דיר, וואָס וועסטו דיר דערלעבן פון דיינע ביכלעך?... האָסטו געהערט א מעשה? ! א ייִנג זיצט און ברעכט זיך דעם מוח איבער אזעלכע פוסטע „מאָנקאָליעס“, פון וואָס ער׳ט נישט האָבן איין אָנבייסן נישט... וואָס טראכטסטו דיר, וואָס? א ייִנג פארלייגט זיך אויף אן אלטן קראנקן פאָטער און זיצט. ביז ווי לאנג נאָך וועל איך אויף דיר הארעווען, ביז ווען, האא־א?!... א „געבילדעטער מענטש“ איז ער מיר! לאָמיר זען, זאָלסט דיר ארויסזוכן צו פארדינען כאָטש אויף א פאָר הויזן, לאָמיך זען? — שווייגט ער. רעדט צון אים און רעדט צו דער וואנט! — נו־נו, כ׳העט שוין ליב געהאט צו זען וואָס דער סוף קאָן זיין!...

מיין ברודער האָט אים קיין מאָל מיט קיין וואָרט נישט אָפּגעענטפערט. ער האָט נישט אקעגנגערעדט, ווען דער טאטע פלעגט אים אויס־שורהען אזא שורה מוסר, נאָר געזעסן תמעוואטע פארטראכט, געקוקט אים אין די אויגן, גלייך ער וואָלט נישט פארשטאנען, וואָס דער טאטע וויל פון אים.

און איך האָב אָנגעהויבן גוט נאָכצוקוקן מיין ברודער, צו זען וואָס ער טוט. איך האָב נישט פארשטאנען, פאר וואָס ער שווייגט, ווען דער טאטע שיט אים אויס דאָס קאפיטל מוסר: „וואָס׳עט זיין דער תכלית?“ דערפאר האָב איך געהאט א פארדאכט, אז עפעס קלויצעט ער, עפעס גרייט ער צו, ווען ער זיצט און שווייגט — און אין איינעם א טאָג, בין איך גְעווען זיכער, וועט ער רעדן, ווען ער וועט האָבן וואָס אויפצווייזן...

און אז איך האָב באַמערקט, אז ער באַברעט זיך אַרום מיט עפּעס, בסוף קיינער זאָל נישט זען, מיט קליינע רעדעלעך ווי פון א זייגער, מיט שרייפעלעך — האָב איך מיר אויך געטראַכט, אַזוי ווי דער טאַטע האָט געזאָגט: „כ׳העט שוין ליב געהאַט צו זען וואָס דער סוף קאָן זיין?״...

...און דער סוף איז געקומען.

אין איינעם א טאָג האָט דער טאַטע דערזען, אַז דער ברודער לייגט צו עפּעס א קליין מאַשינדל צו דער שוועסטערס ניימאַשין און באַדנערט און באַדנערט און ווערט נישט פאַרטיק.

די שוועסטער, בלימע, האָט געשריגן צו אים, אז ער זאָל זי לאָזן בייען, ער זאָל זי נישט דילן דעם קאָפּ מיט זיינע פּוסטע מעשיות.

פייוויש האָט געהאַלטן אין איין זאָגן: „שוין, שוין־שוין!״ און ער איז אַלץ נישט פאַרטיק געוואָרן. דעמאָלט איז דער טאַטע צוגעגאַנגען, מיט אזא אימפּעט, אז דאָס בענקל, אויף וועלכן ער איז געזעסן, איז אים שיער נישט באַכגעלאָפן, אזא כאַפּ האָט ער זיך געטאָן:

— דו גייסט אוועק פון דאָרט, פייוויש, צי נישט? דו ירבעם בן־נבט וואָס דו ביסט, לאַ־די דו טוסט נישט גאָרנישט, לאָזסטו זי אויך נישט אַרבעטן !... א יינג זיצט און שפּילט זיך ווי א פּיצעלע קינד מיט זיינע פּוסטע „מאַנקאַליעס״. צו עסן גיט מען אים — האָט ער אַן אַנדערע דאגה?!... וואָס איז שוין דאָס, וואָס?

— זעסט דאָך וואָס.

— וואָס זע איך, וואָס? — — — — כ׳זע דו שפּילסט דיך ווי א פּיצעלע קינד מיט שפּילעכלעך. א ספק ׳עסטו נישט נעמען אין די הענט אַריין, אין דער צייט וואָס דו ברענגסט דיר אָן מיט גאָרנישט !

דאָס מאָל וואָלט איך געוועזן געוואָלט, אז דער ברודער מיינער זאָל ווי געוויינטלעך פאַרשווייגן און זאָל נישט אָפּענטפערן דעם טאַטן. ער זאָל נאָר אויף א מאָל, ווען דאָס מאַשינדל, וואָס ער האָט געמאַכט, וועט שוין זיין געלונגען, אין וואָס איך בין געוועזן מער ווי זיכער, און ערשט דעמאָלט זאָל ער ווייזן פאַרן טאַטן: אָט־א־דאָס איז מיין מוח און דאָס איז מיין פאַרדינסט... אויף דעם האָב איך געוואַרט, ווייל איך האָב געהאַט צוטרוי צו מיין ברודער, איך בין ביי מיר זיכער געוועזן, אז אין א שיי־נעם טאָג וועט עס מיין ברודער דאָך געלינגען (וואָס? אויף קלאָר האָב איך נישט געוואוסט וואָס אַזוינס עס דאַרף געלינגען, איך האָב אָבער געהאַט צוטרוי צו אים. אויב ער מאַכט עפּעס, איז וועט עס באַשטימט געלינגען,

און דאָס וועט אויך מסתמא אים נוצן צו עפּעס), אויף דעם האָב איך גע־וואַרט. — עס איז אָבער נישט אַזוי געשען.

דער ברודער האָט אים אָבער דאָס מאָל יאָ אָפּגעענטפערט:

— מיט גאָרנישט ברענג איך מיר אָן די צייט?! זעסט דאָך, אַז כ'האָב עפּעס געמאַכט!

— כ'זע ד'האָסט עפּעס געמאַכט! לאָמיך זען, לאָז דיר עמעצער געבן כאָטש איין לעכערדיקן גרייצער פאַר דיין אַרבעט?

— דו ווייסט נאָר איינס: גרייצערס און גרייצערס און גרייצ...

— אַוודאי ווייס איך נאָר פון גרייצערס — האָט אים דער טאַטע איבערגעהאַקט די רייד — וואָס דען: דו ווייסט? דו זאָרגסט עפּעס פון וואו מע זאָל נעמען אויף אַ שטיקל ברויט? דו ווייסט נאָר :יך צו זעצן צום טיש און „גיב עסן", גלייך עמעצער וואָלט דיר מחויב געווען אָנצו־פּאָרן... איך שווייג — — — נאָר זאָג אַליין: דו זעסט, אַז ס'איז דאָ פון וואַנעט, ס'גייט מיר אַזוי גוט אַז דו זאָלסט דיך אַרומשפּילן מיט אַזעלכע שפּילעכלעך? וואָס איז דאָס, וואָס? האַ־אַ!...

דער טאַטע האָט אַ נעם געטאָן דאָס מאַשינדל, וואָס דער ברודער האָט צונויפגעשטעלט פון די רעדלעך און ער האָט עס אַריינגעוואָרפן אין פייער מיט אַזאַ כעס, אַז די באָרד האָט ביי אים אַזש געציטערט:

— פּטור!... אָן עק זאָל עס נעמען! אָדער דו'עסט זיין אַ מענטש, אָדער נישט. איכ'ל דיך נישט האַלטן, דיר געבן צו עסן — און דו זאָלסט דיר אָנבורענגען די טעג מיט גאָרנישט... האָסטו געהערט אַ מעשה?! אַ יינג פאַרלייגט זיך אויף אָן אַלטן קראַנקן פאָטער און זיצט, ווי אויף להכעיס, און טוט נישט גאָרנישט! וואָס וועט זיין דער תכלית, וואָס?... אַ ספר וועסטו נישט נעמען אין די הענט, אַניין?...

(דער פּסוק „אַ ספר וועסטו נישט נעמען אין די הענט" איז געווען אַ מין רעפרען, כדי אַריינצושטעלן דאָס שמד־שטיק אין דער יראה. ווייל אין יענעם מאָמענט איז דאָך דעם טאַטן נישט אָנגעגאַנגען קיין ספרים. ער האָט גיכער געוואָלט זען דעם ברודער, אַז ער זאָל זיך אָפּגעבן מיט פּראַק־טישערע זאַכן, וואָס זאָל ביישטראָגן צו דער פּרנסה אין שטוב. אָבער דאָס „ספר" איז אים אַרויס פונעם מויל, פון געוואוינהייט. דאָס האָט געהערט צום מוסר. מען האָט דאָך געפילט, אַז אין זיין אויפרעגונג, גייען די ווער־טער נישט־קאָנטראָלירטע, ווי ווילדע, איבערגעשראָקענע פייגל וואָלטן אַרויסגעפלויגן פון זיין מויל!).

דער ברודער האָט זיך אויפגעכאַפּט, ווי א צעררייצטע חיה. מען האָט געקאָנט מיינען, אז ער וועט צופאַלן צום טאַטע אים שלאָגן. קודם האָט ער זיך געלאָזט לויפן, ארויסנעמען דאָס מאַשינדל פון דער שפּאָר, אָבער באַלד האָט ער זיך צוריקגעצויגן, גלייך מען וואָלט אים געוועז אָפּגעגאָסן מיט א קאַלטן עמער וואַסער. אפשר ווייל ער האָט געזען אז דאָס מאַשינדל זיינס קאָן שוין נישט מער געראַטעוועט ווערן פון די פייערדיקע צונגען? ער האָט זיך צו ביסלעך ווי צוריקגעצויגן, הגם מען האָט אויף אים דערקענט, אז דאָס בלוט קאָכט אין אים. ער איז ארויס פון דער שטוב און איבערגע־לאָזט דעם טאַטן שרייענדיק: א ספר וועסטו נישט נעמען אין די הענט!...

דער ברודער איז ארויפגעקראָכן אויפן שטאַלן בוידעם, זיך איינ־געקאָרטשעט אין היי און געלייענט זיינע ביכלעך...

די מאַמע האָט צו אים געשריגן, אז ער זאָל אראָפּגיין פון דאָרטן, די הינער קאָנען זיך נישט לייגן, שוין פון ווען קאָטקאָדאַקעט איינע און קאָן זיך קיין אָרט נישט געפינען צו לייגן איר טעגלעך איי, האָט די מאַ־מע געזאָגט. דער ברודער האָט זיך אָבער נישטוויסנדיק געמאַכט.

# פּערפּעטואום מאָבילע

אין א פרייטיק פאַר מיטאָג.

די מאַמע איז ארומגעגאַנגען פּאַרפּאַרעט מיט א מעליקער נאָז — זי האָט געבאַקן חלות. אייגנטלעך האָט זי געבאַקן ברויט אויף דער גאַנצער קומענדיקער וואָך, ווי אין רוב מאַראַמאַרעשער יידישע הייזער. אָבער גע־הייסן האָט עס, אז מע באַקט חלות. דאָס איז געווען דער עיקר און דאָס ברויט איז געווען א נעבנזאַך. ברויט קאָן מען באַקן סיי ווען, אָבער חלות באַקט מען נאָר ערב שבת. ביי אונדז האָט יעדער איינער מאַנצביל געהאַט זיינע חלות: דער טאַטע האָט געהאַט די גרויסע געפלאָכטענע חלות. דער ברודער האָט געהאַט זיינע דריי לאַנגעכיקע חלהעכלעך, און איך האָב אויך געהאַט חלות: קליינע באָכטעלעך, כאָטש נישט קיין אָוואַלע, לענגלע־כע ווי אַלע חלות, נאָר רונדיקע בולקעלעך — אָבער דאָך זענען זיי גע־ווען חלות. א באַווייז: מען האָט זיי צו מאָל געגוצט צום שלוש־סעודות ווי א לחם־משנה... פון צייט צו צייט האָט זיך די מאַמע דערמאַנט:

— פייוויש, גייסט עסן ? !

נאָר פייוויש האָט זי ווי נישט געהערט. ער איז געזעסן אין מיטן הויף, אויף א קופע האָלץ און עפעס געשניצט. ער האָט זיך עפעס געפאָרעט מיט א קליין אפּאראטל, וואָס האָט געהאט ביים עק א רעדעלע, פון וועלכן עס האָבן זיך צעשפּרייט, ווי זונענשטראַלן, א ריי שטאָלענע דראָטן (פייוויש האָט עס געמאכט פון א ביציקל־רעדל, פון וועלכן עס איז געבליבן נאָר יענער טייל וואָס דרייט זיך אויף דער אקס, און די ספּיצע־דראָטן — דער מיטלסטער טייל, אויף וועלכן עס איז דאָס רעדל גופא — דאָס גומיגע אנגעבלאָזענע רעדל האָט געפעלט!). אויף די דראָטן האָבן זיך געגליטשט אהין און אהער לעכערדיקע בלייערנע קוילן ווי שפּיל־לאָפּטעס. בעת דאָס רעדל האָט זיך געדרייט אויפן אקסל, אזוי אז די קוילן, גליטשנדיק זיך אהין און אהער אויף די ספּיצעס צוליב זייער געוויכט, האָבן כמעט געטריבן דאָס ראָד סע זאָל זיך דרייען...

ווי אזוי איז דאָס געשען, אָדער האָט עס באַדאַרפט געשען? דאָס האָב איך אָנגעהויבן פארשטיין ערשט א ביסל שפּעטער, ווען פייוויש האָט עס מיר געוויזן און דערקלערט: די קויל וואָס איז נאָענט צו דער אקס, וועגט פיל ווייניקער ווי יענע קויל וואָס געפינט זיך ווייטער פון דער אקס. אלס ביישפּיל האָט ער מיר געוויזן א דעצימאַל־וואָג, און מיר דערקלערט, פאַר וואָס מע קאָן מיט איין געוויכט־שטיין פון א קילאָגראַם אָפּוועגן א משא פון צען קילאָ, אזוי, לויט דעם זעלבן פּרינציפּ, וועט פונקציאָנירן אויך זיין אפּאראט... די קוילן אוועקגליטשנדיק זיך צוליב זייער געוויכט, געפינען זיי זיך ווייטער פון דער אקס (א ספּעציעלער אונטערהאַלטער וועט זיי נישט לאָזן תיכף אראָפּפאַלן!), וועלן איבערוועגן יענע קוילן וואָס זענען נענטער צו דער אקס. בקיצור: דאָס ראָד וועט זיך אזוי ארום דרייען אָן אויפהער... קלאָר? — דאכט זיך אז עס איז אלץ זייער קלאָר. אפילו איך, וואָס בין נאָך א חדר־ייִנגל, פארשטיי עס שוין אזוי גוט, איז פאַר וואָס זאָל עס נישט פארשטיין אזא דערוואַקסענער ווי מיין פאָטער?

דעם אמת געזאָגט, האָב איך עס געניי נאָך נישט פארשטאַנען, וואָס און ווי אזוי, אָבער אז פייוויש האָט עס מיר דערקלערט אז דאָס וויל זיין א פּערפּעטואום מאָבילע, א מאשין, וואָס לאָזט זיך אין גאַנג און איז בכוח צו דרייען א ראָד, אָן דעם צו נוצן א מקור פון סיי וועלכער ענערגיע — האָב איך געגלייבט אז סע וועט אים געלינגען... דורות מענטשן האָבן זיך פאַרמאָסטן צו מאכן אזא מין פּערפּעטואום מאָבילע און עס האָט זיך זיי נישט איינגעגעבן — אָבער פאַר מיין ברודער, פייוויש, וועלכער האָט געלערנט

אין דער ישיבה און דערנאָך געלייענט ביכלעך וואָס ער האָט באַשטעלט פון דייטשלאַנד, אים וועט עס זיך אוודאי יאָ איינגעבן...

דער טאַטע האָט געזען מיט וואָס דער ברודער באַגרעט זיך אַרום. ער האָט געזען ווי דער ברודער לאָזט אין גאַנג דאָס רעדל, באַקוקט עס פון אַלע זייטן, פּאַרנאָטירט עפּעס אין אַ העפט, מאַכט אַ צייכן מיט אַ בלוי־קרייד יעדעס מאָל אויף אַן אַנדערן דראָט... מען האָט דערקענט אויפן טאַטנס געזיכט, אַז ער טראַכט ווידער דאָס זעלביקע. כאָטש ער האָט עס נאָך נישט אַרויסגעזאָגט: — כ'עט שוין ליב געהאַט צו וויסן וואָס דער סוף קאָן זיין!...

איך האָב, מעשה לץ, געוואָלט אויסשרייען: אַ ספר וועסטו נישט נע־מען אין די הענט!...

... דאָס רעדל האָט זיך געדרייט, געדרייט, און האָט אָפּגעשפּיגלט אויף די באַניקלטע דראָטן די זונענשטראַלן... איך האָב זיך צוגעקוקט צו דעם אַפּאַראַט, ווי דאָס רעדל דרייט זיך און דרייט זיך, און שפּינט חלומות פון אַן עשירותדיקער צוקונפט...

קיין מאָל איז דאָך נישט אַזוי שיין דער „סוף", דער בעסטער דער־פאַלג אַפילו, איז קיין מאָל נישט אַזוי שיין ווי די האָפענונג, די פאַרשטע־לונגען וואָס מע מאַכט זיך פון פאַרויס. דער חלום איז דאָך תמיד רייכער, גוזמאַדיקער, ווי די ווירקלעכקייט. וואָס זאָל מען אָבער טון, אַז מען קאָן זיך נישט תמיד איינשלעפערן מיט זיס'ע חלומות, נאָר מע מוז זיך דאָך אַ מאָל אויפוועקן?...

ווען דער ברודער האָט פאַרפעסטיקט אין הויף אויף צוויי קלעצלעך דעם אַפּאַראַט און געלאָזט עס אין גאַנג, אַז דאָס רעדל זאָל זיך דרייען, בין איך געווען דערביי און איך בין צעשמאָלצן געוואָרן פאַר הנאה, ווייל, ווי געזאָגט, האָב איך זייער געוואָלט אַז דאָס אַפּאַראַטל זאָל געלינגען. האָט עס מיר הנאה געטאָן, ווען איך האָב געזען ווי דאָס רעדל דרייט זיך און דרייט זיך... איך בין אַוועק אין חדר אריין לערנען אביי־ורבא. אָבער ווען איך בין צוריקגעקומען פונעם חדר האָט זיך דאָס רעדל שוין נישט געדרייט און פונעם שמועס, וואָס איז פאָרגעקומען צווישן טאַטן און דעם ברודער, בין איך געוואויר געוואָרן, אַז דער דאָזיקער שיינער חלום האָט אויך געהאַט דעם זעלביקן סוף וואָס אַלע חלומות.

— איך האָב דען נישט געוואוסט — האָט דער טאַטע געזאָגט — אַלץ וועט ביי דיר האָבן אַ „ווייל", ווייסטו פאַר וואָס ס'איז נישט געלונגען,

„ווייל"... דאָס האָב איך יאָ געוואוסט פון פאָרויס, אז פון דיינע שפילעכ־צער וועט זיך נישט אויסלאָזן גאָרנישט.

— ס'וואָלט יאָ גוט געווען — האָט דער ברודער געפּרוואווט זיך פאַרענטפערן און דערקלערן דעם טאַטן — דער פעלער איז אָבער וואָס איך קאָן נאָך נישט אָפּשטעלן פינקטלעך, אז די גלייכוואָג פון די קוילן זאָל זיך נישט איינשטעלן, נאָר ווייטער טרייבן דאָס רעדל...

— וואָס איז מיר א נפקא־מינה, וואָס דער פעלער איז, דו זעסט דאָך אז ס'איז נישט ווערט קיין געבראָטענע ציבעלע דיין גאנצע ארבעט — האָט דער טאַטע אים נאָך געשיט זאלץ אויף די וואונדן — דו וועסט דיר נאָר אָנברענגען דיינע יונגע יאָרן מיט ביכלעך, רוסלאנד, באָלשעוויקעס, מאָסקעווע, טראָסקעווע און — — ס'וועט אויס דיר נישט ווערן גאָרנישט... דו באַרעכנסט דיך נישט, אז דו זאָלסט טראַכטן וועגן עפּעס א תכלית!... וואָס וועט זיין דער סוף פון דיר, וואָס? צי מיינסטו אז דו וועסט דיך עלטערן ביי מיר?! א יינג אין דיינע יאָרן דאַרף שוין קלערן וועגן עפּעס א תכלית...

— וואָס זאָל איך טון? — האָט דער ברודער כמעט וויינענדיק א פרעג געטון.

— מ'טוט, וואָס אן אנדערער טוט! כ'ווייס וואָס? נאָר נישט זיצן ליידיק... פון גאָרנישט — איז גאָרנישט.

— קויף מיר א פּאָר פערד, וועל איך אויך פירן דעמבעס פונעם וואלד.

דאָס וועלן מיינע שונאים נישט דערלעבן — האָט דער טאַטע זיך נאָך מער געבייזערט — אויף דעם ארויף האָב איך דיך נישט געדאַרפט האלטן אין די ישיבות, אז דו זאָלסט מיר אויסוואַקסן א קוטשער־יינג. גיי, זוך דיר ארויס עפּעס א מסחר. נעם דיך מיט עפּעס האנדלען. וואָס ווילסטו, מ'זאָל דיר אָפּברענגען אהיים?

זינט דעמאָלט האָט דער ברודער אָנגעהויבן א ניי לעבן. ער האָט זיך צו ביסלעך אָפּגעלאָזט פון די ביכלעך. קיין מלאכה האָט ער נישט געקאָנט און מיט זיינע קענטענישן פון דער ישיבה און דערנאָך פון די ביכלעך, אין וועלכע ער האָט שטודירט ווי אן אויטאָדידאקט, האָט ער דאָך נישט געקאָנט האָבן קיין פּרנסה. האָט ער זיך גענומען צום זעלבן

געשעפט, וואָס אנדערע יונגעלייט פון זיינס גלייכן, ווען זיי האָבן נישט געהאט וואָס צו טון — ער האָט זיך גענומען שמוגלען...

אזוי איז מיין ברודער פייוויש געוואָרן א שמוגלער.

מיין ברודער, פייוויש, א נידעריקער, א ברוינער, איז געווען א בחור פון ניינצן־צוואנציק יאָר. אקוראט האָט מען נישט געוואוסט, נישט א מאָל דעמאָלט, ווען ער האָט געדארפט איינרוקן צום מיליטער. איך האָב געוואוסט אז אין יידישן, אויפן דעקל פונעם טאטנס „חק", איז ער געווען יונגער מיט א יאָר, און אין גוישן, אין מעטריקל, איז ער געווען עלטער. פאר וואָס דאָס איז אזוי געווען האָב איך נישט פארשטאנען. הגם מען האָט עס מיר נישט איין מאָל דערקלערט, אז דאָס איז ספּעציעל אזוי פאר־צייכנט געוואָרן כדי סע זאָל אים צו נוץ קומען, ווען ער וועט דארפן גיין דינען אין מיליטער.

זינט ער איז ארויס פון דער ישיבה און איז געוואָרן א „היינטוועל־טיקער", האָט אָנגעהויבן פארדינען עטלעכע ליי, איז ער געוואָרן א שטיקל בעל־בית ביי אונדז אין שטוב. מען האָט אָנגעהויבן אים צו־טיילן א ביסל אויך פונעם טאטנס כבוד. דער עיקר סיבה איז געווען דאָס, וואָס דער ברודער האָט אָנגעהויבן ווערן דער „ברויטגעבער".

*

...און פון יענער זייט טייס, פון דער טשעכיי, קוקט אוודאי אויך דורכן פענצטער א יינגל ווי איך, וואכט כדי צו זען, אויב מע טראָגט גלייך אריבער די סחורה איבער דער גרענעץ, און מסתמא קלאפּט אויך אים דאָס הערצל, צי די גרענעץ־וועכטער שפּארן נישט אָפּ חלילה די שמוגלער און נעמען צו די סחורה...

אין דרויסן האָט די טייס געהוטשעט מאָנאָטאָן, גלייך מע וואָלט געזעגט האָלץ. זי האָט גיעזאָטן, געקאָכט מיט כוואליעס חייסן שוים, וואָס זענען געשוואומען פון דער אויבן, ווי בלויע טויבן וואָלטן געפּלעסקעט מיט ווייסע פליגל איבערן וואסער פונעם יאָגנדיקן טייך. דער איינטאָניקער גערויש האָט זיך צונויפגעגאָסן מיט דער בין־השמשות־צייט אין א גרוי, טרויעריק בילד, וואָס מאכט נאָך לאנגווייליקער דאָס מאראמאָרעשער לעבן, טראכטנדיק: ווי לאנג וועט עס אזוי רוישן!?... און עס האָט זיך געדאכט,

אַז אַזוי הוטשעט עס און הוטשעט פון תמיד, פונעם געבורט ביזן טויט, פונעם אָנהויב ביזן סוף, נאָר צו מאָל, זעלטן, זייער זעלטן, מאַכט זיך אַז מע דערהערט נישט, מע פאַרגעסט פון דער וואַכעדיקער גרויקייט און מע ווערט אַ ביסל פריילעך — מע לעבט...

שטיי, עס האָט אַ בליץ געטאָן!

ניין, עס איז גאָרנישט. נישט די קאָנטראַבאַנדיסטן אונדזערע האָבן סיגנאַליזירט מיט זייערע טאַשן־בליצלעמפּלעך. עס האָט זיך מיר נאָר אויסגעדאַכט. עס איז דאָס פּייערל אויפן באַקער, וואָס פאָרט אַדורך. אַ פּליטע מיט אַ קליין וועלטל באַזעצט פון צוויי־דריי מענטשן וואָס גליטשט זיך אויף דער טייס — אַ דריט לאַנד צווישן רומעניע און טשעכאָסלאָוואַקיי. איז מיר אַ רחמנות, נעבעך, אויף די באַקערישעס, וואָס וואַרעמען זיך ביים פלאַם די פאַרפרוירענע פינגער זייערע. איך באַגלייט זיי מיט מיינע קינדערישע בליקן ביז זיי ווערן דערטראַנקען אין דער טיפער, טונקלער ווייטקייט. נאָר דאָס פּייערל וואָס אויף דער פּליטע גריסט מיר נאָך פון דער ווייטנס, גלייך ווי סע וואָלט מיך גערופן...

צוויי מענטשלעכע שאָטנס זענען פאַרבייגעגאַנגען פאַרן פענצטער אונדזערן. מיט אויפגעשטעקטע באַגנעטן אויף די ביקסן האָבן זיי אויסגעזען אין דער פינצטערניש ווי לצים מיט פעדערן אין די היטלעך. איינער נאָכן אַנדערן האָבן זיי זיך ווי גערוקט פאַרויס, ווי געשלעפּט פויל די פיס.

נאָך אַ צייט האָבן זיך צו ביסלעך פון דער גרויקייט, ווי דורך אַ טולענעם פירהאַנג, אַרויסגעשיילט טונקלע געשטאַלטן און — עס האָט אַ בליץ געטאָן.

אַ שיין פון אַ לעמפּל האָט ווי אַדורכגעשטאָכן די פינצטערניש, אויף אַ צייכן.

יאָ, זיי זענען עס.

איך בין אַריינגעלאָפן אין בית־המדרש אַ ווינק געטאָן דעם ברודער און ער האָט איבערגעלאָזט דאָס דאַווענען און איז אַוועק.

צוריקגעקומען איז ער מיט צוויי פּויערים, וואָס האָבן אַריבערגע־ברענגט צוויי פולע סאַקוועס פון יענער זייט גרענעץ.

די פּויערים האָבן זיך אויסגעטאָן די פּאָסטעלעס, געלייגט טרוקע־נען די נאַסע אָנעטשעס זייערע אויפן אויוון. זיי האָבן זיך אַראָפּגעצויגן די נאַסע כאָלאָשניעס און געבליבן אין די הוילע גאַטיעס. דערווייל האָט

מען זיי מכבד געווען מיט א הייסער טיי מיט ראָם. בראָנע, מיין עלטסטע שוועסטער, האָט זיך אונטערגערעדט: ס׳שטינקט. נאָר די מאַמע האָט זי פאַרשטילט: מע מוז ליידן. ווער ס׳וויל נישט ליידן פון קיין שטונק — דער האָט נישט צו שמעקן... קודם איז פּרנסה...

אזוי איז מיין ברודער פּייוויש געוואָרן א שמוגלער. אייגנטלעך, איז נישט ער געווען דער שמוגלער. נישט ער האָט אריבערגעשמוגלט איבער דער גרענעץ, קיין טשעכיי, די קענדלעך מיט זעקסאונניינציקער ספּירט, און פון דאָרט אריבער געברענגט שניט־סחורה, פאַרשידענע שטאָפן צי זיידנס. ניין, דאָס האָבן געטאָן פּראָפעסיאָנעלע שמוגלער, מכלומרשט פּויערים, האָבן א שטיקל פעלד אין יענער זייט טייס און האָבן דאָס רעכט אריבער צו גיין, צו ארבעטן זייער ערד און צו מאָל אריבער צו ברענגען דאָס גערעטעניש... פּייוויש האָט זיך נישט אָפּגעגעבן מיט שמוגלען ממש. ער האָט נאָר די סחורה געקויפט, די וואָס מע באַדאַרף טראָגן אהין — ווידער יענע סחורה, וואָס מען האָט פון דאָרט געברענגט, האָט ער זיך אָפּגעגעבן מיטן פאַרקויפן זי. מיט דעם האָבן זיך נישט געקאָנט באַפאַרען די פּויערים. זיי האָבן נישט א מאָל געוואָלט מאַכן מיט אים קיין שותפות. זיי האָבן געוואָלט באַקומען נאָר זייער שכר־טירחא, אויף וויפל זיי האָבן זיך איינפאַרשטאַנען, אָן קיין שום ריזיקירן.

# מע דאַרף חתונה מאַכן די שוועסטער

אין שטוב האָט זיך אָנגעהויבן דערקענען, אז דער ברודער פאַרדינט געלט. די שטוב איז א ביסל אויפגעלעבטער געוואָרן. יעדערער האָט זיך א ביסל צוגעקליידט, ווייל מען האָט דאָך געדאַרפט קומען צווישן מענטשן, זאָל מען האָבן א פּנים. קליידער מאַכן לייט, האָט די מאַמע געזאָגט. און אז מען וויל זיין א מחותן אָדער א מחותנתטע, דאַרף מען גיין אויסגעקליידט בעל־הבתיש.

מען האָט יעדעס מאָל, ווען דער ברודער האָט געברענגט סחורה פון „יענער זייט״, אראָפּגענומען אויף קישן־ציכלעך, ביז מיר האָבן זיך דערזען מיט שפּאָגל־נייעם איבערצוג, אחוץ דעם וואָס איז געשטאַנען אויסגעביגלט אין שאַפע דער עלטסטער שוועסטערס, בראָנעס, שטאָפיר. די אלטע ציכ־

ליעך האָט מען צעריסן אויף בענדליעך און געמאַכט פון זיי שמאַטע־קאַצעק־ליעך, וואָס מען האָט אויפגעשפּרייט אויף דער בריק נאָר שבת אָדער ווען מען האָט געוואַרט אויף א חתן. מען האָט א ביסל צוגעלאָטעט דעם דאַך — מע זאָל מער נישט דאַרפן, יעדעס מאָל ווען סע רעגנט, אונטערלייגן דאָס פּסחדיקע געשיר, סע זאָל נישט אַריינקאַפּען אין שטוב.

מיין ברודער איז געוואָרן ביי אונדז אין שטוב דאָס „מזל־קינד״. אויף אים האָט מען געלייגט גרויס האָפענונג. מע האָט געזען אַז ער וועט שוין עפּעס אַרויסדרייען אויך אויף נדן פאַר דער עלטסטער שוועסטער. שכל, האָט יעדער געזאָגט אַז ער האָט, בפרט זינט ער האָט שוין אָנגע־הויבן צו קלינגען מיט א פּאָר ליי אין דער קעשענע — איז ער אוודאי שוין געווען צווישן די קלוגע...

דער טאַטע האָט שוין נישט געשריגן אויף אים: א ספר 'עסטו נישט נעמען אין די הענט?!...

שדכנים האָבן אים „אַראָפּגעריסן די אַרבל״. מען האָט גערעדט שי־דוכים פאַר פייווישן פון סאַמע מיוחסים, לויטער ראש־הקהלס טעכטער, מיט א סך נדן. ער האָט געהאַט א שם אין דער גאַנצער געגנט, אַז ער איז א געלונגענער בחור. מע פלעגט זאָגן אַז ער איז „אי צו קידוש — אי צו הבדלה״: ווייל מען קאָן ער גוט אָפּלערנען א בלאַט גמרא, ווייל מען, קאָן ער אָנשרייבן אליין א בקשה צום שטייעראַמט, צי זינגען א „רחם־נא״ פון יאָסעלע ראָזנבלאַט. ער איז געווען א מענטש צו דער וועלט, צו גאָט און צו לייט. קיין פאַרפאַלענער מענטש איז ער נישט — ער האָט דאָך שוין א פּאָר קלינגערס אין טאַש...

— מיט אַזעלכע מעלות — האָט די מאַמע געזאָגט פאַר א שדכן — וועל איך מיט אים, מערטשעם, טון א שיינעם שידוך. איז אָבער געווען די עלטערע שוועסטער, וואָס איז אים געשטאַנען אין וועג. האָט מען זי געמוזט קודם חתונה מאַכן.

אין שטוב איז געווען אויפגערוימט, ווי ערב פּסח. פון אַלע ווינקעלעך האָט געפינקלט. די בעטן זענען געווען געבעט שיין, הויך, צוגעדעקט מיט וואָלענע קאָצן, שיינע געקעסטלטע, פון אַלערליי קאָלירן, מיט היימישע רומענישע מאָטיוון. מען האָט אָפּגעפּוצט די הרובע, דעם הענגלאָמפּ און דאָס שאַפּקעלע, וואו עס איז געשטאַנען פול אָנגעפּאַקט, אָנגעטאַסעוועט כל־ערליי ספרים, מע זאָל זען אַז עס איז נישט עפּעס ווי „ביי סיי וועמען״.

מיר האָבן זיך געריכט אויף א בחור, וואָס האָט געזאָלט קומען צו אונדז אויף א „באַשוי״, צו דער שוועסטער.

די מאַמע און די אַלע פיר שוועסטער מיינע זענען געווען פאַרפּאַ־רעט מיטן באַקן א לעקעך, כדי סע זאָל זיין מיט וואָס מכבד צו זיין. בראַנע, די עלטסטע שוועסטער, האָט זיך געדרייט, פאַרבונדן מיט א האַלבּ־טיכל אַהינטער, פאַרדעקט אירע פריש־געוואַשענע האָר. זי איז געווען צעטראָגן, גלייך זי וואָלט זיך שוין געגרייט צו גיין אונטער דער חופּה. זי איז מיט א מאָל געוואָרן אַזאַ גוטע און שטילע, זיס ווי דער האָניק, וועלכן מען האָט אַריינגעלייגט אין לעקעך... זי האָט אָנגעהויבן רעדן צו שטאָט, פּאַמעלעך, בכבודיק, נישט געשריגן אויף מיר, ווי אַן אַנדער מאָל, אַז איך זעהייע. אדרבה, זי האָט אויסגעקראַצט דאָס מילטערל, אין וועלכן עס איז נאָך איבערגעבליבן שיריים פונעם טייג פאַרן לעקעך, זי האָט צוגעשיט א ביסל מעל און מיר געמאַכט א פּאַנטשעקל.

נישט אומזיסט בין איך געווען דער מיזיניק...

די מאַמע האָט געשוויצט, בשעת זי האָט זיך געפּאָרעט. אפילו ווען דער לעקעך איז שוין געווען אין אויוון האָט זי זיך נאָך אַלץ נישט באַ־רויקט. די מאַמע האָט אָנגעצונדן א פּאַפּיר, צוגעגאַנגען צום אויוון א קוק טון — צי ער איז שיין, צי חלילה געעפּנט פון איין זייט מיט א צוצעק, ווי עס איז געשען טייל מאָל, הגם מיין מאַמע איז געווען א בריה אין די זאַכן. דאָס מאָל האָט טאַקע דער לעקעך, מעשה שטן, נישט געוואָלט ג׳ע־ראָטן. זי האָט אַרויסגענומען ד׳עם לעקעך פונעם אויוון, אַריינגעשטעקט א נאָדל, כדי צו זען צי ער איז שוין געבאַקן און א פאַרצווייפלטע א זאָג געטאָן:

— מנא, פאַרשטיי, א צו שוואַך פייער... און כ׳האָב אפילו געמאַכט אַזא פייער — א ראַרע זאַך, ווי אין א קאַלטער־אויוון...

און דאָס האָט זי געזאָגט פאַר בראַנען מיט אַזא טאָן, גלייך זי וואָלט געזאָגט: דו ביסט אין אַלץ שולדיק, אַלץ פּלאָגט מען זיך נאָר פאַר דיר, פון דיינעטוועגן, מען זאָל דיך שוין זען א מאָל חתונה געמאַכט.

וואָס אַן אמת, איז די גאַנצע מעשה שוין נמאס געוואָרן אויך פאַר דער שוועסטער. זי האָט שוין געוואַרט אויף אָט דעם באַשוי, נאָר ווי אויף אַן איבערקומעניש. וואָרן: איין באַשוי האָט זי שוין מיטגעמאַכט? איין לעקעך האָט מען שוין ביי אונדז געבאַקן! — עס איז שוין נישט געווען קיין נייעס ביי אונדז אין שטוב. דאָס מאָל אָבער האָט מען ג׳עלייגט

מער האַפענונג, ווייל דער באַשוי איז געווען אַ סך אַנדערש ווי די אַנדערע. איצט האָט מען נישט געדאַרפט זאָרגן וועגן נדן. עס האָט געהייסן אַ מין ביים: דער בחור זאָל נעמען מיין שוועסטער און דער ברודער, פּייוויש, זאָל נעמען זיין שוועסטער, אַזוי אַז וועגן נדן דאַרף מען איצט אַפּילו נישט רעדן. די פּראַגע איז נאָר געווען, צי זיי וועלן זיך געפעלן. נאָר צוריק גערעדט: פאַר וואָס זאָלן זיי זיך אייגנטלעך נישט געפעלן? פאַר מיין ברודער דאַרף געפעלן, ווייל דורך דעם וועט אויך קאָנען חתונה האָבן די שוועסטער... און זי, די שוועסטער — ווער פרעגט ביי איר דעות?...

גלויבט מיר, אַז זי אַליין, מיין שוועסטער, האָט אויך שוין נישט געוואוסט, וואָס זי זאָל יאָ וועלן און וואָס נישט. זי אַליין פלעגט זאָגן, אַז זי איז שוין עובר־בטל. ווייל ווער כ׳יט וויל זי — דעם חיל זי נישט, וועמען זי וויל — וויל יענער זי נישט. אַ כלל: עס איז אַ מעשה אָן אַ סוף...

ווען דער טאַטע איז געקומען פונעם מעריב־דאַוונען, איז מיט אים מיטגעקומען דער בחור און דער שדכן. דעם שדכן האָבן מיר לפנים גערופן פעטער, הגם ער איז אונדז נישט געווען קיין שום קרוב, נאָר אַזוי האָט עס געפּאַסט, אַז ער איז אונדזער קרוב און האָט אונדז געמאַכט אַ וויזיט און אין איין וועגס איז מיט אים מיטגעקומען אויך דער בחור... זיי האָבן זיך אַרומגעזעצט אַרום טיש און מכלומרשט פאַרגעזעצט דעם שמועס: ווי טייער סע זענען עפּל, צי עס איז היי־יאָר אַ גערעטעניש און — פון תורה־זאַכן.

דער טאַטע האָט געהאַט אַ טבע, אַז עס איז געקומען צו אונדז אַ בחור אויף אַ באַשוי, האָט ער אים אַ טאַפּ געטאָן ביים דופק, זען צי ער איז אַ תלמיד־חכם. אים איז גענוג געווען צו כאַפּן אַ שמועס פון עטלעכע ווערטער מיט אַזאַ בחור, האָט ער באַלד געוואוסט, צי ער האָט צו טון מיט אַ יודע־ספר, צי נישט. שוין געווען אַמאָל ביי אונדז אַזאַ מעשה, אַז אַ בחור, וואָס איז געקומען צו אונדז אויף אַ באַשוי און האָט געשיט מיט לשון־קודש־ווערטלעך, פּסוקים פון משלי צי פון קוהלת, ווי אויסן אַרבל, ווי נישט ווייניק עמי־הארצים, וואָס שיטן מיט פּסוקים, מע זאָל מיינען אַז זיי קענען עפּעס. עלעהיי אַ מין טוביה דער מילכיקער ביי שלום־עליכ־מען, וואָס טייטשט די פּסוקים, ווי אים קומט אויס בעסער... דער טאַטע מיינער האָט אָבער תיכף באַמערקט וואָס פאַר אַ קענער ער האָט פאַר זיך, ווען דער בחור האָט זיך אַזוי דרך־אגב אַ זאָג געטאָן אַ ווערטל: „טוביה

חטא — זונטיק מאָנטיק". דער טאַטע האָט מיט אַ גוטווילינקן שמייכל אים אויסקאָריגירט, אַז סע שטייט „טוביה חטא וזיגוד מנגיד"...

דער איצטיקער באַשויער איז יאָ געווען אַ מבין אויף לשון־קודש־ווערטלעך. דער שמועס האָט זיך געצויגן, זיך געדרייט אַראָפּ, אַרויף. אין צווישן האָט זיך דער שדכן אַריינגעכאַפּט אין דער קיך, צו דער מאַמע און צו דער שוועסטער, זיי געוויזן ווי וואויל דער בחור קאָן לערנען.

— אַן אתרוג, זאָג איך אייך — האָט דער שדכן געזאָגט רייבנדיק זיך די הענט פאַר שמחה — דער שידוך איז פאַר אייך ווי צוגעשניטן. אייער זון וועט אויך געפעלן און מיר וועלן מערטשעם מאַכן צוויי תנאָימס אין איין טאָג.

די מאַמע איז אַריינגעקומען מיט אַ טישטעך אין די הענט און האָט איבערגעריסן דעם שמועס:

— איר האָט צייט שפּעטער... לאָמיר קודם עסן וועטשערע.

די שוועסטער איז אַריינגעקומען גרייטן צום טיש. זי האָט זיך שע־מעוודיק אַ דריי געטאָן און אַרויס. זי איז צוריק אַריינגעקומען, געברענגט זאַלץ און געלייגט צום טיש די זילבערנע לעפל.

פון וואַנען האָבן זיך פאַרוואַלגערט צו אונדז זילבערנע לעפל?

עס איז געווען אַ צייט, ווען טייל מענטשן האָבן געהאַלטן פונעם כלל: פון קאָפּ־קאָפּ האָט מען נישט גאָרנישט — כיידן פון כאַפּ־כאַפּ...

דאָס איז געווען סוף פערצענער קריג, ווען עס האָט אויסגעבראָכן אין אונגערן די קון-בעלא רעוואָלוציע. מאַראַמאַרעשער פּויערים זענען גע־ווען הונגעריק אין פינפטן מלחמה-יאָר, האָבן זיי אין יאָר ניינצן הונדערט ניינצן אויך מיטגעשריגן מיט די אונגערישע רעוואָלוציאָנערן „סאָבאַד ווילאַג" און „קיינע קייסער", נישטוויסנדיק אפילו גוט וואָס די ווערטער באַטיי־טן און אין אָט-אָ דער צייט, אין דער דאָזיקער בהלה, איז געשען פּונקט ווי ביי אַ געוויטער, וואָס נעמט פון איינעם און גיט דעם צווייטן... אַ סך משפחות וואָס האָבן פאַרלאָזט זייערע היימען, כדי זיך צו דערווייטערן אַ ביסל פונעם מלאך המות, זענען צוריק געקומען און האָבן געפונען זייערע הייזער אויסגעליידיקט אזוי אַז זיי איז נישט געבליבן, אויף וואָס דעם קאָפּ אַראָפּ צו לייגן. דאָס ביסל בידנע ווירטשאַפט האָבן די פּויערים צעשלעפּט און שפּעטער פאַרקויפט בחצי חינם, פון וואָס אַ טייל זענען רייך געוואָרן, זיך דערזען מיט אַ מאָל נגידים אַן בויך-ווייטיק... אזוי

האָבן מיר דערווישט א גרויסן קרישטאָלענעם שפּיגל, וואָס האָט שוין פון אלטקייט באקומען גרינלעכע פלעקן אויפן פּנים; שיינע דעקן אויף די בעטן, זילבערנע לעפל, מעסערס, וואָס דער טאטע ביינער האָט זיי נישט באקומען צו דער חתונה פאר דרשה־געשאנק...

די לעפל האָט מען ביי אונדז נישט גענוצט, נאָר אויף א באשוי צי אויף א יום־טוב, ווען מיר האָבן געהאט געסט, דעמאָלט האָט מען זיי אפּירגענומען אויף צו ווייזן אז מיר זענען בעל־בתישע מענטשן... ווייל נדן, צי עס איז יאָ דאָ, צי נישט, אָבער בעלי־בתישע מענטשן זענען מיר דאָך. איז דאָך מיין שוועסטער, הייכט עס, א בעל־בתיש מיידל און דאָס אליין איז אויך שוין כמעט א האלבער נדן.

מען האָט זיך געזעצט עסן. די מאמע האָט אָנגעפּאָרט א גוטע יויך מיט לאָקשן, אז מען האָט זיך געלעקט די פינגער, נאָר...

איך מוז מודה זיין, אז מען האָט מיך א ביסל נישט דערצויגן ווי סע באדאַרף צו זיין. פון קליינוויז אָן האָט מען מיך צוגעוויינט מיט א זייער מיאוסער טבע, אָבער עס איז נישט מיין שולד. דאָס איז שולדיק געווען די מאמע מיינע (האָבן זאָל זי דאָס ליכטיקע גן־עדן!), וואָס זי האָט מיך תמיד פארפעסטעט ווי א מיזיניקל. זי האָט זיך תמיד באקלאָגט (אין איינוועגס אָנגעשאָלטן דעם קצב, וואָס ער האָט איר געגעבן לויטער ביי־נער — אָבער וואָס איז נעבעך שולדיק געווען דער קצב, ווען מיין מאמע האָט געוואָלט, אז פון איין האלבער קילאָ פלייש זאָל זי שפּייזן אכט מיילער אויף צוויי סעודות?!), אז עס דערגייט איר נישט דאָס פלייש, זי האָט נישט פון וואָס איינצוטיילן.

פאר וואָס עס האָט תמיד ביי אונדז געמאנגלט פלייש אין שטוב? פשוט, ווייל די מאמע האָט געדאַרפט פארקויפן אָן ערך צען־צוועלף לי־טער מילעך, כדי צו קאָנען קויפן איין קילאָ כשר פלייש. איז פרעגט סיי וועמען, לוינט זיך עס?

אָט פאר וואָס איך האָב זיך צוגעוויינט, און נאָך עד־היום האָב איך ליב א קוק צו טון, זען וואָס עס טוט זיך אויף ביי יענעם אין טעלער. צי האָט נישט יענער מער פון מיר, בעסערס פון מיר, שענערס פון מיר... איך ווייס, עס איז נישט קיין שיינ׳ע מידה און עס איז נישט יידישלעך. דאָס הייסט א ביסל געקריוודעט קעגן דעם, וואָס לעבט אייביק, ווייל אז יענער האָט א פולערן טעלער, פלעגט זאָגן די מאמע מיינע, מסתמא איז אים אזוי באשערט — אָבער וואָס זאָל איך טון, אז איך האָב אזא מיאוסע טבע?... איין מיאוסע טבע זעט מען ביי מענטשן?!...

דאָס מאָל האָט די מאמע מיינע, ווי תמיד, זיך אויך נישט געקאָנט אָן עצה געבן. זי האָט געדרייט די שיסל אהין, געדרייט אהער און צום סוף ארייננעשטופט דאָס גאנצע פלייש, וואָס זי האָט געהאַט, פאַר דעם בחור און פאַר דעם שדכן. די טעלער זייערע זענען געווען איבערגע־פולט מיט א ווערעך. נו מילא, אזוי פיל שכל האָב איך שוין געהאַט, אז א פרעמדער מענטש איז ביים טיש, בפרט א צוקונפטיקער חתן — בין איך געבליבן מיטן קוקן... איך האָב קוים געוואַרט, אז די סעודה זאָל זיך ענ־דיקן.

ער, דער בחור, האָט זיך נאָך יאַקאָס אויפגעפירט, ווי מע זאָגט, לייטיש. זיך געשעמט אוודאי. אָבער דער שדכן האָט געפּאַקט אָן רחמנות אויף ביידע באַקן. די וואָנצעס, די באָרד, אלץ, אלץ האָט אים צוגעהאָלפן עסן. טאַקע ווי נישט פון זיינעם.

דער טאַטע האָט דאָס מאָל אויך געגעסן מיט א גאָפּל. הגם ער האָט זיך מיט אים זייער שווער געקאָנט אייגענען — ער האָט אָבער געמוזט.

דער ברודער איז געזעסן לעבן בחור, אָבער קיין עקסטערן שמועס האָט ער נישט געפירט. ער האָט זיך פאַרלאָזט אויפן טאַטן און נאָר פון מאָל צו מאָל אריינגעוואָרפן א וואָרט, ער זאָל ווייזן אז ער איז אויך דאָ ביים טיש. צווישן ברודער און דער עלטסטער שוועסטער בין איך געזעסן. די איבעריקע שוועסטער מיט דער מאמען האָבן געגעסן אין קיך (פאַר־שטייט זיך, אז זיי האָבן נישט געגעסן קיין פלייש. פון וואו זאָל מען נעמען אזוי פיל פלייש?). זיי האָבן זיך די גאנצע צייט נישט געוויזן.

מיט מיר האָט קיינער נישט פירגעהאַט. נאָר אז מען האָט שוין גע־האַלטן ביים בענטשן, האָט דער טאַטע זיך אָנגערופן:

— אנו, דערלאַנג א ביסעלע מים-אחרונים!

און בעת איך בין אוועקגעגאַנגען דערלאַנגען א ביסל וואַסער, האָב איך געהערט ווי דער טאַטע לויבט מיך, אז איך לערן, קיין עין-הרע, וואויל און פלייסיק. איך האָב אָבער געוואוסט, אז נישט מיר לטובה טוט ער עס...

נאָכן בענטשן האָבן זיך צו ביסלעך ארויסגעשאַרט פון דער שטוב דער שדכן, דער טאַטע און א ביסל שפּעטער — איך מיטן ברודער. דעם בחור האָבן מיר איבערגעלאָזט אליין מיט דער שוועסטער, זיי זאָלן זיך א ביסל אויסשמועסן. מיך האָט אָבער דער טאַטע צוריק אריינגעשיקט, כדי זיי זאָלן נישט בלייבן אליין אין איין צימער, ביחידות.

די שוועסטער איז געשטאַנען אָנגעלענט מיט די הענט אויפן רוקן פונעם בענקל, געהוידעט עס בשעתן רעדן, שפּעטער א ביסל האָט זי זיך אויך אַנידערגעזעצט.

איך בין געזעסן, האָב מיר געטאָן מיין ארבעט, לפנים האָב איך מיך מיט עפּעס געשפּילט — אָבער אויסגעהערט האָב איך מיט ביידע אויערן. ווי א קאַץ, ווען זי גרייט זיך א לאָז טון אויף א מייזל, אַזוי האָב איך אויפגעשפּיצט די אויערן.

די שוועסטער האָט זיך געפּעסטעט ווי א קליין קינד, אַזוי האָט זי גערעדט. מען האָט געקאָנט מיינען, א זי קאָן נישט עפענען דאָס מויל. איצט, אין דעם מאָמענט, הייבט זי אָן זיך לערנען רעדן (ווער עס האָט זי נישט געקענט, וואָלט געקאָנט שווערן, אַז זי איז נישט ביכולת ארויס-צולאָזן יענע היסטערישע געשרייען, מיט וועלכע מיר זענען פון איר גע-וואוינט געווען צו הערן!). זי האָט געצויגן יעדעס וואָרט, ווי א לאַנגן פאָדעם, וואָס האָט נישט קיין קנופּ ביים עק. איין וואָרט מיטן אַנדערן האָט זיך ביי איר נישט געפּאַרט, אַזוי אַז איך, וואָס בין געווען דערביי, האָב פאַרשטאַנען פון דעם גאַנצן געשמועס, פּונקט אַזוי פיל וויפל דער טאַטע, וועלכער האָט בגנבה אונטערגעהערט היגטער דער טיר. דאָס הייסט, אַז מיר ביידע צוזאַמען, ווען מיר זאָלן געווען דערציילן וואָס מיר האָבן געהערט, וואָלט דער סך-הכל אויסגעמאַכט: א וואָרט מיט א שמייכל, א שמייכל מיט א לאַך, און א קוק, גלייך אין די אויגן — און... גאָרנישט.

אפשר בין איך נאָך דעמאָלט צו קליין געווען צו אַזעלכע שמועסן?

ווען דער שדכן מיטן בחור זענען אוועק געגאַנגען, האָט די מאַמע געפרעגט די שוועסטער:

— נו, בראַנע, וואָס זאָגסטו עפּעס צו דעם בחור?

— עך וו־ייי־ס, מיינסט מע קאָן וויסן?... ער ווייזט נישט אויס צו זיין קיין איבערגעשפּיצטער חכם.

און אין איר ענטפער, אין דעם צעצויגענעם „עך ווייס" האָט זיך געפּילט: ווער ווייסט, וואָס ער וועט נאָך זאָגן. ווייטער וואָלט שוין מיט-געגאַנגען... און אין דער אמתן האָט די שוועסטער מיינע זייער קלוג געזאָגט. נישט אַזוי ווייל זי איז געווען אַזא גרויסע חכמת, ווי פון דער-פאַרונג: עס האָט נישט איין מאָל פּאַסירט, אַז זי איז באַשטאַנען אויפן שידוך, נאָר דער בחור האָט פון זיך מער נישט געלאָזט הערן. איז דאָך

שוין בעסער צו זאָגן, אז זי וויל נישט, עס קאָן צו גוץ קומען צו א צווייטן שידוך!). צו וואָס זאָל ער האָבן זיך צו בארימען, אז ער האָט נישט געוואָלט? — און דאָ איז נאָך געווען א לאנגס און א ברייטס: זיי זאָלן זיך געפעלן, און דערנאָך זאָל זיך געפעלן דער ברודער מיט יענעמס שוועסטער...

דער טאַטע האָט א פינטל געטאָן מיטן אויג צו דער מאַמע:

— וואָס זאָגסטו עפּעס צו דעם בחור?

— איך ווייס? — האָט די מאַמע געזאָגט — בראַנע זאָגט, אז ער ווייזט נישט אויס צו זיין קיין גאָר איבערגעשפּיצטער חכם.

— אזוי?! נישט קיין חכם? — האָט דער טאַטע זיך געבייזערט — גיי זשע פּלעכט איר די גרויע צעפּ ביז ז'עט זיך דערוואַרטן א חכם... איך האָב געוואוסט, אז ס'וועט זיך איר נאָך שטופּן פליי אין דער נאָז! מיט וואָס האַלטסטו דיך אזוי גרויס? — האָט ער זיך גענומען צו דער שוועסטער, ווען זי איז אריין געקומען מאַכן די בעטן — א גאַנציער מיוחס איז זי מיר: דר — — איז איר א פעטער! כ'וועל דיר ארויסזוכן עפּעס א דאָקטער, מיינסטו? גראַף פּאָטאָצקיס זון 'עט דיר גוט זיין, האַ?... דאָ האָט זיך געטראָפן א יידישער בחור, קען א ביסל לערנען, האָב איך געמיינט: אָט וועלן מיר צעברעכן א טעלער. — לאָזט זיך גאָר אויס, אז זי וויל נאָך נישט! טפוי, ס'זאָל צו מיינע שונאימס קעפּ אויסגיין! אויף אַזעלכן האָב איך זיך נישט אָנגעהויבן צו ריכטן. האָסטו געהערט? — ער איז נישט קיין חכם. א חסרון, די כלה איז צו שיין!... א חכם וועט דאָך דיך נישט וועלן!... נאָר הלוואי וואָלט ער נאָר געוואָלט. וואַרט, דו ווייסט נאָך נישט, וואו דו האַלטסט מיט אים.

— כ'על זי פרעגן מיינסטו? — האָט ער געזאָגט צו דער מאַמען — הלוואי זיין שוועסטער זאָל נאָר געפעלן פאַר פייוויש'ן, מאַך איך נישט קיין שום שיהיות און „מזל־טוב!"... אז איך וועל נאָכגיין נאָך איר קאָפּ וועל איך שוין שיין אויסזען...

— עכ'ל דיר זאָגן — האָט די מאַמע געזאָגט מיט א פאַרזאָרגטן שמייכל — איך זע אויך אז ס'פעלט אים א ביסל דער פינפטער שולחן־ערוך, נאָר — ווי אזוי דער אין הימל וועט פירן: וועט עס זיין פון מייערן — וועט עס זיך פאַרשלייערן; וועט עס, חלילה, זיין פון כריין — וועט עס זיך צעגיין...

# א סוף צו דער שמוגלעריי

א ווינטערדיקער שבת צו נאכטס.

ביי אונדז איז געווען א קלאקע. ארום טיש זענען געזעסן ווייבער און מיידלעך און געפליקט פעדערן. אין דער זעלבער צייט האבן זיי גע־פלעסקעט מיט די צינגלעך זייערע ניין מאס רייד. בארעדט יעדן נאך דער ריי, דערציילט ליגנס פון אײנעם אויפן צווייטן. די בעדערין, מיט איר שרייענדיק קול, איז אלץ ארויסגעשפרונגען ווי א נאר פונעם ביטל, אז מ׳עלאכט זי אויס און אנגעוואונטשן: סע זאל אויס זיי אליין ווערן א געלעכטער. די מאמע האט געפרובירט פארשטילן די מיידלעך, אז זיי זאלן זיך נישט טשעפען צו אן עלטערער יידענע. זיי זענען נאך יונג, קאנען זיי זיך נאך פארזינדיקן, האט זי זיי געזאגט... אט אזוי האבן זיך געהויבן אויפן טיש הויפנס פעדערן ווי אין דרויסן דער שניי, וועלכער איז געפאלן ווי שטיקלעך וואטע. אויפן טיש האט מען קוים אנגעזען דעם איבערגעקערטן טאפ, אויף וועלכן עס איז געווען ארויפגעשטעלט דער לאמפ, און ער האט אויסגעזען ווי אויף אן אינדזל אין מיטן א ווייסן ים.

די מאמע איז נישט געזעסן ביים טיש. זי האט נישט געהאט קיין פלאץ, האט זי זיך געזעצט אויפן בעט און געפליקט פעדערן אין דער זיפ אריין. דער טאטע איז געזעסן ביי דער ניימאשין און געזאגט „ויתן לך״. ער האט זיך אונטערגעזונגען „אדיר איום״ מיט זיין אלטן ניגון, וואס ער האט דערציילט, אז ער שטאמט נאך פונעם בעל־שם־טוב. די מאמע האט אים דארט געגרייט צו טיש אויף דער ניימאשין און אים געגעבן צו עסן „מלוה־מלכה״, פון די איבערגעבליבענע האלעפצעס און ריבן־צימעס.

די פליקערנס האט מען מכבד געווען מיט עפל, זויערע אוגערקעס און מיט טיי.

דעם ברודער האט מען פארבעטן, אז ער זאל עפעס זינגען אדער פירלייענען — ער זאל לוסטיק מאכן, כדי מען זאל נישט איינשלאפן פליקנדיק די פעדערן... ער איז געווען באקאנט פאר א „לץ״, פון זיינע פורים־שפילן, וואס ער פלעגט מאכן; חוזק געמאכט פון דעם, וואס ער וויל זיין ראש הקהל, פון יענעם, וואס וויל דווקא שישי. ער האט זיי צוגעזאגט, אז ווען משיח וועט קומען, וועלן זיין קוילעטשן אויף די פלייט: דער גאנ־צער אקס וועט זיין סאמע שפיצברוסט, די גאנצע תורה — שישי, דאס

גאנצע בית־המדרש וועט זיין לויטער „מיזרח" און דער גאנצער לוח וועט זיין לויטער „שבת"...

אזוינער איז געווען דער ברודער, ער האָט געקאָנט נאָכזינגען א שטיקל, וואָס ער האָט זיך אויסגעלערנט פון א גראמאפאָן־פּלאַטע, צי סתם א יידיש לידל.

פייוויש האָט זיך נישט געלאָזט לאנג בעטן, האָט אפּירגענומען פון צווישן זיינע ביכער אן אלטע יידישע צייטונג און ער האָט פירגעלייענט פון הערש־לייבן, דעם מארשעליק, ווי אזוי א דאָרפס־בעל־בית ריכט אָפּ פסח דעם סדר, שפּאלט דעם ים...

דער טאטע האָט זיך אונטערגעברומט ברוגז, נישט געקאָנט ליידן, וואָס מע שעפּט תענוג פון אזא ימח־שמוניק, ווי הערש־לייב גאָטליב איז געווען.

דער ברודער האָט פירגעלייענט, און די צוהערער זענען געזעסן שטיל, געשלונגען מיט הנאה יעדעס וואָרט, פליקנדיק די פעדערן. — מיט א מאָל האָט זיך די טיר אויפגעפראלט — צוויי גרעניטשערן זענען אריין געקומען.

אלע זענען ווי געליימט געוואָרן, גלייך סע וואָלט ביי יעדן אָפּגענו־מען געוואָרן דאָס לשון. דער טאטע איז געווען טויט־בלאס ווי די וואנט. די מאמע איז געבליבן שטיין פארגלאָצט מיטן אָפענעם מויל און ארויסגע־לאָזט די זיפּ פעדערן, וואָס זי האָט געהאלטן אין דער שויס. גלייך זי וואָלט עפּעס געוואָלט זאָגן און נישט געהאט קיין כוח, אויפצועפענען דאָס מויל. דער ברודער איז געבליבן זיצן, ווי פארגליווערט מיטן פריילעכן שמייכל אויף די ליפּן פונעם הומאָר, וואָס ער האָט פירגעלייענט. ער האָט זיך גע־מאכט נישטוויסנדיק, גלייך סע וואָלט אים גאָרנישט אָנגעגאנגען. אדרבה, ער האָט זיך געמאכט מוט און איז אויפגעשטאנען פון זיין אָרט און ווי געוואָלט עפּעס פרעגן די גרעניטשערן. זיי האָבן זיך ארומגעקוקט אין שטוב, און זיי אליין, די גרעניטשערן, האָבן אויך געקוקט ווי איבערגע־שראָקענע, נישט זיכערע, גלייך זיי וואָלטן געצווייפלט, צי זיי האָבן אָנגע־טראָפן געווען דעם אדרעס, וועלכן זיי האָבן געזוכט. זיי זענען, ווייזט אויס, איבערראשט געוואָרן פון די פיל פרויען, וואָס זיי האָבן ביי אונדז אָנגע־טראָפן פליקנדיק פעדערן — און דער סערזשענט האָט זיך באַגעגנט מיטן ברודערס בליק, וואָס איז געווען באגלייט מיט א ציטערדיקן שמייכל.

די ווייבער זענען זיך געגאנגען אהיים און די גרעניטשערן האָבן זיך גענומען זוכן. זיי האָבן געשנישטערט אין אלמער, אין די בעטן, און אז

זיי האָבן אין דער שטוב גאָרנישט געפונען, איז איינער ארויף אויפן בוידעם זוכן.

אויפן בוידעם איז קיין סך ארבעט נישט געווען. וויפל מע זאָל דאָרט נישט געווען זוכן וואָלט מען נישט געקאָנט טרעפן מער ווי עטלעכע אלטע זאכן פון גאָר א קליינעם ווערט. מע האָט געקאָנט געפינען א צעבראָכענעם שירעם, ארייַנגעשטעקט אונטער דער סטריכע; אן אלטן רעגיסטער־בוך, אין וועלכן סע זענען פארבליבן אָנגעשריבן אלטע חובות, פון לאנגסטיקע צייטן, ווען מיר האָבן געהאט א געוועלב. איך האָב עס נישט געדענקט, נאָר די אלטע צעבראָכענע וואָג האָט עס דערמאָנט, ווי דער נישט־געקאלעכטער פירעק איבער דער טיר האָט דערמאָנט אָן דעם חורבן בית־המקדש; אן אלט צעריסן מיליטעריש רעקל מיט נאָך א פאָר שמאטעס האָבן צוגעדעקט ווינטער די ציבעלעס, זיי זאָלן נישט פארפרוירן ווערן; דאָס פסחדיקע געשיר, וואו אין איין טאָפּ איז אוועקגעלייגט דאָס פסחדיקע זאלץ, אין אן אנדערן איז געווען דאָס פסחדיקע שמאלץ און אין אן עמער איז געווען געטרוקנט פסחדיק אויפס — און אָטאווע.

געווען א מנהג אזעלכער ביי אונדז, אז די אָטאווע פונעם גאָרטן, פונעם דריטן־פערטן שניט, האָט מען אוועקגעלייגט אויפן שטובן־בוידעם. איבערגעלאָזט עס אויפן ווינטער, ווען סע זענען די גרויסע פרעסט, ווען די קו וועט זיך בשלום קאלבן, זאָל מען האָבן איר צו געבן עפעס א לאקעטקע.

דער גרענעץ־וועכטער האָט מיט זיין לעמפל אָנגעטראָפן, פאר פארדעכטיק, די אָטאווע. האָט ער א שאר געטאָן מיטן פוס און אָנגעטראָפן א צונויפגעבונדענעם קנויל. ער האָט זיך דערפרייט:

— אז מע זוכט, געפינט מען! — האָט ער פריילעך אראָפּגעשריגן פונעם בוידעם, גלייך ער וואָלט געפונען, ווער ווייסט וואָס פאר אן אוצר. און באלד האָט זיך דערהערט, ווי ער שפייט אויס א קללה:

— אין זייער מאמעס... — און איז אראָפּגעקומען פונעם בוידעם.

— פאר וואָס האָט איר באהאלטן דאָס בעטגעוואנט אינעם היי אויפן בוידעם? — האָט ער א דונער געטאָן זעלנעריש, אָבער עס האָט זיך דערקענט, אז עס איז נישטאָ מער פאר וואָס זיך צו שרעקן. אין טאָן פון זיינע רייד האָט זיך געפילט, אז ער וויל זיך נאָר נוקם זיין, ווייל ער האָט נישט געפונען גאָרנישט קיין פארדעכטיקס, וואָס זאָל עדות זאָגן וועגן דער שמוגלעריי.

— מיר זײַנען שולדיק שטײַערן, זענען מיר שולדיק — האָט די שװעסטער אַרױסגעשטאַמלט מיט אַ געצװאונגענעם, קראַמפּהאַפטיקן שמײכל. פּונקט װי װען מע שלאָגט עמעצן, אַז ער זאָל לאַכן — און מען קומט יעדעס מאָל מאָנען, און מיר האָבן נישט איצט פֿון װאָו צו באַצאָלן, האָבן מיר דאָס איבערבעטן באַהאַלטן!... ס'איז װינטער. מיר זענען נישט קײן פֿאַרמעגלעכע — עס האָט זיך איר פֿאַרקרומט דאָס מױל אין אומקאָנטראָלירטע באַװעגונגען. מען האָט געקאָנט לײכט באַמערקן, אַז זי מאַכט שװערע אָנשטרענגונגען, און דאָך קאָן זי זיך נישט באַהערשן, און באַלד װעט זי אױסברעכן מיט אַ געװײן — קײן האַלץ איז נישטאָ...

דער סערזשענט האָט אַ ביסל מילדער אָפּגעשמײכלט און איז זיך אַװעק.

באַלד דערנאָך זענען אָנגעקומען די פּױערים, װאָס האָבן געזאָלט אַריבערבערענגען די סחורה פֿון טשעכײ. זײ זענען געװען איבערגעשראָקן אַז נישט אַ מאָל רעדן האָבן זײ געקאָנט. זײ האָבן דערצײלט, אַז מען האָט זײ נאָכגעשאָסן, האָבן זײ אַראָפּגעװאָרפֿן די גאַנצע סחורה און זענען קוים אַנטלאָפֿן — נאָך גוט, װאָס מען האָט זײ נישט געכאַפּט...

עס האָט זיך געקאָנט ענדיקן מיט תּפֿיסה, נישט נאָר פֿאַר זײ. װײל אַז מע װאָלט זײ געװען געשלאָגן, װאָלטן זײ געװיס געװען געצװאונגען, אױסצוזאָגן דעם אמת, אַז די סחורה איז נישט זײערע, אַז זי איז פֿײװישס... איצט האָבן זײ זיך געצלמט, װאָס זײ זענען ניצול געװאָרן, און האָבן זיך געשװאָרן בײַם יױזל, אַז זײ װעלן שױן אין דעם יאָר נישט אַריבער די טײס פֿאַר קײן שום געלט אין דער װעלט...

אין שטוב האָט זיך געלײגט אַ טרױער, װאָס איז אַרײַנגעדרונגען אין יעדן װינקעלע. עס איז געװען אַ קלאָג װי נאָך אַ טױטן, װײל דאָס גאַנצע ביסל געלט, װאָס מיר האָבן געהאַט איז איצט געװען אין קאָן, און מיר האָבן פֿאַרשפּילט...

דער ברודער איז געבליבן פֿאַרגלאָצט און געקוקט איבערגעשראָקן, װי פֿאַרגליװערט, װי אַ געקװילעטע הון קוקט צו, װי די בלוטיקע רינען אָפּ. ער האָט זיך געשפּאַצירט פֿון אײן װינקל שטוב אין צװײטן, זיך אױסקנאַקנדיק די פֿינגער נאָך דער רײ, גרעסער נאָך גרעסער.

— ס'אַ מסירה! — האָט דער טאַטע אַרײַנגעװאָרפֿן אין דער צעטומלטער שטילקײט, װי אַ קנױל שנײ אַרײַנגעװאָרפֿן אין פֿײער — ס'איז חיים־לײבס אַרבעט!

איינציקווייז האָט ער זיך ארויסגעצויגן צו א האָר פון דער באָרד און זי ארייַנגעלייגט אין מויל, און געצויגן דורכנאָך די האָר פון צווישן די ליפּן... דאָס איז געווען זיין טבע, ווען ער איז געווען פארנומען מיט עפּעס א געדאנק און זיך געשלאָגן מיט דער דיעה. מיר האָבן שוין אין אַלעם מאָמענטן געוואוסט, אז אין אזא צייט טריפט אים דאָס בלוט פון נעם הארצן פאר ווייטיק.

— די טייס האָט געמעגט אויסטרוקענען — האָט דער ברודער געווארפן א קללה, ווי צו זיך אליין — נאָך איידער איך האָב זי דערקענט!

פּייוויש?

ער האָט באשטעלט פון דייטשלאנד „לערנבריוו״ צו לערנען די דייטשע און ענגלישע שפּראך. ער האָט זיך איינגעקאָרטשעט אין היי אויפן שטאלן־בוידעם און האָט געלערנט.

ער האָט זיך געלערנט אויך בוכהאלטעריי...

# מאראמאָרעשער קי

א שמועס פון טאטע־מאמע האָט מיך דורכגעוועקט.

דער טאטע איז אראָפּ פונעם בעט און איידער ער זאָל זיך געווען וואשן, איז ער אין די הוילע גאטיעס, געגאן ארויסנעמען דעם לוח אויסן חומש, וואו עס איז געווען אָנגעצייכנט דער טאָג, ווען די קו האָט זיך געלאָפן.

— יאָ, אין חודש אָב... דאָס הייסט: אָב, אלול, תשרי — האָט דער טאטע געציילט אויף די פינגער — דאָס הייסט, אין ניסן דארף זי זיך שוין קאלבן. נאָך קנאפּע צוויי חדשים... נו, אוודאי, מען האָט דאָך שוין אָנגעטאפּט דאָס קעלבל נאָך פאר חנוכה־צייט...

— איצט וואָלטן מיר געדארפט האָבן א ביסל מזל — האָט די מאמע געזאָגט ארויסקריכנדיק פונעם בעט.

— אונדזערע גליקן, כ'זאָל נישט זינדיקן מיט די רייד... נאָר כ'וועל פּרובירן. איכ'ל היינט ארייַנרופן די גריכן, אפשר וועט עס געליגגען און

מיר וועלן פאַרקויפן די קו צו אַ קאָנפּעניר־נדיקן פּרייז, אַז מיר זאָלן קאָ־
נען קויפן אויף איר אָרט אַ קאַלביקע טעלעצע און ס׳זאָל אונדז נאָך
בלייבן עטלעכע טויזנט ליי...

פאַר מיטאָג האָבן אָנגערוקט די גריכן. מיט אַן איינשפּענערל זענען
זיי געקומען צו פאָרן. איינער איז געווען אַ ייד, אַ בהמה־סוחר, וואָס האָט
צוגעשטעלט קי צום עקספּאָרט, און איינער איז געווען דער גריך, אַרום
וועלכן עס האָבן זיך געדרייט אַ חברה מעקלערס, ווי וואַראָנעס אַרום
מיסט. יעדער איינער פון זיי האָט געוואָלט פאַרדינען מעקלעריי.

דאָס ברישקעלע האָט זיך אָפּגעשטעלט און די מעקלערס האָבן
אָנגעהויבן צו פירן די סוחרים צו פאַרשידענע בעלי־בתים, וואָס האָבן גע־
האַט צו פאַרקויפן קי.

דער טאַטע האָט זיך נאָך אַ ביסל געישובט:

— וואָס זאָגסטו? — האָט ער זיך געראָטן מיט דער מאַמען —
מ׳דאַרף פאַרשטיי אַריינרופן די סוחרים... דער רוח ווייסט זיי, בע־
סער וועל איך זיי נישט זאָגן. מע קאָן זיי קיין מאָל נישט דעררעאָטן: רוף
איך זיי אַריין — וועלן זיי זאָגן, אַז לעת־עתה פעלט זיי נאָך נישט קיין
קי, נאָר מע קויפט דאָך... פאַרשטייסט? מיר לטובה קויפן זיי; רוף זיי
נישט — מע דאַרף דאָך פון עפּעס לעבן!... גלייב מיר, אַז איך שלאָג זיך
מיט דער דעה, צי איך זאָל בכלל זי פאַרקויפן, ווייל אַזוי לאַנג מיר האָבן
די קו, האָבן מיר דאָך אין שטוב אַ קאַפּ מילעך... אָט האָב איך געמיינט אַז
פּייוויש וועט עפּעס פאַרדינען, ביים שווערצן, האָט ער דערווייל „חתונה
געמאַכט" אויף די פאַר ליי, וואָס זענען געווען אין שטוב... זיצט ער שוין
ווידער מיט זיינע ביכלעך. נאָר ביכלעך און ביכלעך, ער וועט קיין מאָל
נישט זאַט ווערן פון זיי... אַ בוכהאַלטער וועט ער מיר ווערן! ער זאָל
כאָטש וועלן אַ חתן ווערן און נעמען נדן, מע זאָל קאָנען חתונה מאַכן
בראָנען.

— דו זעסט, ווי זי מיינט זיך? — האָט די מאַמע געזאָגט שעפּ־
טשענדיק און זיך געריבן דאָס פּנים מיט דער האַנט — סע פאַלט פון איר
שטיקער, נישט עפּעס אַנדערש, זי עלטערט זיך פאַר דער צייט.

— נו, אַוודאי... גלויב מיר, אַז נאָר יעדן מיטוואָך און דאָנער־
שטיק זיידענע שטרימפּ צו קויפן, דאַרף מען אויך האָבן ראָטשילדס פאַר־
מעגן... כ׳זאָל זי שוין זען חתונה געמאַכט, אַזוי צי אַזוי, נאָר פּטור

געוואָרן. כ׳וואָלט געגליבט, קאָן איך זאָגן, מער מיט צען יאָר... מנע, ע׳מיר זען!

דער טאַטע האָט זיך סוף־כל־סוף באַשלאָסן. ער האָט זיך אויפגע־הויבן זיך גענומען דעם ווינטער־ראָק און געזאָגט:

— איך גיי זיי אַריין רופן.

— גיי, זיי מצליח! — האָט די מאַמע אים אָנגעוואונטשן, און איך האָב מיר אויך געטראַכט: „דו, רבונו של עולם, וואָלסט געהאַט עפּעס דערקעגן, אַז דער טאַטע מיינער זאָל לעבן מער מיט צען יאָר?". קיין מאָל האָב איך נישט געהאַט אַזעלכע טענות צו גאָט ווי דעמאָלט, ווען איך האָב געהערט אָט די דאָזיקע ווערטער דעם טאַטנס. געוויינטלעך האָב איך געקוקט אויפן טאַטן, עפּעס ווי אויף אַ פרעמדן. איך בין מער געווען צוגעבונדן צו דער מאַמען. אויב דער טאַטע האָט מיך אַ מאָל געקושט, ווען איך בין געווען גאָר קליין, פלעג איך זיך אַרויס רייסן פון זיינע אָרעמס. איך האָב זיך אָפּגעווישט און עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז אויפן אָרט, וואו ער האָט מיך געקושט, איז מיר געבליבן אַ שטיק באָרד זיינ׳ע... די מאַמע האָט מיך זעלטענער געקושט און דאָך האָב איך זי ליבער געהאַט... דאָס מאָל האָב איך ליב באַקומען אויך דעם טאַטן. עס איז מיר געווען אַ רחמנות אויף אים, אַז איך וואָלט געגאַן פאַר אים אין וואַסער און אין פייער, נאָר עס זאָל אים גוט זיין. וואָס האָב איך אָבער געקאָנט טאָן?

אַ קו האָבן מיר געהאַט אַ שיינע, אַן אַלגאָווער קו, אַזעלכע וואָס די גריכן זוכן צום עקספּאָרטירן. תמיד האָבן מיר געהאָדעוועט אַ שיינע קו און געבן איר געהאָדעוועט אַ קעלבל. מען האָט צו דעם נישט צוגעלייגט. אמת, עס האָט גענומען אַרבעט אויסצוכאָוון צוויי בהמות, אָבער עס האָט זיך געלוינט. אַוון סע זענען געקומען די גריכישע סוחרים, האָבן זיי באַצאָלט.

שפּעטער איז דער טאַטע צוריק געקומען. ער האָט אַרויסגעלאָזט די קו אויס דער שטאַל, געוואָרט אַז די סוחרים זאָלן אָנקומען ביז צו אונדז. דערווייל האָט ער זי צוגעבונדן צום פּלויט און זי גענומען אָפּקע־מען, קראַצן צווישן די הערנער.

ווען די סוחרים זענען אָנגעקומען, האָבן זיי באַקוקט די קו פון דער ווייטנס, דערנאָך איז איינער צוגעגאַנגען נענטער און אַ מעקלער האָט אַריין געשטעקט צוויי פינגער צו דער קו אין דער נאָז, כדי זי זאָל אויפמאַכן דעם פּיסק, און דער סוחר האָט אָנגעקוקט, וויפל ציין זי האָט,

צי זי איז נישט קיין אלט שאכטל. מען האָט פּרובירט מעלקן, צי עס גייט מילעך פון אלע פיר ציצלעך.

די גריכן, דער גריך און דער ייד, האָבן געשמועסט צווישן זיך גריכיש, אז נישט דער טאַטע און נישט די מעקלערס האָבן נישט פאַר־שטאַנען קיין איין וואָרט.

דער טאַטע האָט אויסגעקליבט די קו, אז זי גיט א סך מילעך, און שטיל איז זי, אז א קינד קאָן זי מעלקן. די סוחרים האָבן זיך אָבער ווי געאיילט און אים איבערגעריסן די רייד און געפּרעגט, וויפל ער וויל פאַר דער קו.

— איך ווייס? — האָט דער טאַטע געהויבן די פּלייצעס תּמעוואַטע — וויפל וואָלט איר געגעבן? איך מיין כאָטש צוואַנציק טויזנט ליי...

די סוחרים, אזוי ווי זיי האָבן דערהערט, ווי דער טאַטע ציט אויס אזוי לאַנג די „טויזנטער”, האָבן זיי זיך אויפגעזעצט אויפן בריטשקעלע, זיך אריין געוואָרפן אין לעדערנעם זיק, אז זיי האָבן אזש אונטערגעטאַנצט, און אַוועק מיט דער חברה מעקלערס, נישט זאָגנדיק אונדז אפילו „א גוטן טאָג!”

די מאַמע האָט פאַרגעוואָרפן דעם טאַטן: ער האָט נישט באַדאַרפט אזוי פיל בעטן, אז זיי זאָלן זיך דערשרעקן.

— האָבן זיי געזאָלט זאָגן וויפל זיי ווילן געבן — האָט דער טאַטע זיך פאַרענטפערט — כ׳האָב זיי צוגעהאַלטן דאָס מויל?... דער רוח ווייסט, ווי אזוי מע קאָן זיי דעררעדן?!

— וואָס האָסטו זיך מיט איר צו זאָרגן — האָט פּייוויש אים גע־טרייסט — וועט מען דיר באַצאָלן, וועסטו זי פאַרקויפן, וועט נישט — נישט. אומזיסט דאַרפסטו זי נישט פאַרטראַצען, טרייב זי בעסער אריין אין שטאַל...

# פּייוויש האַקט דעם וואַלד

א גרויסער נס — אָדער איז עס נישט מער ווי אן אויסטייטש פון א פּשוטן צופאַל — איז געשען:

פּייוויש האָט זיך באַקענט מיט איינעם פון די „הערן” פון דער פירמע, וואָס האָט געליווערט האָלץ. ער האָט געשפּילט א פּאַרטיע שאַך

מיט א הער פון דער פירמע און ער האָט ביי אים נושא־חן געווען. ער האָט געזען, אז מיין ברודער פייוויש האָט פעאיקייטן, ער וואָלט געקאָנט ווערן א מענטש, א נוצלעכער, ווען ער זאָל נאָר האָבן די מעגלעכקייטן. דער הער האָט באַדויערט פייווישן, וואָס ער גייט צוגרונט אינעם דחקות, וואָס איז ביי אונדז אין שטוב. דאכט זיך א קלייניקייט, מער נישט. פונדעסט־וועגן האָט זיך פון אָט דעם־אָ צופאַל אויסגעלאָזט, אז פייוויש איז גע־וואָרן אַן אָנגעשטעלטער ביי דער פירמע. ער האָט איבערגענומען מיט א שותף, וועלכער האָט געהאַט א ביסל געלט צו אינוועסטירן, צו האַקן דעם וואַלד.

ביי אונדז איז געווען א גרויסער דעמבענער וואַלד, וואָס האָט גע־שמט... אָט א־דאָ, אין דעם דאָזיקן וואַלד, איז א מאָל געווען דער קייסער פראַנץ־יאָסעף אויף געיעג. אַלטע מענטשן פלעגן דערציילן, אז ער האָט דאָ געוואוינט א פּאָר וואָכן. נאָך היינט שטייט דאָס הילצערנע הויז וואָס מען האָט דעמאָלט ספּעציעל אויפגעבויט אין וואַלד. היינט וואוינט אין אים א וואַלד־וועכטער; א מאָל, נאָך אין פרידנסצייטן, האָט מען געפירט א לאַנגן, שיינעם ווירעדיקן גראָדן דעמב אויף דער ווינער וועלט־אויס־שטעלונג. אזוי פלעגן אַלטע לייט דערציילן, ווען זיי האָבן געוואָלט זיך רימען מיטן וואַלד.

פונעם וואַלד־עשירות האָבן טאַקע נישט ווייניק מענטשן געהאַט צו באַציִען פּרנסה, ווען מען האָט געאַרבעט אין וואַלד, מען האָט געמאַכט שליפּערעס צום באַן־שטראָז, דאָגעס פאַר פעסער, ברעטער פאַר מעבל און צו מיינסטנס קלאַפּטערהאָלץ צום פאַרהייצן — און סתם דעמבעס, האָלץ אומבאַאַרבעטס. די פּויערים האָבן פאַרדינט ביים האַקן (דאָס פעלד אַרבעט מען דאָך נאָר זומער־צייט, ווינטער קאָנען זיי אַרבעטן ווי וואַלד־העקער!) און די בעלי־עגלות, מיינסטנס יידן, האָבן פאַרדינט ביים טראַנספּאָרטירן דאָס האָלץ. געשלעפּט די דעמבעס מיט זייערע פערד און וואָגן אין דער שטאָט אריין.

ווען מען האָט געהאַקט דעם וואַלד האָט מען פאַרדינט. און אז מען האָט פאַרדינט, האָט שוין יעדער עפּעס אַראָפּגעשאַרט אויף פּרנסה.

פייוויש איז געזעסן ביים פּידל און פאַרשריבן אויף א ליסטע, אויפ־גענומען די פּויערים, יעדן געפרעגט, ווי אזוי ער הייסט און ווער דער שותף איז. האָלץ־העקער אַרבעטן צו צוויי אירע. ער האָט זיך געדונגען,

עס האָט כמעט אויסגעוויזן, אז ער קריגט זיך, טיילנדיק געלט פאר א דע־רויף. די פויערים האָבן געטענהט, אז אן אנדער מאָל האָבן זיי באקומען מער געלט פון פאַרויס. וואָס זאָלן זיי עסן, ביז דאָס צאָלונג וועט זיין? און אז איינער דארף זיך קויפן א נייע זעג, צי א האק, וואָס זאָל ער טון?

— ס'איז נישטאָ פון וואו — האָט פייוויש געזאָגט — די פירמע וויל נישט צאָלן פאַרויס, וואָס זאָל מען טון? איצט וועט איר זיך נאָך יאקאָש באגיין מיט ווייניקער געלט. שפּעטער, זאָרגט נישט, וועל איך מאכן א קאנטינע, איר וועט באקומען וואָס איר וועט וועלן...

ווען די וואלד־העקער זענען זיך אוועק, זענען צוויי פון זיי איבער־געבליבן שמועסן מיט פייווישן. ער האָט זיי געמוזט צוזאָגן מער געהאלט ווי פאר די אנדערע. כדי זיי זאָלן זיין די פיראַרבעטער, כדי אזוי ארום אונטערצוטרייבן אויך די אנדערע. זיי וועלן גיין פאַרויס און די איבע־ריקע וועלן שוין במילא נאָכגיין. סע וועט דאָך זיי זיין א בושה ארונטער צו בלייבן. דאָס האָט געזאָלט הייסן: זיי וועלן זיין די בייטש, וואָס טרייבט אונטער צו דער ארבעט, זיי מאכן חשק, פאר וואָס פייוויש האָט געמוזט באזונדער באצאָלן.

— יאָ־יאָ, כ'האָף — האָט פייוויש זיי באגלייט ארויס, און זיי געע־קלאפט גוטברודעריש איבער דער פּלייצע — אז איר וועט מיר איינ־ברענגען, וועל איך אייך נאָך קאָנען מוסיף זיין!

— איר קאָנט אייך פארלאָזן אויף אונדז — האָבן די העקער צוגע־זאָגט — מיר פאַשטייען אן עסק... ווי געזאָגט: איין האנט וואשט די אנ־דערע...

פייוויש האָט זיך באזעצט ביים טיש מיטן טאטן, מיט דער מאמען און מיט די שוועסטער. פייוויש האָט זיי געגעבן צו פארשטיין, אז מען מוז מאכן א קאנטינע. סע טוט אים ווי דאָס הארץ, האָט ער געזאָגט, זיי אוועקצוגעבן דאָס געלט, אז די וואלד־העקער זאָלן עס אוועקטראָגן צו אן אנדערן. א ביסל געלט איז דאָ. עס איז אים איבערגעבליבן פונעם געלט, וואָס ער האָט באקומען פונעם שותף און פון דער פירמע, אויף צו געבן פאַרשוס, אויף א דערויף, איז וועט ער קויפן איינס־דאָס־אנדערע, פון יעדן צו א ביסל, ביז מען וועט זיך דערזען ביי געלט. דערנאָך וועט עס זיין א קאנטינע, ווי עס געהער צו זיין...

— וואָ׳דיען? — האָט די מאמע צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ — דער אייבערשטער וועט העלפן. מ׳קאָן נישט אויף איין מאָל. „צושטאט — קומט מען אָן ווייט״...

פאר וואָס האָב איך דעמאָלט געוואָלט א שריי טון: — א ספר וועסטו נישט נעמען אין די הענט?!...

איך האָב אויסגעהערט דעם שמועס, צוגעקוקט ווי אזוי יעדער איז צופרידן. יעדער האָט זיך אויף איין מאָל ליב באקומען. בפרט פייוויש. מען האָט זיך נישט געטרויט צו רעדן מיט אים א הויך וואָרט. ער איז שוין ווידער א מאָל געוואָרן דאָס „מזל־קינד״ ביי אונדז אין שטוב און איך האָב אלץ מורא געהאַט: ווער ווייסט, צי כוץ וועט זיך, חלילה, ווייטער נישט אויסלאָזן פון אלעמען ווי ביז איצט, מיט אלע פייווישס געשעפטן (דער יצר־הרע אין מיר האָט גערייצט, און קוים האָב איך זיך געקאָנט איינהאלטן און נישט אויסשרייען צום טאטן: — א ספר וועט ער נישט נעמען אין די הענט אריין!...). נאָר וואָס קאָן מען זאָגן, ווען מע זעט, ווי ער שפילט זיך מיטן געלט, ער ציילט בלויע טויזנטער, גלייך ער וואָלט נאָר דאָס געטאָן, זינט ער לעבט?...

...איי, ווען ער זאָל מיר וועלן געבן א טויזנטער, האָב איך ביי זיך געטראכט. כ׳וואָלט אים צוריק געגעבן. נאָר אָנרירן זאָל ער מיך לאָזן. כ׳זאָל זען, צי ס׳איז פון פאפיר... עפעס שמעקן זיי די טויזנטער, כ׳פיל זייער גערוך מיט דער נאָז. יאָ־יאָ, געלט שמעקט טאקע ווי בלומען. און הענט, וואָס רירן אָן געלט, שמעקן אויך עפּעס, לאָזן פון זיך א פיינעם ריח, ווי דער שוועסטערס פודער, אָדער נאָך פיינער... יאָ, דאכט זיך אז איצט שמעקט אויך פייוויש. ער איז שוין נישט דער, וואָס זיצט איינגעקאָרטשעט אין היי לייענענדיק א ביכל, צי טענטלענדיק מיטן שרייבפעדל — ס׳איז אן אנדערער פייוויש, א שפּאָגלנייער...

...אז איך וועל גרויס ווערן, האָב איך געטראכט, וועל איך... וועל איך ווערן א האָלץ־סוחר, רעדן מיט פריצים און זיי נאָכטראָגן, ווי פייוויש, די לעדערנע אקטנטאש, וואָס איז געשוואָלן מיט געלט... איך וועל אויך האָבן טויזנטערס. כ׳וועל מיר לאָזן איינבינדן א פּעקל טויזנטערס, זיי זאָלן זיין מיין סידור. ווי גוט איז צו דאווענען אין אזא סידור?... ווען איך וועל גרויס ווערן, וועל איך...

# די קאַנטינע

זונטיק.

די אַלטע צעבראָכענע וואָג, וואָס איז אונדז איבערגעבליבן פונעם אַמאָליקן געוועלב וואָס מיר האָבן געהאַט, איז געשטאַנען אויפן טיש. מען האָט אויף איר געוואויגן, און אַז זי איז שטיין געבליבן (און אַלע מאָל איז זי שטיין געבליבן!) אויף איין זייט, האָט מען אונטערגעהויבן מיט אַ פינגער. מען האָט אַלץ געמוזט איר אַרויסהעלפן. די שוועסטער, בראָנע און דער טאַטע האָבן אַרויסגעגעבן שפּייזוואַרג יעדן העקער נאָך דער ריי. מען האָט אים געגעבן, וואָס ער האָט געבעטן, כּדי ער זאָל האָבן וואָס צו עסן אין וואַלד ביזן אַנדערן זונטיק.

פּייוויש איז געזעסן ביים טיש, אויפגעשריבן יעדן אַרבעטאָרער וואָס ער האָט אָנגענומען. ווער עס האָט עפּעס געגעבן, האָט אויסגערופן און ער, פּייוויש, האָט אויפגעשריבן. מאַלייען־מעל אויף מאַמעליגע, בוימל, ציבע־לעס, זאַלץ און ברויט, אַ סך ברויט. דריי נעכט איז די מאַמע מיט די שוועסטער אויפגעווען און געבאַקן ברויט. ווייל אַזוי פיל אַרבעטאָרער דאַרפן עפּעס עסן איבער דער וואָך!

און אין אַ ווינקל איז געשטאַנען אַ העקער, איינער פון פּייווישס פּיראַרבעטער, און אויסגעטיילט יעדן איינעם די שינקע. דער טאַטע, די מאַמע האָבן דאָס נישט געקאָנט דערליידן, זיי האָבן קודם געמאַכט אַ געוואַלד, אַז זיי זענען מוחל דאָס גאַנצע עסק, האָבן זיי געזאָגט, נאָר קיין חזיר זאָל מען נישט אַריינברענגען צו אונדז אין שטוב. מען וועט שוין נישט בדלות ווערן אָן אָט דעם פּאַרדינסט...

— ס'גייט מיר נישט אין דעם פּאַרדינסט — האָט פּייוויש זיי איינ־גערעדט — מ'מוז דאָך זיי אָבער געבן צום עסן...

דער העקער האָט געהאַט אויסגעוואויגן די שינקע נאָך פון פריער אויף חלקים, כּדי מע זאָל נישט דאַרפן וועגן זונטיק, ווען די מענטשן וועלן שוין זיין דאָ און זיך איילן. ער איז געקומען שבת צו נאַכטס צו אונדז און ער האָט געשניטן, ווי אין ווייסן זייף, פון גאַנצע קריעס איינ־געזאַלצענע שינקע און אויסגעוואויגן חלקים צו איין און צוויי קילאָ.

מען האָט אויסגעטיילט. יעדן געגעבן אַ רעפּטל שינקע, איינגעפּאַקט אין אַ פּאַפּיר, כּדי זיי זאָלן עס מיטנעמען אין וואַלד אַריין, זיי זאָלן האָבן איבער דער וואָך מיט וואָס זיך צו שפּייזן אין די קאַלטע פרעסט.

אָבּער זיי האָבן נישט גיעהאַט קיין גיעדולד אויסצואוואַרטן. גלייך ווי קליינע קינדער, איידער זיי גייען אויף אַן אויספלוג, הייבן זיי אָן נאַשן פון זייער מערינדע נאָך איידער זיי האָבן זיך אין וועג געלאָזט, אַזוי האָבן זיי זיך אויך גענומען קודם־כל עסן, הגם זיי זענען נאָר וואָס געקומען פון דער היים. זיי האָבן זיך באַזעצט אויפן דיל, וואו זיי האָבן נאָר געפינען א שטיקל פריי פלאַץ, צי אין דער אַנדערער שטוב, געשניטן שטיקלעך חזיר, אויפ־געשטעקט אויפן שפיץ פונעם טאַשנמעסערל און האַם!...

— ווײ, ווײ, ווי אַזוי דאָס פרעסט דבר־אחר און פאַרטרינקט קאַווע מיט מילעך... איבער דעם זענען די ערלים אַזוי געזונט — האָט די מאַמע געזאָגט, און מען האָט געפילט, אַז זי רעדט מיט קנאה — ס'איז דען א וואונדער? ווער האָט אַזוינס געהערט. אַז מ'זאָל אַזוי פיל צוזאַ־מענפרעסן?!...

ערשט אויף דער נאַכט האָט פּייוויש צונויפגערעכנט, ווער וויפל עס האָט אָנגענומען אויף באָרג, כדי ער זאָל וויסן וויפל אָפּצוציען יעדן איינעם ביי דער צאָלונג.

פּייוויש האָט א סך געאַרבעט.

יעדן זונטיק איז געווען ביי אונדז אַזא יריד. אפילו איך בין אויך נישט געגאַנגען זונטיק אין חדר. איך האָב אויך געהאַט א באַשעפטיקונג. איך האָב געדאַרפט אַכטונג געבן מע זאָל עפּעס נישט גנבענען.

די קאַנטינע איז געווען כמעט אַן עקסטער געשעפט.

דאָס וואָס פּייוויש האָט פאַרדינט מיט זיין אונטערנעמעריי, צו האַקן דעם וואַלד, איז געווען עפּעס אַנדערש, און די קאַנטינע עפּעס אַנדערש. פונדעסטוועגן האָט מען שיין פאַרדינט אויך ביי דער קאַנטינע.

די געוועלבער האָבן זיך אָנגעהויבן אָפּרעדן און געדראָעט, אַז זיי וועלן אונדז מסרן. זיי צאָלן שווערע שטייערן, האָבן זיי געזאָגט, און מיר האָבן כמעט דאָס גרעסטע געוועלב — מע נעמט זיי צו די פרנסה...

מיין ברודער, פּייוויש, איז איצט געווען שיין אויסגעקליידט: קורצע פומפּע־הויזן פון געקעסטלטן שטאָף. מאָדערן. שוין נישט ווי א ישיבה־בחור. אין ברוסטן־טעשל ביים רעקל איז געווען ביי אים אריינגעשטעקט א שיינע פולפעדער, עטלעכע שרייבפענדלעך: א טינטיקס, א רויטס, א בלויס און א צאָלשטאָק. דאָס איז געווען דאָס צירונג, וואָס האָט זיך יעדן געוואָרפן אין די אויגן און, פאַרשטייט זיך, אַרויסגערופן כבוד...

א גאַנצע וואָך איז ער געזעסן אין וואַלד, נאָר אויף שבת איז ער אַהיימגעקומען און מאַנטיק פרי איז ער צוריק אַוועק. ער האָט פֿאַרגעסן אָן די אַלע ביכלעך זײַנע ער האָט נישט קיין צייט געהאַט מער צו זיי. נישט אַ מאָל צו עסן לײַטיש האָט ער שוין נישט געהאַט צײַט. זינט ער איז געוואָרן אַ האָלץ־מענטש, האָט ער נאָר תּמיד געהאַט צו טון מיט ציטעלעך, ביכלעך מיט חשבונות, און מען האָט בײַ אים נישט געהערט עפּעס אַנדערש ווי: „פֿירמע...״ די פֿירמע איז אַזוי, די פֿירמע וועט דאָס טון, די פֿירמע וועט יענץ טון, נאָר פֿירמע און פֿירמע...

עס האָט מיר אויסגעוויזן, אַז די האָלץ־פֿירמע איז אַן אַלגאַוועראַסן־קו, וואָס גיט אַ סך מילעך... אַ גוטע, שטילע קו, וואָס לאָזט זיך פֿון פֿײַוויש מעלקן...

# אַ קנס־מאָל

— בײַ ר׳ משהן עסט מען, פֿאַרשטייט, היינט וואַרעמע לאָקשן — האָבן די שכנים געשמועסט צווישן זיך. הגם מען האָט עס געהאַלטן בסוד, דאָך איז מען געוואויר געוואָרן. מען האָט געזען אַ פֿרעמדן בחור וואָס איז געקומען מיט זײַן מוטער צו אונדז; אַז פֿײַוויש איז עפּעס פֿלוצעם אַראָפּגעקומען פֿונעם וואַלד אין מיטן דער וואָך, און אַז דער טאַטע האָט זיך אָנגעטאָן פֿײַווישס אַ הוט — האָט מען זיך משער געווען, אַז בײַ אונדז וועט היינט זײַן אַ קנס־מאָל.

גערופֿן האָט מען אויף די תּנאָים בלויז אונדזערע קרובים און עטלעכע פֿון אונדזערע שכנים.

אויפֿן טיש האָבן געברענט צוויי קורצגעשניטענע ליכט, אין זילבערנע לײַכטער, וועלכע זענען געווען באַפּוצט מיט רויטע זײַדנפּאַפּירענע בענדער; אַ פֿולער אויפֿוואַרטער מיט לעקעך און טאָרט, אַ פֿלאַש פֿלוימענבראָנפֿן מיט קליינע גלעזעלעך ווי די פֿינגערהיטן, זענען געשטאַנען אויפֿן טיש פֿאַר די געסט, וועלכע זענען געזעסן בײַם טיש און געקײַט אַ לאַנגווײַליקן שמועס.

דער חתן־בחור איז געזעסן אויבנאָן ווי אָנגעמאָלט. ער האָט נישט געהאַט מיט וועמען צו רעדן אַ וואָרט. ער האָט דאָך נישט געהאַט קיין

באַקאַנטן נעבן זיך, האָט ער זיך אויפגעהויבן און זיך געזעצט ביי דער זייט, נעבנטער צו דער שוועסטער, צו דער כלה. זיי האָבן געכאַפּט א שמועס, ביז דער ברודער וועט ענדיקן שרייבן די תנאָים.

פּייוויש איז געזעסן אין עק טיש (דער טיש איז געווען דאָס מאָל אויסגעצויגן, ווי פאַר אַנדערטהאַלבן מנין מענטשן!) און געשריבן. אַרום איז געזעסן דער טאַטע און די מחותנתטע, דעם חתנס מוטער, און האָבן זיך געדונגען איבער יעדער איינצלהייט צו א שעה. די מחותנתטע האָט געוואָלט, אַז מען זאָל אַריינשרייבן, אַז מען וועט געבן אין נדן אַריין דאָס, יענץ, מען האָט נישט געקאָנט פאַרטיק ווערן (זי האָט מיסתמא געמיינט אַז מי־יודע ווי רייך מיר זענען!). האָט מען איר שוין איינס נאָכגעגעבן, האָט זי זיך באַלד דערמאָנט אָן עפּעס אַנדערש. פּלוצעם האָט זי זיך דערמאָנט... ביז דער ברודער האָט זיך דערבייזערט און פאַרלוירן דאָס געדולד. ער האָט אוועקגעוואָרפן די פּען אויס דער האַנט, האָט אַראָפּגענומען דעם אויפוואַרטער מיטן געבעקס פונעם טיש און אַריין געלייגט אין שאַפקעלע.

— וואָס מיינט איר, וואָס? — האָט דער ברודער זיך צעשריגן — מ׳האַנדלט דאָ א פּאָר אָקסן, אָדער וואָס דינגט מען זיך אַזוי?!...

די מענטשן, די איינגעלאַדענע האָבן זיך איבערגעוואָרפן מיט די בליקן און נישט געוואוסט וואָס צו טון. די לאַגע איז געווען א פיינלעכע, גלייך מען וואָלט זיי געווען אויסגעפּאַטשט. נאָר דער חתן, ער איז געזעסן רואיק און ווייטער געשמועסט מיט דער שוועסטער. ער האָט געשמייכלט, זיך געמאַכט ווי גלייך עס גייט אים גאָרנישט אָן, אָבער די פאַרבן האָבן זיך אים געביטן אין פּנים, ווען ער האָט געזען, אַז דער ברודער האָט אַראָפּגענומען פונעם טיש דעם אויפוואַרטער מיטן געבעקס.

דער ברודער, אָן אויפגערעגטער, איז אַרויסגעגאַנגען אין קיך אַריין, און דער טאַטע האָט זיך גענומען פאַרזעצן, שרייבן ווייטער די תנאָים. באַלד איז פּייוויש צוריק געקומען און איז צוגעגאַנגען צום חתן. אים אַרויסגערופן אין קיך אַריין, וואו די מאַמע מיט די איבעריקע שוועסטער האָבן זיך געפּאָרעט מיטן קאָכן די וועטשערע לכבוד דעם קנס־מאָל.

— איר ווילט א חתן ווערן מיט מיין שוועסטער — האָט דער ברודער געפרעגט דעם חתן, אין דער שטיל. שטיל אָבער אויפגערעגט. אַז יעדעס וואָרט האָט געציטערט אין דער לופט — אָדער מיטן נדן ווילט איר חתונה האָבן. מע דינגט זיך, גלייך מע וואָלט דאָ געהאַנדלט אָקסן אויף א מאַרק? — — — טאָמער מיינט איר נאָר דאָס געלט, דעמאָלט איז א שאָד

די גאַנצע קאָמעדיע. אויב זי געפעלט אייך נישט, טאָ זאָגט שוין, איצט, לאָמיר וויסן וואו מיר האַלטן!

— איך קאָן זיך אָבער דאָך נישט פאַרקויפן פאַר ליבע — האָט דער חתן געזאָגט שטיל, אונטער דער נאָז, ווי א קינד, ווען סע בעט עפּעס שעמעוודיק...

— וואָס איז שוין, וואָס? — האָט די מאַמע זיך צעשריגן, אַז זי האָט דערהערט דעם שמועס.

— ששש... גאָרנישט, גאָרנישט! — האָט דער ברודער זי פאַרשטילט און געגאַנגען מיטן חתן אין ווינקל, מע זאָל נישט הערן וואָס זיי רעדן. מען האָט נאָר געהערט, ווי דער חתן פאַרענטפערט זיך:

— איך טראָג עס דען ערגעץ אַוועק, צי נעם איך עס פאַר מיר? ס׳איז דאָך פאַר אייער שוועסטער!

זיי האָבן זיך אָפּגעשמועסט און זענען צוריק אריינגעגאַנגען אין שטוב. יעדער האָט זיי אָנגעקוקט מיט נייגיר, ווייל זיי האָבן זיך שוין געריכט אַז פייוויש וועט האָבן קאַליע געמאַכט דעם גאַנצן שידוך.

דער חתן האָט זיך אַראָפּגעזעצט אויבנאָן, אויף זיין אָרט, גלייך סע וואָלט געווען גאָרנישט געשען. פייוויש האָט גענומען א טעלער אין די הענט און ווען דער טאַטע האָט געהאַט געגעבן א טאַשטיכל, אָנצוכאַפּן קודם דעם חתן און דערנאָך דער כלה, זאָלן „מקבל־קנין״ זיין, האָט פייוויש א טראַסק געטאָן מיטן טעלער צום דיל און יעדער האָט אויסגעשריגן: „מזל־טוב, מזל־טוב!״ מען האָט דערקאָנט אָן פייווישן, אַז ערשט איצט האָט ער זיך געשטילט דעם כעס. ער האָט אויסגעלאָזט דאָס האַרץ צום טעלער, אַז ער איז זיך צעשפרונגען אויף פּיץ־פּיצלעך. די יינגלעך און מיידלעך האָבן געכאַפּט יעדער צו א טשערעפּל. מען האָט זיך געריסן איבער זיי. מען האָט געזאָגט, אַז עס איז א סגולה, א כלה צי א חתן צו ווערן. דער חתן איז צוגעגאַנגען צו דער כלה איר ווינטשן מזל־טוב, און א ווײלע זיך אָנגעקוקט שעמעוודיק. דערווייל האָט מע זיך גענומען צו דער פלאַש בראָנפן, א שטאַרקע סליבאָוויצע, וואָס פאַרכאַפּט דעם אָטעם, ווען מע פאַרזוכט פון איר. מען האָט געוואונטשן מזל־טוב פאַר די מחותנים, מען האָט זיך געוואַשן און געזעצט צום טיש, צו עסן די „וואַרעמע לאָקשן״.

נאָכן עסן האָט דער חתן געזאָגט א פשטל און דער טאַטע האָט אין דער צייט געשמועסט מיט דער מאַמען אין קיך:

— נאַ, אַבי ס׳איז שוין אַדורך... ס׳איז א באַשערטע זאַך, זאָג איך דיר, ווייל טאָמער וואָלט עס פּירגעקומען איידער כ׳האָב צונויפגערופן

דעם עולם, מעגסטו וויסן, אז כ׳וואָלט זיי ארויסגעוואָרפן פון דער שטוב אויף א שפּענדל... נאָר אז פרעמדע מענטשן זענען אין שטוב, האָב איך אין מיר געביסן... מיסתמא האָט אזוי געדאַרפט צו זיין!

— די תנאָים זענען עפּעס זייער נישט געלונגען — האָט די מאמע געזאָגט — איך האָב זיך געריכט אויף בעסערס, אויף שענערס. מ׳האָט אָנגעפּאַרט פון אלעם גוטן, האָב איך געמיינט אז סע וועט זיין א ליעבן, מע וועט האָבן צו געדענקען, ווי מע זאָגט: „היינט וועלן טראָגן גאנצע קעפּ״... דער שטן האָט אָבער זיין שפּיל — סע זאָל כאָטש פון איצט אָן זיין גוט!

איך האָב קיין בראָנפן נישט געטרונקען, אָבער אין מויל איז מיר געווען מעלעאוויע און אויף דער נשמה קאַליעמוטנע. אנדערש האָב איך מיר פאַרגעשטעלט דאָס חתן־כלה ווערן...

# א סוף מיט אן אָנהויב

די טעג זענען עפּעס פאַמעלעכער געגאַנגען ווי אן אנדער מאָל. זיי האָבן זיך געקוילערט ווי שטיינער באַרג־אַרויף. די שוועסטער מיינע די כלה האָט זיי שווער געציילט, געוואַרט יעדן טאָג אויף דער פּאָסט, דער בריוו־טרעגער זאָל איר ברענגען א בריוו פון איר חתן; דער טאַטע האָט געציילט די טעג, אז אָט־אָט דאַרף מען ביילייגן דעם נדן. דער טערמין פון דער חתונה רוקט זיך צו. דעם אמת געזאָגט האָט מען זיך גאָר שטאַרק נישט געזאָרגט, ווייל מיר האָבן געהאַט צו באַקומען געלט ביי דער פירמע. מען האָט קוים געוואַרט, אז עס זאָל זיך דורכרוקן די חתונה, מע זאָל זיך שוין דערזען אריבערגעשפּרונגען דעם „באַרג״ און פּטור ווערן. ווייל אנדערע דריי מיידן האָבן געוואַרט אויף דער ריי... פּייוויש ווידער, האָט געציילט די טעג, ווייל מער האָט ער שוין נישט געקאָנט אָפּלייגן דאָס מיליטער און וואַרשיינלעך וועט ער מוזן איינרוקן צום מיליטער־דינסט.

בריוו זענען געגאַנגען פון און צום חתן. בראַנע, די כלה־מויד, האָט געהאַט איין אַרבעט: צו לייענען און אז פּייוויש איז אהיימגעקומען אויף שבת, האָט זי נאָך געהאַט אויך אים צו פרעגן: ווי אזוי מאַכט דאָס?

די אנדערע שוועסטער האָבן זי אויסגעלאַכט, האָבן זי מער נישט גערופן „בראַנע״ נאָר „בלאַנקאַ״, אַזוי ווי דער חתן האָט צו איר אַדרעסירט די בריוו. פונדעסטוועגן פלעגן זיי זיך דאָך צושאַרן צו איר טאַשקעלע, ווען זי איז נישט געווען אין שטוב, זיי זאָלן לייענען דעם בריוו, וואָס דער חתן האָט איר געשריבן... זיי האָבן איר נישט פאַרגינען...

זי האָט געענטפערט, דער חתן האָט צוריק געענטפערט, עס האָט זיך געטאָן אַ שרייבעכץ אַהין און אַהער. דאָ האָט זיך דערבייזערט דער חתן, אַז די שוועסטער האָט אים נישט דערראַטן מיט אַ וואָרט, אָדער זי האָט אים נישט געענטפערט צו דער מינוט; דאָ האָט זיך די שוועסטער דערבייזערט פונעם חתנס שרייבן, — איין מאָל האָט דער נישט געוואוסט, וואָס יענער שרייבט און איין מאָל האָט יענער נישט געוואוסט, וואָס ער לייענט. מע האָט געזען, אַז פון אַזעלכע בריוולעך קאָן קיין גוטס נישט אַרויסקומען.

— ס׳איז נאָך אַ גליק — האָט דער טאַטע געזאָגט — וואָס די חתונה רוקט זיך צו, וועלן זיי כאָטש נישט האָבן קיין צייט זיך צו קריגן, ווייטער וואָלטן זיי זיך צעשטאָכן אין די בריוו מיט די פענ׳ען...

פּייוויש האָט גענומען געלט ביי דער פירמע. מען האָט נאָך צוגע־ליגן און מען האָט געקויפט חתונה־קליידער. עפּעס האָט מען צוגעקליידט די איבעריקע שוועסטער אויך, זאָלן אויף דער חתונה זיין אָנגעטאָן. אפשר וועט זיך ביי דער געלעגנהייט פאַר זיי אויך טרעפן עפּעס אַ שידוך. די חתונה־קליידער האָט בלימע, די יונגסטע שוועסטער, די שניידערין, גענייט. דער כלה האָט עס אפילו נישט זייער געשמעקט. עס איז איר נישט אָנגע־שטאַנען. זי האָט געוואָלט מע זאָל נייען די חתונה־קליידער ביי אַ באַרימטן שניידער, מיט אַ נאָמען. נאָר דער טאַטע האָט געהאַלטן חשבון, אַז זי איז נישט קיין בת־יחידה ביי אונדז, און אויך נישט אַ מאָל די מיזינקע. אַז ער האָט נאָך אַחוץ איר נאָך דריי טעכטער חתונה צו מאַכן, האָט ער נישט קיין געלט אויף אַרויסצוּוואַרפן. מע דאַרף אָפּשפּאָרן פון וואָס מע קאָן, אויף שפּעטער. עס האָט זיך אָנגעהויבן פילן, אַז פּייווישס „שיף״ גייט אונטער, ווייל ער וועט מוזן גיין זיין אַ סאָלדאַט, האָט מען אַוודאי און אַוודאי געמוזט קאַרגן, ווי אַזוי מען האָט נאָר געקאָנט.

לכבוד דער חתונה האָט מען מיר געקויפט אַ נייַ היטעלע און צום פאַרשפּיל, שבת פאַר דער חתונה, האָט די מאַמע מיר עס אָנגעטאָן. זי האָט זיך אָנגעשפּיגן אין די פינגער, מיר באַנעצט די פּיאות און אַ קרייזל געטאָן אויף איר פינגער:

— נאַ, דו זאָלסט אויך זיין אַן אויסגעפּוצטער מחותן!...

*

טריבע, אָסיענדיקע טעג האָבן באַלאַגערט אונדזער שטוב. עס האָט זיך באַלד געלאָזט דערקענען, אַז פּייוויש איז שוין נישט אין דער היים. נישט נאָר וואָס ער האָט נישט פאַרדינט, האָט מען אים נאָך געדאַרפט שיקן דעם לעצטן לײַ אין מיליטער אַרײַן.

שווײַגנדיקע האָבן זיך אַרומגעדרייט די שוועסטער אין דער שטוב און פון צײַט צו צײַט האָט אײנע אַרויסגעלאָזט אַ ברוגזן ברום, אַ קוויטש און די אַנדערע האָבן אָפּגעענטפערט מיט היסטערישע געשרייען, וואָס זענען שווער געווען אײַנצושטילן. אָט דאָס האָט געעלטערט און גרוי געמאַכט מײַן טאַטן.

די יונגסטע שוועסטער, בלימע, זי אײנע איז נאָך געווען מיט אַ ביסל פריש לעבעדיקייט, און אָפט זיך געלאָזט הערן זינגענדיק אַ יידיש לידל, צוזינגענדיק צום טאַקט פון איר נײַמאַשין. איך ווייס נישט, צי זי האָט נישט געקענט מער ווי די צוויי לידלעך, צי די לידלעך האָבן איר צום בעסטן געפעלן, אָבער אַזוי איז עס געווען — מען האָט זי תמיד גע-הערט נאָר:

„וואו זענען מײַנע זיבן גוטע יאָאָר?
אַז נישט זיבן, זאָל כאָטש זײַן אַ פּאָאָר!"...

אָדער זי האָט באַדויערט דעם רײַכן ראָטשילד, וועגן וועלכן מע פלעגט דערציילן אַ לעגענדע, אַז ער איז אַרײַן אײן מאָל אין זײַן פייער־קאַסע און די טיר האָט זיך אַליין צוגעשלאָסן, צופעליק, און פון דאָרט איז ער נישט מער אַרויס געקומען. ער איז דאָרט אויסגעגאַנגען פאַר הונגער. און צוטאַנצנדיק מיט די פיסלעך אויפן טריטער פון דער נײַמאַשין, האָט מען זי געהערט זינגען מיט אַ יאָמערלעך טרויעריק קול:

„דריי טעג און דריי נעכט
זיך די פינגער געזאָאָגן"...

מיט אָט די לידלעך האָט זי אָפּגעזונגען אַ שײנע פּאָר יאָר בײַ דער נײַ־מאַשין. געוויגט די פיסלעך אירע אויפן טריטער פון דער מאַשין, מיטן זעלבן טאַקט, וואָס אײדלע הענטלעך מיט לאַנג אויסגעשפּיציקטע מאַני־קירטע נעגעלעך קלאַפּן אויף קלאַווישן פון אַ פּיאַן, און אפשר נאָך מיט

מער געפיל, מיט מער הארץ, ווייל זי האָט זיך איבערגעלעבט, זינגענדיק דאָס לידל... די „זיבן גוטע יאָר“ זענען איר אריין אין די אויסגעשטאַרצטע איינגעבויגענע רוקן־ביינער, פונעם זיצן האַלבע נעכט איינגעבויגן איבער דער ניימאַשין, ווייל קיין אַנדערע פּרנסה איז אין אונדזער שטוב נישט געווען. פייוויש איז געווען אין מיליטער, איז מען געווען אָנגעוויזן אויף דער שוועסטערס פאַרדינסט, פון דעם האָט מען געלעבט.

דער טאַטע האָט געשריבן צו עפּעס א קרוב אונדזערן קיין אַמעריקע, ווען מען ס׳בילד פון האָט געהאַנגען ביי אונדז אויף דער וואַנט, און געוואַרט אויף אַן ענטפער (אפשר וועט ער שיקן צוועלף דאָלער?), אָבער דער ענטפער איז קיין מאָל נישט געקומען. אפשר האָט ער שוין נישט געלעבט?

די עלטערע שוועסטער, יענטע (איצט איז זי שוין געווען די עלטסטע שוועסטער!), האָט געוואַרט אויף א וויזע צו פאָרן קיין בעלגיע. מען האָט זיך אויסגעבראַנגט ביז צום העמד, אויף די שריפטן צו מאַכן און אויפן פּאַס, ווייל מען האָט געהאָפט אין צווייען: אי מען וועט זי פּטרן פונעם קאָפּ, ווייל מען האָט געהאָפט אַז דאָרט וועט זי זיך שוין טרעפן אויך א חתן אָן נדן; אי זי וועט אונדז נאָך אויך שיקן עפּעס געלט, פּונקט ווי אַנדערע שיקן...

איך בין שוין אין חדר נישט געגאַנגען. איך האָב זיך אַרומגעדרייט בטל. מען האָט נישט געהאַט פון וואַנעט צו צאָלן שכר־לימוד, האָט מיך דער מלמד אויסגעריכט אַהיים:

— גיי, דו האָסט שוין אויסגעלערנט תורה כולה אויף איין פוס, קאָנסט שוין גיין שלאָגן הינט!...

אַזוי האָבן זיך געענדיקט מיינע חדרישע קינדער־יאָרן.

*

אויפן וועג, אויף וועלכן עס איז געגאַנגען מיין ברודער פייוויש, האָב איך נישט געוואָלט גיין. הגם איך האָב זייער געשעצט מיין ברודער. איך בין געווען איבערצייגט אין זיינע פעאיקייטן. ס׳קאָן זיין, אַז מע

וועט פון מיר לאכן, אָבער איך בין איבערצייגט: אז אויב מע וועט א מאָל הערן, אז עמעצן איז געלונגען צו מאכן א „פערפּעטואום מאָבילע״, זאָל מען וויסן אז דאָס האָט געמאכט מיין ברודער, פייוויש. לויט ער האָט עס מיר געגעבן צו פארשטיין, מוז זיך דאָס רעדל דרייען. און אויב ער וועט עס נישט א מאָל מאכן — קאָן זיין אז אין א שיינעם טאָג וועל איך עס אויספירן... יאָ, איך וועל מאכן יענעם „פערפּעטואום מאָבילע״, וואָס פייוויש האָט אָנגעהויבן צו בויען — אָבער דאָך האָב איך זיך צו דער צייט ארומגעקוקט און זיך איבערצייגט, אז דער וועג אויף וועלכן ער האָט זיך געלאָזט גיין איז פול מיט שטרויכלונגען. איך מוז גיין אויף אן אנדערן וועג. איך מוז זיך אויסלערנען א מלאכה, אויף צו קענען פארדינען כאָטש דאָס שטיקל ברויט — פון חלומות האָב איך געזען קאָן מען נישט לעבן.

נאָך עטלעכע טעג, וואָס איך בין ארומגעגאנגען שלינג־שלאנג אויף די גאסן, ווי א הונט אָן א בעל־בית, בין איך אוועק צו משה דעם קאָוואל און אים געבעטן, אז ער זאָל מיך אויפנעמען פאר א לערניינגל. קודם האָט ער זיך צעלאכט:

— א קאָוואל ווילסטו אויסוואקסן? דיין טאטע ווייסט דערפון?!

— דער טאטע ווייסט נישט, אָבער איך ווייס יאָ — האָב איך געענטפערט אנטשלאָסן — דער טאטע וויל, אז איך זאָל ווערן א זייגערמאַכער, דאָס איז, זאָגט ער, א יידישע מלאכה. אָבער איך וויל ליבער זיין א קאָוואל...

— גוט, מיר וועלן זען — האָט ער געזאָגט — איך וועל איבערשמועסן מיט דיינע עלטערן, אָבער דערווייל נעם אין די הענט דעם באַראָז און באוויז צי דו טויגסט אים אויפהייבן.

אזוי האָב איך אָנגעהויבן צו שלאָגן דעם טאקט מיטן גרויסן, שווערן זעץ־האמער אויף דער קאָוואדלע און אָנגעהויבן צו שמידן מיין צוקונפט...

משה דעם קאָוואלס קוזניע, מיט די געלאטעטע, ווערטערווייז אָפּגעשיילטע ווענט איז געשטאנען ביים ארייַנפאָר פונעם שטעטל, נישט ווייט פון אונדז. פון פאָרנט צו דער גאס זענען געשטאנען דריי אין דער ערד אריינגעגראָבענע קלעצלעך, אָן וועלכע מען האָט אָנגעבונדן די פערד, וועלכע מען האָט געברענגט צום קאָוועס.

פאַר דער טיר זענען תמיד געווען אָנגעשפּאַרט עטלעכע רעדער, נייע און אַלטע, מיט אָפּגעגעסענע ספּיצעס, וואָס מע האָט געבראַנגט אַרויף צו ציען אויף זיי אײַזערנע ראָפּעס; אַ צווייפּיסלדיק קלעצל ווי אַ הינטל, וואָס זיצט אויפן הינטן, אויף וואָס מע האָט אַרויפגעלייגט די פערד־קאָפּעטעס, צו באַאַרבעטן די אַרויפגעקלאַפּטע פּאָטקאָוועס, אָפּצורייסן די נעגל, צוצופיילן מיטן ראַשפּער די קאָפּעטע נאָך דער מאָס פון דער נייער פּאָטקאָווע; אַן אַלטער פּגומדיקער אַקער, וועלכן מען האָט געבראַנגט אויסצושאַרפן. אָט די אַלע חפצים האָבן באַשיינט די קוזניע, מיין נייע שול. דאָס איז אַזוי צו זאָגן געווען די שילד, דאָס אויסלאַגע־פענצטער און אויך כמעט אַ האַלבע ווערקשטוב.

אין איין זייט קוזניע זענען געשטאַנען און האָבן געשמועסט און געשפּיגן איבערגעקייטן טאַבאַק, עטלעכע פּויערים, בעלי־עגלות, וואָס האָבן געוואַרט אַז זייערע רעדער אָדער אַקערס זאָלן אויסגעפּאַרטיקט ווערן.

איך בין געשטאַנען ביי דער קאָוואַדלע... איך בין געשטאַנען מיטן גרויסן האַמער אין די הענט, מיטן בראָז, מיט די פאַרקאַסעטע, אָפּגעריסענע העמד־אַרבל און געשלאָגן דאָס אייזן אָן רחמנות... איך האָב אָפּגעענטפערט צום טאַקט, אויף יעדן קלינג פונעם מייסטער־העמערל פון משה דעם קאָוואַל. יעדער „טראַך" פונעם האַמער האָט צוגעשלאָגן, ווי מיט אַ צוואַק, אָפּגעריסענע מחשבות, וואָס האָבן זיך מיר געבאַמבלט אין קאָפּ בשעתן קלאַפּן דאָס רויטע אָנגעהיצטע אייזן...

*

איך האָב געוואָלט אָנהייבן אַ נײַ לעבן, אַ זעלבשטענדיקס... נישט אַזוי ווי סע האָט אָפּגעלעבט זיינע יוגנט־יאָרן מיין ברודער פּייוויש. איך האָב נישט געוואָלט זיין אין זיין מצב, אָנצוקומען צו די לאַסקעס פון מיינע עלטערן, אַז איך זאָל מוזן אויסהערן דעם טאַטנס מוסר־רייד, וועלכע האָבן זיך פאַרהאַלטן אין מיינע אויערן און דאָרט געזשומזשעט ווי גיפּטיקע בינען...

האָב איך געוואָלט ווערן אַ קאָוואַל. פאַר וואָס דווקא אַ קאָוואַל?

ווייל דאָס איז מיר אונטערגעקומען אונטער דער האַנט. דאָס איז געווען צוגעצייגט. אָבער איך וויל נישט דאָ פאַרענדיקן מיט דער דערציילונג, כדי מע זאָל נישט מיינען, על פי טעות, אַז איך בין טאַקע געוואָרן אַ קאָוואַל.

וואָס דען בין איך געוואָרן? אויף דעם איז נישט אזוי לייכט צו ענטפערן. ווייל, וויפל מלאָכות האָב איך נישט איבערגעפרואווט אין מיין לעבן?! ביז איך האָב זיך באשלאָסן צו א סטאבילער ארבעט האָב איך פיל מלאָכות אָנגעהויבן און קיין מאָל נישט געענדיקט. אפשר איז עס געווען מיין א מזל־זאך (פונעם באשערטן מזל קאָן מען דאָך נישט ניצול ווערן. מע קאָן דאָס נישט אויסמיידן!), אז איך זאָל נישט האָבן קיין זיץ־פלייש, איך זאָל פון צייט צו צייט ווארפן א שנאה אויף דער מלאָכה וואָס איך האָב נאָר וואָס אָנגעהויבן, און זאָל אָנהייבן אן אנדערע?! מיינע מייסטערס פלעגן טאקע זאָגן, אז איך האָב א גוטן קאָפּ, אָבער נישט קיין גוטע „מחילה". איך האָב נישט קיין זיץ־פלייש. איך קאָן נישט אויסדויערן אויף איין אָרט מער ווי העכסטנס עטלעכע חדשים. אפשר איז עס נישט מיין א פערזענלעכער חסרון. אפשר האָב איך עס געירשנט פון מיינע עלטערן און אפשר פון מיינע אור־עלטערן?! איז דערפאר וועל איך זיך מער אין דעם נישט גריבלען.

דאָ דארף נאָר געשטעלט ווערן א פינטעלע, אז אזוי האָב איך פארענדיקט מיט מיינע קינדער־יאָרן און בין ארויסגעגאנגען פון אונטער דער השגחה פון טאטע־מאמע — אָבער זעלבשטענדיק, אָט צו דעם דאַזיקן בין איך קיין מאָל נישט דערגאנגען. אפילו היינט בין איך נאָך נישט זעלבשטענדיק.

דער חילוק איז נאָר, וואָס היינט בין איך שוין דערגאנגען צום באַוואוסטזיין אז איך קאָן קיין מאָל נישט זיין זעלבשטענדיק...

# אין געראַנגל מיט זיך

ווען, ווען
זאָל איך ווידמען
די דאָזיקע דערציילונג
פון פרילינג אָן זון,
לעבן אָן פרייד,
יוגנט אָן געזאַנג?...
דער מאַמען, דער פרוי,
די שוועסטער צי די טעכטער,
וואָס האָבן זייער פרילינג
איבערגעלאָזט אין אַש, ערגעץ וואו,
אין די היטלער־ברענאַוויוונס, —
צי אים, מיין זון, קאָרנעל־גרשון,
(כי גר הייתי...)
וואָס פרילינגט מיר אויס
מיין האַרבסטיקן נעפּל?

# סערל — מאַראַמאַרעשער טאָכטער

מאַראַמאַרעש, פאַרוואַלדעוועט באַרגיק לאַנד ביים ראַנד פון רו־מענישן היימלאַנד, באַוואַכט די צפונדיקע גרענעץ, ווי אַ שומר, אַרומגע־גאַרטלט מיט דער טייס, דער גרעסטער טייך אירער.

כאָטש עס האָט אַ בייזער ווינט פאַרבלאָזן די בני־ישראל, זיי צעזייעט און צעשפּרייט איבער אַלע זיבן ימים, איז אין מיין זכרון דאָך געבליבן דאָס אַלטע בילד, אַזוי ווי עס איז געווען אַמאָל — אָן אינדזל פון יידן וואָס האָט דאָ געלעבט און געליטן. געמאַכט חתונות און לוויות. עס האָט זיך געקאָכט מיט יידיש לעבן פון אַלערליי שיכטן. מען האָט באַגעגנט יידן כמעט איבעראַל. דאָ און דאָרט. דעם לויפנדיק גאַנץ פרי אין קלייזל. יענעם האַנדלענדיק מיט שאָף. דעם פאַרריכטנדיק זייגערס און יענעם אַקערנדיק דאָס פעלד, דעם טעסענדיק אַ קלאָץ און יענעם, וואָס שפּילט דעם האָקוס־פּאָקוסניק, אַרומלויפנדיק אַרום מאַרק מיטן „פינגערהוט־

שפּיל״, א שוחט מיט א לאַנג׳ער קאַפּאָטע, און אַן אוניפאַרמירטן פּאָליציסט וואָס גייט נישט זעלטן אריין אין שול כאַפּן א שמונה־עשרה... יידן, מאראמאָרעשער יידן.

כמעט אזוי האָט אויסגעזען דאָס שטעטל און אזוי איז עס פאַר־בליבן אין מיין זכרון. עס האָט ג׳עווימלט מיט יידן. מען האָט עס נישט געקאָנט איבערמאכן. האָט עס געמוטגט קר׳ענקען די שונאים, יענע וואָס האָבן אָנגערייצט דעם נאַאיוון פּשוטן מענטשן, אויפגעהעצט אים אויס־צושלאָגן די שויבן ביי די יידישע שכנים, ווען עס איז געקומען די חגא פון פּסח, אונטערן אויסרייד, אז זיי האָבן געקרייציקט דעם יויזל...

יידן זענען אין מאראמאָרעש געווען אין דער היים, זינט הונדער־טער יאָרן. תמיד זענען זיי דאָ געווען, תושבים פון דורות.

א סימן, האָבן דאָך אפילו נישט־יידן געהאַלטן דין־תורה׳ס ביים „ראבין״, געשאָכטן עופות ביים יידישן שוחט... און וויפל פון זיי האָבן געהאַלטן אויך יידישע יום־טובים! האָבן דאָך פיל פון זיי, די מאראמאָ־רעשער נישט־יידישע איינוואוינער גערעדט יידיש צווישן זיך. זיי, די איינציקע אין מאראמאָרעשער דערפער, וואָס האָבן געלאָזט הערן א יידיש וואָרט אין דעם גרויזאַמסטן יאָר נייַנצן הונדערט פיר און פערציק — פינף און פערציק, ווען נאָכן דעפּאָרטירן קיין אוישוויץ, איז אין גאַנץ מאראמאָרעש קיין איין יידיש נפש נישט געבליבן.

יידן זענען אין מאראמאָרעש געווען אַלט־געזעסענע פון דורות. די טייס, דער מאראמאָרעשער ירדן, האָט שוימענדיק געזונגען, נעבן דער רומענישער דוינע, אויך א יידישן זמר און נאָך דערצו אויף וויזש־ניצער נוסח...

מאראמאָרעשער תושבים פלעגן זינגען, סיי ווען זיי זענען געווען יום־טובדיק פריילעך, סיי ווען זיי זענען געווען פאַרטרויערט און פאַרבענקט... תמיד האָט מען געזונגען... און דאָך — די מאראמאָרע־שער געגנט איז תמיד געווען אַן אָרעמער בעטלער, וואָס האָט נישט פאַרמאָגט אפילו א זאַטן קרעכץ אויף זיין אייגן שלימזל, און ווער רעדט גאָר וועגן א שמייכל, א פאַלשן כאַטש, וואָס זאָל אָפּנאַרן און צוזאָגן א בעסערן מאָרגן.

מאראמאָרעשער יוגנט, די אויסגעכאַוועטע אין נויט און אונטערן יאָך פון אָרעמקייט, אָבער פרומע טאַטע־מאַמע, נאָך איידער זי האָט זיך צעבליט, די יוגנט, איז זי שוין פאַרעלטערט געוואָרן, פאַרוועלקט געוואָרן פאַר דער צייט.

יינגלעך און מיידלעך האָבן אין מאראמאָרעש קיין מאָל נישט געלאכט מיט געזונט געצייטיקט געלעכטער. אין זייער לאך האָט מען תמיד געהערט א טרויעריקן עכאָ, ערגעץ פארבלאָנדזשעט פון די טיפע סמערע־קע־וועלדער, אַן אָפּקלאנג פונעם איינטאָניקן טייס־געוויש, וואָס אקאָמפּאנירט מאראמאָרעשער תמידיק אומגעריעטעניש.

טאָ, איז דאָך אלץ איינס וועגן וועמען און וועגן וואָס מע דערציילט, איז פאר וואָס זשע זאָל מען נישט דערציילן וועגן איינעם א מיידל, וואָס האָט געלעבט איינפאך, אָן ווער ווייסט וואָסערע אוואנטורעס, אין משך פון דער צווישנצייט פון די צוויי וועלט־מלחמות. א מיידל, וואָס האָט געלעבט פשוט, ווי דאָס רוב מאראמאָרעשער.

איז אָט זענען זיי דאָ, די עטלעכע בלעטלעך ארויסגעריסענע פון א לעבנס־ראָמאן פון איינער, לאָמיר זי אָנרופן סערל, א טאָכטער פון מאראמאָרעשער געגנט.

עס איז דער זעלביקער גורל פון אלע אירע שוועסטער און אויך, ווען מיט קליינע שינויים, דער גורל פון די מוטערס.

... ווייל אנשטאט ליבע־לידער האָט די טייס, דער מאראמאָרעשער יידישער ירדן, געזונגען א לויב־געזאנג דעם דחקות און נאָך דערצו אויף וויזשניצער נוסח...

מסתמא האָט איר א מאָל געזען ווי אין די העלע, צעבלויעטע פרימאָרגנס ריכטן אָפּ די פייגל זייערע הוליאנקעס. זיי זינגען און טאנצן פּאָרלעכווייז און טשאטעסווייז אין די גערטנער צווישן די ביימער.

מקובלים זאָגן, אז זיי זינגען אזוי שירה דעם רבונו־של־עולם. יעדע פייגל־חברותא אויף איר נוסח.

ווי שיין סע זענען די זומערדיקע פרימאָרגנס אין מאראמאָרעשער אויפסגערטנער! זיי זענען גאָר שיינע און האָבן גאָרנישט, לגמרי גאָרנישט, בשותפותדיקס מיטן מאראמאָרעשער לעבנסשטייגער...

...אין איינעם אזא „פּאָעטישן" פרימאָרגן האָט א „פּראָזאיִשע" וואָראָנע געגעסן ניס אויף א פויערישן בוידעם. געפּיקט, געפּיקט אין הויפן ניס און צום סוף געכאפּט א נוס אין שנאָבל און אוועקגעפלויגן. געפלויגן, געפלויגן פון בוים צו בוים, פון דאך צו דאך, סתם אזוי פון פארגעניגן, ווי עס זענען זיך נוהג פייגל בכלל, ביז זי האָט זיך ווי אָן עפּעס דער־

מאנט, ארויסגעלאָזט די נוס פונעם מויל און אוועק, גלייך זי וואָלט זיך ד'ערמאַנט, אַז עמעצער וואַרט אויף איר.

... די נוס איז געפאַלן אין א סאָד, א גאָרטן, א פונאַנדערגעאַקערטן, דערנאָך האָט געריגנט. שפּעטער האָט דער פויער ארומגעצוימט מיט דריי שטעקעלעך דאָס אָקערשט אויפגעשפּראָצטע ניסנביימל.

עס האָט עס קיינער נישט פאַרזייעט בכוונה. עס האָט קיינער נישט ארויסגעקוקט אויף דעם. עס האָט פון עפּעס א „צופאַל" אויסגעקאָלצעט, איז זאָל עס וואַקסן.

אָט אזוי האָט אויך פּאַסירט דאָ, ביי אונדז: פון „א נישט־געוואונטשענעם צופאַל" איז געבוירן געוואָרן א קינד, סערל.

נו, מילא — זאָל עס זיין מיט מזל. באין ברירה — אז עס איז — זאָל עס זיין.

אייגנטלעך איז גאָר קיין וואונדער נישט, וואָס ביי דער געבורט פון סערלען איז אין דער משפחה קליין געווען די פרייד. נאָך מער, מען האָט כמעט ארויסגעזאָגט, אז מען האָט זי געקאָנט פאַרשפּאָרן. און דאָס נישט נאָר ווייל עס איז געווען דאָס צווייטע קינד שוין — א מיידל; נאָר סתם אזוי, עס האָט איצט נישט געמאַנגלט נאָך איין עול פון א קינד. אין שטוב איז נאָך נישט געווען איבעריק פרנסה, אויך אָן דעם נייעם „גאַסט".

דאָס—אָ האָט מען געקאָנט הערן ביים פאָטער אירן, וואָס האָט געגעבן אָנצוהערן פון שמועס צו שמועס, הגם אין א פאַרקליידטער פאָרעם, אז ער האָט נישט „געפּידיונט" ביי א רבין וועגן קינדער. און אין דער אמתן אריין, איז עס דען א חידוש? ער, משה דער „באָלשעוויק", וואָס האָט זיך מיט א קנאַפּ יאָר צוריק אומגעקערט פון רוסישער געפאַנגענשאַפט (פון דאָרט האָט ער טאַקע מיטגעברענגט דעם צונאָמען „באָלשעוויק"!), און געטראַכט, נאָך דאָרט זייענדיק, ערגעץ אין סיביר, אין טאָמסקער געגנט, אז ווי נאָר ער וועט אהיים קומען, איז צו ערשט — וועט ער זיך אָפּרוען א זומער ביי א סטינע שאָף. געוואָלט צוריק באַקומען ביי די קעסעלעך שאָפענער מילעך אָט יענע כוחות, וועלכע ער האָט פאַרלוירן, סיי אין עגער (א שטעטל אין אונגערן), ווען ער האָט געפּאַסט תע־ניתים און נישט געשלאָפן דורך די נעכט, כדי ער זאָל זיין „אומטויגלעך" פאַר פראַנץ־יאָסעפס ארמיי; סיי נאָך דעם, ווען דאָס אלץ האָט נישט געהאָלפן און ער האָט זיך דערזען אויפן פראָנט הינטער פּשעמישל. און צום סוף — כמעט דאָס ערגסטע — דאָס פּילע צו פוס גיין, אנטלויפנדיק פון רוסישער געפאַנגענשאַפט.

עס איז פאר אים באלד געוואָרן קלאָר, אז נישט פון אָפּרוען זיך ביי די שאָף און נישט פון א גרינג ליעבן — וועגן וועלכן ער האָט גע־חלומט — קאָן נאָך גאָר קיין רייד נישט זיין.

האָבן זיי געלעבט ווי עס האָט זיך געלאָזט, אין די באַדינגונגען פון תיכף נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. געוואוינט אין א האלב ירושה־הייזל און זיך מפרנס געווען מיט געלעגנהייטלעכן מיסחר. קודם מיט טאבאק, בראָנפן און זאלץ. מיט זיגלען אלטע אונגערישע קראָנעס, מיט טוישן דייטשע מארק און צו ביסלעך אָנגעהויבן זיך דרייען ווי א מעקלער ביי ה אָלץ־מיסחרים.

מען האָט זיך צוגעפּאסט צו די נייע אומשטאנדן, פון באלד נאָך דער מלחמה, און מען דארף נישט פארגעסן, אז עפּעס מער ווי א יאָר האָט מאראמאָרעש אויפגעביטן דעם בעל־הבית — אנשטאט בודאפּעסט איז געקומען בוקארעשט. טראנסילוואניע איז רומעניש געוואָרן.

די מוטער, רחל, האָט פון קיין פרנסה נישט געוואוסט צו טראכטן. נישט איר טבע געווען. ס'ע גיבן זיך אויס פרויען, וואָס מיינען, אז דאָס געהער אויסשליסלעך פאר דעם מאן. ער דארף זאָרגן און זיי, די פרויען, טאָרן זיך נישט א מאָל אינטערעסירן, אריינמישן אין די עסקים.

די מוטער איז געווען פון דעם מין פרויען.

זי, פון איר זייט, וואָלט געוועט מער צופרידן געווען אז אויב שוין יאָ א קינד, טאָ זאָל שוין זיין א יינגל. א מיידל? דאָס האָט זי דאָך שוין.

הגם זי האָט עס ליב געהאט, דאָס נייגעבוירענע קינד (דאָך א מא־מע, און א מאמעס הארץ איז נישט קיין טאטנס!), דארף מען אָבער פאר־שטיין, אז אחוץ דעם, וואָס זי איז א מוטער, איז זי פון פיל פריער, נאָך מיט עטלעכע יאָרן צוריק, שוין געווען פרוי. און אָט־אָ־דאָס טאקע האָט מען געקאָנט אראָפּלייענען פון איר יונגווייבלדיקן געזיכט. מען האָט גע־קאָנט אראָפּלייענען דעם טיפן אומעט, וואָס האָט איבערגעלאָזט שפּורן פון זיצן אליין, אָן א מאן אין די מלחמה־יאָרן. מען האָט געקאָנט דער־קענען, אז זי פילט זיך געקריוודעוועט, וואָס דווקא דעמאָלט, ווען זי האָט חתונה געהאט — הגם משה איז איר נישט געווען אין גאנצן צום הארצן, דאָך איז ער געווען א מאן און זי אַן עלטערן — דווקא דעמאָלט, ווען זיי זאָלן ערשט אָנהייבן זייער יונג לעבן פון מאן און פרוי, איז אויסגעב־ראָכן די מלחמה, ווייל „מע־ווייסט־נישט־ווער" האָט דערשאָסן דעם קייסער פראנץ־יאָסעפס פּלימעניק...

און איצטער, אז די מלחמה האָט זיך געענדיקט, די רעוואָלוציעס האָבן זיך איינגעשטילט און זי וואָלט געקאָנט איינמאָנען כאָטש עפּעס פונעם נישט־אויסגעלעבטן לעבן, איז — מע זאָל נישט זינדיקן מיט די רייד — נאָ דיר נאָך אַ מיידל צום טיש...

איז דער פאָטער אוועק אין דער פרימערייע און איבערגעחזרט כמעט דאָס זעלביקע, וואָס ער האָט אויפגעצייכנט אין דער היים, ביי זיך אויפן דעקל פונעם „חומש”: בתי, מיין טעכטערל, סערל, נולדה — איז געבוירן... און דאָ: סילוויא אָוויטש, אַ מיידל, געבוירן דעם זעקס און צוואַנציקסטן אַפּריל, ניינצן הונדערט ניינצן...

# פון סערלס קינדער־יאָרן

סערל, אַ פרילינגדיק פליטערל, אַ רייך קאָלירט שמעטערלינג.

אַ טונקל־ברוינע, כמעט ציגיינעריש שוואַרצינקע, מיט געקרייזלטע האָר. זי איז געווען אַ ביסל צו קליין און צו צאַרט פאַר אירע יאָרן. און דער חידוש איז דאָס, וואָס אי דער פאָטער, אי די מוטער אירע זענען געווען נאָרמאַל געוויקסיקע. אפשר הויכע. אויך איר שוועסטער, ווען זי איז געווען אין אירע יאָרן, עלף יאָר אַלט, איז זי געווען פאַרהעלטניש־מעסיק גרעסער פון סערלען. נאָר אַזוי ווי זי האָט אָראָפּגעירשנט גלייך פון דער באָבע, וועמענס נאָמען זי טראָגט, איר טונקלע הויט, האָט זי אויך געירשנט איר נידעריקן וואוקס, צוזאַמען מיט איר חנעוודיקייט. עס מאַכן זיך דאָך נישט זעלטן אַזעלכע פאַלן.

און עס קאָן זיין, אַז גראָד אָט אָ־דאָס־אָ האָט צוגעגעבן צו איר באַטעמטקייט. האָט איר דאָך געגעוג צוגעשפּילט דאָס מזל, וואָס די פעטערס אירע, בחורים ווי די דעמבעס, האָבן זיך מיט איר מער אָפּגעגעבן, ווי מיט די איבעריקע קינדער פון דער משפּחה. זיי האָבן איר געקניפּן די פּונעם געבלימטן זומער־קליידל נישט באַדעקטע אָרעמס, און זי האָט זייער אָפּט אַרויסבאַקומען פון זיי צו אַ ליי אויף טשאָקאָלאַד.

אַ לעבעדיק, תמיד לוסטיק מיידעלע געווען די סערעלע. אַ רירעוודיק טעקל. ניין, אַ פרילינגדיק פליטערל, וואָס שוועבנדיק שפּריצט עס אַרום זיך ווי מיט רעגנבויגנדיקע קאָלירן...

געענדיקט די פיר עלעמענטאר־קלאסן, וואו זי איז געווען צווישן די ערשטע שילערגס. און אין חדר איז זי אויך נישט ארונטערגעבליבן, אפילו נישט פון די יינגלעך (געלערנט דאָס חומש גלייך מיט זיי!), געשריבן קאליגראפיש, געגוי אָפּקאָפּירט די אותיות, רונדיקע, ווי אין בלאָשטיינס בריוושטעלער — טאָ איז וואָס דער חידוש, אז זי האָט אָנגעהויבן פארדרייסן דאָס נעזל?!

זי איז געווען געפעסטעט ביי יעדן.

דאָס וואָס עס האָט פאר אנדערע קינדער געפעלט, אין שפּילערייען, — ווי לאָפּטעס, טאָקן און דאָס גלייכן, האָט זי געהאט. דאָס וועגן מערערע טעמים. ראשית, האָט דער פאָטער אירער איצט פארדינט נישקשהדיק (ער האָט אונטערגענומען צו האקן דעם וואלד!), און עס ציילט נישט ביי אים צו קויפן עפּעס פאר די קינדער, זיי זאָלן האָבן מיט וואָס זיך צו שפּילן. און שנית, האָט זי דאָך אָן עלטערע און אויך א יונגערע שוועסטער, איז פארשטייט זיך, אז עס קאָן שוין נישט מאנגלען אין שפּיל־מכשירים. דאָס האָט זי דערהויבן אין דער קינדערישער חברותא אויף אזוי פיל, אז ביי יעדן אָנהייב שפּילן זאָל זי זיין די „ערשטע".

דערפאר קאָן עס זייער לייכט געמאָלט זיין, אז טאקע אָט־אָ־דאָס זאָל געווען זיין די סיבה, וואָס זי האָט זיך צוגעוואוינט צו רעדן צעצויגן געפּעסטעט, גלייך זי וואָלט געווען א בת־יחידהלע. זי האָט זיך אָנגעהויבן האלטן פאר א מיוחס, ווייל זי האָט געזען, אז די קליינע זוכן איר חברשאפט אין שול, אין חדר און ביים שפּיל — און די גרויסע זוכן מיט איר צו זאטשעפּען, זי וויינענדיק צו מאכן, און דאָס דווקא פאר ליבשאפט.

די יינגלעך אין חדר האָבן איר טאקע נאָכגעקרומט:

— אָט מיאווקעט שוין סערי, ווי א קעצל: „יאָ־אָ־אָ? וואָ־אָ־עס? ע־עך ווײ־יי־ייעס?"...

עס האָט זיך בכלל נישט געפּאסט איר צעפּעסטעט רעדן מיט איר אָפּקלינגענדיק געלעכטערל, מיט אירע שיינע קינדערישע לידלעך, געזונגענע מיט אזוי פיל חן.

אזא מונטערע איז זי געווען, סערעלע. תמיד האָט אראָפּגעשיינט פון איר רונד, ברוין פּנימל א שמייכל, א זאטער פון קינדערישער פרייד, פון קינדערישער צופרידנקייט. א שלימותדיקייט, א גליקלעכקייט האָט ארויסגעבלישטשעט פון אירע שווארצע אייגעלעך... א גליקלעכקייט, וואָס

מענטשן אין צייטיקן עלטער וואָלטן גרייט געווען אוועקצוגעבן א האלב לעבן, נאָר זיי זאָלן עס ערגעץ וואו באקומען...

עס האָט זיך אָבער אויך אָפּט געמאכט. אז סערעלע האָט ארויסגע־וויזן אז אין איר שטעקט אויך נישט ווייניק עקשנות; א גאנץ היפשע צאָל קאפריזן, וואָס האָבן זיך מאניפעסטירט דורך נישט וועלן עסן דאָס, וואָס מען האָט איר אָנגעבאָטן. אָדער אָנברוגזן זיך אין מיטן שפּילן מיט די חברטעס, טאָמער איז עפּעס נישט געווען אלץ אזוי, ווי איר האָט זיך געוואָלט.

דערפאר טאקע האָט זיך עס טייל מאָל געענדיקט אויך מיט וויינען. און נאָך וואָס פאר א וויינען!

אויב איר לאכן איז געווען א קלינגענדיקס, אויפן הויכן קול, גלייך אומצאָליקע זילבערנע גלעקעלעך וואָלטן זיך צעקלונגען — איז דאָס ווײ־נען אירס געווען א שטילס, א פארביסנס, א דערשטיקטס, איינהאלטנדיק אין דער שטיל איר כליפּען מיט טרערן.

פאר די יונגע פעטערס אירע איז געווען ניחא אויך דאָס וויינען. און צו מאָל אפשר נאָך בילכער, ווי דאָס לאכן אירס. האָבן זיי דאָך נישט איין מאָל געזוכט מיט איר צו זאטשעפּען, זי מיט געוואלד וויינענדיק צו מאכן.

אזא קינד איז זי געווען, סערעלע. א קאפּריזנע, א צעפּעסטעטע. דאָס האָט מען ארויסגעלייענט פון איר גאווהדיקן קוק, ווי פון א קליינער פּרינצעסין, וואָס האָט, אָנשטאט אָפּצושטויסן זי פון דער חברותא, אדרבה, זי נאָך מער צוגעצויגן, זי נאָך חנעוודיקער געמאכט.

... קינדערישער חן, קינדערישער שמייכל, קינדערישע רו און אומ־רו — וואו נעמט מען זיי, צו באזאלצן די „נישט־קינדערישע״ עלטער?!...

# פון די יוגנט־יאָרן

סערל, א זיידן פליטערל...

אין א בלומען־גאָרטן שוועבט א זיידן פליטערל. עס שוועבט פון דויז צו רויז. שטעלט זיך אָפּ דאָ, שטעלט זיך אָפּ דאָרט. פליט אהער — אהין־צו און צו א דריטער און פערטער בלום. עס דאכט זיך, אז דאָס

פליטערל רוימט אריין א סוד יעדער רויז. זי איז דאָך מיט זיי איינס. דאָס פליטערל געהער דאָך אויך צו די בלומען — איז א באוועגנדיקע, שוועבנדיקע בלום.

דער ריח פון אזא זיידן פליטערל איז, דאכט זיך, דער זעלביקער וואָס פון א רויז. א זאפטיקער פארפום, א דערמונטערנדיקער. אנדערש קאָן דאָך עס נישט זיין... לעבנדיק צווישן רויזן, מוז עס דאָך האָבן אָדער באַקומען פון זיי די אַלע אייגנשאפטן זייערע. יאָ, אויך א פליטערל איז שמעקעדיק ווי א רויז. דער חילוק איז נאָר, וואָס אָט דעם ריח פון א פליטערל פילט מען נישט מיט דער נאָז, שמעקנדיק — נאָר מיטן אויג, מיטן בליק... מע שטעלט אָן די בליקן און מע ציט אריין אין זיך, ווי מיט אן אָפטישן מאגנעט, דעם געשמאק — א מחייהדיקן, וואָס זעטיקט אָדער רייצט דאָס געמיט. בארואיקט און רייצט מיט א מאָל...

לעבעדיקע רויזן...

סערל איז געווען אָט אזא לעבעדיקע רויז...

מיט זעכצן אָפגעציילטע פרילינגס הינטער זיך, אין דער סאמע בליַצייט, האָט סערל אָנגעהויבן מאכן באקאנטשאפט מיטן שטעטל. זי איז געפאָרן קיין סיגעט פארברענגען עטלעכע טעג ביי דער מומע. געהייסן האָט עס, אז זי פאָרט „זען די וועלט״, אָבער צוריק געקומען — איז זי שוין נאָר צו באזוך.

די לאַגע איז שוין דעמאָלט געווען אָט־א־די: די מיידלעך אין שטוב האָבן געמוזט אָנהייבן טראכטן פון א תכלית. דער פאָטער, ר׳ משה, האָט אין דער צייט כמעט נישט פארדינט גאָרנישט. יענע האָלץ־געשעפטן, ביי וועלכע ער האָט זיך פריער געדרייט און אראָפּגעכאפּט א פּראָצענט, א מעקלעריי, און געהאט דערביי פרנסה־עסקים מיטן האקן דעם וואלד, האָבן זיך געפּעלט, האָט זיך עס טאקע אָנגעהויבן דערקענען אין שטוב.

רייזל, די עלטערע שוועסטער סערלס, האָט געארבעט שניידעריי. זי האָט פארדינט אויף אירע קליינע הוצאות און דערמיט שוין נישט געפאלן צו עול. אדרבה, פון איר פארדינסט האָט מען נאָך אראָפּגענומען צו מאָל אויך פאר די הוצאות פון דער שטוב. פון וואו דען זאָל מען נעמען? אָבער מיט איר, מיט סערלען, איז געווען אן אנדערע זאך, זי איז נאָך געווען צו יונג, אָקערשט געענדיקט די זיבן קלאסן אויפן דאָרף — אָבער וואָס וועט זיין ווייטער? גיין לערנען אציגד עפּעס א מלאכה איז פארבינדן מיט שוועריקייטן. וואו נעמט מען אויסהאלטונג אויף דער לערנצייט? און א מיידל דארף נאָך געבן עסן אויך אויף צו קליידן זיך!

און דאָ, — די מומע עטל האָט צו ערשט געלאָזט פאַלן אַ וואָרט פאַרן פּאָטער, איר ברודער, משהן, אַז — צו וואָס וועט ער האַלטן אַ גרע־סער מיידל, ווי סערל, אין דער היים „אונטערן שפּיגל" און אין דער זעל־ביקער צייט נעמען ביי זיי כמעט יעדע וואָך אויף שבת־הוצאות; זאָל זי אריינקומען און „זיין" ביי זיי, אכטונג געבן אויף דער שטוב...

איז זי קודם געקומען סתם אַזוי אין געסטעריי, אויף עטלעכע טעג און שפּעטער, צו ביסלעכווייז, אָנגעהויבן זיך אריינאַרבעטן. קודם האָט מען איר געוויזן, ווי אַזוי אַנדערע מיידלעך אַרבעטן אין זייער ווירשטל־פאַבריק. דערנאָך האָט מען זי פאַרבעטן, אַז זי זאָל אַרויסהעלפן עטלעכע שעה, אָבער נאָר עטלעכע שעה, ווייל עס איז געקומען אַ באַשטעלונג, וואָס מען האָט געמוזט תיכף אָפּליפערן; אַ שאלה אַ ביסל? אַ נייער קונה, צי סתם אַזוי אַ גוטער קונה — מע קאָן אים נישט לאָזן וואַרטן. נאָך אַ קונה דאַרף מען נאָכגיין, אַז נישט קאָן מען אים פאַרלירן... איז מוז מען איצט, די עטלעכע טעג, אָבער נאָר די עטלעכע טעג... נו טאַקע, מען האָט שוין געזען בעלי־בתישערע טעכטער פון איר, פון סערלען, גייען, נישט פאַר קיינעם געדאַכט, דינען. איז פאַר וואָס זאָל איר נישט אָנשטיין אַרויס העלפן טאַטע־מאַמע, און, דאָס נישט חלילה ביי קיין פרעמדן?!

אַזוי האָט זיך עס אָנגעהויבן פון „אַרויסהעלפן" און ביז עס איז אריין אין גאַנצן ערנסט. זי האָט שוין געאַרבעט נישט נאָר אַ גאַנצן טאָג נאָר אויך אריינגעגאַנגען אין אָוונט אריין...

צו מאָל מאַכט זיך אַז מען מוז אַרבעטן שפּעטער, ווייל מען מוז אויספּאַרטיקן, אַז נישט וועלן די קישקעלעך פאַרדאַרבן ווערן... און צום סוף: — וואָס איז עפּעס די מעשה, האָט די מומע זיך געלאָזט הערן, פאַר וואָס זאָל זי נישט אַרבעטן אַ ביסל שפּעטער, ווען עס איז נייטיק; זי אַר־בעט דאָך ביי אַ פרעמדן?... עפּעס אַנדערש האָט אַ מיידל, בפרט אַ דאָר־פיש מיידל, צו טון אין שטאָט?! וואָס, אַרומגיין מיט די יינגלען — דאָס האָט זי צייט שפּעטער, ווען זי וועט שוין אַלט זיין אַ פינף־און־צוואַנציק, צי דרייסיק יאָר!...

„אַרומגיין מיט די יינגלען"... סערלען האָט זיך עס אריינגעגעסן דער פירוואָרף, טיף, טיף אונטער דער הויט, און דאָרט, אונטער דער הויט, קריכן זיי אַרום, דער מומעס בייזע ווערטער, ווי מוראַשקעס...

עס איז געווען אין איינעם אַ טאָג. אומגעריכט איז לייבי אריינגע־קומען אין דער פאַבריק. דערלאַנגט איר אַ בריוול און מיט אַ פילזאָגנ־דיקן בליק זיך אָפּגעזעגנט און איז אַוועק. לייבי איז דעמאָלט געווען אין

מיליטער. אז ער איז אהיימגעקומען אויף צוויי טעג אורלויב און נישט געקאָנט זי באגעגענען, האָט ער זיך גענומען דעם מוט, זי צו זען און זיך צו ווייזן אין דער פאבריק, וואו ער איז קיין מאָל נישט געווען.

פאר דער מומע עטל איז דאָס שוין געווען גענוג, ווען זי האָט זיך דערפון דערוואוסט, אויף אָפּצושיקן מוסר־רייד און איינצושפּאַנען סערלען אין דער ארבעט, נאָך מער ווי פריער...

סערלען האָט עס טאָפּלט וויי געטאָן.

זי האָט זיך זייער געערגערט, וואָס לייבי האָט זי געזען ביי דער ארבעט. ווי זי פאטשקעט זיך אין א שאף, אין אומריינע קישקעלעך, פון וועלכע עס האָט זיך געטראָגן א זייער נישט־אָנגענעמער ריח. זי איז שוין צוגעוואוינט געוואָרן מיט אָט דעם ריח; אָבער ער, לייבי, ווען ער איז אריינגעקומען, וואָס פאר אן איינדרוק האָט עס אויף אים געקאָנט מאכן?!...
און אז די מומע האָט דערפון גענוג אָפּט דערמאָנט, האָט עס זי טאָפּלט וויי געטאָן. זי האָט זיך דערפילט ווי צוגעדריקט אין א קלעם, וואָס לאָזט זי נישט פריי אָפּעטעמען.

און — הגם זי איז נאָך געווען אזוי יונג, אזוי שיין און מלא־חן, האָט איר לעבנס־לוסטיקייט אָנגעהויבן אָפּטעמפּן. עס האָט אָנגעהויבן פאר־שווינדן דער שמייכל אירער פון די ליפּן. עס האָט זיך געדאכט, אז אָט יענער צואהדיקער ריח פון די שאָפּענע קישקעלעך, וואָס באגלייט איר נאָך נישט אויסגעלעבטע יוגנט, קלעפּט זיך שוין אָן איר אָן אויף אייביק און מסתמא וועט עס זי אזוי באגלייטן ביז...

עס האָט זי געקרענקט איר פארשקלאפטקייט צו דער ארבעט, דער אופן באנעמען זיך מיט איר, ווי מיט עפּעס, וואָס מע קויפט עס און מע קאָן עס ווידער פארקויפן... זי האָט געליטן און געשוויגן, אָבער זי האָט זיך געהארטעוועט אין איר עקשנות. דווקא די נויט און די אלע סיבות וואָס האָבן זי געצוואונגען צו ארבעטן אין די אומשטאנדן, האָט זי גע־צוואונגען צו שווייגן, נישט אָפּצוענטפערן דער מומען, אויף אירע שטעך־ווערטלעך, אויף אירע כסדרדיקע מוסר־דיבורים.

זי האָט געוואוסט איין געבאָט, אז זי מוז שווייגן און ארבעטן, כדי צו פארדינען די עטלעכע הונדערט ליי אין א חודש.

מיט דער צייט איז סערל געוואָרן א גוטע ארבעטארערין. זי האָט געארבעט גוט און מע קאָן זאָגן, אז אפילו געטריי. זי האָט זיך ווי נישט

איז אויסגעקליידט, ווייל מיט די דאָרפישע מלבושים האָט זי זיך נישט געקאָנט ווייזן אין דער גאַס, אָן דעם, אַז מע זאָל אויף איר טייטלען מיטן פינגער. איצט, אמת, איז זי נאָך אויך נישט „ווייס־איך־ווי־אַזוי" אויסגעקליידט, אָבער דאָך בעסער ווי אויפן דאָרף.

זי האָט געאַרבעט געטריי, געוואַשן און געשײַערט די קישקעלעך פון דער פרי ביז שפּעט אין אָוונט, ווייל איר האָט מען געצאָלט עפּעס בעסער ווי פאַר די אַנדערע מיידלעך, וואָס אַרבעטן מיט איר צוזאַמען.

אָבער אַחוץ דער אַרבעט?

אַחוץ דער אַרבעט האָט זיך געשפּרייט איר לעבן, דאָס טאָג־טעגלעכע, ווי אַ גראָע לייוונט, אויף וועלכער עס קלעפּט זיך נישט קיין פאַרב. נו, וואָס פאַר אַ בילד קאָן דערפון אַרויסקומען?...

אַחוץ דער אַרבעט — איז געווען די טייס, די איזע און דער באַרג נעבן מיל־גאַרטן, וועלכע האָבן גערופן די יוגנט... סערל האָט אויך געהערט זייער רוף, אָבער קיין צייט נישט געהאַט דערפאַר. זי האָט פונעם לעבן, פון איר אַזוי יונגער יוגנט, נישט געקאָנט געניסן כמעט גאָרנישט.

... אַ זײַדן פּליטערל אויף אַ פּוסטער לאָנקע, אויף וועלכער עס וואַקסן נישט, נישט קיין רויזן, אויך נישט אפילו קיין פיל באַבל־מטע צי באַבליעטע קראָפּעוועס...

אַ שמעטערלינג וואָס שוועבט פון קראָפּעווע צו קראָפּעווע, זויגט זיך אײַן מיט קראָפּעווע־בלי; דעם שײַנעם ווײַסן בלי, אָבער דאָך אַ בײַסנדיקער, ברענענדיקער...

סערל איז אויך געווען אַזאַ זײַדן פּליטערל, אין אַ גאָרטן פול מיט קראָפּעווע־בלומען.

עס איז די יוגנט פון קראָפּעווע־בלומען. פון פרילינגס אָן זון, פאַרוואָלקנטע, רעגנדיקע מײַ־טעג...

# אויף אַ יוגנט־זיצונג

— אַכט אַזייגער אין מיל־גאַרטן! — אַזוי פיל האָט אַ חבר אַ שעפּטשע געטאָן, פאַרבײַגײַענדיק. זיי האָבן שוין פאַרשטאַנען, אַז מע דאַרף קומען צו אַ באַגעגעניש מיט די חברים פון דער היגער יוגנט־אָרגאַניזאַציע

דער אָוונט איז שוין געווען א קילער, אָן אָסיענדיקער. און כאָטש עס האָט נישט גערעגנט, איז דאָך די לופט געווען דורכגעזאַפּט מיט פייכטקייט, אָנגעזויגן פון דעם טייך „איזע״, וואָס פליסט דאָ בשכנות, איילנדיק זיך.

אין מיל־גאָרטן זענען שוין אין דער צייט נישט געווען אזוי פיל שפּאַצירער ווי זומער. די בלעטער אראָפּגעפאַלענע פון די ברייטצעוואַק־סענע קעסטנביימער האָבן זיך פריי אויסגעשפּרייט אויפן גראָז און אויף די בענק און פון אויבן, אויף זיי, האָט זיך אויסגעלייגט א הארבסטיקע נאַסקייט.

עס איז אָבער דאָך נישט געווען קיין פּאַסיקער אָרט אין סיגעט, וואו מע זאָל זיך באַגעגענען. דאָ, אין מיל־גאָרטן, שפּאַצירנדיק מכלומרשט ווי פארליבטע פּאָרלעך ביים ברעג פון דער איזע, האָט מען נאָך גע־קאָנט פארלענגערן דעם זומער. נעמען א מיידל פאַרן אָרעם און שפּאַצירן גלאַט אזוי, ביז סע ווערט א ביסל טונקלער און — דערנאָך, גלייך מען וואָלט זיך צופעליק באַגעגנט דאָ, אוועקגעזעצט זיך אויפן גראָז און גע־רעדט, געלאַכט און געזונגען אין דער שטיל, ווי גלאַט אזוי יינגלעך מיט מיידלעך וואָלטן פארברענגט אין א היימישן געזעלשאַפטס־שפּיל.

פון מאָל צו מאָל האָבן זיך באַוויזן צוויי שאָטנס, געוויינטלעך איז עס געווען א יינגל מיט א מיידל, וואָס האָבן זייער גאַנג געקערעוועט צום פון פריער באַשטימטן אָרט. טייל זענען געקומען פונעם באַרג, פון יענער זייט פון דער איזע. טייל פון דער גאַס, וואָס האָט געפירט פון דער שטאָט און טייל זענען געקומען מיטן סטעזשקעלע פון לענגאויס דעם טייך.

לייבי איז געקומען דערלענג דער איזע, שפּאַצירנדיק מיט סערלען. לפני‌ם פאַרטיפט אין א געשפּרעך און אגב באַמערקט, אז די חברים האָבן זיך שוין אָנגעהויבן באַווייזן. פּאָרלעכווייז האָבן זיי זיך געשאַרט צום אָפּ־געררעדטן אָרט און זיך אוועקגעזעצט אויפן גראָז, כדי ארומצורעדן ווי אזוי זייער קעמערל, וואָס אקטיווירט מער צווישן דער יידישער יוגנט, זאָל פייערן דעם זיבעטן נאָוועמבער, דעם יאָרטאָג פון דער גרויסער סאָציאַליס־טישער אָקטאָבער־רעוואָלוציע.

די דעבאַטן זענען קודם געווען ווי אומגעלומפּערטע דיאַלאָגן:

— דאָס איז נישט אויפן סדר־היום!

— פאַר וואָס איז עס נישט?

— איר האָט נישט דאָס וואָרט, חברטע.

— די ביבליאָטעק איז נישט אייער פּריוואַט־אייגנטום.

— נו, טראָגט זי אייך אהיים!

— חברים, דאָס איז נישט קיין דיסציפּלין. אַלע רעדן מיט א מאָל און דערפאַר הערט מען גאָרנישט... חברטע, איך גיב אייך דאָס וואָרט.

די חברטע האָט אָנגענומען אַן ערנסטע מינע, געוואָלט זיך חיכטיק מאַכן, און אָנגעהויבן פּאַמעלעך, ציענדיק יעדעס וואָרט:

— חברים, לאָמיר קודם קלאָר מאַכן פאַר אונדז אליין: זענען מיר ווי מיטגלידער פונעם יוגנט־פאַרבאַנד מחויב זיך אונטער צו וואַרפן דער פּאַרטיי־דיסציפּלין, צי...

— אָבער וואָס שייך אַדמיניסטראַציע? ווי אַזוי וועט זיין די אַדמי־ניסטראַציע?...

דאָס האָט שמואל, אַ קליינוויקסיק יינגל, אַ שוואַרצינקער, איבער־געשלאָגן די רייד. כאָטש עלטער פון סערלען מיט פינף יאָר, איז ער אין וואוקס געווען כמעט די העלפט. און דאָך, האָט ער איר געקוקט אין מויל, געשלונגען מיט אַפּעטיט אירע ווערטער. האָבן די חברים טאַקע געהאַלטן, אַז ער איז פאַרליבט אין איר, אָבער זי האָט זיך נישט געמאַכט דערפון. זי האָט אָנגענומען זיין אויפמערקזאַמקייט, וואָס ער האָט איר אַרויסגעוויזן ווי חברשאַפט. אידעאָלאָגישע חברים. דאָס מאָל האָט ער זיך אָנגעכאַפּט אין וואָרט „אַדמיניסטראַציע". עס קלינגט עפּעס פרעמד, דאָס וואָרט, ניי, הייגנטצייטיק. אַזאַ וואָרט, האָט ער געוואוסט, וועט אים פאַרשטעלן פאַר אַן „אינטעליגענט" — אים, דעם געוועזענעם ישיבה־בחור. אונטערן וואָרט „אַדמיניסטראַציע" האָט ער געזאָגט פיל און נאָך מער, פיל נאָך מער האָט ער דערמיט געוואָלט זאָגן, מיט אָט דעם איינעם וואָרט. אַלץ וואָס זיין כוח־הדמיון האָט אים נאָר געקאָנט אויסמאָלן. דאָס האָט גע־וואָלט ביי אים הייסן: פּאָליטיק, ווירטשאַפט, אָרדענונג און וואוילשטאַנד. און אחוץ דעם האָט עס געזאָלט הייסן: אָט האָב איך געזאָגט אַ פרעמד וואָרט, אַ קלוגס, אַן „אינטעליגענטס". איך ווייס נישט, וואָס דאָס הייסט? און איר ווייסט דען יאָ?!... איז דאַרף מען וויסן איין מאָל פאַר אַלע מאָל:

— ... אָן דער אַדמיניסטראַציע איז גאָרנישט!

— חברים, די פּאַרטיי האָט שוין אַזוי פיל דערפאַרונג אין איר טעטיקייט און ווייסט ווי אַזוי, און וועט באַשטימט אויסגעפינען אַ מיטל...

חיים דער שוסטער איז געווען דער, וואָס איז געקומען תמיד מיט דער „פּאַרטיי־דערפאַרונג". ער גופא איז געווען דער רעפּרעזענטאַנט פון דער דערפאַרונג. ער האָט געהאַט די דערפאַרונג פון לופען און בוהוש, וואו ער האָט אָנטייל גענומען אין די סטרייקן. הגם בייזע צונגען האָבן

גערעדט, אַז דאָרט האָט מען אים אויסגעשלאָסן פון דער פּאַרטיי, דאָ אָ־בער אין מאַראַמאַרעשער שטעטל איז עס געווען ניחא. ער איז געווען אַ טויגלעכער עסקן מיט גוטע „עלגבויגנס“, ער האָט זיך געקאָנט אַרייַנ־דרייען ביי דער קהילה, צו זיין קהלס־מאַן, אין דער „מזרחי“ — גבאי, אין שטאָט־הויז — ראַט־מאַן, אין דער חברה־קדושה — חברה־מאַן; איז דאָך אוודאי אַ פּשיטא — אַז נאָר ער קאָן זיין דער אָנפירער פון דער אומלעגאַלער יוגנט־אָרגאַניזאַציע (ער האָט געזאָגט, אַז די פּאַרטיי שיקט אים צו זיין אין אַלע „מאַסן־אָרגאַניזאַציעס“, דערי־בער איז ער איבעראַל אַ טוער).

ער האָט זיך אָנגעצונדן דעמאָנסטראַטיוו אַ ציגאַרעטל, צו ווייזן אַז ער רייכערט שבת, און ער האָט פּאַרגעזעצט:

— ... קאָנספּיראַציע, דאָס איז דער אלף־בית ביי אַ קאָמוניסט. דער־פאַר זאָג איך. אַז מע וועט געפינען אַ מיטל, ווי צו פאַרשפּרייטן דעם „רויט־מאַראַמאַרעש“ צווישן די אַרבעטער און פּויערים און אַרויסרופן דעם אינ־טערעס, אַז זיי זאָלן אים לייענען און ווייטער געבן... מיר האָבן געלייזט גרעסערע פּראָבלעמען, מיט גרעסערע שוועריקייטן. אָט קריק מיט אַכט יאָר, אין ניינצן און דרייסיק, האָט מען אַראָפּגעבערענגט פון יאַס דעם חבר שאָר, אויסצושולן קאַדרען און אין דרויסן האָט מען געוואוסט אַז ער לערנט דאָ שחיטות...

מאַרקאָוויטש האָט אים איבערגעשלאָגן:

— צום סוף האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער איז גאָר געווען אַ טראָצקיסט...

— נישט פון דעם רעדט מען, צי יאָ טראָצקיסט, צי נישט טראָצ־קיסט. כ'האָב נאָר געוואָלט דערמאָנען, אַז איין און דער זעלביקער קאָן גיין מיט באָרד און פּיאות, שאַרפן די חלפים ביי די שוחטים, און צוויי־דריי מאָל אין דער וואָך האַלטן קורסן פון מאַרקס־ענגעלס און לענין־סטאַלין...

צוויי מיידלעך האָבן זיך עפּעס געשושקעט אין די אויערן, וואָס עס איז אויפּפאַלנדיק געוואָרן און געצויגן די אויפמערקזאַמקייט.

— חברים, וואָס איז דאָס עפּעס פאַר אַ פּירגאַנג, וואָס איז דאָס פאַר אַ סודען זיך?

— טאַקע, מאַכט אייך קוראַזש און זאָגט אייער מיינונג הויך אויף אַ קול, וואָס איז?

דאָס מיידל איז רויט געוואָרן. ווי איינע וואָס באַקומט דעם ערשטן קוש פון אַ יינגל.

— כ׳וואָלט געוואָלט פרעגן — האָט זי ארויסגעשטאמלט נישט גע־וואגט — צי מוז מען טאקע ווי א קאָמוניסט רייכערן שבת?

— מוזן?! ווער זאָגט?

— חברים, ווער וויל ענטפערן? ווער בעט דאָס וואָרט?

חיים האָט זיך דערמיט געוואָלט ארויסווייזן דאָס אידעאָלאָגישע בקיאות. געוואָלט אז עמעצער זאָל ענטפערן, צוגרייטן, אָנהויבן און אוו־דאי נישט דערפארטיקן, וועט ער דעמאָלט קומען און ארויסווייזן, אז נישט אומזיסט האָט ער זיך געוואלגערט אן ארבעטסלאָזער אין בוהוש. ער האָט דאָרט געלערנט מארקסיזם.

— איר? — ביטע, חברטע רעגינא האָט דאָס וואָרט:

— צו ערשט זאָל די פראגע געשטעלט ווערן, ווי סע פארלאנגט זיך: צי „מעג" א קאָמוניסט רייכערן אום שבת און נישט צי „מוז", מוזן זאָגט מען זיך א ווערטל, מוז מען שטארבן. נו, דאָ שטעלט זיך דאָס פּראָב־לעם נישט דווקא פון שבת, נאָר פון אַלע רעליגיעזע ענינים, וואָס דער מארקסיזם ווארפט זיי אָפּ, און פארשטייט זיך, אז אויך שבת...

דאָס מיידל מיט דער פראגע האָט זיך נישט געלאָזט, און תיכף איבערגעשלאָגן:

— יאָ, אָבער דאָ האָט מען נישט צו טון מיטן שכל, מיט אידעאָלאָ־גישער איינשטעלונג, נאָר מיטן הארץ, מיט געפילן איינגעבאקענע טויזנ־טער יאָרן, פון וועלכע מ׳קאָן זיך נישט אזוי לייכט באפרייען. אָט, למשל, אין דער טעאָריע בין איך מיט אייך מסכים, פולשטענדיק מסכים. אָבער דאָך איז עס מיר איצט אומבאקוועם, אין דער טאט, זיצן דאָ מיט חברים, וואָס רייכערן...

סערל האָט זי פארשטאנען, איר איז עס אויך געווען „אומבאקוועם". זי האָט זיך אויך אויף א מינוט פאָרגעשטעלט, ווי ס׳ע וואָלט אויסגעזען, ווען סע זאָל איר פאָטער אָדער די מוטער, אָדער א באקאנטער מענטש זי זען, ווי זי זיצט אום שבת מיט אזעלכע, וואָס רייכערן — זי וואָלט זיך קיין אָרט נישט געפינען...

— דאָס זענען פאָראורטיילן, פון וואָס מיר, דער נייער דור, האָבן זיך כמעט שוין באפרייט.

— און די וועלכע קאָנען זיך נישט אזוי גיך באפרייען?

— איז אָט וועלן זיי זיך איצט באפרייען. איך שלאָג פאָר — האָט חיים אָנגענומען א שארפן פאָטעטישן טאָן — אז יעדער פון די דאָ אָנ־וועזנדיקע זאָל א צי טון פונעם ציגארעטל. אָנגענומען?

— אַנגענומען, אַנגענומען.

— אַנגענומען!

דאָס רוב האָט מסכּים געווען, כאָטש פאַר זיי איז עס געווען זייער שווער, עס איז דאָס ערשטע מאָל. זיי האָבן אָבער געוואוסט אַלע, אַז דערמיט וועלן זיי זיך פאַרזיכערן, אַז קיינער וועט נישט דערציילן, ווייל אַלע וועלן זיין מיטבאַטייליקטע...

דאָס ציגאַרעטל איז איבערגעגאַנגען פון מויל צו מויל. יעדער האָט א ציי געטאָן, א זויג געטאָן מיט די ליפּן א ביסל רויך און עס דערלאַנגט דעם צווייטן, א דריטן — נאָך דער ריי. סערלען האָט אַרומגענומען א געפיל, א טאָפּלטס. זי האָט געפילט, אַז זי באַגייט אַן עבירה, נישט אַזוי קעגן גאָט, ווי קעגן זיך אַליין. זי טוט אָפּ א זאַך, א נישט שיינע. ס'ע בלייבט א פלעק אינעווייניק, אין איר, אויף דער נשמה, וואָס מע וועט געוויס אויף איר אָנזען אין דער היים, אויף דער גאַס. זי ווייסט, אַז פון איצט אָן וועט זי שוין טון אויך אַנדערע זאַכן. יאָ, זי האָט זיך באַפרייט פון די „פאָראורטיילן". און אין דער זעלביקער צייט האָט זי געפילט, אַז זי טוט אָפּ עפּעס, וואָס איז ניי פאַר איר. זי גייט אַריין אין די רייען פון די פרייע, באַוואוסטזיניקע מענטשן. זי האָט געפילט כּמעט דאָס זעלביקע וואָס א בר־מצווה־יינגל פילט, ווען מע רופט אים אויף צום ערשטן מאָל צום ספר־תורה. ער הייבט אָן זיין א „גרויסער", פאַררעכנט צווישן דערוואַקסענע מענטשן.

זי איז אַזוי פאַרנומען געווען מיט אַט די געדאַנקען אירע, אַז זי האָט זיך אַפילו נישט צוגעהערט צו די דיסקוסיעס. זי איז, דאַכט זיך נאָך דאָרט געווען — אָבער זי איז שוין נישט געווען דאָרט...

איבערמאָרגן, זונטיק, ווען ער איז אויפגעשטאַנען פון זיין וועבשטול, איז לייבי נישט געגאַנגען אַהיים עסן מיטאָג. נישט געפילט קיין הונגער. עפּעס האָט ער דערפילט א לייכטקייט אין זיין גאַנצן קערפּער. גלייך סע וואָלט אים אונטערגעטראָגן. אַזוי איז ער געגאַנגען מיט א מעכאַנישער געשווינדקייט, אויפזוכן זיין חבר זאַכאַריאַ, זיך צו באַראָטן מיט אים, וועגן אויספירן בשותפות זיין פלאַן.

ווי א שיין פון א בליץ האָט ביי אים אויפגעלויכטן דער געדאַנק, נאָך אין דער פרי, ווען ער איז געקומען אין דער וועבעריי און געוואויר געוואָרן, אַז עטלעכע חברים און חברטעס זענען אַרעסטירט געוואָרן די־

נאכט. דער ווילן האָט זיך ביי אים פארשטארקט און דאָס נקמה־געפיל איז געוואקסן פון מינוט צו מינוט. ערשט איצט, ווען ס'טליעכע חברים זענען ארעסטירט, האָט ער געוואוסט, איז דאָס אחריות א פיל גרעסערס אויף די חברים, וואָס געפינען זיך אויף דער פריי. ער האָט דאָס אח־ריות געפילט אויף זיך און עס האָט אים געדריקט און אָנגעפולט מיט קראפט, אויף בייצוקומען די מורא פאר די געפארן.

זיצנדיק ביי דער ווערבשטול, בשעת ער האָט געוואָרפן דאָס שיפל אהין און אהער צווישן די פעדעם פון דער ווערבנדיקער לייוונט, איז אים דער געדאנק איינגעפאלן און צו ביסלעך זיך געצייטיקט אין זיין מוח, באקומען פלייש. ביז ער האָט אויסגעטראכט אויך די מיטלען, ווי אזוי אויסצופירן זיין פלאן.

איינס איז אים געווען קלאָר, אז סע לוינט זיך איינצושטעלן, אויך בלויז צו ווייזן דעמאָנסטראטיוו, אז אין שטעטל זענען נאָך פאראן רעוואָ־לוציאָנערע כוחות. וואָס שרעקן זיך נישט אָפּ פאר גארנישט. דווקא איצט, ווען די חברים אויף דער פריי זענען ווינציקער געוואָרן, איצט מוז מען מער ווי אליע מאָל באווייזן...

סערל האָט געזען, אז לייבי איז עפעס צעטראָגן. אז זי האָט גע־רעדט צו אים, האָט ער ווי נישט פארשטאנען, וואָס מע זאָגט אים. זי האָט באמערקט, אז עפעס באשעפטיקט אים, נאָר אז ער האָט איר נישט דערציילט — האָט זי אים מער נישט דערקוטשעט. דאָס איז שוין א פרינציפּ פון דער קאָנספּיראציע. אז מע זאָגט נישט, הייסט עס, אז מע דארף נישט וויסן...

שפּעטער מיט צוויי טעג, דעם זיבעטן נאָוועמבער, אין דער פרי איז זי געוואויר געוואָרן וועגן וואָס עס האָט זיך געהאנדלט: מען האָט גע־טראָפן ארויסגעשטעלט צוויי רויטע פענער. איינע איבער דער פּאָליציי־געביידע און איינע איבערן מחזיקי־תורה בית־המדרש...

די סיגוראנצע־אגענטן האָבן ווידער ארעסטירט עטליעכע ארבעטער, נאָכגעפאָרשט — אָבער דערוואוסט האָבן זיי זיך נישט מער, ווי אז נעכטן פאר־נאכט זענען צוויי קוימענקערער ארומגעגאנגען מיט א לייטער אויפן דאך.

סערל, און אפשר נאָך עמעצער האָבן זיך משער געווען, אז דאָס איז געווען לייבי׳ס אפּטערס ארבעט.

מע האָט נישט געוואוסט אויף זיכער, ווער עס האָט די פענער ארויסגעהאָנגען — אָבער ביז מע האָט זיי ארונטערגענומען, האָבן זיי האָפערדיק געפלאטערט...

דערווייל האָט סערל געשפונען חלומות: ווי אזוי וועט עס אויסזען? אַן אוניפאָרעם וועט זי האָבן, גוט גענייט, צוגעפּאסט צום קערפּער, ווי אויף אַן אָפיציר. ביי דער זייט וועט איר נאָכהענגען א שווער׳ער רעוואָלווער (ווי זי האָט געזען אין די סאָוועטישע פילמען!)... אין דער היים — א ראַדיאָ... פאר די עלטערן... נו, דעמאָלט וועלן זיי אויך צופרידן זיין. יאָ, דאכט זיך, זי הערט עמעצ׳ער רופט זי: — „חברטע קאָמיסאר! חברטע אָוויטש!״. יאָ, זי וועט ארייַנשטעקן די האנט אין רימען, מיט וועלכן זי וועט זיין ארומגעגארטלט און ענטפערן: — „יאָ, חבר, איך בין עס — קאָמיסאר סערל אָוויטש!״... אויב מע וועט זי איצט ארעסטירן? נו, איז וואָס? זי וועט עס אויסהאלטן, איבערטראָגן אלץ (ווי זי האָט געלייענט אין יענעם ביכל!), און דערנאָך, „דערנאָך״, נאָך דער רעוואָלוציע... אין טיש וועט זי קלאפּן מיט דער קליינטשיקער פּרוי׳ען־פויסט: — „הייַנט איז אייך שוין גרינג צו זיין קאָמוניסטן, ווען מיר זענען ביי דער מאכט. אָבער דעמאָלט, דעמאָלט, ווען איך בין געווען ארעסטירט און געפּייניקט ביי דער סיגוראַנצע — וואו זענט איר דעמאָלט געווען, האַ?... ווען מען האָט מיר געריסן די האָר פונעם קאָפּ, געברענט די נעגל פון די פינגער, און ווען כ׳האָב געהונגערט אין דער תפיסה — וואו זענט איר דעמאָלט געווען?״...

דאכט זיך, אז עמעצ׳ער האָט גערופן. ווער?

— חברטע קאָמיסאר אָוויטש!

הגם זי איז נישט געשלאָפן, דאָך האָט זיך דער חלום ווייטער געשפונען, ווי פון זיך, כדי זי איינצושלעפערן...

— ווער האָט זי גערופן, לייבי?...

## פריילינג אָן זון — יוגנט אָן געזאנג

... איינער שפּילט אויף א פידל, א צווייטער אויף א פלייט און ווער מיט א פייפל. א פּויק צי אנדערע כלי־זמרים. טייל הערן זיך בלויז צו. נישט מער, ווי זיי הערן זיך צו. פון צווישן די צוהערער ווידער זענען אויך דאָ טייל, וועלכע קלאפּן צו מיט א פינגער אויפן טיש צום טאקט,

טייל מיטן שפיץ פוס און באגלייטן אזוי, מיט די נערוון טאנצנדיק אינעם ריטעם, דעם ניגון, וואָס סע שפּילט אן אנדערער.

אן אנדערער שפּילט — זיי שפּילן מיט.

אן אנדערער זינגט — זיי הערן זיך נאָר צו.

אין לעבן איז אויך אזוי. איינער זינגט, זינגט א ניגון פון פרייד, פון לעבן. דאָס געזאנג צעגייט זיך ווי עלעקטרישע שטראַלן און שלאָגן אן דאָ — שלאָגן אן דאָרט, און גיעפינען פיל מאָל אן אָרט, וואו זיי ווערן אויפגענומען. שפּיגלען זיך אָפּ און פארבינדן לעבנס, צופעליק באַגעגנטע, אין איין געזאנג, אין איין פרייד...

לייבי האָט זיך עס געוואָלט פארשטעלן און מאכן א זעלבס־אנאליז. אזוי זיצנדיק אליין ביים טישל פארן רעסטאָראַן, זענען אים געקומען אָט די מחשבות, וואָס האָבן אים נישט צו רו געלאָזט. ער זיצט אליין דאָ, אין דרויסן. זי, סערל, איז דאָרט אינעווייניק, מיט דער חברותא, יינגלעך־מיידלעך. מע טרינקט ביר.

... דאָס געזאנג נעמט ארום אלע און אלץ, נאָענטע און ווייטע, באַקאנטע און אויך פרעמדע.

יאָ, לאָמיר זאָגן, עמעצער שלאָפט אליין אין א צימער. פון יענער זייט וואנט, פון צווייטן צימער, הערט זיך א געלעכטער, א פרייד: א מאן איז אהיים געקומען צו זיין פרוי; א פאָטער צו קינדער, צי א ברודער, וואָס האָט געפעלט א לענגערע צייט, איז אהיים געקומען. זיי, די פון יענער זייט וואנט, פונעם צווייטן צימער, זענען אפשר פרעמדע פאר אים, און דאָך וועט זייער פרייד אים אויך ארומנעמען און סע וועט זיך אים וועלן אריין גיין צו יענע שכנים זאָגן: איך בעט אייך, נעמט מיך אויך אריין אין אייער פרייד, עס איז אויך מיינע, כאָטש איך בין א פרעמדער... די מאגנעטישע געזאנג און פרייד־כוואַליעס האָבן אים אויך אריינגעפלאָכטן... דאָס זעלביקע, ווען ער וועט הערן א געוויין. עמעצער א פרעמדער, ער האָט אים קיין מאָל נישט געזען. ער ווייסט נישט, ווער סע וויינט. דאָך וועט זיך אים וועלן אריין גיין זאָגן: וואָס וויינט איר, זאָגט מיר, איך בעט אייך? ניין, איר זאָגט נישט? מיר איז אלץ איינס, סיי־ווי וויין איך מיט אייך מיט. עס איז דאָך אויך מיין אומגליק, כאָטש איך ווייס פון אים נישט... די מאגנעטישע קלאָג־ און טרויער־כוואַליעס האָבן אים אויך אריינגעפלאָכטן.

וויפל מאָל האָט עס מיט אים, מיט לייבין, שוין אזוי פאסירט? עס איז נישט קיין חידוש. א פילנדיק, מיטפילנדיק הארץ איז אזוי און דאָך — דאָס מאָל איז עס אנדערש.

אָט איז א שיינער, זומערדיקער זונטיק נאָכמיטאָג. אזא שיינער. אלע האָבן זיך געבאָדן ביים שטראנד, געשוואומען, ארומגעלאָפן אהין און אהער פארוויילנדיק זיך. נאָר ער איז געשטאנען און האָט געקוקט, ווי א קינד, וואָס קוקט אָן די טשאָקאָלאַד אין דער וויטרינע...

ער האָט זיך נישט געבאָדן, נאָר געקומען פשוט אזוי, אין איינעם מיט אנדערע. סערל האָט זיך געבאָדן... ער אליין לעבט נישט דאָס לעבן. ער הערט עס נאָר זינגען פון אנדערע און זעלטן, זעלטן ווען שלאָגט ער אויך צו צום טאקט און סע דאכט זיך אים, אז ער זינגט מיט — ער לעבט אויך.

נאָכן באָדן זענען עטלעכע חברים, יינגלעך און מיידלעך, אריין טרינקען ביר. סערל איז אויך אריין געגאנגען. נאָר ער איז געבליבן אין דרויסן אליין. פאר וואָס איז ער אויך נישט אריין צוזאמען מיט איר? ער האָט נישט געוואָלט אריין גיין. אז ער האָט נישט קיין געלט צו צאָלן, וועט ער נישט גיין טרינקען, אויף אן אנדערנס חשבון.

פאר דער טיר, ביים ארייננגיין, האָט ער זי געפרואווט צוריקהאלטן, אָבער עס האָט זיך אים נישט איינגעגעבן.

— קום אריין, לייבי, דו קומסט נישט?

— ניין, בלייב דאָ, סערעלע, מיט מיר.

— קום, איך בלייב נישט.

— פאר וואָס?

— קום!

זי האָט כמעט ווי ארויסגעריסן איר האנט פון זיינער און איז אריין צו די אנדערע. ערשט דאָרט, זיצנדיק ביים טיש, נעבן גלאָז ביר, האָט זי חרטה באקומען. זי האָט זיך איבערלייגט די זאך, אז זי האָט אים נישט געדארפט לאָזן אליין. יאָ, זי מוז אָנערקענען, אז עס איז געווען נישט מער ווי א נארישער מיידלישער קאפריז. יאָ, זי האָט זיך ערשט איצט משער געווען, פאר וואָס לייבי איז נישט אריינגעקומען. ער האָט מסתמא נישט קיין געלט. פון וואו זאָל ער האָבן, אז ער פארדינט איצט נישט. ער איז ערשט געקומען פונעם מיליטער אָפגעריסן — ווייסט זי דען נישט זיין מצב?! יאָ, זי האָט באמערקט, אז די זאכן זיינע זענען צעריסן ביי די

פיאטעס... א קלייניקייט: צעריסענע זאָקן — און וואָס פאַר א שלעכטן איינדרוק זיי קאָנען איבערלאָזן אויף א מיידל?!...

סערל האָט זיך אליין געמאכט א פירוואָרף.

אָבער באלד האָט זי אָנגעהויבן טראכטן אנדערש:

וואָס איז? זי האָט נישט קיין רעכט צום לעבן?! צי דאַרף זי נאָר צוקוקן, ווי אנדערע באָדן זיך, לאכן, שפּילן זיך, נעמען זיך ארום, און זי? זי זאָל לעבן נאָר מיט די חלומות פון די ביכלעך, מיט חלומות פון עולם־הבא, פון נאָך דער רעוואָלוציע...

סערל האָט זיך געפילט באַעוולהט. זי האָט זיך דערפילט ווי א שוועלבעלע, וואָס האָט נישט קיין פליגל — כאָטש זי וואָלט וועלן פליען, פליען, לעבן...

ערשט אויף דער נאכט, ווען זי האָט זיך געלייגט אין בעט, האָט זי זיך געמאכט דעם חשבון, א מער פּראַקטישערן:

יאָ, זי וועט ענטפערן דעם פעטער קיין אמעריקע, אז ער זאָל איר שיקן א בילעט. יאָ, זי האָט זיך איבערלייגט — זי פאָרט צו אים. ער איז עלטער פון איר א צוואַנציק יאָר? איז וואָס?!... זי וועט זיך עס האָבן גוט ביי אים, רעדט איר דאָך איין די מוטער. ביי ליבין וואָס קאָן זי זיך דער־וואַרטן? מיט ליבע אליין קאָן מען נישט לעבן (גלייך זי וואָלט איצט גע־הערט איר מוטערס ווערטער!). תיכף אין דער פרי, אפילו נאָך דער ער־שטער התונה־נאכט, דאַרף מען עסן איבערבייסן, און ווען עס קומט צום עסן, איז אויס ליבע...

סערל האָט געוואוסט, אז די מוטער אירע זאָגט עס נישט פון שלעכט־קייט. זי ווייסט, אז די מוטער, ווי יעדע מוטער, וויל ביי איר זען נאָר גוטס. און לויט איר מיינונג איז דער פעטער „גוט". מע זאָגט, אז ער האָט דאָרט, אין אמעריקע, א שיך־פאבריק, ער איז פארשמט פאר א גביר אדיר.

פּראָסטיטוציע? ווער האָט עס געזאָגט, לייבי? ניין, נישט ער. ער באַנוצט זיך נישט מיט אזעלכע אויסדרוקן, ווען עס האנדלט זיך אין איר. ניין, נישט ער. עמעצער, אן אנדערער, האָט עס געזאָגט, אז דאָס הייסט פּראָסטיטוציע. קאָנווענציאָנעלע, בורזשואזע פּראָסטיטוציע. מע פארקויפט זיך פאר געלט... און חען פּראָסטיטוציע, איז דען די גאנצע געזעלשאַפט נישט פּראָסטיטואירט?! און אז די ייִנגלעך נעמען נדן, דאָס איז נישט קיין פּראָסטיטוציע?!... איז דען דאָס לעבן בכלל נישט עפּעס אנדערש ווי פּראָסטיטוציע אונטער פארשידענע פאָרמען?...

זי האָט זיך געוואָלט איינשלעפערן מיט קינצלעך געמאכטער האָ־פענונג, כאָטש זי האָט געוואוסט, אז דאָס־אָ, די דאָזיקע געדאנקען, זענען ביי איר נאָר פארבייגייענדיקע. יאָ, סע זאָגט זיך נאָר אזוי. אָבער אין דער אמתן קאָן זי דאָס נישט אָננעמען. זי וועט נישט שרייבן דעם פעטער. זי קאָן אים נישט שרייבן. ער איז נישט פאר איר... אויב ער איז אזא גו־טער, פאר וואָס נעמט ער נישט ארויס איר שוועסטער, זי איז דאָך עלטער פון איר?

און אז ער האָט א שיך־פאבריק, איז וואָס? מיט דעם־אָ וועט זי שוין גליקלעך זיין? ליגט דען שוין באמת דאָס גליק נאָר אין די דאָלארן? יאָ, איז וואָס זשע הייסט גליק? ווען קאָן מען דערגרייכן צו גליק? איז בכלל פאראן גליק?... ווען איז דאָס לעבן אָריגינעלער, אינטערעסאנטער, אין וואוילטאָג צי אין דחקות?...

... ווען פילט מען מער דעם פרייז פונעם לעבן: שלאָפנדיק ווינטער אין א ווארעם בעט צי דערמאָלט, ווען מע ציטערט איבער א נאכט א גאנ־צע אין קאלטן דרויסן, ווארטנדיק סע זאָל שארייען אויף טאָג?

ווען פילט מען דאָס לעבן מער: ווען מע שלאָפט אליין, מע מאכט צו די אויגן, מע נעמט ארום דאָס קישן און מע חלומט, ווען?

וואָס איז חשובער: די רעאליטעט, די אכזריותדיקע ווירקלעכקייט, צי דער שיינער פאנטאסטישער חלום? איז דען נישט פיל שענער דער חלום, רייכער, מילדערער, ברייטגעביקער, ווי די סאמע ווירקלעכקייט?...

סערל איז אזוי איינגעשלאָפן, טראכטנדיק, באלאנסירנדיק צווישן חלום און וואָר...

## צום געבוירן־טאָג

פרילינג... פרילינג...

אויבן — הימל טיפער, הימל צעבלויעטער.

אונטן — גערטנער צעגרינטע, ביימער צעבליטע, זונען־שטראלן צעזייעטע, פעלדער צעברינדושעטע. פרילינגדיק פייגל־געזאנג. זון־בלומען

לוסט־שפּיל, אויף שטראַלן ווי סטרונעס, פאַרשפּרייט געזאַנג און פרייד, וועקט און מונטערט צו לעבן און געניוס.

... און סע ווילט זיך, ווי יהושוע בן־נון אָפּשטעלן דעם גאַנג פון דער זון. איין מאָל פאַר אַלע מאָל זאָל זיך אָפּשטעלן די צייט. סע זאָל נישט זיין מער קיין „געווען" און קיין „סע וועט זיין", אָן עבר מיט אָן עתיד, נאָר סע זאָל „זיין". תמיד זאָל זיין. אַ זיין, וואָס הויבט זיך נישט אָן מיט אָן אָנהויב און לאָזט זיך ממילא נישט אויס מיט אַ סוף...

סע ווילט זיך אָפּשטעלן די זון אויף איין אָרט, סע זאָל זיין תמיד אַזוי פרילינג — לויטער פרילינג...

פרילינג... וויפל דיכטער האָבן דיך שוין באַזונגען? וויפל שוין זע־נען געקומען, דור נאָך דור, און געפּרוואווט איבערגעבן — מיט זייער פּען, אָן אָנונג כאַטש, פון יענעם געפיל, וואָס נעמט אַרום יעדן בשר־ודם און הייבט אים אויף העכער מיט אַ מדרגה, צו אַ מער רוחניותדיקער הייך; אָט יענע פרילינג־טעג, וואָס מאַכן יונגער, דאַכט זיך, לעבעדיקער, לוסטיקער?...

פרילינגדיקע זונען־שטראַלן... וויפל מאָלער האָבן זיך שוין איבער אייך פאַרמאָסטן?! וויפל שוין זענען געקומען, דור נאָך דור, און גע־פּרוואווט איבערגעבן מיט זייער פּענדזל, אַ שאָטן כאַטש, פון אייער ליכטי־קייט, פון אייער כישוף, מיט וועלכן איר וועקט די גאַנצע בריאה צום לעבן, צו פרייד און פאַרגעניגן?...

פרילינג... וויפל מוזיקער האָבן שוין געפּרוואווט זייערע כלי־זמרים, דור נאָך דור, אַרויסצוברענגען איין קלאַנג כאַטש, פון אָט יענעם גע־זאַנג, דעם הייליקן פרילינג־מזמור, וועלכער הילכט אָפּ אין דער טיף, פו־נעם הימל ביז צו דער ערד, פון מזרח ביז מערב; יענעם הייליק־שטילן פרילינג־הללויה — פון קיינעם נישט געשפּילט און דאָך פון אַ יעדן און אַלעמען געהערט?

און — אויך די מאַראַמאַרעשער פרילינגס, די פּשוטע, זענען נאָך נישט דערמאָלן און נאָך נישט דערזונגען געוואָרן.

און מעג זיין, אַז ווען מע זאָל קאָנען צונויפגיסן אין איין האַרמאָ־נישן בילד, אי די שיינקייט פון די צעגרינטע סמערעקע־וועלדער, די צע־בליטע קאַרשן־ביימער, אי די מוזיקאַלישע סימפּאָניע פון דעם „מעע", פון די פרישע לעמעלעך, אָקערשט אַרויס צום ערשטן מאָל אין דער פּאַשע...

ווען ס'ע זאָל קומען דער נאָך־נישט־געבוירענער דיכטער, וואָס זאָל האָבן א פען־פענדזל־פייפל; מיט איין האנט מאָלן די פרישע בליטן און מיט דער צווייטער אויסדיכטן, אויסשפּילן די מוזיק וואָס טראָגט זיך איבער פון נישט־לעבעדיקער צו לעבעדיקער נאטור, און פון נאטור צום מענטשן; אָט יענע מוזיק, וואָס מאכט דעם מענטשן פול מיט לעבן, מיט האָפענונג, און נארט אים אָפּ, אז אָט־אָט איז געקומען א צייט, א פרילינג, וואָס איז דאכט זיך נאָך נישט געוועזן — איצט איז עס צום ערשטן מאָל, בראשיתדיק...

יעדער פרילינג, אויך יעדעס יונגע נייע לעבן, דאכט זיך, איז אזוי אָפּנארעריש, אזוי צוזאָגנדיק: עס איז א נייעס, אָט־אָ־דאָס איצטיקע איז עפּעס אנדערש, ווי דאָס וואָס איז געוועזן ביז איצט...

פרילינג, אייביק איבערחזרנדיקע און דאָך אייביק נייע, פילפארבנדיקע כישוף־פּאָן. ווען וואָלט נאָך געווען א פּאסיקערע צייט פון פייערן סערלס געבוירן־טאָג ווי אין אזא רויזן און לעמלעך־פרילינג?!...

איז דאָך סערל אויך א רויז, א יונגע נאָך, א פרילינגדיקע. דער איין און צוואנציקסטער פרילינג אירער. א בלום, וואָס שמעקט מיט יוגנטלעכער לעבעדיקייט, פול מיט בלוט און פרייד; מיט ענערגיע און געזאנג. און דאָך...

קיין מאָל האָט זי נאָך נישט באקומען קיין געשענקען צו איר געבוירן־טאָג, ווי עס פלעגן זיך בארימען אירע חברטעס. און, אויך איצט, וועט זי מסתמא נישט באקומען. זי ווייסט עס. קיין איבערראשונגען זענען נישטאָ, זיי האָבן נישט פון וואו צו קומען. לייבי? יאָ, ער האָט אויך אציגד, ווי פאריאָרן, איר דערלאנגט א קארטעלע, אָנגעשריבענע שורות צו איר געבוירן־טאָג:

„סע לויפן טעג, סע לויפן יאָרן —
צייט ווייסט נישט קיין רו.
ערגעץ טיף אין זכרון,
טליעט א חלום: איך און דו“...

די שורות זענען איר געווען כמעט אומפארשטענדלעך. און וואָס זי האָט געוואָלט, סערל, האָט זי אין זיי ארייגעטייטש. לויט דער שטימונג: א מאָל געלאשטשעטע צערטלעכקייט און א מאָל גלייכגילטיקע ווערטער, כמעט אָן וועלכן זין.

סערלס פרילינג? איר פרילינג איז נאָך געווען א גרינגער, אָבער כמעט שוין הארבסטיק פארגעלט.

כאָטש זי איז נאָך געווען אזוי יונג — דאָך האָט זי זיך געפילט אזוי געעלטערט, פון צו פיל ערנסטקייט. צו פיל פאראנטוואָרטלעכקייט לגבי דעם לעבן. צו פיל זאָרג.

יאָ, אָט־אָ־דעם חסרון האָט זי געהאט; זי איז צו ערנסט געווען. און אויב פאר עלטערע, דערוואקסענע, איז קינדערישע לייכטזיניקייט א חסרון, טאָ איז פאר יונגע צו פיל ערנסטקייט — א טאָפּלטער חסרון.

סערל האָט אויך געהאט דעם חסרון. זי איז שוין אין איר פריער יוגנט „אלט" געוואָרן. א צו פרי אלט געוואָרענע, צו פרי בלוי געוואָרענע פלוים...

לייביס „טעאָריע" איז עס געווען:

א פלוים ווערט בלוי און פאלט אראָפּ פונעם בוים, זומער ווען זי ווערט געצייטיקט, ווי געווינטלעך. טייל פלוימען אָבער ווערן בלוי פאר דער צייט און פאלן אראָפּ, נאָך איידער זיי האָבן צייט געהאט, זיך אָנ־צופולן מיט זאפט.

„פּאַדעניצעס" רופט מען זיי.

סערל האָט זיך געמוזט אליין מודה זיין. יאָ, ער איז גערעכט, לייבי. זי איז פון די, וואָס זענען געצייטיקט געוואָרן פאר דער צייט, געבליבן כמעט אָן זאפט...

סערל האָט אין יענעם טאָג, אין איר געבוירן־טאָג, אנגעשריבן אָט א־די שורות:

„מיין געבוירן־טאָג — א גרויער מיילשטיין אין מיין שטויביקן וואנ־דער־וועג פון א גרוי־נעפּלדיק לעבן.

„צייל איך מייל־שטיינער אזעלכע שוין צוואנציק מיט איינעם, און בין אין ערגעץ נישט דערגאנגען און קיינעם נישט באגעגנט, ווער סע זאָל מיר אנטקעגן טראָגן א חברישע האנט, א פריינדלעכן בליק.

„גיי איך אזוי, און גיי, און גיי. הינטער מיר — שטויביקע וועגן, חלומות נישט באשיידטע. און כאָטש איך ווייס נישט גענוי, נאָך וואָס און וואוהין, פיל איך דאָך, אז וואָס ווייטער איך גיי — אלץ ווייטער איז דער וועג, דער אומבאקאנטער נאָך פאר מיר.

„בין געבוירן אין א פרילינגדיקן פרימאָרגן. די שענסטע שעה פאר געבורט. און דאָך, שוין אין ערשטן טאָג — איז מסתמא מיין מאמעס מילעך געווען קאלטער שניי...

...„מיין געבוירן־טאָג — א טרויעריקער יאָרצייט נאָך אָפּגעשטאָר־בענע פרילינגן, פרילינגן נישט אויסגעלעבטע...

„מיין געבוירן־טאָג... היינט איז מיין געבוירן־טאָג. און כאָטש עס איז פרילינגס־צייט — איז אין דרויסן א טריבער טאָג. טריב, ווי אלע מיינע, ווי מיין געמיט, ווי מיין לעבן...

„עס האָט קיינער קיין מאָל מיר צום געבוירן־טאָג קיין בלומען נישט געברענגט, כאָטש געוואָרט האָב איך אויף זיי. היינט? ווען אויף דער וועלט האָט זיך צעבושעוועט זער ווילדער פאשיסטישער אנטיסעמיטיזם?!... עס איז שווער צו וואַרטן — און דאָך חלום איך, אז אמאָל, אמאָל, קומען וועט דער טאָג, ווען פרילינג וועט זיך צעגרינען און — אויך מיין וועט ער זיין, יענער פרילינג. יום־טוב וועט זיין. דער יום־טוב פון די „גרויע מענטשן"...

...„איך ווייס נישט ווען, אָבער אנען אן איך, אז ער וועט קומען. ווי ווייט ער זאָל נישט זיין — קומען וועט ער"...

**ווער האָט אָנגעשריבן אָט די דאָזיקע שורות, זי, סורל? צי האָט איר לייבי זיי אָנגעשריבן?...**

# פארליבט — אין פיבער

**די מוטער איז אריין געקומען:**

**— סורעלע, ברענג איך דיר א ביסל טיי?**

**— ניין, מאמע, איך טרינק נישט.**

**— וואָס דען?**

**— גאָרנישט, מאמע. עס איז מיר הייס.**

**סורל איז געלעגן אין בעט. א בלאסע אויפן ראָזן בעטגעוואנט. די האָר צעפלאָסן, מיטן קאָפּ אויף א זייט, האָט זי אויסגעזען ווי א בילד פון א הייליקער. ווי מאריא מאגדאלענא אויף די קלויסטער־בילדער.**

**דער האלדז האָט זי ווי געטון. עפּעס האָט דער שלינגער זיך נישט געגליטשט. זי האָט געפילט ביים אראָפּשלינגען, גלייך מע וואָלט זי דאָרט ווייטיקלעך געקראַצט. געזאָגט האָט מען, אז עס איז גאָרנישט. זי האָט זיך בלויז פארקילט. מסתמא זענען די מאנדלען אָנגעשוואָלן.**

אָבער זי האָט געוואוסט דעם אמת: עס איז עפּעס אַנדערש. זי האָט געהערט, ווען מען האָט זיך געשושקעט, ווען מען האָט געמיינט אַז זי שלאָפט. יאָ, בלויז אונטער די אויגן, דער האַלדז געשוואָלן — זי האָט זיך אָנגעקוקט אין שפּיגעלע — שטימט דאָך עס!

אויפן בענקל, פאַרן בעט, איז געווען אַ גלאָז וואַסער, אַ פלעשעלע מעדיצין מיט אַ קאַווע־לעפעלע. אַ ביסל איינגעמאַכטס, אָנשטאָט האָניק, און אַ בוך, אַן אָפּנס, וואָס זי לייענט צו אַ זייטל און שטעלט עס אַוועק. עס איז איר שווער צו לייענען. זי פאַרשטייט כמעט נישט, וואָס זי לייענט. אָבער באַלד נעמט זי ווידער אין די הענט דאָס ביכל („סובמאַרין Z/1" פון ל. כאַנוקאָוו!), פּרוּווט לייענען, ווייל זי וויל דאָך געוואויר ווערן, וואָס עס איז געשען מיט אים, ווי אַזוי הייסט ער?

זי האָט דאָס בוך נישט געקאָנט לייענען. זי האָט נישט געקאָנט זיך צוביינדן צו אים, צו לייענען אַזוי, זייטל נאָך זייטל, ווי ס'ע דאַרף צו זיין, ווי זי איז געוואוינט געווען עס צו טון. זי האָט נאָר געקליבן, איבערהיפּנדיק די שורות, וואָס הויבן זיך אָן מיט אַ פּאַסיקל, ווי איינער וואָס קלויבט פיר־בלעטלעך צווישן גראָז. זי האָט געלייענט נאָר די דיאַלאָגן. די געשפּרעכן זענען פאַר איר אינטערעסאַנטער, צוציענדיקער און גרינגער צו פאַרדייען.

...„טאָם", איינער פון די העלדן פונעם בוך, וואָס איז איר געוואָרן אַזוי סימפּאַטיש, וואָס איז פון אָנהויב אָן, ווען זי האָט נאָר אָנגעהויבן לייענען דאָס בוך, איר געוואָרן אַזוי נאָענט (אָט זיצט ער נעבן איר בעט, אָנגעטאָן אין די מאַטראָסן־קליידער, גלעט זי איבערן הייסן שטערן!), איז ער מיט אַ מאָל געוואָרן אַן אַנדערער. עפּעס איז איר אַלץ אומפאַרשטענדלעך געוואָרן. זי האָט גאָרנישט נישט געקאָנט פאַרשטיין. ניין. נו טאַקע, ווי אַזוי זענען עס מענטשן ביכולת אַזוי זיך צו רייסן צום לעבן, אָנצוווענדן דאָס אויסערסטע, נאָר אַרויס צו קריכן פונעם אָפּגרונט, פון ים? איז עס באמת כדאי, האָט דאָס לעבן אַזוי פיל ווערט מע זאָל אַזוי פיל אָנווענדן? זי?! יאָ, זי וואָלט אויך געקאָנט געראַטעוועט ווערן. מע זאָל זי אָפּערירן, קאָן זי ווערן אויסגעהיילט, געזונט, לעבן. אָבער וואו נעמט מען געלט אויף אַ כירורגישער אָפּעראַציע? זי אַרבעט שוין נישט אַ יאָר צייט. דער פאָטער פאַרדינט נישט. איז פון וואַנען?

זי האָט דערפילט, אַז דאָס פּנים פלאַמט איר. דאָס בלוט איז איר געקומען אין פּנים. יאָ, זי האָט זיך דערמאָנט. לייבי האָט עס געוואָגט,

אַנצוביטן געלט פאַר איר פּאַטער, אויף די הוצאות זי צו אָפּערירן. לייבי. ער האָט דען יאָ געלט? פון וואו וויל ער גענומען געלט?!... ניין, זי איז נישט ברוגז געווען אויף אים. ווייל אויך דעמאָלט, ווען ער איז נישט געווען נעבן איר, האָט זי דאָך געפילט, אַז זיינע בליקן, די חבר׳ישע, גלעטן זי מיט אַזוי פיל ליבע, מיט אַזוי פיל טרייִשאַפט, מיט איבערגעגעבנקייט. נאָך מער ווי פון אַ מאַמען. ניין, אויף לייבין האָט זי נישט געהאַט וואָס ברוגז צו זיין. זי האָט געוואוסט, אַז לגבי איר האָט ער קיין מאָל נישט געהאַט קיין נישט ערנסטע כוונות. ניין, ער איז תמיד געווען אַ גוטער צו איר ווי אַ ברודער. זיין חברשאַפט האָט זי באַגלייט ווי אַ געטרייער שאָטן איבעראַל, אַלע מאָל. שוין צוויי־דריי יאָר אַזוי... אָבער וואָס האָט זי דערפון? וואָס קאָן ווערן פון אַזאַ חברשאַפט, וואָס איז קיין תכלית נישט. ווייל עס איז עפּעס מער, ווי אַ פּשוטע חברשאַפט און גלייכצייטיק עפּעס ווייניקער, ווי אַן אמתדיקע ליבע? וואוהין פירט עס? נו־יאָ, איצט איז זי נאָך יונג. נאָך איז אין גאַנצן נישט אויסגעלאָשן געוואָרן יענער פונק פון דער יוגנט. אָבער וויפל, מישטיינסגעזאָגט, פאַרמאָגט זי נאָך פון אָט יענעם קליינעם „ווילנדל״, וואָס שפּייזט נאָך אין איר דאָס לעבן?...

פאַרליבט? ניין, דאָס נישט. אַזעלכע ווי זי, קאָנען אין די דאָזיקע באַדינגונגען נישט זיין פאַרליבט, אויך ווען זיי וואָלטן געוואָלט. זיי טאָרן נישט זיין פאַרליבט. אויך ווען עס פּאַסירט אָן זייער ווילן, מוז מען זיך צוימען די געפילן. זי איז נישט פאַרליבט אין לייבין, ניין. האָט זי דאָך עס אָנגעשריבן בתיהן אין איר פרעגהעפט. יאָ, גוט האָט זי דעמאָלט אָנגעשריבן. נישט נאָר איז עס געווען אַן ענטפער פאַר איר חברטע, נאָר אויך פאַר איר גופא. זי האָט געשריבן דעם פּשוטן אמת. „זענט איר פאַרליבט?״ האָט זי אָנגעשריבן דעם ענטפער אַזוי: — „כ׳האָב ליב — אָבער איך בין נישט פאַרליבט״. אויפן צווייטן, זייטל: „וועמען?״ האָט זי אָנגעשריבן דעם ענטפער: „דעם, וועער עס האָט מיך גלייך אַזוי ליב, ווי איך אים!״...

די חברטעס איריע האָבן געוואוסט, אַז אָט די פאַרשטעלטע ענטפערס באַהאַלטן הינטער אָט די ווערטער נישט קיין אַנדערן ווי אים, לייבין. ער אַליין, לייבי, האָט עס אויך געוואוסט, נאָר מען האָט דערפון קיין מאָל נישט גערעדט. וועגן אַזעלכע זאַכן רעדט מען געוויינט־לעך נישט. וועגן ליבע דאַרף מען בכלל נישט רעדן. אָדער מע פילט עס, אָדער מע פילט עס נישט. קיין רעדן העלפט נישט. אדרבה, סע קאָן גאָר

פאַרדאַרבן. סע קאָן פאַרשוועכט ווערן דאָס הייליקטום, וואָס מע רופט עס ליבע... ער, לייבי, האָט זיך אויך „אויסבאַהאַלטן“, נאָר הינטער אַנדערע ווערטער. סערל האָט נישט ווילנדיק געשמייכלט ביי דעם דאָזיקן געדאַנק. אויף דער פראַגע: „זענט איר פאַרליבט?“ האָט ער געענטפערט: „יאָ!“ אויפן צווייטן זייטל: „אין וועמען?“ האָט ער אָנגעשריבן: „אין זיך זעלבסט“ און צוגעגעבן לייוויקס אַ ווערטל:

„צוויי מאָל צוויי — איז פיר.
איך מאָל איך, ביסטו:
איך מאָל דו — זענען מיר“...

יאָ, אָבער פאַר וואָס טראַכט זי איצט פון לייבין?... עקזיסטירט דען איצט פאַר איר אַ לייבי? פאַר איר איז דאָך לייבי בלויז אַ שאָטן פון שמעצן. „שמעצער“ ברענגט איר אַ בוך צום לייענען. „שמעצער“ שפּאַצירט מיט איר אַרום, דיסקוטירט מיט איר פאַרשידענע ענינים, דערציילט איר וועגן זאַכן, וואָס זי ווייסט נאָך נישט. זי דערציילט פאַר שמעצן, רעדט זיך אַראָפּ פונעם האַרצן. יענער שמעצער איז איר צוּפעליק נאָענט, און גיט איר פיל מאָל מוט צום לעבן ווייטער. ער צינדט אָן עפּעס אין איר, שפּיגלט אָפּ אַ שיינענדיקע שטראַל אין אירע מאַטע גרויע טעג. גיט איר אַריין האָפענונג, וואָס שטייגט איבער איר פּעסימיזם, איר יאושדיקייט און זי באַקומט כאָטש אַ ביסל חשק צום לעבן, גובר צו זיין די קראַנקייט — דאַרף זי דאָך האָבן אַזאַ מין דערמוטיקונג... ווער איז דער שמעצער? איז עס דער גוטער לייבי דער שמעצער? איז עס דער קלוגער מאַטראָס טאָם פונעם „סובמאַרין“?...

... לייבי!... טאָם!... טאָם!!...

און אָט האָט זיך איר אויסגעדאַכט, אַז זיי אַלע דריי זענען אין „סובמאַרין $Z/1$“. זי, טאָם און לייבי. טאָם שטייט ביים ראַדיאָ־אַפּאַראַט און דריקט מיטן מיטלסטן פינגער אויפן קנעפּעלע: טי־טי־טי־טאַ, טי־טי־טאַ. און פון די טיפענישן פונעם ים בלעזלען זיך קיילעכדיקע בלעזלעך אין וואַסער: ס.אָ.ס., ס.אָ.ס.... זי האָט זיי געזען די רינגעלעך. זיי ציען זיך איבער ימען, איבער לענדער, איבער וועלטן... ער איז אַ גוטער טאָם. ער וויל זיי העלפן. ער וויל זיי ראַטעווען. זי און לייבין. ער וויל זיי אַרויספירן צום לעבן.

...ביידע זענען זיי אין סובמארין. זי איז קראנק. אָבער ניין, ווער האָט געזאָגט, אז זי איז קראנק? אָט באלד טוט זי זיך אָן, גייט ארויס. אין דרויסן איז פריש, שניי ווייסער איז איבעראל, פראָסט בלישטשעט ווי יונגער צוויט אויף קארשן־ביימער. זי גייט ארויס, אָט טוט זי זיך אָן און גייט ארויס. וועט אָפּווארטן לייבין מיט קנוילן שניי, וועט זיך שפּילן, ווי זי פלעגט זיך שפּילן אמאָל ווינטער אין שניי, אמאָל ווען זי איז נאָך א קינד געווען און געגאַן אין שול. לייבי? דאכט זיך, אז ער איז היינט דאָ געווען און דערציילט אז מען האָט די היטלעריסטן צוריקגעשלאָגן פון אונטער מאָסקווע?... אָדער ניין, דאָס איז גאָר געווען טאָם. לייבי איז דאָך שוין לאנג נישט אין דער היים. ער איז דאָך מאָביליזירט געוואָרן אין צוואנגארבעטס־באטאליאָן?...

...טי־טי־טי־טא... עס האָט איר געפּייפט אין די אויערן. וואו האָט זי געזען אזא אפּאראט? אין קינאָ? ניין, אָט איז ער אויפן טיש דאָ... טי־טי־טי־טא, ס.אָ.ס., העלפט, ראטעוועט! דאָס דריטע בית־המקדש ווערט חרוב פאר יידן — געוואלד, די דייטשע פאשיסטן ווילן איינעמען די וועלט... ס.אָ.ס., ס.אָ.ס.!..

פאר די אויגן האָט זי געזען רינגעלעך, רינגעלעך.

...ס.אָ.ס., העלפט, ראטעוועט, לייבי איז אויפן פראָנט... טאָם איז אין סובמארין... אָדער ניין, זי גייט אליין. זי גייט זיי העלפן. וואָס זיצט זי דאָ אין בעט? ווער האָט געזאָגט, אז זי איז קראנק?...

די מוטער האָט איר צוגעלייגט א קאלטן טוך צום שטערן און זי איינגעדעקט.

— סערעלע, דעק דיך צו. עס איז קיל דאָ אין שטוב, טאָכטער שיינע.

דער פאָטער איז אריינגעקומען, נישט געזאָגט גאָרנישט. נישט געפרעגט גאָרנישט. געוואָרפן א בליק אויפן טערמאָמעטער און צוריק ארויס.

דער טערמאָמעטער האָט געוויזן איין און פערציק מיט זיבן...

# אויפן וועג צו דער געטאָ

אסרו־חג. א טאָג נאָך פּסח תש״ד.

אין שטוב איז געווען אָנגעוואָרפן ווי נאָך אן אָבלאווע. דאָס פּסח־דיקע געשיר איז געלעגן פארלאָזן, נישט א מאָל איז עס געווען גוט אויס־

געוואַשן. קיינער האָט זיך איצט אויף אזא זאַך נישט אומגעקוקט. אַן אַנ־דער מאָל האָט מען אסרו־חג, נאָך פסח, אָפּגעוואַשן דאָס געשיר, איינגע־בונדן דאָס ביסל פסחדיקע זאַלץ, פעפער צי קאַווע, וואָס עס איז איבערגע־בליבן פון יום־טוב און מען האָט עס אוועקגעלייגט אויפן בוידעם, אויף איבער א יאָר פּסח, ווער סע וועט דערלעבן, מיט געזונט — זאָל עס זיין... אָבער היינט? ווער ווייסט, ווען מען וועט זיין, ווי מען וועט זיין, מאָרגן, עס איז! ווען קומט כאָטש אויפן געדאַנק, איין מינוט כאָטש, צו טראַכטן וועגן דעם קומענדיקן פּסח?

סערל האָט זיך אָפּגעגעבן חשבון וועגן זייער מצב. און אויב זי האָט נישט געוואוסט גאַרנישט אויף קלאָר, דאָך האָט זי געהאַט אינסטינק־טיוו. די אונטערוויסיקייט האָט איר ווי איינגערוימט א סוד אין אויער, אַז זיי געזעגענען זיך אויף תמיד מיט זייער היים, מיטן שטעטל, מיט מאראמאָרעש — מיטן לעבן.

די גאַסן זענען פול געווען מיט ילְלוֹת, מיט געוויינען און מיט „נייעסן"...

„נייעסן" האָבן זיך געטראָגן ווי פון זיך, קיין מאָל זענען נאָך אזוי נישט פאַרשפּרייט געוואָרן, מיט אזא שנעלקייט, די פאַנטאַסטישסטע קלאַנ־גען. זיי האָבן זיך געטראָגן פון מויל צו אויער, גלייך א בין פון בלום צו בלום. שכינות האָבן זיך איבערדערציילט, אַז דאָרט און דאָרט האָבן די זשאַנ־דאַרן געפונען דאָס גאָלדוואַרג און צוגענומען; דאָרט און דאָרט האָט זיך דער זשאַנדאַרן־שעף פאַרשלאָסן מיטן מיידל אין א באַזונדער צימער; אָט האָט עמעצער געהערט א געשיסעריי — עס איז אוודאי דער פראָנט, די באַפרייער קומען; די עשירים פונעם שטעטל האָבן זיך „אויסגעקויפט", זיי פירט מען נישט אין געטאָ; פרויען וועמענס מענער סע זענען אויפן פראָנט, אין צוואַנגאַרבעטס־באַטאַליאָנען, פירט מען נישט אוועק...

עס האָבן צירקולירט פאַרשידענערליי קלאַנגען, וואָס זענען געווען צו באַרויקן, אָדער צו פאַרגרעסערן די פּאַניק.

סערל האָט געמיינט, אַז דאָס אַלץ איז ליגן, אויסגעטראַכט אין פאַרצווייפלונג. טייל אַלאַרמיסטן, פּסיכיש־קראַנקע, פאַרצווייפלטע, טראָגן זיך אַרום מיט זייערע קראַנק־שוואַרצזעענישן און פאַרגרעסערן נאָך מער די פּאַניק. טייל ווידער וואַרטן מיט זייער רעליגיעזן בטחון, אזוי ווי אויף א „נס" — דער רבונו־של־עולם וועט אין דער לעצטער רגע צושיקן די באַפרייאונג — די גאולה וועט קומען...

זי האָט נישט געוואַרט אויף אַזעלכע נסים. ראשית האָט זי געוואוסט, אַז דער פראָנט איז נאָך ווייט, און שנית האָט זי געזען די רעאַליטעט.

פון צייט צו צייט האָט מען געבערענגט א פרישן קרבן, א פרישע משפחה איז ארויסגעשטעלט געוואָרן פון איר היים און אָפּגעפירט אין בית המדרש, וואו מען האָט זיי צונויפגעזאמלט, כדי אָפּצופירן אין געטאָ.

פאראַן מענטשן, וואָס זענען רואיקע, זיי רעגן זיך כמעט קיין מאָל נישט אויף. מעג פּאסירן ארום זיי א וואָסער געשעעניש סע זאָל נישט זיין, וועלן זיי זיך נישט לאָזן שטערן פון זייער נאָרמאלן לעבן. זיי וועלן זיך טון זייערס, גלייך סע וואָלט געשען גאָרנישט. אַזעלכע געוויינטלעך באַוועגן זיך פּאמעלעך, איילן זיך נישט קיין מאָל און — געוויינטלעך לעבן זיי לאַנג. ווידער, אז סע פּאסירט עפּעס אויסערגעוויינטלעכס מיט זיי גופא, סע קומט אויף זיי אַן אומגליק, פארלירן זיי זיך. זיי פארגעסן פון אַלעמען און בייטן זיך צו דער מינוט, — נישט צו דערקענען. זיי פאר־לירן דעם קאָנטראָל איבער זיך, ווייסן נישט וואָס זיי האָבן צו טון. זיי רעדן גיך, אומפארשטענדלעך און היקענדיק. דאָס קאָן געדויערן א צייט, ביז זיי קומען צו זיך און באַרואיקן זיך, גייען אַריין אין זייער נאָרמאלן לעבן.

און כאָטש אזוי — דאָס רוב פון זיי זענען אָנגענומען אין דער גע־זעלשאַפט פאַר מיושבדיקע, קלוגע מענטשן.

ווידער זענען פאראַן מענטשן, וואָס זענען תמיד אומרואיק, כמעט תמיד אויפגערעגט. זיי האָבן קיין מאָל, דאַכט זיך, קיין רואיקע מינוט. זיי רעאגירן זייער שנעל אויפן מינדסטן, וואָס געשעט אין זייער ארום. אַזעלכע, געוויינטלעך, זענען זייער רירעוודיקע, תמיד איילן זיי זיך, תמיד לויפן זיי, כמעט וואָס זיי אליין ווייסן אויך נישט, וואָס דאָס איילע־ניש איז מיט זיי... כמעט קיין מאָל זעט מען נישט קיין שמייכל אויף זייער געזיכט און — לעבן, דאָס רוב, זייער ווייניק. גלייך זיי וואָלטן אין זייער איילעניש קאָנסומירט מער פון זייער ענערגיע פון זייער „לעבעדיקייט“. ווידער אז סע פּאסירט עפּעס אויסערגעוויינטלעכס מיט זיי גופא, עס קומט אויף זיי א גרויס אומגליק, פארלירן זיי זיך, בלייבן געפּלעפט; פארגעסן פון אַלעמען און בייטן זיך צו דער מינוט — אויך נישט צו דערקענען. זיי ווערן ערנסטער, גיבן זיך אָפּ חשבון פון דעם מצב זייערן און זוכנדיק געפינען זיי געוויינטלעך אַן אויסוועג. דאָס קאָן געדויערן א שטיקל צייט ביז זיי קומען „צו זיך“ און גייען אַריין פון דאָס ניי אין זייער תמי־דיקער אויפגערעגטקייט, אין זייער „נאָרמאל“ לעבן אין איילעניש.

מאָדנע, אז דווקא אָט די דאָזיקע מענטשן זענען נישט אָנגענומען פון דער געזעלשאַפט פאַר קלוגע...

סערל איז געווען איינע, וואָס באַלאַנגט נישט, נישט צו די ערשטע און נישט צו די לעצטע. זי האָט אויך היינט, ווען דאָס גאַנצע שטעטל איז געגאַנגען כאַדאַראַם, אויפגעהאַלטן איר שטענדיקע רואיקייט. זי האָט געוואוסט, וואָס זי דאַרף טון.

אמת איז, אַז די זשאַנדאַרן, מיט זייערע מאָדנע מונדירן, מיט די העניערגעפֿעדערן אין די שוואַרצע היטן, וועלכע האָבן אַרומגערינגלט דאָס שטעטל, אַז סע זאָל זיך חלילה נישט אַרויסגנבענען אַ ייד — האָבן אויך אויף איר אָנגעוואָרפן אַ פּחד, אַ גרויסן פּחד. דאָך האָט זי זיך נישט פֿאַרלוירן ווי פֿיל אַנדערע.

זי האָט געוואוסט, אַז עס איז געקומען דאָס, וואָס עס האָט געמוזט קומען. זי האָט זיך געריכט, אַז סוף־כל־סוף וועט מען אויך זיי, די מאַראַמאַרעשער יידן, אַוועקשיקן קיין דייטשלאַנד, ווי מען האָט עס געטאָן מיט די אונטערקאַרפּאַטישע יידן נאָך מיט דריי יאָר צוריק, אין איינאונפערציקער יאָר, ווען דאָס פאַשיסטישע אונגערן האָט אַרויפגעלייגט די לאַפּעס אויף די חורבות פון דער טשעכאָסלאָוואַקיי. פאַר אַ סך יידן איז עס געווען כמעט ווי אַ טרייסט, וואָס מע גייט נאָר אין געטאָ. מע וועט כאָטש בלייבן דאָ, אין לאַנד, און... דער ראַדיאָ „לאָנדאָן" און „מאָסקווע" — זאָגן דאָך אָן בשורות, אַז די באַפרייער זענען... אָט־אָט, וואָס מע זעט זיי... סערל האָט אויך געוואָלט זיך טרייסטן מיט אָט־אָ דעם. דווקא די האָפענונג־לאָזיקייט מאַכט דאָך יעדן מער גלייביק, האָט דאָס אויך זי גלייבנדיק געמאַכט, נישט ווייל זי האָט פאַרשטאַנען, צי ווייל זי האָט געוואָלט גלייבן. נאָר ווייל זי האָט געמוזט גלייבן. וואָס מער דער מצב איז אָן אָן אויסוועג, אַלץ מער דאַכט זיך, אַז די דערלייזונג איז נענטער. זי האָט געזען, ווי דער רינג אַרום איר ווערט וואָס אַ מאָל שמעלער. קודם איז איר שטעטל געווען איינס צווישן פיל שטעטלעך — ביז עס איז געקומען זיין ריי, און איצט איז אויך זייער הויז געוואָרן איינס צווישן די איבעריקע הייזער, וואָס האָבן זיך אויסגעליידיקט. באַלד קומט די ריי אויך אויף זיי, אויף זייער הויז. געווען איז עס אַזוי:

אַ קאָמיסיע, וואָס איז באַשטאַנען פון עם לערער, דער סעקרעטאַר פון עם שטאָט־הויז, דריי יידן און עטלעכע זשאַנדאַרן, האָט אָנגעהויבן פון איין עק שטעטל, און אַ צווייטע קאָמיסיע האָט אָנגעהויבן אין צווייטן עק שטעטל. די קאָמיסיע האָט געהאַט די אויפגאַבע אַרויסצושטעלן (אַרויס־צוזאָגן!) די יידישע משפחה פון עם הויז. די טירן האָט מען צוגעשלאָסן. דאָס הייסט, מען האָט אַרויפגעלייגט אַ צעטל אויף דער טיר, אַז עס איז „צו־

געשלאָסן", און אז די שטוב־זאכן זענען אינעווייניק. דאָס צעטל האָבן גע־מוזט אונטערחתמענען די דריי יידן, אז זיי האָבן דאָס הויז „איבערגעגעבן".

קודם איז דער גלח אויך געווען אין דער קאָמיסיע. אין דער פרי האָט ער זיך אויך באוויזן, צוגלייך מיט די איבעריקע. נאָר אז ער האָט געזען דאָס אכזריות, אז ער האָט זיך אָנגעהערט מיט די יללות — האָט ער זיך גלייך אָפּגעטראָגן און זיך מער נישט געוויזן. דאכט זיך, אז דאָס „קריסטלעכע" הארץ האָט זיך אין אים צעברענט?! ניין, נישט וועגן דעם איז געווען די רייד. ער האָט פּשוט זיך נישט געוואָלט קאָמפּראָמיטירן פאר זייניע שכנים, וואָס האָבן זיך געלאָזט הערן, אז עס פּאסט נישט פאר א שמייליקן גלח, אז ער זאָל זיך באטייליקן אין אזעלכע שענדליעכע מעשים... א באווייז, אז נישט דאָס רחמנות־געפיל האָט זיך אין אים צעברענט, איז דער פאקט, וואָס ער האָט תיכף געשיקט זיין משרת, ער זאָל ארייג־קריכן דורכן פענצטער אין א יידישער שטוב, פון וואו מע האָט שוין די יידן פארטריבן, ער זאָל ארויסגנבענען, נאָך איידער די אנדערע וועלן עס טון, די מעשונע לייכטער, די ניי־מאשין, דעם וואנט־זייגער און אנ־דערע אזעלכע ווערט־זאכן...

די ארבעט איז געווען א שווערע. אויך דער „קאָמיסיע" האָט עס אָנגעהויבן נימאס צו ווערן. ווייל דאָס איז נישט צוגעגאנגען אזוי גלאַ־טיק. ארויסצושטעלן א משפּחה פון זייער הויז האָט געדויערט. געראנגל, געוואלדיעס, טרערן און א סך מאָל אויך דירעקטע קללות.

אמת, סע זענען געווען פאלן, וואו עס איז אָנגעקומען גרינג, עס האָבן זיך געפונען מענטשן, וואָס האָבן פארלאָזט כמעט גלייכגילטיק זייער היים. זיי האָבן צוגעשלאָסן די טיר, געקושט די מזוזה און קיין וואָרט נישט ארויסגערעדט. אָבער דאָס זענען געווען זעלטענע פאלן. מיינסטנס איז עס געווען א קאמף, ביי וועלכן מען האָט אָפט מאָל זיך געמוזט באַ־נוצן אויך מיט דער שטול פון דער ביקס, דערלאנגען אין די ריפּן. אנ־דערש האָבן זיי זיך נישט געוואָלט רירן, זיי האָבן זיך געקלאמערט אָן זייער שטוב. גלייך די דאָזיקע מענטשן וואָלטן געווען געפילט מיט זייער אינסטינקט, אז זיי וועלן זייער האָב, דאָס אָרעמע ביסל אָנגעהאָרעוועטס, שוין קיין מאָל נישט צוריק האָבן. נאָך מער, זיי וועלן שוין די דאָזיקע היים קיין מאָל נישט זען.

... סערליען האָט עס ווי געלאנגווייליקט. זי האָט שוין כמעט גע־וואָרט, אז מע זאָל שוין אָנקומען צו זיי, צו זייער הויז. זי זאָל שוין ענדלעך אויך פּטור ווערן. זי האָט כמעט באדויערט, וואָס זייער הויז גע־

פינט זיך אין צענטער פון שטעטל און דערפאַר איז זי צווישן די לעצטע. הגם דאָרטן אין בית־המדרש און אין הויף, וואו מען האָט צונויפגעזאַמלט די יידן פונעם שטעטל, ביז מען וועט זיי אוועקפירן קיין סקאָלאַטווינע אין געטאָ אריין, איז נישט געווען זייער באַקוועם. זי האָט אָבער געוואָלט זיין אין איינעם, אין איינעם מיט די איבעריקע, אין איינעם מיט אַלע יידן. אזוי האָט זי געמיינט וועט עס זיין פיל לייכטער פאַר איר מוטער איבערצוטראָגן, און דערמיט וועט עס אויך איר לייכטער זיין. ווייל זי האָט שווער איבערגעטראָגן די זאָרג און די ווייטיק פון איר מוטער, וואָס האָט זיך אזוי אוועקגעלייגט, אז עס האָט זיך געקאָנט אויסדאַכטן, אז זי וועט עס נישט אויסהאַלטן...

סערליען האָט זיך אויסגעדאַכט, אז אויך זיי וועלן פאַרלאָזן דאָס הויז שטיל, אָן א וואָרט. זי האָט געוואוסט, אז איר פאָטער וועט זיך באַהערשן, ער וועט שווייגן און עסן די צרות אין זיך. אים וועט זיין א בושה צו קוקן דער „קאָמיסיע" אין די אויגן. „נעכטן" איז ער געווען עפּעס מער, ווי די מיטגלידער פון דער אזוי גערופענער קאָמיסיע, האָט עס געמעגט זיין אויך דער סעקרעטאַר פון דער קאָמיסיע. די מוטער? איר האָט זי געפּרואווט אויסרעדן און זי געבעטן זיך איינצוהאַלטן, ווייל העלפן העלפט עס דאָך סיי־ווי־סיי נישט.

הגם ווי א יונגע קעמפערין האָט זי געוואוסט, אז זי האַנדלט נישט נאָך די געגעבענע אָנווייזונגען, וועלכע האָבן געוואָרנט, אז מע זאָל גאָרנישט, אָדער אבסאָלוט גאָרנישט טון מיטן גוטן ווילן — דער שונא דאַרף באַגעגענען ווידערשטאַנד ביי יעדן טריט און שריט... יאָ, דאָס איז זייער גערעכט און שיין טעאָרעטיש. פּאַקטיש איז עס איר פּערזענלעך שווער, אָדער גאָר אוממעגלעך אויסצופירן. יאָ, זי וואָלט טאַקע אזוי געהאַנדלט, ווען ס'ע זאָל זיך האַנדלען בלויז אין איר. אָבער מיט די עלטערן, וואָס קאָן זי טון?! זי זאָל זיי נאָך שווערער מאַכן דעם מצב?! און לאָמיר זאָגן, אז זי האַנדלט יאָ אזוי, ווי אזוי ס'ע זענען געווען די דירעקטיוון: זי וועט זיך אנטקעגן שטעלן, זי וועט זיך קראַמפּעווען מיט די נעגל אָן דער טיר, און נישט וועלן פאַרלאָזן דאָס הויז. נו, און מיט דעם וועט זי שוין עפּעס אויפטון: סע וועט זיך אָפּשטעלן די דעפּאָרטאַציע?! איז דאָך בעסער צו לאָזן די געשעענישן זאָלן זיך לויפן נאָך זייער פּאַטאַלן גאַנג. לאָז עס בעסער זיך ענדיקן שטילער און פאַרהעלטענישמעסיק רואיקער, נאָר די מוטער אירע זאָל ווייניקער דאַרפן ליידן.

אזוי האָט זיך איר אויסגעוויזן. און קאָן זיין, אז סע חאָלט טאַקע אזוי געשען. האָט אָבער די מוטער איריע געהאלטן אין איין קוקן דורכן פענצטער, צו זען, וואוהין עס איז שוין דערגאנגען די קאָמיסיע. און ווען זי האָט דערזען, ווי די זשאנדארן האָבן אדורכגעפירט רייזלען, די יעלטערע טאָכטער, מיטן קינד אויף דעם אָרעם, האָט זי ארויסגעלאָזט א יעמערלעכן קוויטש און אריבער צו א שטיל היסטעריש געוויין, אז אי סערל, אי די יונגערע שוועסטער חנה, האָבן זיך אויך נישט געקאָנט איינהאלטן און געוויינט אויפן הויכן קול.

סערל האָט, דעם אמת געזאָגט, נישט געוויינט דערפאר ווייל זי האָט געזען פירן איר שוועסטער, צי ווייל זי האָט געזען דאָס קינד פון א קנאפ יאָר ביי איר אויף די הענט. ניין, נישט דאָס איז געווען דער אויסברוך. זי איז שוין געווען מאָראליש צוגעגרייט דערצו, אז די עלטערן איריע וועלן עס שווער קאָנען איבערטראָגן. זיי וועלן עס נישט אויסהאלטן, אויך ווען די ישועה זאָל קומען ווי גיך. ניין, נישט וועגן דעם האָט זי געוויינט. נישט פאר דעם, וואָס זי האָט געזען און געפילט די פיל בושות וואָס זיי לעבן איבער און וועלן ערשט דארפן פון איצט אָן איבערלעבן, האָט זי געוויינט.

פאר וואָס דען?

אויף קלאָר וואָלט זי נישט געקאָנט ענטפערן אויף דער פראַגע, ווייל זי האָט עס אויך נישט געוואוסט פאר וואָס, נאָר זי האָט געפילט א ווייטיק. עס האָט איר געקלעמט ביים הארץ א „פארוואָס?". פאר וואָס קומט זיך זיי דאָס אלץ? ווער זענען עס די, וואָס דערנידעריקן זיי אזוי פיל, די שוואכע איינגעבראָכענע יידן!... וואָס איז דער זינען פון די אזוי פיל ליידן. איז שוין באמת הפקר די וועלט? איז שוין באמת נישטא נישט קיין „גאָט" און אויך נישט קיין „מענטש"?!...

...די נאכט האָט זיך אראָפגעלאָזט, אין שווארצן געהילט, ווי אין טרויער. אין בית־המדרש האָט געצאנקט א ליכטל, ארום וועלכן עטלעכע יידן האָבן שטיל געשעפטשעט תהלים...

די מענטשן, מענער און פרויען, זענען, געלעגן אויפן דיל, ווי אין הינערפלעט, יעדער אויף זיין פעקל. טייל פון זיי האָבן ווי געדרימלט און פון מאָל צו מאָל זיך אויפגעכאפּט מיט א קרעכץ, א ווייטיק און דער גרעסטער טייל פון זיי האָבן איינגעדרימלט, אזוי — טראכטנדיק וועגן זייער אכזריותדיקן גורל. מיט א מאָל האָט אין דער ווייבער־שיל א קינד זיך

צעוויינט און אויפגעוועקט די שלאָפנדיקע. איינע, א פרוי, לויטן קול א פארשלאָפענע, האָט געענטפערט מיט א קללה אָן אן אדרעס. און מען האָט נישט געוואוסט, וועמען זי האָט געמיינט, אויף וועלכן אדרעס זי האָט געשיקט די קללה איריע, זי האָט געמיינט די רשעים, וואָס האָבן זי אהער געברענגט צי חלילה, אין פארצווייפלונג, האָט זי געמיינט דאָס קינד וואָס האָט זי אויפגעוועקט, נאָך דעם ווי זי האָט אזוי שווער קוים געקאָנט איינשלאָפן.

ערגעץ הערט זיך א שעפטשען פון א פאָר־פאָלק. זיי רעדן זיך מסתמא אויס די צרות, מיט א שטילן טאָן, א ליבלעכן. אויך אין דער פארצווייפלונג טרייסטן זיי זיך מיט צערטלעכע ווערטער...

איינע, א פרוי טאפט זיך אָפט איבער, אויב זי האָט נאָך דאָס צירונג ביי זיך, דאָס גאָלדווארג, וואָס זי האָט זיך איינגענייט אין די מלבושים.

דאָס רוב איז נישט געשלאָפן. עס האָט קיין שלאָף זיך נישט גענומען כמעט צו קיינעם. מען איז געזעסן און געוואַרט אויפן טאָג, וועלכער האָט געזאָלט אָפגעזעגענען זיי אלע פון איין וועלט, וואָס גייט אונטער, און הייבט אָן א צווייטע וועלט, נישט קיין נייע. ניין, לגמרי נישט קיין נייע — נאָר אן אלטע, אָדער אן אלט־נייע, א געטאָ־וועלט פון מיטלאלטער, וועגן וועלכער זיי האָבן אפשר א מאָל געלייענט אין די באשרייבונגען. איצט וועלן זיי דארפן לעבן אין אָט דער וועלט.

סערל?

זי איז אויך נישט געשלאָפן. זי האָט געטראכט דרימלענדיק וועגן לייבין. זי האָט איבערגעחזרט אין זכרון עטלעכע שורות פון זיין לעצטן בריוו, וואָס האָבן געקלונגען ווי פערזן פון א ליד, וואָס ער האָט איר געשריבן פון דעם ארבעטס־באטאליאָן, ערגעץ פון דער אוקראינע.

„... ווייס, אז אויך איך, פונקט ווי דו,
דריי ביי נאכט זיך אויפן געלעגער אָן רו.
איך טראכט פון מיין מאמע און נאָך מער פון דיר.
„לעבט איר, ווער ווייסט?” באַמבלט זיך מיר...
איך טראכט און טראכט — ביז די אויגן שליסן זיך צו.
נעם ארום מיין חלום, ווי א קאָפ־קישעלע —
דאָס ביסטו, מיינע, דו!”...

און צוזאמען מיט די יידן, וואָס האָבן געשעפטשעט די קאפיטלעך תהלים, האָט זי אין געדאנק איבערגעחזרט, מיט דער זעלביקער מעלאנכאָ־

לישער תהלים־מעלאָדיע, גלייך זי וואָלט געוואָלט, אז אויך איר „תהלים" זאָל געהערט ווערן. זאָל ער וויסן לייבי:

„... ווי דו, אזוי אויך איך —
ביי נאכט אויפן געלעגער דריי איך זיך.
לייען דיינע בריוו, קוש דיין בילד —
איך זיך אין זיי א טרייסט.
חלומסטו דאָס כאָטש — ווער ווייסט?!"...

# סערל — אין נסיון

געווען איז די געטאָ אין סעלאָטווינע. אהין, אין דעם דאָזיקן שטעטל, האָט מען צונויפגעטריבן יידן פון עטלעכע ישובים.

סעלאָטווינע — א שטעטל, א קליינס, צוגעטוליעט צו סיגעט ווי צו א מאמען. אחוץ דער טיס, דער טייך וואָס טיילט פונאנדער אָט דאָס מוטער־שטעטל סיגעט און טאָכטער־שטעטל סעלאָטווינע — איז געווען נאָך א מחיצה, די רומעניש־טשעכישע גרענעץ, א צוואנציק יעריקע און דערנאָך עטלעכע יאָר די רומעניש־אונגערישע.

אמת, עס האָט זיך געמאכט נישט זעלטן, אז יידן האָבן אריבערגע־שפאנט אויך די גרענעץ, ווען מען האָט באדארפט, בפרט מאראמאָרעשער יידן און דאָס נישט נאָר ווען עס איז געווען די רייד פון שמוגל, נאָר אפילו פון „יידישקייט". איז געקומען דער וויזשניצער רבי קיין סעלאָט־ווינע אויף א שבת, האָט מען אויסגעפועלט ביי די שטאָט־שררים, און מאראמאָרעש־סיגעטער יידן פון דער רומענישער זייט זענען אריבער גע־גאַן; צי יידן פון דער טשעכישער זייט זענען אריבער געקומען קיין סי־געט צום רבי אין א שבת מברכין. מען האָט אריבער געטראָטן די גרע־נעץ, אָבער די גרענעץ איז דאָך געבליבן א וואנט, א מחיצה צווישן א „דער זייט" און א „יענער זייט". אָט די מחיצה האָט אָנגעדויערט, אפילו א נישט אָנגעזעענע, אויך אין יענע יאָרן, ווען ביידע שטעטלעך זענען געפאַלן אונטער דער הערשאפט פונעם פאשיסטישן אונגערן.

אין פיראונפערציקער יאָר איז די גרענעץ לגמרי פארשוואונדן. סעלאָטווינע האָט צונויפגעגאָסן אין איר געטאָ יידן פון דער זייט טיס און פון יענער זייט טיס.

אין פיראונפערציקער יאָר האָט דאָס שטעטל גופא זיך געטיילט אין צווייען, ווי דורך אן אומגעזעענער מחיצה: אין איין זייט, אין דער הויפּט־גאס, האָט זיך געטראָגן ווי אן עיפּושדיקער ריח, די פערדישע חוצפה פון די מישטיינסגעזאָגטע אויפגעקומענע פריצים פונעם נייעם אויפגעלעבטן „גרויסן" אונגערן — און אין דער צווייטער זייט, אין די געסלעך אונטערן בערגל, האָט געשוועבט ווי א גרויער טול, שאָטנס פון חלומות, צעבראָכענע געמיטער אין ענגשאפט פון דער יידישער געטאָ.

די טייס, וועמענס עובדה עס איז געווען איר לעבן לאנג אויסצושטעלן ווי אין א וויטרינע, א טיף צעבלויעטן הימל, אויפגעהאָנגען אויף די מאראמאָרעשער בארג־שפּיצן און צו צעברעכן אים אין אירע כוואליעס אין קרישקעלעך פאַרצעלאָזן. אָדער אין בעסטן פאל, פלאטערן אים צייטאויס ווי א לייוונט, שענקענדיק דעם מענטשלעכן אויג הויפנס הימלישן בליאסק; צו מאָל הייבט זי אָן צו רוישן אזוי שוימענדיק — הגם איינטאָניק, אָבער דאָך האָט זיך געדאכט, אז עס איז — א שטילער ניגון, א סימפאָניע פון קוים הערעוודיקע קלאַנגען, געשפּילטע אויף נישט געזעענע סטרונעס...

אָט די דאָזיקע טייס האָט דעמאָלט געהאט אן אנדערע „עובדה". זי האָט געשטראָמט די טייס, גלייך זי וואָלט געווען נערוועז, איילנדיק, ווי זי וואָלט זיך געיאָגט איבער צו טראָגן א גרוס, א „שלום־עליכם" פון איין געטאָ אין דער צווייטער, צי צו די יידישע ארבעטס־באטאליאָנען, וואָס זענען געווען אויסגעשורהעט ביי אירע ברעגן אין פארשידענע שטעטלעך. יאָ, דעמאָלט האָט זי אָפּגעשפּיגלט הימלען פארוואָלקנטע פארפינצטערטע — פלאטערנדיקע טרויער־פענער. דעמאָלט זענען אירע כוואליעס געווען א פארקנייטשטער שטערן פון א פארזאָרגטער מאמע, פארזאָרגט וועגן גורל פון אירע קינדער. עס האָבן שוימענדיק געשעפּטשעט אירע כוואליע־ליפּן אי א „קדיש" נאָך די יידן פון „יענער זייט", וואָס זענען דעפּאָרטירט און אומגעבראכט געוואָרן, דאָס רוב, נאָך אין זומער פונעם איינאונפערציקער יאָר — אי א ווידוי מיט די יידן פון „דער זייט" טייס, וואָס האָבן געווארט אויף זייער גזר־דין דאָ, אין די דאָזיקע געטאָס...

די טייס, זי האָט אָנגעשטעקט מיט איר „איכה"־דיקער מעלאָדיע און שטימונג, וואָס זי האָט איינגעזויגן ביי דער געטאָ, אויך די נישט־יידישע איינוואוינער פון שטעטל. אויך זיי, אפילו די יענע וואָס האָבן אין אָנהויב זיך אפשר געפרייט א מינוט איבערן צער פון די יידן, אפשר האָבן זיי געהאט דערביי א מיין, עפּעס אראָפּצוכאפּן א יידיש פארמעגן וכדומה,

האָבן דאָס שפּעטער נישט אָנגעזען פאַר גוט. עפּעס האָט אויך אויף זיי אָנגעוואָרפן א מורא די געטאָ, די יידישע צרות, גלייך סע וואָלט זיי אומבאַקוועם געמאַכט, צי אפילו באַדראָעט זייער אייגענע זיכערקייט. אַזוי אַז די געטאָ איז געווען אין א געוויסער מאָס א געליטע לאַטע אויפן גאַנצן שטעטל, אויף אַלע אירע איינוואוינער. נאָר ווינציקע, די „אָפּיציעלע", די אונגערישע זשאַנדאַרן, די „לעווענטע" (האָרטי־יוגנט), זייערע אויסהעלפער, האָבן אַנדערש געקוקט אויף דער געטאָ. זיי האָבן געזוכט אין די יידן פון געטאָ פּראָפיט און גענוס, געלט און פרויען.

די יידן פון געטאָ האָבן עס געוואוסט און געפילט. דערפאַר האָבן זיי געוויינט די ליכטיקע זון און וואָס שמועסט נאָך, אַז עס האָט אָנגעהויבן צוצופאַלן די נאַכט, האָט מען זיך פאַרריגלט אין די ענגשאַפט, געזוכט שוץ ביים אייגענעם שאָטן.

און דאָך — האָט זיך איינגעפירט, עס האָט זיך שוין געמאַכט ווי א מנהג, אַז יעדן אָוונט ווען די יינגלעך זענען פאַרטיק געוואָרן מיט דער אַרבעט, האָבן טייל זיך אויסגעקויפט און אַרויסגעריסן פון דער מצריים־דיקער, ליים־קנעטנדיקער שטימונג און געקומען פאַרברענגען א שעה (פאַר וועלכער זיי האָבן גוט באַצאָלט זייער קאָמאַנדאַנט!) אין א יידישער שטוב, א געטאָ־שטוב, וואו עס האָבן געוואוינט עטלעכע יידישע משפחות, געקומען פאַרברענגען מיט א מיידל, א ווייטע קרובה, צי א חברשאַפט פון אַן אַקערשט געשלאָסענער באַקאַנטשאַפט. אָט אָ־דאָ, אין דער דאָזיקער געטאָ־ענגשאַפט, האָבן זיך יונגע הערצער בעסער און גיכער איינפאַרשטאַנען. דאָ האָט מען נישט געזוכט נישט קיין יחוס פון קיין משפחה, נישט קיין עשירות. ווייל סיי די יינגלעך האָבן אַלע געטראָגן גלייכע געליטע בענדער אויפן אָרעם מיטן זעלביקן נומער, סיי די מיידלעך האָבן אַלע גלייך געטראָגן דעם געלן מגן־דוד און געוואוינט אַלע כמעט אין גלייכער שטיקנדיקער ענגשאַפט. אָט אָ־דאָ האָט א יינגל געפונען מער איבערגעגעבנקייט, מער טרייסט און מער ליבע אינעם שמייכל פונעם מיידל, און דאָס מיידל האָט געפונען מער ברודערישקייט, דערמוטיקונג און ליבשאַפט אינעם בליק פונעם יינגל.

אין איינעם אַן אָוונט, א תענוגדיקן וואַרעמען, א ספירהדיקן אָנהויבזומער אָוונט. אין דער הויפּט־גאַס האָבן זיך אַרויסגעלאָזט אויפן אָוונטיקן שפּאַציר די יוגנט, די נישט־יידישע, — אין געטאָ האָט זיך אַראָפּגע־

לאָזט ווי אַ שווערע לאַסט אַן אומהיימלעכע טונקלקייט, וואָס האָט נאָך מער צוגעדריקט די ענגשאַפט, האָט לענגער געמאַכט, לאַנגווייליקער געמאַכט די צייט, ווי ביי איינעם אַן איילנדיקן, ווען ער וואַרט אַ נאַכט אַ גאַנצע אַ פאַרשפּעטיקטן צוג.

די מיידלעך זענען נאָר וואָס אָנגעקומען פונעם זאַלץ־גרוב, געבראַכט עמערס זאַלצוואַסער, סע זאָל זיין מיט וואָס צו קאָכן, אַנשטאָט זאַלץ. זיך אַרומגעוואַשן, אויסגעצוואָגן, לויט די מעגלעכקייטן פון יענע באַדינגונגען, און דערוואַרט די בחורים פון דעם צוואַנגאַרבעטס־באַטאַליאָן.

צו סערלען איז ווי געוויינטלעך אויך היינט געקומען איר באַקאַנטער, פעקעטע באַנדי, אַ יינגל פון בודאַפּעסט.

— קיס־די־האַנט, פריילין, גוטן אָוונט.

— אַ גוטן אָוונט! וואָס איז עפּעס היינט, הער פּעקעטע, איר האָט פאַרשפּעטיקט? — סערל האָט אים דערלאַנגט די האַנט און אים אָנגעוויזן אַ בענקל צום זיצן.

— מיר האָבן אויסגעלאָדן וואַגאָנען מיט מעל, האָבן מיר פאַרשפּעטיקט — פעקעטע האָט זיך מיד אוועקגעזעצט, גלייך ער גופא וואָלט געווען אַ שווערער זאַק מעל, און שטיל ווי בסוד פאַרגעזעצט — יאָ, ווייזט אויס, אַז די באַפרייער רירן זיך שוין ווידער...

— ווי, איר האָט עפּעס געהערט? — איז ר' משה אַריינגעפאַלן אין שמועס — געהערט עפּעס חדשות פונעם פראָנט?...

— פונעם פראָנט האָב איך נישט געהערט גאָרנישט. סימנים אָבער זענען פאַראַן. ראשית, האָט מען די אויסגעלאָדענע וואַגאָנען אָנגעלאָדן מיט קאַסטנס, גרייט צום עוואַקואירן די מיליטערישע מאַגאַזינען און שנית, האָט מען פאַרגעלייענט היינט ביים אַפּעל־ראַפּאָרט אַ באַפעל, וואָס האָט געוואָרנט זיך נישט צו דערווייטערן פונעם לאַגער; מע זאָל זיין גרייט צום גיין... דאָס איז חל בפרט אויפן פערסאָנאַל פון די שומרים אונדזערע.

— גיין, וואוהין?

— דאָס ווייסט מען נאָך נישט. מען קאָן זיך אָבער משער זיין, אַז נאָר צו מערב...

זיי האָבן געוואָלט אַרויסגיין אין הויף, הנאה האָבן כאָטש פון דעם ביסל פרייער פרישער לופט, פון אַן אויסגעשטערנטן הימל און — האָבן די געלעגנהייט צו שמועסן פריי, פון קיינעם נישט געשטערט. האָט אָבער זיי דער פאָטער, ר' משה, אויפגעהאַלטן מיט זיין שמועס. אָנגעהויבן האָט ער ביי דעם, אַז מאָרגן איז פסח־שני, און דערנאָך האָט זיך דער שמועס

פארצויגן אין די „גדולות" אריין, דערקלערנדיק פאר פעקעטען, אז לויט זיין מיינונג, וואלטן געדארפט פארהייליקט ווערן אויף אייביק, אי די געלע לאטע, אי די געלע באנד פון די ארבעטס־דינסטלער, אי דער געלער מגן־דוד פון די יידן אין געטא. אויך נאך דעם ווי מע וועט אויסגעלייזט ווערן און מע וועט שוין נישט טראגן קיין געלע ארעמבענדער, וואלט מען געדארפט מאכן פון זיי א שבתדיק לבוש, א מין נאציאנאל לבוש ווי למשל דער קאפטן און דאס שטריימל. די געלע בענדער וועלן דעמאלט זיין א „דעקאראציע", א צייכן פון יום־טוב, פון פרייד, אז מען האט איבערגעלעבט.

סערלקען האט געארט דער שמועס. זי האט געוואוסט, אז ער, פעקעטע, איז נישט געקומען אהער, הערן נישט וועגן פסח־שני און נישט דעם פאטערס תורה־ווערטלעך, וועלכע זענען אים אזוי פרעמד. זי האט אבער נישט איבערגעריסן זייער שמועס, ווייל זי האט ארויסגעפילט פון די רייד, אז ער איז געזונט און נוצלעך פאר ביידע. אי פארן פאטער, א מאראמאראשער ייד מיטן פולן מויל — אי פאר פעקעטען, דעם כמעט אסימילירטן בודאפעסטער ייד. די רייד, דעם פאטערס, וואסערע פארעם זיי זאלן נישט טראגן, זענען זיי דאך טרייסטנדיקע, היילנדיקע, ווי א גוטער בוימל אויף א וואונד. זיי באמיען זיך, די רייד, פארצושטעלן אט יענע צייט, ווען געלע בענדער, מגן־דודן, וועלן זיין בלויז א צירונג, א זכר לגעטא, א זכר בלויז...

— מיט א מאל

די טיר האט זיך פונאנדער געפראלט, גלייך ווי א פארפלייצנדיק וואסער וואלט זי געשטויסן מיט דער נישט־געצוימטער נאטור־קראפט, און עס האבן זיך באוויזן צוויי באוואפנטע געשטאלטן, א זשאנדאר און א „לעווענטע", פון דער פאשיסטישער יוגנט־ארגאניזאציע.

דער ערשטער איז פעקעטע אויפגעשפרונגען פלוצעמדיק, ווי אפ־געבראטן און סאלוטירט מיליטעריש, ווי עס איז פארגעשריבן לויט די תקנות און דערנאך האט זיך אויפגעשטעלט ר' משה קוקנדיק פארחידושט און דערשראקן. סערל האט זיך אפילו נישט אויסגעדרייט צו די אריינגע־קומענע, נאר זיך געמאכט, אז זי איז פארטאן מיט איר ארבעט, צוצו־גרייטן די וועטשערע.

דער זשאנדאר האט עזותדיק־ווילד זיך ארומגעקוקט און דערנאך ארויסגעברומט:

— נו, יונגער הער, עס בלייבט נאָך גענוג צייט, צו פירן ליבעס אויך, ווי?

— הער זשאנדאר, כ׳מעלד אונטערטעניק — האָט פּעקוטעטע זיך פאַרענטפערט, צוזאמענשלאָגנדיק די פיס אין א מיליטערישער שטעלונג — מיר זענען קרובים...

— יאַ־יאָ, מיר ווייסן — האָט זיך דער האַרטי־יונגנטלעכער ארייג־געמישט, מיט א פילזאָגנדיקן טאָן — מיר ווייסן, אלע זענט איר קרובים, אלע יידן...

— נו, וועגן דעם — האָט דער זשאנדאר אונטערבראָכן — וועלן מיר „דיסקוטירן" א צווייט מאָל. אצינד וועט דאָס ליבע פריילין (די לעצטע ווערטער האָט ער ארויסגעזאָגט מיט האלבער העפלעכקייט און מיט האלבער איראָניע!), אזוי העפלעך זיין, מיטגיין מיט אונדז... יאָ, אויף א פארהער...

סערל האָט זיך מעכאניש אויסגעדרייט, אדורכגעשטאָכן מיט אירע בליקן, וואָס האָבן געשפריצט מיט שנאה און פאראכט, די צוויי באוואָפנטע און גאָרנישט זאָגנדיק פארביסן די ליפּן. בלויז דער פאָטער האָט גע־שטעלט א פראגע:

— טאקע אצינד, אוונט?

— יאָ, אצינד — האָט דער זשאנדאר זיך צעשריגן — וואָס איז, איר האָט מורא, אז מיר וועלן זי אויפעסן? צי האָט איר נישט קיין צייט זיך אויסצושלאָפן? — האָט ער אויסגעלאָזט מיט א ביי‌זוויליקן ציניזם — מיר עסן נישט קיין שיינע יידישע מיידלעך, מיר ווייסן זיך ווי אזוי מיט זיי צו באגיין...

— איך האָב נישט קיין מורא — האָט אים סערל איבערגעשלאָגן מיט אן אנטשלאָסענעם טאָן — מיר ווייסן אויך, ווי אזוי מען דארף זיך באגיין...

— דו שווייג — האָט די מוטער כמעט היסטעריש א שריי געטאָן — דו רעד נישט וואָס מע דארף נישט.

— נו, ווייניקער געפלוידערט, גנעדיק פריילין — האָט דער זשאנ־דאר זיך אָנגעצונדן פון סערלס אנטשלאָסנקייט — ביז די רויטע יידן פון מאָסקווע וועלן אהער אָנשלאָגן, טראָגט איר נאָך דעם געלן שטערן, און מיר די וואָפן...

— געגאנגען !...

סערל האָט מיט א טיכל פארבונדן אירע שווארצע געקרייזלטע האָר און זיך געלאָזט גיין מיטן אראָפּגעלאָזטן קאָפּ, ווייל עס איז געווען קלאָר, אז פונעם אנטקעגנשטעלן זיך וועט גאָרנישט ארויסקומען. עס איז דאָך באמת אזוי ווי ער האָט געזאָגט: זיי האָבן די גאַלע מגן־דודן און „זיי" די וואָפן...

ביים ארויסגיין פון דער שטוב האָט זי צו דער מוטער געזאָגט: „איך קום באלד צוריק, זייט רואיק!" און איז אוועק, באגלייט פון דעם זשאנדאר און דעם האָרטי־יוגנטלעכן.

אויף זייער געזיכט, אויף דעם חייהשן, האָט מען געקאָנט אראָפּלייענען פרייד, א פרייד פון א קאץ, וואָס האָט בייגעקומען א קליין מייזעלע, וואָס איז שוין פון לאנג געווען א געפאנגענס אין א מייזל־כאפער...

...סערל איז געשטאנען אויסגעדרייט מיטן פנים צו דער וואנט. געביטן פון מידקייט די משא פון איר קערפּער פונעם לינקן אויפן רעכטן פוס און פונעם רעכטן אויפן לינקן, כדי אזוי אויף אזא אויפן אָפּצורוען כאָטש איין פוס.

דריי מאָל שוין האָט דער קלויסטער־זייגער די שעה געשלאָגן און זי שטייט נאָך אלץ אויפן זעלביקן אָרט, וואו מען האָט זי אוועקגעשטעלט, מיטן פנים צו דער וואנט, כדי זי זאָל זיך נישט קאָנען אדורכרעדן מיט די אנדערע מיידלעך, קרבנות, וואָס זענען אויך, ווי זי, אהער גערופן געוואָרן און שטייען יעדע אויסגעדרייט צו דער וואנט.

געהייסן האָט עס, אז מען האָט זיי גערופן אויף א פארהער, אויף אן אויספאָרשונג פאר עפעס א חשד, אז זיי, די מיידלעך, האָבן צוגעשיקט עסן פאר א יינגל פונעם ארבעטס־באטאליאָן, וואָס איז געווען באשטראָפט מיט אויסהענגען, און דערנאָך איז ער געהאלטן געוואָרן דריי טעג נאָר מיט הויל וואסער, און אויך דאָס בצימצום, און דערפאר איז ער זייער אָפּגעשוואכט געוואָרן. אזוי האָט עס געזאָלט הייסן, אז דערפאר האָט מען זיי אהער צונויפגערופן, אויסצופאָרשן. אָבער דער אמת האָט זיך באלד ארויסגעוויזן, אז נישט דאָס איז מען אויסן. אן אנדערע, א לגמרי אנדערע כוונה האָבן די זשאנדארן געהאט דערביי. דאָס, דער פארהער, איז געווען נישט מער ווי אן אויסרייד, צו פּלאָגן די יידישע מיידלעך, צו ברעכן זייער שטאָלץ און זייער ווילן, און אפשר אזוי זיי בייצוקומען...

סערל האָט באַלד פאַרשטאַנען, אין וועלכער לאַגע זי געפינט זיך. זי האָט אין משך פון די דריי שעה צייט געהאַט, אַ איבערצוציילן פון לאַנגווייליקייט יעדעס פּינטעלע, יעדעס שפּרינקעלע אויף דער וואַנט, אַ איבערצוטראַכטן יעדע איינצלהייט און יעדע מעגלעכקייט. זי האָט געזען, אַז דאָס, וואָס מע לאָזט זיי וואַרטן אַזוי פיל, שטייענדיק אויסגעדרייט צו דער וואַנט, איז סיסטעמאַטיש, אויסצומידן זיי פיזיש און מאָראַליש, צו שוואַכן זייער ווידערשטאַנדס־קראַפט.

פון יענער זייט טיר האָט זיך געהערט פון צייט צו צייט, ווען אַ ברילּ פון אַ זשאַנדאַר, וואָס פירט דעם מישטיינסגעזאָגטן פאַרהער, ווען אַ ווילדער היסטערישער פּרוּוען־געשריי, און ווען דאָס כליפּען, דאָס שטילע, פון אַ דערשטיקט מיידליש געוויין. זיי האָבן זיך נישט געהיט, די זשאַנדאַרן. אדרבה, זיי האָבן בכיוון אָפן געלאָזט די טיר, סע זאָל זיך אַרויסהערן, כדי סע זאָל בלייבן ווייניקער „אַרבעט" מיט די איבעריקע קרבנות. זיי וועלן הערן, זיך איבערשרעקן און זיך אונטערגעבן...

סערל האָט אין די דריי שעה שטיין אויף איין אָרט, איבערגעקלערט איר גאַנץ לעבן, אירע איבערגעלעבטע קיילעכדיקע פינף און צוואַנציק יאָר. איבערגעטראַכט דאָס, וואָס די עלטערן אירע לעבן איבער אין דעם מאָמענט, אין דער היים, נישטוויסנדיק וואָס איבערצוטראַכטן וועגן איר גורל דאָ, ביי די זשאַנדאַרן. צום סוף איז זי געבליבן ביים געדאַנק:

וווּ געפינט זיך אַצינד לייבי? וווּ וואַלגערט ער זיך ערגעץ אַצינד, לעבט ער כאָטש?

אין דעם אויגנבליק האָט דער דאָזיקער געדאַנק זי געמוטשעט צום מערסטן. נאָר דאָס האָט זי געקאָנט שטאַרקן, דערמוטיקן, אויסצוהאַלטן אַלע פּייניקונגען, וויסנדיק אַז די ליידן וועלן נישט זיין קיין אומזיסטיקע, אַז סוף־כל־סוף וועט זיך דאָך עס אַ מאָל ענדיקן און דעמאָלט, אַז לייבי וועט אהיים קומען, זיי וועלן זיך ווידער זען — וועט זי אַ ריינע, אַ נישט באַפלעקטע, נישט צעטרעטענע פון אָט די פערדישע קאָפּעטעס, זאָגן: „אָט בין איך, כ'האָב אויף דיר געוואַרט!"...

דאַכט זיך, אַז זי הערט זיי אַצינד די ווערטער, זיי וויברירן נאָך ביי איר אין די אויערן, שוין צוויי יאָר אַזוי, ווען לייבי האָט זיך מיט איר געזעגנט טעלעפאָניש, איידער ער איז אַוועק אויפן פראָנט, אין דער אוקראַינע, מיטן אַרבעטס־באַטאַליאָן. יאָ, זי הערט זיי נאָך אַצינד.

— זיי געזונט!... איך גיי, און ווייס נישט, וואוהין דער גורל וועט מיך פאַרפירן; ווען, און אויב איך וועל זיך צוריק קערן... איין זאַך, בעט איך דיך, געדענק: מיר האָבן אַ בשותפותדיקע צוקונפט...

— נו, גוט ! — דאָס איז געווען איר ענטפער. מיט א טאָן פון כמעט גלייכגילטיקייט, וואָס האָט זי אים געקאָנט דעמאָלט זאָגן מער? זי האָט אים נאָך אזוי נישט געהערט רעדן און זיך נישט געגלויבט, אז דאָס הערט זי אים, זיין קול. עס קאָן זיין, אז ער האָט זיך צוגעגרייט פון פריער צו אָט דעם דאָזיקן געשפּרעך, איידער ער האָט זי גערופן צום טעלעפאָן, איר דאָס צו דערקלערן. זי אָבער איז געווען אומגעריכט צו הערן עס, דערפאר האָט זי אנדערש נישט געוואוסט צו רעאגירן.

אָבער אצינד?

אצינד פארשטייט זי זייער גוט זיינע ווערטער. ערשט איצט זענען איר נאָענט געוואָרן יענע ווערטער, וועלכע זי האָט זיי געהאלטן פאר באנאלע. איצט וואָלט זי גאנץ זיכער אנדערש געענטפערט. נישט א קאלטבלוטיקן „נו, גוט!" נאָר אן ענטפער, וואָס זאָל אים זיין א דערמוטיקונג, וואָס זאָל אים באגלייטן איבעראל און זאָל פעסטיקן זיין אויסדויער, אצינד וואָלט זי אים געוואָלט אָפּשיקן דעם ענטפער, אין גרויסע בולטע בלאָק־אותיות, ווי די טיטלען פון א פילם־אפיש:

— יאָ, חבר, מיר האָבן א בשותפותדיקע צוקונפט. נו, געוויס, ווייל מיר האָבן א בשותפותדיקע פארגאנגענהייט...

דאָס האָט זי געטראכט דאָ, ביי דער טיר פון עם אָפּגרונט. ער, לייבי, האָט פון דעם נישט געקאָנט וויסן. סיידן מע וועט אננעמען יענע מיינונג, אז עס איז מעגלעך איבערצושיקן אויף א טעלעפּאַטישן אופן געדאנקען פון איין מוח צו א צווייטן, אָפּגערעדט פון וועלכע ווייטקייטן, וואו זיי געפינען זיך... איז אפשר האָט ער טאקע איצט דערפון געחלומט?... אפשר איז טאקע פאראן ערגעץ אזא קראפט, וואָס איז ביכולת צונויפצובינדן די געדאנקען פון צוויי מענטשן, וואָס טראכטן איין און די זעלביקע זאך, אין איין און דער זעלביקער צייט, מעגן זיי זיין אויך ווי ווייט איינער פון דעם צווייטן?!...

סערלס מחשבות זענען איבערגעריסן געוואָרן, גלייך מע וועקט איינעם אדורך פונעם שלאָף, פונעם חלומען. דאָס מיידל, וואָס איז ארויסגעקומען פונעם פארהער, איר אויסזען, האָט זי ווי אָפּגעגאָסן מיט קאלט וואסער.

דאָס מיידל, סערלס א חברטע, וואָס איז ארויסגעקומען האָט אויסגעזען ווי א ווייסער סאמעטענער פרוכת, וואָס איז צעטריטן געוואָרן פון א בלאָטיקן חזיר...

די האָר, צעשויבערטע, זענען איר אריבער געפאלן איבער די אויגן. אויפן האלדז האָבן זיך דערקענט בלוטיקע צייכנס. דאָס קלייד ביי דער ברוסט איז געווען פונאנדערגעריסן...

סערלען, ווען זי האָט זי דערזען, האָט זיך געוואָלט אָנהויבן שרייען געוואלדעווען, וואָיען ווי א משוגענע סתם אזוי, כאָטש סע וועט זי קיינער נישט הערן, ווייל עס האָט איר אויסגעוויזן, אז עס איז שוין נישטאָ אויף דער וועלט קיין אויער, וועלכעס זאָל זיך צוהערן צו מענטשלעכן ווי, בפרט יידישן.

די ריי איז געקומען אויף איר. א זשאנדאר האָט נישטאַרויסרעדנ־דיק קיין וואָרט, איר נאָר געמאכט א צייכן מיטן ווייזער־פינגער, אז זי זאָל אריין גיין.

זי איז אריין און זיך אוועקגעשטעלט פארן טיש, ביי וועלכן עס איז געזעסן דער שעף פון די זשאנדארן. די איבעריקע זשאנדארן זענען ארויס געגאנגען און האָבן זיי געלאָזט אליין.

א ווײַלע האָט ער זי אָנגעקוקט. זי אָפגעמאָסטן פון אויבן ביז אראָפּ, איר אָנגעבאָטן א שטול, אויף וואָס זי האָט געענטפערט מיט „א דאנק!" און זיך נישט געזעצט. ער האָט געוואָלט, ווייזט אויס, אָנהייבן א שמועס, נאָר אז ער האָט געזען אז מיטן שטול אָנבאָט איז עס נישט געגאנגען, האָט ער אָנגעהויבן מיט אן אנדערער מעטאָדע. ער האָט זיך אויפגעהויבן, זיך דערנעטערט צו איר.

— נו, וואָס טראכט איר, ליבע פריילין? — האָט ער זיך געוואָנדן מיט א געמאכטער פריינדלעכקייט — האָט קיין מורא נישט! — און ארום גענומען זי מיט דער רעכטער האנט ביי דער טאַליע און מיט דער לינקער ביים קאָפּ האָר, געוואָלט זי צופרעסן צו זיך, זי קושן.

— ניין, קיין מאָל! — האָט זי זיך צעשריגן, ארויסרייסנדיק זיך פון זיינע קלעם. און אין די ווערטער האָט געקלונגען הארטע אנטשלאָסנקייט פון א פארצווייפלטן, וואָס איז אויף אלץ גרייט, אויף אלעמען אימשטאנד, נאָר אויסצופירן זיינס.

ער האָט זיך אָנגעצונדן. דאָס בלוט האָט אים געשלאָגן אין פנים פאר רציחה, נאָר ער האָט זיך איינגעהאלטן און אָנגעהויבן ווידער מיט „גוטן": — ער איז נישט אזא שלעכטער ווי מע מיינט. והא ראיה, וואָלט ער אויסגעפירט אלע באפעלן, וואָלט עס אזוי און אזוי שלעכט געווען פאר די יידן און געטאָ... בפרט צו זיי, צו איר משפחה, און צו איר וועט

ער זיין גאָר גוט... ער וועט זיי העלפן. און נאָך האָט ער איר צוגעזאָגט און נאָך און נאָך...

ווען ער האָט זיך אָבער ווידער געזעגנט און געפּרואווט אָנגעמען איר האַנט, געוואָלט אָנהייבן די שפּיל פון דאָס ניי, האָט זי אים ווידער אָפּגעשטויסן, נאָך מיט מער עקל, ווי איינער שטויסט אוועק א הינטל, ווען עס וויל לעקן די האַנט...

— צו וואָס טויגן, הער שעף, די אַלע שפּילן — האָט זי אָנגעהויבן מיט א ציטערנדיקער שטים — איר ווייסט גאַנץ גוט און אויב איר ווייסט עס נאָך נישט, טאָ זייט עס וויסן אַצינד: איך בין נישט פון די, וואָס גיבן זיך איבער מיטן גוטן ווילן, און וואָס אָנבאַלאַנגט „געוואַלד״, איז דאַכט זיך א שאָד די מי, ווייל איר וועט ביי מיר קיין פאַרגעניגנס נישט געפינען. אָט זעט — זי האָט געוויינט אָבער נישט מיט לעמלדיקע רחמנות־געבעטן נאָר מיט רציחהדיקן וואָלפישן געברום, גרייט אויף אַלץ — זעט מיינע נעגל. ס׳זע זענען מיינע איין־און־איינציקע וואָפן, מיט וואָס איך קאָן זיך פאַרטיידיקן... איך ווייס, מיינע וואָפן זענען זייער שוואַכע אַנטקעגן אייערע. אָבער זיי זענען גענוג אויף צו פאַרשטערן אייך דעם מינדסטן גענוס, מיר איז עס שוין אַלצאיינס...

ער איז אַריין אין צווייטן צימער און זי איבערגעלאָזט רעדנדיק אַליין, וויינענדיק.

סערל האָט געוואוסט, אַז דערמיט האָט זיך עס נאָך נישט געענדיקט. זי האָט געוואוסט, אַז אויב אפילו מיט דעם־אָ, מיטן שעף פון די זשאַנדאַרן, האָט זי שוין אפשר געענדיקט, זענען אָבער נאָך פאַראַן די קלענערע הינט. אָבער דערווייל האָט דאָס דאָך איר אַריין געגעבן ביסל מוט.

אַזוי איז עס טאַקע געשען. אַנשטאָט דעם שעף איז אַריין געקומען א זשאַנדאַר, א לאַנגער, מיט אַן אויסזע פון א לעגענדאַרן מלאך־חבלהניק.

— נו? — דאָס איז דאָס איינציקע וואָרט (אויב מע קאָן דאָס אָנרופן „וואָרט״?), וואָס ער האָט אַרויסגערעדט. אייגנטלעך האָט ער נישט געזאָגט „נו?״ נאָר „נאָ!״, ווי געוויינטלעך אין דער אונגערישער שפּראַך. און דער „נאָ״ איז געבליבן הענגען אין דער לופט. ווי אַן אויפגעהאָנגענע שוואַרצע וואָראָנע, וואָס שרעקט די טייבעלעך פון דער ווייטנס...

סערל האָט געהאַלטן דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזט, פאַרשטעלט אין די הענט, פאַרזינקען אין א שטיל שלוכצן. זי האָט נישט געהערט זיין פראַגע, זיין „נאָ?״. זי איז געשטאַנען געליימט, גלייך זי וואָלט נישט געווען דאָ.

דער דענק־אפאראט האָט ווי אויפגעהערט צו פונקציאָנירן. זי איז געשטאַ־נען אזוי, פארשטומט און נישט געטראכט פון גאָרנישט. יאָ, מע קאָן שטיין א לעבעדיקער און דאָך נישט טראכטן פון גאָרנישט. מע קאָן זיין אפּוועזנט, כאָטש מען איז דאָ און מען עקזיסטירט... זי איז געשטאַנען ווי איינער, וואָס איז איינגעטונקען אונטערן וואסער אויך מיטן קאָפּ און ער הערט נישט מער גאָרנישט, ווי דאָס רוישן פונעם וואסער, וואָס שטראָמט אָן אויפהער. אזוי פיל און נישט מער.

— לאָמיר נאָר זען — האָט דער זשאנדאר געפּרואווט אוועק נעמען אירע הענט פונעם געזיכט — לאָמיך נאָר זען, וואָס פאר א שיין מיידעלע דו ביסט?...

פרואווונדיק איר אוועק נעמען די הענט פונעם געזיכט, האָט ער „פארבלאָנדזשעט" מיט די לאַפּעס זיינע צו איר ברוסט...

— גיי! .. רוצחים וואָס איר זענט. גיי אוועק פון מיר!...

ווי פון א קוסל, אָן אויפגעהיצטן, וואָס האָט געפּלאצט, האָט עס געשפּארט פון איר מיט האס, עקל און אָפּשיי. עס האָט זיך געדאכט, אז זי איז, חלילה, פונעם זין. דאָס געשריי איז געווען א היסטערישס, ווי פון איינעם, וואָס שרייט כדי זיך אליין צו פארטויבן, איידער ער וויל זיך ווארפן אויף די רעלסן פון אונטער א פאָרנדיקן צוג.

דעם זשאנדאר איז א שווידער אריבער איבערן לייב. ער האָט דער־זען אז אנשטאט א מיידל, א פרוי צום געניסן, האָט ער גאָר פאר זיך אן אויפגערייצטע חיה, וואָס איז אימשטאנד מיט איר גיפט צו פארסמען אלץ און יעדן ארום איר. ער האָט זי ברוטאל אָנגעכאפּט ביים קאָפּ האָר און א שליידער געטאָן מיט איר, אז זי איז אומגעפאלן.

— דו יידישע זונה!... מיינסט, איך שמיר זיך מיט דיר איין?!...

— און אין די אויגן האָט ביי אים געבערענט א ווילד פייערל, ווי ביי אן אויפגערייצטן בוהיי. ער האָט געדעכעט שווער, גלייך ווי איינער, וואָס קריכט בארג־ארויף.

ער האָט זיך נאָך איין מאָל צוגעבויגן צו איר און ארייננשטופּנדיק די הענט צו איר אין בוזעם, האָט ער איר אויפגעריסן די בלוזע.

סערל איז אינסטינקטיוו צוגעפאלן מיט די ציין צו זיין האנט, זיך איינגעביסן, ווי עס בייסט זיך איין א פראָסט אין א נאקעטן קערפּער. ערשט איצט איז זי צו זיך געקומען און אָנגעהויבן וויסן, וואָס עס קומט פאָר מיט איר. ביז איצט האָט זי געהאנדלט ווי אומבאוואוסטזיניק, מיטן בלויזן אינסטינקט. אָבער איצט, ווען זי האָט געפילט, ווי זי האָט זיך איינ־

געביסן אין זיין האנט און געפילט דאָס בלוט זיינס, וואָס איז געדונען אויף אירע ליפּן, האָט זי דערפילט אַן אויפפרישונג, ווי זומער נאָך אַ קאַלטן באָד... זי האָט זיך דערפילט אין איבערמענטשלעכע כוחות. אַ קראַפט וואָס זי האָט נישט אַ מאָל געאַנט, אַז זי פאַרמאָגט עס, זי האָט דערפילט אַ דערלייכטערונג. אויפן האַרץ איז איר געוואָרן אַזוי זיס, אָנגענעם. זי האָט באַקומען די זיכערקייט, אַז זי איז ביי גע קומען, זי האָט באַזיגט.

דער זשאַנדאַר, דערפילנדיק די ווייטיק, האָט ער אַרויסגעלאָזט אַ פאַרצווייפלטן גרילץ, אויף וואָס דער שעף איז אַריין געקומען פון צווייטן צימער און געזען וואָס דאָ טוט זיך, האָט ער צוגעשפּאַנט נאָענט און דערלאַנגט מיט די שטיוול סערליען גלייך אין געזיכט. ערשט איצט איז די האַנט באַפרייט געוואָרן פון אירע ציין. דאָס בלוט האָט איר געשלאָגן פון מויל און פון דער נאָז — זי האָט געחלשט...

דער זשאַנדאַר האָט זי אַרויסגעשלעפּט ביי די האָר און אַריבערגע־וואָרפן אויף יענער זייט שוועל, אַז זי האָט זיך אַרויסגעקוילערט אַראָפּ די טרעפּ...

— גיי, דו פאַרשטונקענע יידישע זונה!...

אַ צייט איז זי אַזוי געלעגן אין חלשות, פאַר דער שוועל פון דער זשאַנדאַרמעריע. זי איז געלעגן איינגעטוליעט אין זיך, איינגעדרייט ווי אַן אַריטש, מיט די שטעכלענקעס אָנגעשפּיצט אַרויס... דאָס געזיכט אירס האָט זיך קוים אָפּגערעזען פון אונטער די אַריבערגעפאַלענע האָר, צוגע־קלעפּטע מיטן בלוט...

פון דער צעריסענער בלוזע האָבן אַפּגעקוקט צוויי ווייסע בריסט־לעך, בתולה־דיקע, ווי צוויי הייליקייטן נישט פאַרשוועכטע...

# דעפּאָרטאַציע מיט גאָט

— טירן שליסן!

— טירן שליסן!!

— טירן שלי — — — !

— ט—י—ר—ן ש—ל—י— — — !

— ט—י—ר—ר — — — — !!!

פון וואגאָן צו וואגאָן האָט זיך עס איבערגעשריגן. א באפעל, וואָס האָט געקלונגען ווי אן אורטייל, א פאראורטייל. ביי יעדער טיר האָבן צוויי אונגערישע זשאנדארן איבערגעחזרט דעם באפעל, וואָס האָט זיך געטראָגן ווי א בר־מינן אין שווארצן געהילט, איבער קעפּ, איבער טאָל און בערג, איבער וועלטן...

סערלען האָט זיך געדאכט, אז נישט טירן פון וואגאָנען מאכט מען צו, נאָר אן אָרון. א קבר ווערט פארשיט, די ערד זאָל עס צודעקן און מאכן פארגעסן.

אין דער ענגשאפט פונעם וואגאָן האָט מען זיך קיין רו נישט געפונען. יעדער האָט געזוכט ווי נישט איז זיך איינצואָרדענען, צו געפינען אן „אָרט", א ווינקל, וואו ער זאָל זיך אוועקזעצן, מיט זיך אליין. איינגעשלאָסן אין זיינע אייגענע דלת אמות פון זיינע געדאנקען, וועלכע זענען געווען אזוי פארמישט און פארפלאָנטערט ווי א קנויל בינען, וואָס גרייטן זיך צום ראַיען. איז דער ריעש אויך געווען ווי אין א בין־שטאָק. אלע האָבן גערעדט, געשריגן און געוואָלדעוועט מיט א מאָל.

— זאָל שוין זיין שטיל א מאָל!

— אוי־וויי דער פוס!

— טרעט נישט ארום, שטייט איין אויף איין אָרט!

— אוי דאָס קינד! — איר זענט בלינד, צי וואָס?

— פארשטומט שוין א מאָל!

— סע זאָל זיין שא! ש־א!! — דאָס האָט דער יידישער וואגאָן־עלטסטער געפּרואווט איינשטילן. דערמיט האָט ער געוואָלט זיין שליחות דערפילן. (אָך און וויי צו אזא שליחות!). ער האָט זיך געפילט אוממעכטיק. ווייל, איז דען ביי אים אויפן הארץ אנדערש געווען ווי ביי אלע? איז דען זיין געמיט נישט געווען צוגלייך מיט אלע — אן איבערגעשראָקענע הון?!

נאָך אנדערהאלבן חדשים געטאָ, נאָך דעם ווי מען האָט שוין באַהוילט זייער ביסל האָב, האָט מען פארלאָדן צו זעכציק־זיבעציק פארשוין אין א לאסט־וואגאָן און אויסגעריכט קיין דייטשלאנד. אָנגעטאָסעוועט מענער, פרויען מיט פיצעלעך קינדער און מיידלעך, ווי הערינג אין א פעסל. די פרויען זענען געווען דאָס רוב. יונגע מענער זענען געווען פארנומען שוין צוריק מיט יאָרן צוויי־דריי אין די צוואנגארבעטס־באטאליאָנען.

דער גרעסטער טייל פון זיי האָט שוין נישט געלעבט, זיי זענען צעריסן געוואָרן אויף שטיקלעך אויף די אוקראַינישע מינען־פעלדער; אנדערע זענען געווען אין רוסישער געפאנגענשאפט אָדער אין פארטיזאנער־אָפטיילן, און די איבעריקע זענען נאָך געווען ערגעץ אויפן פראָנט. דעריבער זענען מענער געווען אין וואגאָן מייסטנס זקנים.

מען האָט זיך עפעס מיטגענומען צו עסן. א ביסל אויסגעטרוקנט ברויט, וואָס קאָן קלעקן צו דערהאלטן דאָס חיות עטלעכע טעג. וואסער האָט געמאנגלט. די זשאנדארן האָבן דערלויבט אריינצונעמען נאָר צו איין עמער וואסער אין א וואגאָן אויף דער גאנצער רייזע.

אין וואגאָן איז דאָס ליכט געווען א קנאפּס, הגם אין דרויסן האָט א גרויסע זומערדיקע זון געשיינט. עס איז געווען א וואָך פאר שבועות. אפילו דאָס ביסעלע זון, וואָס איז אריינגעדרונגען דורך די קליינע פארקראטעטע צוויי פענצטערלעך, איז געווען פארשטעלט מיט קעפּ, נייגעריקע, וואָס האָבן זיך נאָך נישט געוואָלט אָפּרייסן פון דער אויסער־וואגאָנענדיקער וועלט. געזוכט פארבינדונג מיטן דרויסן כאָטש מיטן בליק.

סערל האָט געזען אוועקצושטעלן זייער פּעקל אין א זייט, אָנגעשפּארט אָן דער וואנט און באזעצט די מוטער. זי האָט מיט אלע מעגלעכקייטן געפּרוּווט איינשטילן זי, אויסרעדן איר, אז זי, די מוטער, זאָל זיך נישט באטייליקן אין די געשרייען. זי האָט פארשטאנען: סע זענען דאָ איינגעשפּארט אין וואגאָן מענטשן פון פארשידענע עלטערס, פארשידענע נערוון, אָנגעצויגענע ביי יעדן, גרייט צו יעדער מינוט אויסצוגיסן זייער ביטערקייט אויפן ערשטן, וואָס קומט נאָר אונטער. זי האָט עס פארשטאנען.

זי גופא? זי האָט זיך געפּרוּווט איינלעבן אינעם גאנג פון די געשענישן, ווי עס לעבט זיך איין אן ארטיסט אין זיין טעאטראלישער ראָלע, אין א לעבן, א פרעמדס פון אים.

זי האָט זיך פארפּלאָנטערט אין מחשבות, יאושדיקע, צו וועלכע די וואגאָן־רעדער האָבן צוגעשלאָגן צום טאקט: „אזוי־אזוי“, „אזוי־אזוי“. נאָך עטלעכע שעה פאָרן האָט מען נאָר אָנעם רעדער־געקלאפּ דערקענט, אז מען פאָרט פארביי א בריק, א סטאנציע, א שטאָט און נאָך איינע און נאָך, אלץ ווייטער פון דער היים און אלץ נענטער צום גלות. וועלכעס זיי האָבן נאָך נישט געוואוסט, ווי אזוי סע וועט אויסזען.

דער אלטער ר׳ משה־לייזער האָט זיך באוועגט פאמעלעך אויף זיין אָרט, צוברומענדיק שטיל, ווי אונטער דער נאָז, א תנועהלע, ווי סוכות מיטן לולב

אין די הענט ביי די נענועים. ער האָט נישט געהערט גוט, האָט ער דערי־ בער נישט גערעדט צו קיינעם. ער איז געשטאַנען מיטן טלית־בייטל אונ־ טער דעם אָרעם. צוגעפּרעסט אים, גלייך ער וואָלט מיט אים נישט זיך־ געוואָלט געזעגענען.

עמעצן, א יונגן מאַן, האָט זיך געוואָלט חוזק:

— ר׳ משה־לייזער, איר מעגט אייך שוין שטעלן צום עמוד. דער עולם איז שוין דאָ... וואָס זאָל מען זאָגן: א קדיש יתום צי א רבנן־קדיש?

ר׳ משה־לייזער האָט צוגעבויגן דאָס אויער:

— האַ־אַ? א רבנן־קדיש? ווער זאָגט עס?!... ניין, הלל! הלל זאָל מען זאָגן, הלל! ר׳ הערשל, ר׳ הערשל, ר׳ הערשל! נעמט אפּיר דעם טלית און תפילין, לאָמיר הלל זאָגן. ס׳איז דאָך די שעה פון גאולה...

ר׳ הערשל, א פּעך־שוואַרצער ייד, א בעל מקובל, איז געשטאַנען ביי א זייט און ביי דער שיין פונעם פּענצטערל זיך געשאָקלט מיט א ספרל אין די הענט. ר׳ משה־לייזערס רוף האָט אים ווי אדורכגעוועקט.

— הלל? יאָ, הלל... יידן! יידן! לאָמיר טאַקע הלל זאָגן. אָט איז די גאולה, יידן!...

זיין קול האָט זיך אדורך די געוואָלדעס דורכגעשניטן, ווי א זונען־ שטראַל דורך די וואָלקנס. ווי א שופר, וואָס בלאָזט מיט יעמערלעכ־ קייט. א וואולקאַן האָט אויסגעבראָכן. עס האָט אין א בוים א בליץ מיט א דונער אריינגעשלאָגן און א וואַלד אָנגעצונדן...

— — — יידן שטייען ביי א ים, ווי זיי זענען געשטאַנען ביים ים בזמן יציאת־מצרים. נחשון בן עמינדב (און וויפל נחשונס מיט אים?) האָבן געזען פון פאָרנט דעם ווילדן ברויז פון ים און פון הינטן יאָגן זיי נאָך די אויפגעהעצטע מצריים... ס׳איז געווען בבחינת „כלו כל הקיצין“. אויך כביכול אליין האָט פאַרלוירן דאָס געדולד. אויך ער האָט זיך געפילט יאושדיק, אין קלעם פון עמי אנוכי בצרה. ער האָט נישט געוואָלט זיך צו־ הערן אפילו צו דעם שירה־זינגען פון די מלאכי־השרת. „מיינע קינדער טרענקען זיך אין ים און איר זאָגט גאָר שירה?!“ און דעמאָלט, דווקא דעמאָלט איז עס געשען. ווען יידן האָבן שוין גאָר קיין אויסוועג נישט געהאַט, איז געשען דער נס. אויך כביכול האָט נאָר דעמאָלט און נישט פריער געקאָנט דערגרייכן צו קריעת־ים־סוף, ווען ס׳איז געווען די לעצטע מינוט, ווען ס׳איז דערגאַנגען צו דער בחינה פון באו מים עד נפש...

— — — יידן, איר פילט נישט, אז די גאולה, די ישועה רוקט זיך צו? — — — לאָמיר זיך פרייען און מאַכן א ריקודל. א טענצל, יידן!...

אַנאַ אדוני, הושיעה נאָ!... טאַנצט מיט, יידן, די גאולה איז דאָ, די ישועה פון גאָט איז כהרף עין. צי זעט איר נישט, אז ס'איז משיחס־צייטן?!— — —

הענט האָבן זיך פארפלאָכטן, פארוואָרפן איבער די אקסל. זיך ארומ־געכאפט אין דער ענגשאפט און זיך געוואקלט אויף איין אָרט שטייענדיק.

— עוד ישמע בערי יהודה ובחוצות ירושלים — — —

— ויהי בישורון מלך בהתאסף ראשי עם, יחד, יחד שבטי ישראל —

— — זינגענדיק אזוי האָבן זיי זיך געהויבן, געוואקלט אין א טענצל, ווי ביי די הקפות. געדרייט מיטן קאָפּ אהין און אהער, כדי צו פארטרייבן די מרה־שחורה, צו פארשיכורן זיך מיטן חסידישן התלהבות.

מיט א מאָל האָט זיך ר' הערשל אָפּגעשטעלט און אָנגעהויבן שרייען, ווי נישט מיט זיין קול:

— יידן! יידן! אחינו בני ישראל!!!

אין וואגאָן איז געוואָרן שטיל, ווי צו כל־נדרי. די קולות זענען פארשטומט געוואָרן. אייגעם האָט מען נאָר געהערט, ר' הערשלס רוף, וואָס האָט זיך געטראָגן אין טונקעלן חלל פונעם וואגאָן, ווי א ווייסע טויב מיט פונאנדערגענומענע פליגל. א פונק האָט אָנגעצונדן די הערצער, די פארווייטיקטע, די פארזונקענע אין יאוש.

— — — אחינו, די קינדער פון אברהם, יצחק און יעקוב — — —

סערל האָט אויף א ווײלע פארגעסן וואו זי איז. זי איז אויף א וויילע מיטגעריסן געוואָרן מיט די רייד פונעם מקובל, כאָטש זי האָט זיי נישט אזוי גוט פארשטאנען. אזוי פיל האָט זי דערקענט, אז זיי זענען שטארקע די רייד. זיי באזיצן דעם כוח אונטערצוטראָגן אין א טענצל, כאָטש אויפן שכל און אויפן הארצן לייגט זיך עס נישט. זיי זענען בכוח אָנצוצינדן נישט נאָר די הערצער פון א וואגאָן יידן, פרויען און קינדער, נאָר אויך מלאכים און שרפים. זי האָט געזען ווי די געזיכטער פון אלע זענען געוואָנדן צו אים, צו ר' הערשלען, וועלכער איז אין דעם מאָמענט אויסגעוואקסן אין אלעמענס אויגן. געוואָרן א ריז, וואָס דערגרייכט מיט זיין גרויסקייט ביזן הימל, ביז צו גאָט. טייל האָבן אָנגעהויבן ציען די טלית־בייטלעך פון די פעקלעך ארויס, און האָבן עס נישט געוואגט. זיי האָבן נישט געקאָנט זיך אָפּרייסן, צו מאכן די מינדסטע באוועגונג, צו שטערן די רו, די שטילקייט, וואָס האָט געהערשט אין וואגאָן און איינגע־הילט אלץ און יעדן. אויך די רעדער אפילו, האָט זיך געדאכט, רוישן נישט מער, פארטויבן נישט, נאָר אדרבה, זיי שלאָגן ווען־נישט־ווען צו צום טאקט, צו די רייד, די הייליקע, די שארפע ווי גלאנצנדיקע חלפים.

סערל האָט זיך פּאַמעלעך איינגעבויגן און אַפּירגענומען דעם טלית און שווייגנדיק אים דערלאַנגט פאַרן פאָטער. זי האָט אין יענעם מאָמענט פאַרגעסן, אַז זי האַלט זיך פאַר אַ פּאַרטיי־מענטש און פריידענקערין. זי האָט עס געטאָן כמעט אינסטינקטיוו. איר האָט זיך אָנגעהויבן דאַכטן, אַז עפּעס אַ נס מוז טאַקע געשען. עפּעס געשעט מיט זיי, עפּעס מוז מיט זיי געשען, עפּעס אַזעלכעס, וואָס מען קאָן אים נאָך קיין נאָמען נישט געבן. און זי האָט אויך מיטגעשעפּטשעט מיט די אַנדערע מענער און ווייבער, יונג און אַלט.

זי האָט זיך דערפילט אַ בלאָנדזשענדיקע, מיט אַ צעריסענער נשמה. גלייך זי וואָלט געשליידערט געוואָרן צווישן גלויבן און אומגלויבן. ר׳ הערשל האָט אויפגעוועקט אין איר אַ ווילן מקריב צו זיין זיך, אָפּצוגעבן אירע צוויי טוץ יונגע יאָרן, די איינגעהילטע אין שפּינוועב־אילוזיעס, יוגנט־חלומות — נישט באַשיידטע; אָפּצוגעבן זיי עמעצן פאַר עפּעס, פאַר אַ פונק גלויבן. גלויבן אין גאָט? אין וועלט? אין מענטש?...

זי האָט זיך צוגעהערט צו ביידע, ר׳ משה־לייזערן און צו ר׳ הערשלען, וואָס האָבן גערעדט ביידע מיט אַ מאָל. ביידע האָבן זיי גע־זאָגט כמעט דאָס זעלביקע און דאָך אַזוי פאַרשידן איינער פונעם צווייטן. איינער האָט גערעדט תחנונימדיק, ווייבעריש, צאינה־וראינהדיק און דער צווייטער מאָנענדיק, מענעריש, געוואָגט, ווי איינער וואָס פאַרמעסט זיך אין אַ געפעכט און איז זיכער אין זיג. און ווען נישט — וויל ער כאָטש פאַלן העלדיש.

ביידע האָבן זיי גערעדט מיט אַ מאָל, אין אַן עקסטאַז, אויסגע־טאָן פון דעם גאַנצן אַרום.

— ...גייען מיר אַזוי, שוין טויזנטער יאָרן, ווי ס׳גייט ביי נאַכט אַ וואַנדערער אין וואַלד, ביי דער שיין פון בליץ. מאַכט אַ טריט און שטעלט זיך אָפּ. מאַכט אַ טריט, אַ נישט זיכערן און שטעלט זיך אָפּ. קומען אָבער צייטן, ווען דעם מענטש נעמט אַרום אַ באַגער, און ער זאָגט: ווען קומט שוין דער בליץ, וואָס זאָל ווייזן אַ בוים, אַן אויסגעהוילטן, צו געפינען אין אים אַן אָרט פאַר רו, אַ היים, אַ מקום מנוחה, ער זאָל זיך איינניורען אין זיין איינגעווייד ווי אַ בער וואָס וואַרט אין אַ בוים דעם אָנקום פונעם זומער?...

— ...די שכינה האָט זיך באַוויזן נאַקעט, די שכינה. די „זרוע נטויה״, גאָטס אויסגעשטרעקטע האַנט האָט אַ יעדער געזען, אי דאָס קינד ביי דער מוטערס ברוסט, אי דער זקן ושיבה. משה רבינו און

אויך די עבדים ושפחות. אלע, אלע האָבן געזען די שכינה... זינגט זשע מיט, יידן, זינגט מיט: הללו אל בקדשו! לויבט גאָט אין זיין הייליקייט. צי פילט איר נאָך נישט די נאָענטקייט פון דער ישועה? וואָס שטייט איר? פאַר וואָס זאָלט איר זיין פון די קטני־אמונה? שפּרינגט מיט מיט נחשון בן עמינדב!...

— ...וואו געפין איך אַן אָפּרו ביז ס'וועט שאַריען אויף טאָג?...

ר' הערשל איז א ווײַלע שטיין געבליבן מיט די הענט צענומענע, פרעגנדיקע. די אויגן זיינע זענען געווען געוואָנדן ארויף, ווי צום הימל. עס האָט זיך געדאכט, אז אָט שטייט ער על פרשת דרכים, גרייט זיך צו לאָזן אויף אַן אנטשלאָסענעם וועג. ניין, גרייט זיך צו לאָזן פליען, וואו־הין? ער האָט אים שוין דעם וועג, נאָר ער איז נאָך נישט אין גאנצן קיין אנטשלאָסענער.

— ...ווען וועט קומען טאָג, דער יום שכולו ארוך? דער טאָג פון דערלייזונג, פון דער גרויסער דערלייזונג? וועט זיין טאָג אמאָל, דער טאָג, וועגן וועלכן ס'רעדן די נביאים און די גמרא, אי דער זוהר, אי דער רמבם? ביז ווי לאנג נאָך וועלן יידן אומגליקלעכע, געוואָרפענע ווי דאָס שעיר־לעזאזל, חלומען און בענקען נאָך זיין קומען?... איז בכלל פאַראַן טאָג, איז פאַראַן? — —

— — — לא לנו אדוני, נישט פון אונדזערט וועגן, פאָטער אין הימל, נישט פון אונדזערט וועגן, נאָר פון דיין ליבן נאָמענס וועגן. פאַר וואָס זאָלן די גוים שפּאָטן: וואו איז זייער גאָט? פאַר וואָס? ביז ווען? — —

ביידע האָבן זיי גערעדט מיט א מאָל און איינער דעם צווייטן האָט כמעט נישט געהערט.

— אָ, גאָט!...

— אָ, גאָט!...

— אלמעכטיקער, דערבאַרעמדיקער, דו וואָס ביסט א שומע תפילות עמך ישראל, וואָס האָסט זיך שוין אָנגעהערט מיט ווער־ווייסט וויפל תפי־לות, מיט ווער־ווייסט וויפל מענטשלעכן ווי — הער זיך צו אצינד אויך צו אונדזער געבעט; דען מיר בעטן נישט בלויז פאַר אונדז, נאָר פאַרן כבוד פון דיין ליבן נאָמען...

— אלמעכטיקער, דו וואָס ביסט אומעטום און דערפאַר איבעראַל...

א קאלטער ציטער איז אריבער איבער יעדנס לייב. זיי האָבן דער־הערט ווערטער, וואָס זענען נישט ארויס פון ר' הערשלס מויל, ארויסגערעדט ווי פון אן אנדערן. צי איז ער חלילה פון זינען אראָפּ?...

— — — ווען אלישע בן אבויה האָט געפונען דעם מלאך מטטרון שרייבנדיק די זכויות פון ישראל, האָט ער נישט פאַרשטאַנען, ווי איז דאָס מעגלעך, אז אין איין היכל זאָל מען שרייבן די יידישע זכויות און אין א צווייטן זאָל מען מעכב זיין די גאולה, האלטן יידן אין גלות טויזנ־טער יאָרן שוין, אין מצריים און אשור, בבל און רומא, האָט ער נעבעך געפרעגט ווי א נאאיווער: כלום יש שתי רשויות בעולם? צי איז פאַראַן אויף דער וועלט צוויי מנהיגים, צוויי געטער אָדער גאָר איין צווייפּנימדי־קער? האָט מען אים פאַרשטויסן, נעבעך, פאַרן אמת, וואָס ער האָט אַרויס־געזאָגט און אים געמאכט פאַר אן „אחר", אן אפּיקורס... אויך היינט זיצט מסתמא דער מלאך מטטרון און שרייבט די זכויות פון ישראל. ווייל יידישע קינדער טוען אויך היינט מצוות, לאָזן זיך מקריב זיין פאַר זיין ליבן נאָמען. זיי באַרירן נישט א פליג אויף דער וואַנט, זענען נישט שופך דם — און דאָך... איך פרעג היינט דעם מטטרון, וואָס שרייבט די זכויות פון יידן: צי איז נישטאָ נישט א מאָל איין גאָט אויף דער וועלט? פאַר וואָס שרייבסטו נישט די זכויות פון די גערמאַנים? לאָז צו רו די בני־ישראל, שרייב נישט מער וועגן זיי, לאָז זיי אין פאַרגעסנהייט!...

— ...אָ, גאָטעניו, באַווייז דיין כבוד, באַווייז ווי דו האָסט זיך באַ־וויזן צו אליהון אויפן הר־הכרמל — —

— — יאָ, גאָטעניו, דו, וואָס מענטשן האָבן דיך מיט זייער נאַריש־קייט אויסגעטראַכט און באַשאַפן...

ר' משה־לייזער האָט צוגעמאַכט די אויגן און זיך פאַרשטעקט די אויערן, ווייל געקלונגען האָבן יענע ווערטער, ר' הערשלס, העכער פון זיינע. ציטערנדיק ווי אַ לולב האָט ער אים געפּרוּווט איבערשרייען:

— — — באַווייז, כאָטש איין איינציקן שטראַל פון דיין גרויס ליכ־טיקייט, פון „אור הנצחי" און עפן זיי אלע די אויגן, זיי, דיינע אונטער־טעניקסטע. לאָזן זיי זען כאָטש א שפּיץ זוים פון דיין קלייד, רבונו־של־עולם, כאָטש איין שטראַל...

— — — דו, וואָס ביסט געזעסן יאָרן לאַנג אין דמיון פון דער צוויי־פיסנדיקער בריאה, דו, אוממעכטיקער, וואָס שוטים האָבן דיר א צונאָמען געגעבן פון א כל־יכול — — —

א מורמל איז אדורך צווישן עולם. מענטשן האָבן זיך אָנגעקוקט משׁ־תומם פון די דיבורים. איינער האָט אויסגעטאָן דעם טלית און תפילין און געבליבן שטיין מיט זיי אין די הענט. א צווייטער האָט אויסגעטאָן די תפילין און זיי גיך אריינגעלייגט אין בייטל. די ווערטער ר' הערשלס

האָבן זיך געשיט ווי א האָגל איבער די פּנימער אויסגעשטרעקטע, וואָס האָבן געלעכצט נאָך א טרייסט־וואָרט, נאָך א דערמוטיקונג. מעכטיק זענען זיי געווען די ווערטער. זייער קראַפט האָט זיך אָנגעטאָפּט און מען האָט געפילט, אַז שטאַרקער זענען זיינע ווערטער פון ר׳ משה לייזערס, ווי עס זענען שטאַרקער פלאַקסענע שטריק פון אויסגעטריקנט שטרוי.

ווי א ניי קול האָט זיך געהערט די שטים, וואָס איז געשטיגן, ווי אין פאַרמעסט, נישט נאָר אנדערע, נאָר אויך זיך אליין איבערצושרייען:

— כאָטש איין שטראַל, גאָטעניו, מיר זאָלן זען כאָטש אזוי פיל, וויפל ס׳האָט געזען ביילעמס אייזל. מיר זאָלן זען כאָטש א שמץ פונעם זין, אָדער אומזין פון דער גרויסער וועלט, פאַרשטיין דעם אומגעלומפּערטן וועג, וועלכן מיר גייען שוין יאָרן טויזנטער און ווייסן נאָך אלץ נישט וואו מיר זענען, און ווייסן נאָך אלץ נישט, וואוהין מיר וועלן אָנקומען...

ר׳ הערשל האָט אים איבערגעשריגן:

— אָ, גאָט, דו, צו וועמען, ווער ווייסט וויפל תפילות מ׳האָט שוין געזאָגט און וואָס זענען געהערט געוואָרן נישט מער, ווי דאָס וואָיען פון הינט און מיאַוקען פון קעץ, נישט צו דיר ריכט איך שוין אצינד מיין תפילה. נישט צו דיר, נאָר צו די בני־אָדם, אָט יענע, וואָס זענען געוואוינט געווען נאָר מתפלל צו זיין, איז וויל איך, אז זיי זאָלן דערהערן מיין תפי־לה. די ערשטע תפילה „צו" זיי און נישט „פון" זיי...

ר׳ משה־לייזער האָט זיך ווידער צעיאָמערט:

— שענק מיר, רבונו־של־עולם, כאָטש איין שטראַל. זאָל עס זיין א בליץ אפילו, אין וועלכן כ׳זאָל אליין פאַרברענט ווערן — נאָר ליכטיק זאָל מיר ווערן, כאָטש איין מאָל, דערנאָך מעג איך שוין שטאַרבן. ווייל ס׳איז מיר ליבער דער טויט פון שמשון הגיבור, וואָס האָט געהאַט א ציל, זיך נוקם צו זיין אין די פּלישתים, ווי די לעמעשע קרבנות־גרייטקייט פון יצחק־אָבינו, ווען ער איז געגאַנגען צו דער עקידה אָן א פאַרוואָס — באַווייז, גאָטע־ניו, און עפן מיר די אויגן אָמן!..

דער „אָמן" האָט אָפּגעקלונגען אליין, קיינער האָט מיט אים נישט מיטגעזאָגט.

מען האָט דעם אָמן נישט מיטגעזאָגט, אָבער דורכן קליינעם פענצ־טערל האָבן אָנגעהויבן פליען די תפילין. דער ערשטער האָט זיי אַרויסגע־וואָרפן ר׳ הערשל.

— געבוג, געבוג!

— געבוג האָבן מיר געדאַוונט! זאָלן שוין דאַווענען „זיי"!...

ר׳ הערשל איז אנידערגעפאלן אין אן עפילעפטישן חלשות. דער שווייס איז פון אים גערונען, קאלטע טראָפּנס. די מענטשן האָבן אים אוועקגעלייגט אין א ווינקל. דערווייל האָט דער געמורמל אָנגעהויבן וואקסן אין וואגאָן. די קולות האָבן זיך אָנגעהויבן פון דאָס ניי...

— וואָס וועט זיין מיט אונדז?

— וואוהין פירט מען אונדז?

די מענטשן האָבן זיך געוואקלט ווי משוגעים. קינדער האָבן גע־וויינט. א פרוי האָט זיך געוואָלט מכין זיין און נישט געפונען קיין פאסיק אָרט...

ר׳ משה־לייזער האָט געזעצט איצט, ווי צו זיך. צוזאמענגעבראָכן געקוקט אויף די אָנגעטשעפּעטע רצועות, פון די ארויסגעוואָרפענע תפילין, וואָס האָבן זיך טעלעבענדעט אויפן פענצטערל ער האָט זיך צוגעקוקט צו די פארצווייפלטע יידן, דורשטיקע נאָך א טרייסט־וואָרט. ער האָט גע־פילט, אז אויף אים ליגט איצט דער חוב, זיי ארייינצוגעבן א ביסל חיות, בטחון צום עתיד.

— און אויך ווען מ׳וועט אונדז אומברענגען, וועט דאָס שארית ישראל אלץ בלייבן. נצח ישראל לא ישקר! מיר וועלן, קאָן זיין, אומקו־מען, ווי ס׳זענען אומגעקומען יידן הונדערטער און טויזנטער יאָר פאר אונדז. דעמאָלט האָט מען אויך פונקט ווי היינט, געוואָלט פארלענדן אונדז און ס׳איז נישט געלונגען. זייט זיכער, אז ס׳וועט אויך איצט נישט גע־לינגען... וויפל יידן מ׳זאָל איצט נישט אומברענגען, וועט נאָך אלץ בלייבן מער אין צאָל, ווי ס׳זענען געבליבן דעמאָלט; איז דאָך על אחת כמה וכמה, אז יידן וועלן זיין אייביק, אייביק וועלן זיי זיין... מ׳טאָר נאָר נישט פארלירן דעם בטחון! יידן זענען געווען, זענען, און וועלן זיין, אויך ווען מיר דאָ און נאָך אזעלכע וועלן אומקומען...

סערל איז געבליבן ווי אן אָפּגענאַרטע. צו ערשט האָט זי אויך גע־פילט א טרייסט אין די טענות צו גאָט. זי האָט געפילט די טרייסט פונעם גלויביקן און אומגלויביקן מיט א מאָל. זי האָט זיך געזען, גלייך זי וואָלט געשטאנען אין דער מיטן: צווישן דער תפילה פון ר׳ משה־לייזערן און ר׳ הערשלען; צווישן יאָ און ניין. צווישן גלויבן און אפיקורסות. צווישן האָ־פענונג און יאוש. זי האָט אויך געהאָפט, געמיינט, און אָט איז גאָרנישט. דער צוג פאָרט זיין וועגס, וואָס טיפער, וואָס ווייטער. מענטשן האָבן זיך

געשפּייזט מיט גלויבן, געוואָלט פאַרזיסן די ליידן פון לעבן... און אויך איצט האָט זי געזען, אַז דאָס אָנקלייבן פון אַ וועקוואָרפן די תּפֿילין איז אויך געווען אַ געטלעכע עבֿודה. די זקנים האָבן געגלויבט, אַז זיי טוען עמעצן אָפּ מיטן אוועקוואַרפן די תּפֿילין. מען איז אַרומגעגאַנגען אין דער טונקעלער בלינ־דעניש. מענטשן האָבן אויסגעזען ווי אָן אויפגעבויט הייזל, אין וועלכן מען האָט פאַרגעסן צו עפענען אַ פענצטער, אָדער אָנצוצינדן אַ לעמפּל...

דער צוג האָט זיך אָפּגעשטעלט אין איינער אַ שטאָט מיט אַ דייַ־טשן נאָמען. אויפן וואָקזאַל איז געווען „יענעמס" בילד מיט די שוואַרצע וואָנצעס, מיט דעם פריזור אַריבערגעפאַלן איבערן רעכטן אויג. אויף אַ טאָוול איז געווען אויפגעשריבן: „אַרבעט מאַכט פרייַ!"...

# אוישוויץ מוז מען אויך איבערלעבן

דער ערשטער געדאַנק, מיט וועלכן סערל האָט די אויגן געעפנט, איז געווען: נו, וועמענס רייַ איז הייַנט? אַ יעדער טאָג האָט מיט זיך געבראַכט נייַעס; אויפגעשריבן נייַע נעמען צווישן דער שורה טויטע. אויך אין דעם פרימאָרגן האָבן עטלעכע העפטלינגען שוין זיך נישט גע־צײַלט צווישן די עסערס. זייער ברויט־פּאָרציע איז הייַנט פאַרבליבן פאַר די לעבעדיקע. אַזוי איז עס דאָ, אין אוישוויץ, טאָג נאָך טאָג.

סערל האָט זיך אַרומגעקוקט. יאָ, דער באַראַק איז דער זעלבער. אַ שמוציקער לאָך, ערגער פון אַ חזיר־שטאַל. דאָס קליינע שייבל איז פאַר־שטעקט מיט אַ שמאַטע. אויף דער הילצער ערד ליגן די העפטלינגען צו־זאַמענגעקאָרטשעט, צוזאַמענגעדרייט, ווי צעטרעטענע ווערעם. יאָ, אַלע, אַלע זענען זיי דאָ מתים־קאַנדידאַטן...

רעכטס פון איר, וואו עס איז געלעגן שאַרי, דאָס מיידל פון בור־דאַפּעסט, איז אויך דאָס אָרט שוין ליידיק הייַנט. נעכטן האָט מען זי אַרויסגעטראָגן. יאָ, זי איז אויך שוין נישטאָ. אָט אַזוי גייט עס מיט דער רייַ.

איירנעכטן האָט זי אָט־אָ־דאָ, נעבן איר, געדרייט זיך פון איין זייט אויף דער צווייטער און גערעדט פון היץ.

סערל האָט זי נישט געקענט פון פריער, נאָר דאָ, אויסהערנדיק איר געשפּרעך מיט זיך אליין, פון היץ, האָט זי זיך באַקענט מיט איר. איר ווייסט, ווי אויפריכטיק עס איז א מענטש מיט זיך אליין, ווען ער רעדט מיט זיך גופא? ווען ער דערציילט עפּיזאָדן פון זיין לעבן, פון זיין עבר פון זיינע ליבע־חלומות? פון אזא געשפּרעך קאָן א זייטיקער געוואויר ווערן אלץ. אי דאָס איבערגעלעבטע, אי דאָס נאָך נישט איבער־געלעבטע. אי דאָס, וואָס עס געשעט אויף דער וואָר, אי דאָס, וואָס עס געשעט אין אונטערבאוואוסטזיין... סערל איז מיט דער געלעגנהייט גע־וואויר געוואָרן, אז שארי איז געווען א בת־יחידה. איר פאָטער איז גע־ווען פאַר דער מלחמה דעפּוטאט אין אונגערישן פּארלאמענט. זי, שארי, איז געווען א כלה. אין די לעצטע מינוטן פאַרן טויט האָט זי פאנטא־זירט פון אים, איר חתן, גערעדט צו אים מיט צערטלעכע ווערטער, גלייך ער וואָלט דאָ געווען נעבן איר. יאָ, זי האָט נעבעך פאנטאזירט: „דער אויטאָ איז שוין דאָ? איך פאָר קיין דעברעצין. איך פאָר אהיים. איך פאָר קיין בודאפּעסט!"...

עס האָט אויסגעוויזן, אז זי איז געשטאָרבן א צופרידענע מיט זיך און פאראייניקט מיט יעדן און מיט אלץ. גאָרנישט איז נישט געבליבן פאַר איר אומגעלייזט. אלץ, אפילו מיט איר חתן, האָט זי אויך אלץ דער־ליידיקט. יאָ, זי איז קיינעם גאָרנישט נישט געבליבן שולדיק...

כאָטש סערל איז שוין געוואוינט געוואָרן מיט אָט דעם אלעמען. יעדן טאָג זענען זיי אלץ ווינציקער געוואָרן. דער טיפוס האָט אונטער־געקאָסעט נייע לעבנס טעגלעך. ווי א בייזער ווינט וואָלט אויסגעלאָשן ברענענדיקע ליכט. זעענדיק מיט די אויגן, ווי עס לעשט זיך יעדעס מאָל אויס אן אנדער ליכט, אן אנדער לעבן, דאָך איז פאַר סערלען פריק־רע געוואָרן דאָס ליידיקע אָרט, שארים. זי האָט זיך נישט געקאָנט צו־געוואוינען מיטן געדאנק: ערשט נעכטן געלעבט און היינט... און היינט?... וואָס איז לעבן?

שטארבן. יאָ, שטארבן, שטארבן זיי דאָ אלע גלייך, ווי מייזלעך געפאנגענע אין א דראָטענעם מייזל־כאַפּער. יאָ, מייזלעך, טויטע מייזלעך, און נישט מער... און ווען האָבן זיי געלעבט?

סערל האָט פאַר זיך דערזען איר לעבן פון קריק מיט יאָרן. אין מאראמאָרעשער שטעטל, ווען זי האָט קיין ארבעט נישט געהאַט. דער

פאָטער איז ארויסגעפאלן פונעם האנדל, זיך נישט געקאָנט צושלאָגן צו קיין שום מיסחר. געלעבט האָבן זיי דעמאָלט פון דעם נישטיקן פאַר־דינסט, וואָס עס האָט זיי אריינגעבראַנגט דער דאָמינאָ־שפּיל.

סערלען האָט זיך אָנגעהויבן דאכטן, אז זי הערט ווי די דאָמינאָשטיי־נער קלאַפּן אויפן טיש, מען שפּילט... עס האָט זיך איר אויסגעדאכט, אז אָט זעט זי זיי אַצינד פאר אירע אויגן די שפּילער, ווי זיי פלעגן זיצן ביי זיי ביים טיש. אָט זיצט שלום, יאנקל, ברוך, און געאָרגע. יאָ, יענער געאָרגע וואָס קוילעט די חזירים ביי די פארמעגלעכע פויערים און דאָ, ביים דאָמינאָ־שפּיל רעדט ער א ריינעם יידיש...

יאָ, דאָס איז דעמאָלט געווען זייער איינציק פארדינסט... ביי יעדן פּערטן קאָן האָט מען אראָפּגענומען א ליי פונעם שפּיל, פון דער איינגע־לייגטער באנק...

עס איז געווען א בזיון. בפרט אז לייבי איז געווען ביי זיי און האָט זיך צו דעם צוגעקוקט, איז עס פאר איר געווען א ווייטיק. עס איז איר געווען א בושה. אויך אפילו איצט, ווען זי דערמאָנט זיך דאָס דאָזיקע בילד, פילט זי ווי דאָס פּנים רויטלט זיך ביי איר פאר בושה... דאָס איז געווען איר לעבן. אָבער וואָס האָט מען געקאָנט טון, עס אויס־צומיידן?

נישט ווילנדיק קומט איר אויפן געדאנק די פראַגע: איז כדאי אזא לעבן נאָך א מאָל אָנצוהייבן?...

אָט איז די־אָ חברטע פון נעבן איר, שארי, געווען פון גאָר אן אנ־דערער וועלט. זי האָט געוואוסט פון גאָר אן אנדער לעבן, פון וואוילטאָג און פארגעניגנס — און געשטאָרבן. יאָ, זי איז געשטאָרבן. און זי, סערל, איז געבליבן לעבן! ווי מאָדנע דאָס איז. ווי פארשידן איז איין לעבן פו־נעם צווייטן? נאָר דער טויט איז דער זעלבער. אָט האָבן זיי געלעבט אזוי פארשידן איינע פון דער אנדערער. איז דאָך איר לעבן געווען אזוי ווייט פון אזא לעבן, וואָס עס האָט געלעבט, למשל שארי, ווי הימל צו ערד, און דאָך איז דאָ דער טויט אזוי אויסגלייכנדיק אזוי אייביק, ווי צוויי טראָפּנס וואסער.

אָט דער געדאנק איז עלול געווען נאָך צו פארגרעסערן דעם יאוש. אָפּצושוואכן דעם לעבנס־ווילן, אָן וועלכן זי וואָלט עס גאנץ זיכער נישט אויסגעהאלטן. זי האָט געזען, אז די וואָס האָבן פארלוירן דעם ווילן צום לעבן די האָבן נישט איבערגעלעבט אפילו איין מעת־לעת. זיי האָבן זיך אויסגעטאָפּעט, די שאָטנס פון די מענטשן, ווי עס טאָפּעט זיך א

חלבן ליכטל אין דער היץ. דאָס איינציקע וואָס האָט זי אויפגעהאַלטן ביים לעבן, איז געווען דאָס קליינע, עקשנותדיקע ווילנדל צום לעבן. צי איז כדאי אזא לעבן אָנצוהייבן פון דאָס ניי ?! נו, געוויס וועט עס שוין נישט זיין יענץ לעבן, וואָס זי האָט געלעבט. זי איז איבערצייגט, אז סע וועט שוין נישט זיין דאָס, וואָס עס איז געווען. סע וועט זיין א לעבן א נייס, א נייס, וואָס וועט ברענגען זון און פרייד אויך פאַר אזעלכע ווי זי. און טאַקע דערפאַר האָט זי זיך אזוי געקלאַמערט אין לעבן.

אויך דאָ, זייענדיק אין לאַגער האָט זי געהאָפט און געוואַרט, אז סע זאָל עפּעס געשען, אַן ענדערונג. עפּעס וואָס זאָל א דריי טון אנדערש דאָס „רעדעלע" פון איר גורל. ווייל, זי האָט געפילט זיך אָפּגעשוואַכט, — און אויב סע דרייט זיך אזוי ווייטער ווי ביז איצט — איז זי מאָרגן־איבערמאָרגן צווישן יענע, וואָס רויכערן זיך דורכן הויכן קוימען...

זי האָט געפילט, אז סע וועט עפּעס מיט איר געשען. סע קאָן און סע מוז געשען. זאָל איר נאָר געלונגען מיטצופאָרן מיט דעם טראַנס־פּאָרט, וואָס פירט אוועק עטלעכע טויזנט „העפטלינגען" אין א נייעם לאַגער, דעמאָלט דאכט זיך איר, איז זי א געראַטעוועטע. זי וועט ארויס פון אָט דעם שמוץ, פון דאָ, וועט זי לעבן, איבערלעבן. זי וועט גובר זיין. יאָ, זי זאָל זוכה זיין נאָר ארויס צו גיין פון דאָ, פון דעם טויטן־גרוב.

זי מוז איבערלעבן, ווייל זי וויל. זי וויל נאָך איין מאָל לעבן, ווייל זי האָט איין מאָל שוין „נישט געלעבט"...

יאָ, זי וועט לעבן, לעבן —

זי איז געווען כמעט איבערגלויבעריש איבערצייגט, אז ווער סע וויל לעבן — מוז לעבן בלייבן.

די שורה „העפטלינגען" איז געשטאַנען פאַרן ארייַנגאַנג צום בית־הכסא וואו סע זענען געווען עטלעכע און צוואַנציק לעכער. פאַרשטייט זיך אז דאָס איז געווען ווייניק. דעריבער האָט מען געדאַרפט שטיין אין דער ריי. די צייט איז געווען באשרענקט און די מענטשן, וואָס זע־נען נאָך מענטשן לכל־הפחות, ווען עס רעדט זיך וועגן מענטשלעכע פיזיאָלאָגישע באדערפעניש — זענען געווען טויזנט מיט עטלעכע הונ־דערט.

דאָס מאָל איז מען געווען נאָך מער געאײלט. די בלאָק־עלטסטע זענען אַרומגעלאָפן איבערן לאַגער שרײַענדיק אונטעריאָגנדיק, מע זאָל, חלילה, נישט פאַרשפּעטיקן. עס איז אַ גרויסער טאָג הײַנט.

די גאַנצע שורה האָט שוין געוואוסט. יעדע גרופּע האָט שוין גע־רעדט פון אָט דעם נײַעס. זיי האָבן געזען גאַנץ פרי, ווען יענער קלײַ־נער משחית, דאָס דאָקטערל מיט דעם צוויקער, איז אַרײַנגעקומען אין קראַנקן־בלאָק, זיך אויסגעצויגן מיט דער גרעסטער באַמיאונג, כדי אויס־צוזען העכער, ווי ער איז אין דער ווירקלעכקייט, און ווי תמיד מיט חניפהשער העפלעכקייט זיך געלאָזט הערן:

— מײַנע ליבע, העפטלינגע, וועמער ס'איז קראַנק, זאָל זיך מעלדן — וועלן מיר אים שיקן אין אַ סאַנאַטאָריע; וועמער ס'איז געזונט — איז צו וואָס זאָל ער דאָ פאַרלירן אומזיסט די צײַט?

פאַר סערלען, ווי פאַר אַלע, איז עס שוין נישט געווען קיין נײַעס. זי האָט שוין געוואוסט, וואָס דאָס באַטײַט. דאָס הייסט פּשוט אַ נײַע סעלעקציע. באַלד וועט מען זיי הייסן נאָך אַ מאָל אויסטון, און נאַקעט ווי די מוטער האָט זיי געהאַט, וועלן זיי אַדורכמאַרשירן פאַרן דאָקטערל... זי האָט שוין מיטגעמאַכט אַזאַ דאָקטער־וויזיט. דאָס דאָקטערל שטייט אין אַזאַ צײַט בײַ דער זײַט, קוקט זיך צו צו די אויסגעדעווערטע, דאַרע פרויען־קערפּערס, כמעט סקעלעטן מיט נאַקעטע אָפּגעשוירענע קעפּ. די ברוסטן אײַנגעפאַ־לענע, ווי ליידיקע בײַטעלעך, גרויסע בײַכער און אויסגעשפּיצטע געזע־סן... אַ ציניש שמייכעלע צעגיסט זיך איבער זײַן פּויעריש, פעטן געזיכט, און פון מאָל צו מאָל וואַרפט ער אַרײַן אַ וואָרט, אַ באַמערקונג, וואָס איז אַ האַרבער פּסק — אַן אורטייל, אונטער דער פאָרעם פון אַ חוזק־ווערטל. אויפן חשבון פון די קוים לעבעדיקע מתים־קאַנדידאַטן.

— לינקס, לינקס! איר הערט נישט, וואָס מ'רעדט צו אײַך?!...

— קוק נאָר, קוק! די האָט ברוסטן ווי די יידישע ווענוס... איר האָט נישט געהערט פון דער יידישער ווענוס? אסתר, ועסטערא... ע־ס־ט־ע־ר־א... האַ־האַ־האַ!

— לינקס, לינקס! איר זענט יאָ קראַנק, פאַר וואָס ווילט איר נישט גיין אײַך קורירן אין דער סאַנאַטאָריע?

די העפטלינגען, קראַנקע, אָפּגעשוואַכטע, האָבן זיך באַמיט צו גיין גלײַך, נישט צו וואַקלען זיך. אויסצוזען געזונט, טויגלעך צו דער אַרבעט.

צו גיין „רעכטס" — אין אן ארבעטס־לאגער. „לינקס" — דאָס האָט שוין א יעדער געוואוסט. דאָס איז רויך, אין קרעמאטאָריע אריין... דעם דאָק־טערלס „לינקס" איז געווען א טויט־אורטייל. כאַטש גערופן האָט ער עס א קוריר־אָרט, א „סאנאטאָריע".

און צו מאָל האָט ער אונטערגעזונגען א רוסיש לידל „עי הוכניאם". דערמיט האָט ער געוואָלט אידענטיפיצירן די יידישע קרבנות זיינע מיט די באָלשעוויקעס, מיט וועלכע זיי פירן אזא זיגערישע מלחמה... קיין אנדער רוסיש לידל האָט ער נישט געקענט, האָט ער צוגעברומט, בשעת די נאַ־קעטע פרויען האָבן שפּאַצירט פאר אים:

— הע־עי הוכ־ניאם! הע־עי הוכניאם!

דאָס האָט געוואָלט זיין א מין ליצנות: יאָ, מיר ווייסן, אז אָלע יידן זענען באָלשעוויקעס, נאָר מיר קענען אויך רוסיש, די רוסן זענען היינט אונדזערע...

מיט א מאָל האָט סערל באמערקט א געזיכט, א באקאנטס. דאכט זיך, יאָ, נאָר זי קאָן זיך נישט דערמאָנען, ווי רופט מען זי?...

צווישן דער שורה קעפּ פון מיידלעך, אָפּגעשוירענע, האָט זי דער־בליקט א קיילעכדיק געזיכט. יאָ, עס איז רייזל, איר קוזינע. זי לעבט?!

זי האָט זיך אדורכגעשטויסן צווישן די מיידלעך, זיך צוגעשארט צו רייזלען. זי האָט זי דערזען, איז ווי גלייך זי וואָלט געזען א שטיק וועלט, פון דער אלטער, אין דער היים. רייזל איז פאר איר איצט גע־ווען נישט א מיידל סתם אזוי, א קוזינע צי א חברטע, נאָר זי איז געווען פאר איר א שטיק פארגאנגענהייט, ווען מענטשן זענען נאָך „מענטשן" געווען.

זיי האָבן זיך ארומגעכאַפּט און אויסגעבראָכן אין א געוויין.

— רייזל, דו לעבסט?

— סערל, דו?!

— וואָס טוסטו דאָ?

— איך בין שוין דריי חדשים דאָ. און דו?

— איך אויך דריי.

און זיך נישט באגעגנט ביז איצט — און דאָ אין אַפּטריט !... איך האָב נישט געגלייבט, סערל, אז דו לעבסט נאָך.

— פאר וואָס האָסטו נישט געגלייבט ?

— איך האָב דיך געקאָנט פאַר איינער, וואָס זעט שוין פון לאַנג נאָך דאָס לעבן ווי אַן איבעריקע זאַך, איז פאַרשטייסטו מיך — ווי זאָל איך זאָגן? — דאָ לעבן שוין נישט אַזעלכע. דאָ לעבן נאָר די, וואָס רייסן זיך מיט געוואַלד צום לעבן, מיט די ציין און מיט די נעגל — מ׳דאַרף דאָך האָבן אַן אייזערנעם ווילן...

— יאָ, ריייזעלע ליבע, אַזוי איז עס. איך האָב אויך נישט געגלייבט קיין מאָל, אַז איך, וואָס בטבע בין איך געווען אַזאַ פּעסימיסטן, וועל דאָ, אין דעם טינוף, אין דעם לעבעדיקן בית־הקברות מיט אַ מאָל ליב באַקומען דאָס לעבן, אויף וועלכע איך וואָלט פריער געשפּיגן. יאָ, איך האָב זיך געביטן.

— וועמען האָסטו נאָך פון דייניקע?

— פון מייניקע? כ׳ווייס נישט. אפשר איז נאָך דאָ עמעצער, אפשר לעבט נאָך עמעצער פון מייניקע ערגעץ אין אַן אַנדערן לאַגער? פון קיינעם ווייס איך נישט, און דאָך וויל איך לעבן. אַזוי איז עס שוין: ווי נענטער דער מענטש איז צום טויט, אַלץ טייערער איז אים דאָס לעבן. מיר איז דאָס לעבן היינט טייערער, ווי כ׳האָב מיר געקאָנט אַמאָל פאָרשטעלן. יאָ, כ׳וויל איבערלעבן, פאַר יעדן פּרייז וויל איך איבערלעבן. איך וויל דערלעבן יענעם טאָג, ווען אונדזערע שונאים וועלן די מפּלה האָבן... האָסט געהערט, רומעניע איז אויפגעשטאַנען קעגן די „אַש־כּנזים״? יאָ, סע שמועסט זיך אין גרויסן.

— רומעניע האָט זיך שוין באַפרייט. סיגעט איז אוודאי אויך שוין באַפרייט?

— יאָ, ריייזעלע, גאָר בקרוב וועלן מיר אויסטון דעם געלן מגן־דוד און איבערלאָזן „אויסשוויץ״, זאָלן „זיי״ דאָרט „שוויצן״ אינעם לאַגער. מיר וועלן אהיים גיין... דאָס איז נאָך דער איינציקער ווילן מיינער: אהיים, אהיים. איך זאָל מיך ווייזן, אָט בין איך שוין געווען טאַקע ביים רוח אין די ציין, ווי מ׳זאָגט, און דאָך בין איך דאָ. איך לעב, איך בין צוריק געקומען...

ווען זי האָט גערעדט, סערל, האָבן איר די אויגן געבלישטשעט. זיי האָבן זיך געבאָדן אין טרערן, טרערן פון האָפענונגספולער פרייד.

— וועמען וועסטו עס ווייזן, וועמען? ווער, מיינסטו, וואַרט אויף אונדז? צי מיינסטו, אַז עס קוקט נאָך אונדז אַרויס עמעצער, מע זוכט אונדז מיט ליכט?...

— כ׳ווייס עס. נאָר דאָ, אינעווייניק, אין הארץ ביי מיר — סערל האָט געוויזן מיטן פינגער אויפן הארץ — פיל איך דאָך, אז דאָס וועט זיין דער גליקלעכסטער טאָג, ווען איך וועל אהיים קומען.

סערל האָט עס איר נישט געקאָנט זאָגן, אלץ וואָס זי האָט גע־פילט. זי האָט געזוכט ווערטער און נישט געפונען פאר דעם קיין נאָמען. וואָסערע מאָטיוון דאָס לעבן זוכט זיך אליין ארויס, תירוצים צו נארן דעם מענטשן? נו, טאקע, ווען וועט זי עס טאקע ווייזן, „אז זי איז גע־קומען״, לייבין? ווער ווייסט, וואו ער שלאָגט ערגעץ אָן?

צי אפשר גאָר וויל זי זיך ווייזן פאר יענע, וואָס האָבן געקוקט גלייכגילטיק, ווען מ׳האָט די יידן דעפּאָרטירט און זיי האָבן דעמאָלט נישט געלאכט און נישט געוויינט?...

יאָ, דאָ אין בית־הכסא דארף מען באטראכטן דאָס לעבן. דאָ איז עס אינטערעסאַנט. דאָ האָט עס די ריכטיקע ווערט... הגם דאָ איז מען ווי א בהמה. ס׳איז דאָך פשוט: אז מע עסט ווי א בהמה, מע שלאָפט ווי א בהמה, מע גייט ארויס ווי א בהמה — איז טראכט מען ווי א בהמה, ווי א צווייפיסיקע בהמה...

...זיי האָבן זיך שוין מער נישט צעטיילט. אין איינעם זענען זיי שוין געגאנגען.

ביידע האָבן זיי דורכמארשירט פארן דאָקטערל. אויסגעצויגן, כמעט מיליטעריש, מיטן קאָפּ ארויף, צו ווייזן זיך „געזונט״, „טויגלעך״.

ביי סערלען האָט עס א כאַפּ געטאָן ביים הארצן, גלייך עמעצער וואָלט איר מיט א צוואנג די ברוסט איינגעביסן, ווען דאָס דאָקטערל האָט זי אדורכגענומען מיט זיינע רוצחישע בליקן. דאכט זיך, אז ער האָט געוואָלט עפּעס זאָגן און —

סערל האָט זיך געוואונדערט: איצט האָט זי פאר זיך אָט די דאָ־זיקע מערדער און איר ווילט זיך מערער „נקמה״ נעמען אָן יענע, וואָס האָבן נישט געשמייכלט און נישט געקריצט מיט די ציין, נאָר געקוקט גלייכגילטיק ווי מע פירט אוועק די יידן... אפשר האָבן זיי געטראכט אויף די איבערגעבליבענע פארמעגנס?...

יאָ, די בעסטע „נקמה״ וועט זיין, אז זי וועט זיך צוריק קערן. זי וועט קאָנען זיך ווייזן —

זיי זענען אדורך. רעכטס. זענען אוועק אין אן ארבעטס־לאַגער.

# באפרייאונג

באלד אין דער פרי האָט זיך עס אָנגעהויבן.

אמת, די בלאָק־עלטסטע האָט די מענטשן אויפגעוועקט, ווי גע־ווײנטלעך, ארויסגעפירט צום אפעל. אָבער מען האָט תיכף געזען, אז עס איז נישט דאָס, וואָס עס איז געווען. אן אנדער מאָל האָט מען גע־דארפט אָפּשטיין ביים אפעל אויך א שעה; האָט עס געמעגט רעגענען, שנייען — איז מען געשטאַנען.

דאָס מאָל האָט זיך עס געענדיקט מיט געמאכטער אײלעניש, גלייך מע וואָלט געווען מיט עפּעס אנדערש פארנומען. די העפטלינגען האָבן עס באמערקט. זיי האָבן געזען, אז די קולות פון די ארויפּלאנען זע־נען היינט אנדערש און דאָס פארנומענקייט פון דער וואך איז אויך אנ־דערש היינט. אלץ איז אנדערש, אלץ. אפילו דער הימל איז היינט טיי־פער, בלויער ווי אן אנדער מאָל. די זון, די אָנהויב־מייאיקע, לוסטיקע, האָט היינט געשמייכלט אויך צו די גרויע מענטשן מיט די בלייכע גע־זיכטער, וואָס האָבן פארגעסן שוין ווי אזוי עס זעט אויס א טאָג א זוניקער, א יום־טובדיקער.

פון די געזיכטער פון די עס־עס־לייט האָט מען אראָפּגעלייענט, אז עפּעס איז געשען. די העפטלינגען האָבן זיך אָנגעהויבן צו שושקען און צו סודען.

— וואָס איז היינט עפּעס דער מער?

— עפּעס האָבן די „אשכנזים" אראָפּגעלאָזט די נעז...

— ס'איז זיי אריין פליי אין דער נאָז!...

— האָסט געזען די פראנצייזישע העפטלינגען! זיי האָבן אויך עפּעס דערשנאפּט.

און אין דער אמתן האָבן טאקע די פראנצויזישע העפטלינגען דערשנאפּט עפּעס. מארא, דער וואָס האָט זיך ליב געהאט צו חברן מיט די יידישע מיידלעך, כאָטש כאפּן א שמועס צווישן די דראָטן, האָט דערפארן ערגעץ דאָרט אין דער פאבריק, וואו ער האָט געארבעט, אז היינט, צוויי א זייגער טרעט אריין די אָפיציעלע קאפּיטולאציע. די דייטשן האָבן קאפּיטולירט. אין דער פאבריק האָבן געארבעט פארשידענע מענטשן, פארשידענע נאציאָנאליטעטן, מיט פארשידענע פארבינדונגען.

און עס האָט געהייסן, אז ערגעץ אין א ווינקל פון דער פאבריק זאָל געווען זיין א ראַדיאָ־אַפּאַראַט. אזוי ארום האָט זיך פאַרשפּרייט פון מאָל צו מאָל א נייעס, א פראָנט־באַריכט.

מאַרא האָט דעם סוד נישט געקאָנט אויסבאַהאַלטן. ער איז געקומען פון דער שטאָט מיט פולע טאַשן טשאָקאָלאַד, ער האָט עס אויסגעטיילט פאר די מיידלעך און אריינגעשושקעט דעם „סוד" אין יעדער זייט פון דער דראָטענער פאַרצוימונג.

— ס׳זאָל צווישן אונדז בלייבן...

— נאָר דיר זאָג איך עס...

— לעת־עתה טאָר מען קיין טומל נישט מאכן, — די דייטשן קאָנען אונדז נאָך אויסשיסן אין לעצטן מאָמענט...

דער סוד האָט זיך אָבער דאָך פאַרשפּרייט. די לופט איז געוואָרן געדיכט, אָנגעלאָדן, פאַרטויבט פון קולות, פון געלעכטער, פון געוויינען, פון פרייד. די מענטשן האָבן זיך נישט געקאָנט באַרואיקן. זיי האָבן געטומלט, גערעדט פון עלטערן, א שוועסטער, א ברודער. מענטשן דערוואַקסענע האָבן זיך דערזען מיט א מאָל ווי קינדער, מיט קליינע השגות, מיט קליינע פּרעטענציעס צום לעבן — פאר גרויסער פרייד. מענטשן וואָס זענען געווען, דאכט זיך, פאַרשלעפּט א יאָר צייט אין די ארבעטס־לאַגערן, האָבן זיך מיט א מאָל אויפגעוועקט. זיי האָבן אָנגעהויבן רעדן הויך, זינגען און לאַכן. זיי האָבן אָנגעהויבן, אזוי אין דער שטיל נאָך, צו לעבן...

סערל האָט זיך געוואונדערט אויף זיך אליין. וואָס איז עס געשען מיט איר? אזוי פיל צייט איז זי געווען צווישן די ווינציקע מונטערע, מיט א שטאַלענעם ווילן צום לעבן, און היינט, היינט איז זי, דאכט זיך, ווי אָן אנטוישטע. יאָ, נאָר אדאַנק דעם שטאַרקן ווילן איז זי דאָך געבליבן לעבן און אויסגעהאַלטן די אַלע איבערקומענישן. איז זי דאָך פון פריער, קריק מיט יאָרן, געווען א שוואַכינקע. און דאָך האָט זי אויסגעהאַלטן אין אַזעלכע שרעקלעכע באַדינגונגען, וואָס געזונטערע פון איר האָבן עס נישט אויסגעהאַלטן. יאָ, ווייל זי האָט געוואָלט דערלעבן דעם דאָזיקן טאָג, ווען זיי וועלן באַפרייט ווערן. נו, אָט זענען זיי באַלד פריי. זי האָט עס דערלעבט און ...וואָס האָט מען? זי האָט זיך צוגעקוקט, ווי אַנדערע האַלדזן זיך און קושן זיך פאר פרייד, און עס האָט איר אויסגעזען מאָדנע. פאר וואָס? האָט זי דאָך אויך געחלומט פון אָט דעם טאָג,

ווען ער וועט אָנקומען, וועט זי טון אַזוי און אַזוי — זי וועט זיין איבער־גליקלעך. און היינט?

א חברטע האָט זי אָפּגעשטעלט:

— סערל, וואָס איז עס מיט דיר, דו פרייסט דיך נישט?

— וואָס הייסט נישט? איך פריי זיך גלייך מיט אַלע.

— גלייך מיט אַלע?! דאָס זעט זיך נישט אויף דיין פּנים.

— אָט וואָס, כ'פריי זיך גלייך מיט אַלע, נאָר מיט מיר, דאכט זיך, געשעט פונקט דאָס פאַרקערטע ווי מיט די אַנדערע. יענע האָבן פאַר פרייד פון דער בשורה צוריק באַקומען זייער לעבעדיקייט. זענען מונטערער, יונגערער. איך, ווידער, האָב פאַרלוירן יענעם לעבנס־ווילן, וואָס האָט מיך ביז איצט געשטאַרקט און אויפגעהאַלטן. איך הייב איצט אָן ווידער דאָס זעלבע לעבן מיט וואָס כ'בין געווען געוואוינט פאַר דער מלחמה. די „אַלטע", דאָס ערנסטע קינד... איך וויל זיך פרייען צוגלייך מיט אַלע, וואָס מיר זענען באַפרייט געוואָרן און די וועלט איז פּטור געוואָרן פון דער פאַשיסטישער בעסטיע. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז אַ גרויסע פרייד פאַר יעדן און אויך פאַר מיר צווישן די אַנדערע. אָבער ס'נעמט זיך צו מיר נישט קיין פרייד. כ'פיל זיך טאַקע אין מיטן דער שמחה, אָבער ווי אַ פרעמדע, גלייך נישט מיך מיינט מען. איך קוק זיך צו צו דעם אַלע־מען ווי אַ גאַסט אויף אַ פרעמדער חתונה. דאָס לעבן אונדזערס, אָדער מיינס, ענדיקט זיך נישט מיט דעם. אדרבה, עס איז ערשט דער אָנהייב. דער קאַמף וואַרט אויף מיר ערשט פון איצט אָן, נאָך מער פאַרשאַרפט, אפשר אונטער אַנדערע פאָרמען. ווייל די נייע וועלט דאַרף מען ערשט אויפבויען. ס'איז נישט גענוג נאָר אָנצוקוקן די חורבות, וואָס בלייבן נאָך דער מלחמה. מע דאַרף בויען און נאָך מער אויפבויען דאָס נייע לעבן. אָט פאַר וואָס איך בין, גלייכצייטיק מיט דער פרייד פון דער באַפרייאונג, אויך באַזאָרגט פון דער צוקונפט, וואָס דערוואַרט אונדז, סיי פערזענלעך, יעדן איינעם, זיינע פערזענלעכע משפּחהדיקע וואונדן, סיי מיט געזעל־שאַפטלעכע, נאָך נישט פאַרהיילטע וואונדן...

— וואָס טויגן די פילאָזאָפיעס? אָט איז מאַרא. ער העגגט שוין אַרויס אַ רויט פענדל אויפן באַלקאָן.

— דאָס איז נישט קיין פילאָזאָפיעס. דאָס איז אַ פּשוטער חשבון, אַ מאַטעמאַטישער...

— דו מיט דיין מאַטעמאַטיק!...

— ניין, נישט מיט „מיין מאטעמאטיק". זאָלסט וויסן, אַז אַזוי איז עס. דאָס איז אונדזער אלעמענס מאטעמאטיק. אמת, מיר זענען באפרייט געוואָרן. מיר קאָנען זיך פרייען דערמיט. אָבער מיט דעם איז נאָך נישט אלץ געענדיקט. געענדיקט האָט זיך נאָר איין קאפּיטל, און סע וועט זיך אָנהייבן א צווייטס, אַן אנדער קאפּיטל...

ארום מאראן האָט זיך ארומגעזאמלט א רעדל מענטשן. ער מיטן רויטן פענדל אין די הענט, און דער עולם ארום אים האָט געיובלט.

סערל האָט אויך געיובלט צווישן זיי.

## צוריק אהיים — וואוהין?

סערל איז געזעסן אין צוג, וואָס האָט זיך געגרייט שוין מער ווי א האלבן טאָג, אדורכצומאכן די קורצע רייזע פון קלוזש קיין אָראדעא. זי האָט געוואַרט, אז דער צוג זאָל שוין ענדלעך א מאָל זיך א טרייסל טון און זיך לאָזן לויפן, אהין, נענטער צו איר היים, אין יענער ריכ־טונג, וואוהין זי האָט שוין געהאט אזעלכע שוואכע אויסזיכטן צוריק צו קומען, כאָטש זי האָט אזוי שטארק דערצו געגארט.

קלוזש, די הויפּטשטאָט פון טראנסילוואניע. דאָ איז געווען א לייטישער באנהויף פאר דער מלחמה. א היימישער, מען קאָן זאָגן א פריינדלעכער. היינט אָבער, אין ניינצן פינף און פערציקער יאָר, תיכף נאָך דער מלחמה, איז דער באנהויף געווען נישט מער ווי א בית־עלמין אויף וועלכן די מצבות זענען אומגעפאלן און מען דערקענט נישט די מחיצה פון קבר צו קבר... די געביידעס זענען געבליבן סקעלעטן, ארום וועלכע סע ליגן הויפנס ציגל מיט קאלעכדיקן שטויב. און עס דאכט זיך, אז א פארבייפאָרער וואָס קומט אָן אהער, טוט א קוק און פאָרט ווייטער. ער גייט נישט א מאָל אריין אין שטאָט.

אין וואגאָן איז געווען פינצטער. די מלחמה האָט איבערגעלאָזט די וואגאָנען, אי אָן לאמפּן, אי אָן שויבן. איז איין טייל פענצטער געווען א ברעטל, צווייי און איין טייל פענצטער איז איבערגעבליבן א פרייער ארייג־

גאנג פאַרן קילן הארבסטיקן ווינט, וואָס האָט זיך איינגעגעסן אין די קערפּערס פון די מידע, נישט אויסגעשלאָפענע פּאַסאַזשירן.

די אייזנבאַנער זענען אַרומגעגאַנגען מיט די פאַרדרייכערטע לאַמטערנס אין די הענט, פון איין עק צוג צום צווייטן. איין מאָל פאַרזיכערט אַז אָט־אָט פאָרט אָפּ דער צוג, און איין מאָל אַרויסגעזאָגט דעם גאַנצן אמת, אַז מע ווייסט נישט לעת־עתה, הגם עס איז שוין האַלבע נאַכט, געווי די שעה, ווען דער צוג וועט אָפּפאָרן.

סערל האָט זיך געמאַכט אַ פּירוואָרף: צו וואָס האָט זי געדאַרפט מאַכן אָט־אָ דעם שווערן וועג, זוכן באַקאַנטע, אויפן סמך פון „זאָגעכצער״? זי האָט געוועזן באַדאַרפט גלייך אָפּפאָרן, אַזוי ווי זי איז נאָר אַריבער די אונגערישע גרענעץ, פון אַראַד קיין אָראַדעאַ, און פון דאָרט קיין סיגעט...

דער וואַגאָן איז געווען פול געפּאַקט מיט פאַרשידנערליי מענטשן. מיט רומענישע סאָלדאַטן, וואָס פאָרן אויף אורלויב; פּויערטעס, וואָס פאָרן צוריק אין דאָרף אַריין, נאָך דעם ווי זיי האָבן פאַרקויפט די עופות צי אַנדערע פּראָדוקטן; אונגערן, וואָס רעפּאַטריאירן זיך צוריק אין זייער אַלטער טראַנסילוואַנישער היים. רויטענער, פאַרשטעלטע אין סאָוועטישע סאָלדאַטן, כדי צו האָבן צוגאַנג צו אַלעמען; יידישע יינגלעך און מיידלעך, וואָס קערן זיך ערשט צוריק פון די קאָנצענטראַציע־לאַגערן. אין וואַגאָן איז געווען אַן ערב־רב, אַ געמיש פון געמיטן. קודם האָבן אַלע גערעדט, יעדער האָט געפּלאַפּלט אויף זיין לשון: אויף רומעניש, אונגעריש, רוסיאַקיש און יידיש. דערנאָך איז שטילער געוואָרן. טייל האָבן איינגעדרימלט, אַנדערע זענען מיד געוואָרן פון לאַנגווייל, זענען זיי אַנטשוויגן געוואָרן. בלויז די עטלעכע יידישע, יונגע, צוואַנציק יעריקע יינגלעך און מיידלעך הערט מען נאָך שעפּטשען, לאַכן דערשטיקט. זיי שעפּטשען זיך אין די אויערן און מיט דער געלעגנהייט גנבעט מען צו אַ קוש. דאָס הייסט, אַז אין אָנהויב האָט מען דעם קוש געגנבעט און דערנאָך האָט מען זיך געקושט מיטן גאַנצן חשק, מיט אַן אָפּקלינגענדיקן צמאָקען.

יונגע יידישע קינדער האָבן איבערגעלעבט דעם היטלעריסטישן גיהנום און איצט, נאָך דעם ווי זיי זענען ניצול געוואָרן, קומען זיי צוריק פון יענער וועלט. איז האָבן זיי געוואָלט לעבן, לאַכן, פרייען זיך, הגם עס איז בכלל נישט אַזוי שטאַרק פריילעך געווען אויפן האַרצן. זיי האָבן געוואָלט זיך לוסטיק מאַכן — כאָטש עס איז נישט געווען פאַר וואָס. ווייל הגם אויסערלעך זענען זיי געווען גאַנצע, אָן אַן אָנזעעוודיקן מום,

זענען זיי אָבער אינערלעך, מאָראַליש, געווען אינוואַלידן. דער קערפּער זייערער האָט טאַקע אויסגעזען גאַנץ, אָבער די נשמה זייערע איז געווען אַמפּוטירט און ביי איינעם מער, און ביי איינעם ווייניקער, צעריסן אויף שטיקער...

סערל איז געזעסן נעבן אַ יונגן אונגער, נישט קיין ייד. זי האָט זיך באַקענט מיט אים אָט־אָ־דאָ אין וואַגאָן, דערקענט אין אים אַ לייטישן בחור, וואָס האָט איר געהאָלפן זיך אוועקזעצן נעבן אים, אַרויפלייגן אירע זאַכן אויף דער פּאָליצע. האָט זי אַקצעפּטירט זיין העפלעכקייט און זיך באַזעצט נעבן אים, צו פאָרן אונטער זיין השגחה, ווייל זי האָט דערקענט אין אים, אַז ווי עס ווייזט אויס, אַן אַרבעטאָרער, איז פריינדלעך צו איר, אַ ביסל איבערגעטריבן, דווקא צוליב דעם, וואָס ער האָט געוואוסט, אַז זי קומט איצט פון דייטשער פאַרשיקונג. און עס האָט זיך ווי אַרויסגעפילט, אַז ער פילט זיך שולדיק אין דעם, וואָס די אונגערן האָבן זי דעפּאָרטירט... ער אַן אונגער — זי אַ יידישקע... זי האָט דערציילט אַ ביסל פון אירע איבערלעבענישן אין דייטשן לאַגער און ער האָט אויסגעהערט, אויסגעהערט און אָפּגעשיקט פון מאָל צו מאָל אַ קללה, אי די דייטשע אי די אונגערישע פאַשיסטן, וואָס האָבן געהיט דעם יידישן געטאָ איידער מען האָט זיי נאָך פאַרשיקט קיין דייטשלאַנד.

דערנאָך איז זי אויך אַנטשוויגן געוואָרן, סערל, און געקוקט אַזוי פאַרטראַכט אין טונקעלן חלל פון וואַגאָן. אירע מחשבות, פאַרפּלאָנטערטע, האָבן זיך געבאָמבלט אַזוי אומגעסדרטע, צעריסענע. זיי האָבן געוואָלט, די מחשבות, ציען אַ פאָדעם פון אָט דעמאָלט אָן, ווען מען האָט זיי, די יוגנט, פאַרלאָדן אין וואַגאָנען און אָפּגעשיקט קיין דייטשלאַנד, ביז איצט, ביז צום געלעכטער און די ליבעס־קושונגען פון אירע איצטיקע מיטרייזנדיקע, אומבאַקאַנטע חברים און חברטעס, וואָס פאָרן אָט־אָ דאָ מיט איר אין וואַגאָן — און פאַרוויילן זיך אַזוי געשמאַק...

און הגם זי איז דאָך שוין געוואוינט געווען דערמיט, איז עס איר דאָס מאָל אויסגעקומען מאָדנע די איבערטריבענע לעבעדיקייט, דאָס צמאָקענדיקע קושן זיך פון די יינגלעך און מיידלעך נעבן איר.

זי האָט זיך פאַרטראַכט צו דערגרונטעווען די סיבה: איז עס דער רעזולטאַט פון דער אַזוי פיל יאָרן געצוימטקייט פון די פרומע עלטערן, וועמענס השגחה זיי פילן שוין איצט נישט, זענען זיי אַריבערגעגאַנגען צום אַנדערן עקסטרעם, וואָס גרענעצט זיך מיט כמעט אויסגעלאַסנקייט?...

צי איז עס לייכטזין פשוטער, אומשולדיקער, קינדערישער און אפשר גאָר קרענקלעכער; וואָס איז דער חידוש?! און אין געדאנק ביי איר האָט זיך אויפגעוויקלט דאָס בילד, ווען זיי האָבן, כמעט מיט א יאָר צוריק, נאקעטע אָפּגעשוירענע אדורכמארשירט פארן דאָקטערל...

אינסטינקטיוו כמעט האָט זי אדורכגעגלעט מיט די פינגער פון איר רעכטער האנט איבערן נומער, וואָס איז געווען אויסטאטואירט אויף איר לינקער האנט, און כאָטש זי האָט אים אין דער פינצטער נישט אָנגעזען, האָט זי אים געלייענט פון זכרון: „A צוועלף, נול, צוויי און זיבעציק"...

יאָ, עס איז פאטאלאָגיש דאָס איבערגעטריבענע לוסטיק זיין פון די יינגלעך און מיידלעך, האָט זי געוואָלט באהויפּטן. עס איז דער רעזולטאט פון אן אומדערטרעגלעכן יאָר פון גרויזאמע איבערלעבענישן. פיזישע אָפּ־געשוואכטקייט און מאָראלישע פוסטקייט, — גלייך א באָמבע וואָלט אויפגע־ריסן אין סאמע מיטן פון זייער יונגער נשמה... זיי לעבן אויף אן אנדע־רער וועלט, וואוהין זיי זענען פון דעם אויפרייס פון דער „באָמבע" גע־שליידערט געוואָרן. זיי זעען איצט אנדערש מיט זייערע אויגן, הערן עס אנדערש און פארשטייען אנדערש דאָס לעבן. האָט דאָך דאָס לעבן מיט זיי געלערנט אן אנדערן אלף־בית, ווי געוויינטלעך מיט אנדערע דורות, אפילו אנדערש ווי ביי „מענטשן" בכלל...

און סע קאָן זיין, אז זיי טוען עס האַלב באוואוסטזיניק און דער אינסטינקט העלפט זיי נאָר צו. זיי ווילן זיך דאָס מאָל איינמאָנען דאָס נישט אויסגעלעבטע לעבן. זיי ווילט זיך פארגעלטיקן פאר די אזוי פיל פייניקונגען אוןליידן, וואָס זיי האָבן איבערגעליטן אין דער גאנצער צייט — איז קושן זיי זיך, צמאָקען אויפן הויכן קול, נישט רעכענענדיק זיך מיט קיינעם, גלייך די מיטרייזנדיקע וואָלטן בכלל נישט עקזיסטירט פאר זיי. פאר וואָס? ווייל דאָס לעבן דאכט זיך זיי אויס צו קורץ, מוז מען זיך איילן, אויסנוצן די צייט. יעדע מינוט, יעדע סעקונדע, וואָס פארגייט, איז דאָך א שאָד צו פארלירן...

זיי רעכענען זיך נישט מיט קיינעם. קיינער פון די ארומיקע עקזיס־טירט נישט פאר זיי, ווייל אָט־אָט האָבן זיי אויך שוין נישט עקזיסטירט פאר קיינעם.

און זי האָט זיך דערמאָנט, אז וויפל מאָל האָט זי דאָרט אין לאַ־גער חרטה געהאט, וואָס זי האָט געלעבט אין אירע יונגע יאָרן צוריק־געצויגן פון יינגלעך. וויפל מאָל האָט זי זיך פירגענומען, אז אויב זי וועט א מאָל ניצול ווערן פון יענעם גיהנום, דאן וועט זי לעבן אנדערש,

ווען אויך פאר טייל מענטשן וועט עס אויסזען אויך הפקרדיק ?... נו־יאָ אצינד טראכט זי שוין ווידער אנדערש. אצינד טראכט זי שוין ווידער „נאָרמאַל״. נו, איז עס זי, איינע מיט געצווימטע געפילן. אָבער יענע דאָרט, פון דער צווייטער באנק, נעבן איר אין וואגאָן, טראכטן אפשר נאָך אלץ אזוי ווענן לעבן, אויך היינט.

און ווער ווייסט, ווער גערעכט איז? סערל האָט אויף א ווײַלע א טראכט געטאָן, אז זי האָט נישט קיין רעכט צו פאראורטיילן זיי, די חברטעס אירע. קיינער האָט נישט קיין רעכט, זיי צו אורטיילן און אוור־דאי נישט — פאראורטיילן... ווייל ווער קאָן אורטיילן איבערן לעבן, אויף וועלכן מען איז קיין בעל־בית נישט?...

...סערל האָט נישט געהערט, ווען דער לאָקאָמאָטיוו האָט זיך גע־זעגנט פון דער שטאָט קלוזש מיט א לאנגן פייף און זיך גענומען ציען, פויל, ווי א וואָרעם. ער איז געפאָרן פאמעלעך, הוידענדיק די פאסאַ־זשירן... זי איז אויך אנטדרימלט געוואָרן. נעבן איר האָט געוואכט דער אונגערישער בחור, אָן ווען זי האָט זיך אָנגעלענט דעם קאָפּ. ער איז געזעסן ווי פאראליזירט, זיך נישט גערירט, כדי זי נישט אדורכ־צוואוועקן.

חורבה־איין — חורבה־אויס, איז געשטאנען אן איינגעהויקערט הייזל. פארן דעפאָרטירן איז עס געווען א יידיש הייזל. איצט, ווען סערל און אנדערע האָבן זיך צוריקגעקערט פון „יענער״ וועלט, זעט עס אויס, גלייך א מבול וואלט עס אָנגעטראָגן, פון ערגעץ ווייטע מרחקים און עס געלאָזט אזוי, אויף גאָטס באראָט, פארלאָזן פון א יעדן לעבע־דיקן נפש; א שטייגל, אראָפּגעוואָרפן פון א בוים — די פייגל זענען פארטריבן געוואָרן...

די טירן זענען נאָכגעהאָנגען נאָכגעהאַנגען ווי אונטערגעבראָכענע פיס ביי נע־ונדנע היינט. דעם ריגל האָבן „גוטע״ שכנים געפּרואווט, וועלכע האָבן געהאלטן, אז אויב די בעלי־בתים זענען אוועק קיין אוישוויץ אָדער בעל־זען, פון וואו זיי וועלן קיין מאָל זיך נישט צוריק קערן — איז דארפן זיי, די „גוטע שכנים״ ירשענען דאָס איבערגעבליבענע ביסל אָרעמקייט... דאָס ביסל יידישע אָרעמקייט...

מער ווי א יאָר צייט האָט געפּאַכעט דער ווינט מיט די אָנשויבנ־דיקע פענצטער־פליגל, אויסגעלופטערט דעם אַנגעשטאַנענעם ווײַ — אָבער דאָך איז יעדע שטוב געבליבן אָנגעזאַפּט מיטן אומעט, וואָס עס האָבן איבערגעלאָזט די בעלי־בתים, ביים פאַרלאָזן זייער היים.

און עס האָט זיך געדאַכט, אַז נאָך איז פאַרבליבן אין חלל פון די פיר ווענט — מען קאָן אים כמעט אָנטאַפּן! — יענער לעצטער בליק, ווען זיי, די אומגליקלעכע, האָבן זיך געזעגנט פון זייער היים צום לעצ־טן מאָל און אוועק אין ווייטער ווייט.

יאָ, אָט־אָ דאָ, צווישן די פיר ווענט, האָט א יידישע משפחה גע־לעבט, געפּראַוועט אירע יום־טובים מיט אירע תשעה־באָבן, לוסטיקע שב־תים און סתם גרויע וואָכעדיקע טעג, געזונגען זמירות און ווען געזאָגט איכה מיט קינות — אין ליידן און אין פריידן. און אויף איין מאָל האָט דער אשמדאי זיך ארייגגעמישט און א סוף געמאַכט צו אָט דעם אלע־מען. געבליבן זענען נאָר די פּוסטע ווענט, וואָס האָבן געשוויגן אין זיי־ער טרויער. און, דאַכט זיך, אַז אויך זיי האָבן געבענקט נאָך א היי־מישן, ער זאָל זיך אומקערן צו זיי, און פאַרשטיין דאָס שווייגן זייערס, דאָס פּיינפולע.

א היימישער, ווייל נאָר א היימישער האָט עס געקאָנט פאַרשטיין.

פרעמדע? אָ, ניין, פרעמדע האָבן נישט באַוויזן צו פילן, אַז דאָ האָבן לעבעדיקע מענטשן געוואוינט, מיט בשר־ודמדיקע באַגערן, און אַז ערגעץ אין א שפּאַרע ליגט נאָך פאַרגליווערט א בראשיתדיק־הייליקער אָפּקלאַנג פון א פריש־געבוירענעם קינדס א געוויין, אַן אָפּשפּיג־לונג פון אן אומשולדיקן קינדערישן שמייכל, ביי וועלכן עס האָט אמאָל אויפגעצאַפּלט א מוטערלעך הארץ — אָ, ניין, פרעמדע האָבן דאָס נישט געקאָנט אנען אפילו.

פרעמדע, אַז זיי זענען אריינגעקומען, האָבן זיי זיך, ווי משוגעים געלאָזט צום אויוון, — די ציגל פונאַנדערגעוואָרפן, גלייך היינט וואָלטן דאָרט געדעט, געזוכט דאָס אפשר באַהאַלטענע גאָלדוואַרג. דאָס זעלבע זאָגן עדות די ערטערווייז אָפּגעשיילטע ווענט — מען האָט געזוכט.

ליידיק איז געבליבן די שטוב, פּוסטע. געבליבן איז אַן אדורכגע־בראָכן בעט, א צעבראָכן שאַפּקעלע, אויף וואָס עס האָט זיך, ווייזט אויס, שוין קיין בעלן נישט געפונען ווי אויף די עטלעכע יידישע ספרים, וואָס זענען געלעגן צעשפּרייט אויפן דיל — ווער מען האָבן זיי נאָך געקאָנט אויספּעלן?

און אין אמתן אריין — צו וואָס פעלן אויס יידישע ספרים, ווען סע זענען שוין כמעט קיין יידן נישט געבליבן?!...

איז עס געשטאַנען אזוי דאָס הייזל — א חורבהלע; א נעסט, וואָס איז אראָפּגעוואָרפן געוואָרן פון א בוים — די פייגל זענען פאַר־טריבן געוואָרן, און נאָר איינציקע, געציילטע האָבן זיך צוריקגעקערט.

אזוי האָט סערל געפונען איר היים. אזוי האָבן אויך אנדערע גע־פונען זייער היים.

געוואוינט האָבן זיי בחברותא: פיר מיידלעך און דריי יינגלעך. קינדער, וואָס זענען געבליבן אליין, עלנט, אָן טאַטע־מאַמע, אָן א נאָ־ענטן, האָבן זיי זיך צונויפגענומען אין איין שטוב און געלעבט צוזאַמען ווי אין איין משפחה.

סערל, ווען זי איז אָנגעקומען צום ערשטן מאָל אין שטעטל, ארום האלבער נאכט, איז זי פארבייגעגאנגען זייער הויז, אויסמיידנדיק אפילו צו ווארפן אהין א בליק, ווי זי איז אמאָל אין אירע קינדערישע יאָרן פארבייגעגאנגען ביי נאכט די שיל, וואו מע פלעגט זאָגן, אז מתים לייענען אין דער תורה און רופן אויף די פארבייגייערס. זי האָט נישט געוואגט אפילו קוקן אהין־צו, ווייל זי האָט געוואוסט, אז זען קאָן זי דאָרט קיינעם נישט און אויב יאָ — זענען עס קראנקע זעעונישן, אויס־געטראכטע אין פארצווייפלטע מאָמענטן, ווי דעמאָלט ווען זי האָט זיך צוגעקוקט צו די וואָלקנס רויך, וואָס האָבן זיך געטראָגן פון די קרע־מאטאָריע־קוימענעס.

ניין, זי האָט נישט געהאט וואָס צו זוכן ביי זיך אין דער היים אחוץ זכרונות, וואָס שווימען ארויף אויף דער אויבערפלאך נישטווילנ־דיק און פולן אָן דאָס געמיט מיט יאוש, מיט א טעם פון אונטערגאנג. אזוי פיל איז איר געבליבן פון דער גאנצער פארגאנגענהייט אירער פון פאר דער מלחמה — זכרונות.

די עטלעכע פאָטאָגראפיעס, וואָס האָבן דערמאָנט אירע קינדער־יאָרן, די עלטערן און די פאָטאָגראפיעס מיט לייבין, אויף וועלכער עס איז געווען אויפגעשריבן פון זיין האנט:

„לעבן מיר דאָך ווי געשטאָלענע און געהארטעוועטע,
שלאָגט, שלאָגט!... מיר וועלן איבערליידן!

אין יאָרן ארום?
אין יאָרן ארום וועלן מיר אפשר אויסגיין,
ווי ליכט. וועמענס שמן ס'איז אויסגערונען.
ארום איז פינצטער, שאָטנס טאנצן א שדים־טאנץ.
מיר, צווישן די שאָטנס, כמעט אויסגעלאָשענע"...

אָט זענען זיי די „אוצרות", וואָס סערל האָט צונויפגעקליבן אין זייער הויז, ווען זי האָט זיך צוריקגעקערט פון דעפּאָרטאַציע.

דאָס זעלבע האָט געפונען א צווייטע, א דריטע און א פערטע. האָבן זיי זיך צונויפגענומען אין איינעם, וואוינען בחברותא. אין איין צימער די מיידלעך און אין צווייטן די יינגלעך, אזוי אין איינעם איז לייכטער געווען אויך צוליב דעם, וואָס דער עול פון פירן א הויז, א ווירטשאפט איז געפאלן נאָר אויף איינער, און די אנדערע זענען געזעסן אזוי, בטלדיק.

און כאָטש עס זעט אויס אזוי מאָדנע, אומגלויבלעך, האָט עס זיי דאָך גוט געפאלן דאָס ליידיקע זיצן. עס האָט זיך געדאכט, אז אָט די יונגע מענטשן, וואָס האָבן א יאָר צייט געארבעט און איבערגעלעבט אזעלכע שווערע ליידן, ווילן זיך היינט נישט אָנזאָגן מיטן טאָג־טעגלעכן לעבן גאָרנישט.

טייל פון זיי האָבן זיך פארענטפערט, אז זיי האָבן שוין גענוג געארבעט אין לאגער. אנדערע האָבן פשוט א מאך געטאָן מיט דער האנט: פאר וועמען וועלן מיר ארבעטן?

טון עפּעס, ארבעטן, איז זיי פרעמד געוואָרן, אן איבעריקע זאך. זיי האָט זיך געוואָלט לעבן אזוי, אָן דאגות, אָן ארבעט — נאָר פארווײלן זיך, לאכן און פריילעך זיין.

סע זענען געווען מאָמענטן, ווען די יונגע מענטשן האָבן נישט גע־טראכט פון גאָרנישט. ווייל זיי האָבן געטראכט פון צו פיל, און פון אלעמען מיט א מאָל. זיי האָבן נישט געטראכט, נישט געוואָלט טראכטן, ווייל עס איז געווען צו פיל פאר זיי, צו פיל מחשבות, און צו מטושטש, פארפלאָנטערט — איז האָבן זיך פארשטויסן די מחשבות, איינע די אנדערע און נעלם געוואָרן.

סערל אליין, וועלכע האָט אמאָל געהאט פארבינדונג מיט א קאָמו־ניסטישער יוגנט־אָרגאניזאציע, האָט איצט נישט געפונען דעם וועג, זיך ווידער איינצוקאדרירן אין איר טעטיקייט. זי האָט שוין וויפל מאָל גע־פּרואווט זיך פונאנדערקלויבן, אויפוויקלען און פונאנדערנעמען די פרעג־צייכנס, פארפלאָנטערטע, און נישט געקאָנט ארויס אויף א קלאָרן וועג.

אדרבה, וואָס א מאָל זענען זיי פאַר איר נאָך ברייטער און לענגער גע־וואָרן די פּרעגצייכנס. איבער אַלע אָט די צייכנס האָט זיך אוועקגע־שטעלט איינער, וואָס האָט זיך ווי פאַרעקשנט:

— וואו איז דאָס אָרט פאַר יידן, וואו איז סוף־כּל־סוף דער מקום־מנוחה זייערער?...

נאָך זייענדיק אין בערגן־בעלזן, אין דעפּאָרטאַציע, איז זי גע־וואָרפן געוואָרן ווי אויפן וואַסער פון כוואַליע צו כוואַליע. זי איז געשוואו־מען צווישן ביידע צדדים און נישט געקאָנט זיך אַנטשליסן צו איין צד, ווייל די געפילן האָבן דיקטירט און נישט דער שכל־הישר. ווען זי איז גע־ווען אויף א פאַרזאַמלונג, אויסגעהערט די דרשות וואָס עס האָט געהאַלטן דער ראַבינער פון אַמעריקע, פון וועמען זיי האָבן באַקומען א מגן־דודל מיט א מזוזהלע צו טראָגן אויפן האַלדז — דעמאָלט האָט אין זיי אויפגעפלאַקערט א ווילן זיך אויסצודרייען איין מאָל פאַר אַלע מאָל מיטן הינטן צו דער גאַנ־צער וועלט און „וועלטישקייט״, צו אַלע מענטשן און „מענטשישקייט״, ווייל, ערשט נעכטן, ווען מען האָט זיי געפירט אין די קרעמאַטאָריעס, האָט „יענע״ וועלט און „מעטשהייט״ געהאַט פאַרמאַכטע אויגן, און גאַרנישט געזען, אַבסאָלוט גאַרנישט. זיי האָבן נישט געפילט דעם ריח פון די קרע־מאַטאָריע־קוימענעס, וואָס האָבן פאַרשפּרייט אַזאַ רויך פון מענשטלעך־יידיש לעבעדיק פאַרברענט לעבן... אויסהערנדיק יענע רעדעס האָט זיך עס טאַקע זיי אויסגעדאַכט, אַז דאָס מאָל מוז מען געפינען ערגעץ אַן אייגן ווינקל, אַז מע זאָל זיך קאָנען אויסלעבן. זאָל יענץ רעכט, וואָס עס האָט א יעדעס פאָלק אויף דער דאָזיקער פּלאַנעטע, האָבן אויך דאָס יידישע פאָלק. איז טאָר מען דאָס נישט פאָדערן? אַזאַ רעכט אויף מינימאַלע עקזיס־טענץ איז צו פיל, אויך נאָך די קרעמאַטאָריע־קוימענעס?!...

איינער פון צווישן די עפּטלינגען, אָדער געוועזענע העפּטלינגען, האָט געמאַכט א צווישנרוף, ווען דער מאַיאָר סיימאָן, פון דער יידישער בריגאַדע, האָט גערעדט פאַר זיי אין דעם זינען, האָט איינער פון צווישן די צוהערער אויסגעשריגן:

— אויב פאַשיזם וועט נישט אָפּגעמעקט ווערן ווי דער זכר פון עמלקן, איז וועט נישט העלפן נישט א מאָל דער פּאַלעסטינעזישער וועלט־געטאָ!...

סערלען האָט באַזונדערס געפעלן דער געדאַנק פון א יידישן „וועלט־געטאָ״. יאָ, אויך ער האָט רעכט, דער וואָס האָט געמאַכט דעם צווישנרוף. יאָ, א וועלט־געטאָ פאַר יידן צונויפגעזאַמלטע פון אַלע לענדער, אָדער

נאָר א טייל פון זיי און ארום דער וועלט־געטאָ וואכן היינט די בריטישע טאנקן, מאָרגן די אראבישע און איבערמאָרגן, ווער ווייסט, וועלכע טאנקען און מיט באָמבעס באלאָדענע פלי־מאשינען.

זי, סערל איז געווען צווישן דער חברותא, וואָס האָט דעמאָנס־טרירט פאר די בריטיש־אמעריקאנישע פירשטייער און געשריגן אין כאָר: „מיר ווילן פאָרן אהיים!״ — ווייל די היים, די מאראמאָרעשער, האָט געצויגן צו זיך ווי א מאמע. עס האָט זי גערופן דאָס שטעטל, וואו זי האָט געלעבט אירע קינדער־יאָרן. עס האָט זי גערופן דער סיגעטער מיל־גאָרטן, דער בוים אויפן בארג, אויף וועלכן זי האָט איבערגעלאָזט אויס־געשניטן א הערצל מיט איניציאלן, לייביס און איר נאָמען. עס האָט זי געמאָנט, זיך אומצוקערן און זיך זען מיט היימישע, מיט יענע, מיט וועלכע זי האָט נאָך פאר דער מלחמה געהאלטן יעדן שבת פאָליטישע שמועסן און געחלומט פון יענעם טאָג, ווען די רויטע פאָנען וועלן פלאַ־טערן פריי...

און היינט?...

היינט איז זי דאָ, אין מאראמאָרעש, אין דער אויסגעבענקטער היים. זי לעבט פון דער הילף, וואָס זי באקומט פונעם „זשאָינט״ און קוקט זיך צו צום ארום, וואָס איז איר אזוי מאָדנע, ווי אומפארשטענדלעך געוואָרן.

זי האָט באגעגנט א היים, וואָס איז איר ווי פרעמד געוואָרן. אָט יענע היים, אין וועלכער זי האָט געהאָפט צו געפינען א טרייסט־וואָרט, א היימישע ווארעמקייט, וואָס זאָל העלפן אָפווישן די פארגאנגענהייט — אָט יענע היים האָט זיך געוואָלט זוכן.

סערל האָט זיך שווער אקלימאטיזירט אין די נאָכמלחמהדיקע באדינ־גונגען, וואָס האָבן געשמעקט מיט אומאָרדנונג און נישט אָרגאניזירטקייט, דערפאר האָט זי זיך קיין אָרט נישט געפונען, נישט אין דער באוועגונג, וועלכע האָט שפּנטלעך געפירט איר טעטיקייט אָבער דאָך אין זייער שווערע באדינגונגען, נישט אין טאָג־טעגלעכן לעבן, וואו זיך איינ־צואָרדענען איר פערזענלעך לעבן.

זי איז ארויס צו דער טייס, די פריילעכע, מונטערע, ווי א בארע־דעווידיקע מאמע. זי האָט געוואָלט, אז זי, די טייס, זאָל זי אויך אריין נעמען אין איר שויס, מיט איר צוזאמענפלאָפלען, ווי זי טוט עס מיטן ארום און גיט אים אריין לעבעדיקייט.

די טייס, האָט עס אָבער געטאָן מיט א יעדן, נאָר מיט איר נישט. זי האָט גערעדט א שפּראך, וואָס האָט זיך איר אויסגעוויזן צו זיין א

פרעמדע, אן אומפארשטענדלעכע. ווי צו א פרעמדער. זי האָט זי כמעט נישט דערקענט מער.

און עס האָט זיך געוואָלט איר פרעגן:

— בין איך דאָך די זעלבע פון פריער — עדות זענען די שטיינדלעך און אויך די פיש, וועמען איך פלעג די רו שטערן, אז דו, יאָ דו, האָסט מיך אויפגעוואקסן — איז נעם זשע אויך מיך אריין אין דיין שויס; פלאפל צו מיר מיט דיינע כוואליעס, פארשפיל מיר מיין איינזאמקייט ווי דו טוסט עס מיטן גאנצן ארום און גיסט אים אריין לעבעדיקייט...

די טייס, זי טוט עס דאָך מיט א יעדן — האָט זי געטראכט — איז פאר וואָס זאָל זי עס נישט טון אויך מיט איר?

זי איז ארויס אין פעלד, דעם גרין־באגראָזטן, ווי א פלוש אן אויס־געשפרייטער. עס האָט זיך איר געוואָלט פרעגן:

— בין איך דאָך די זעלבע פון פריער, די זעלבע, דערקענסט מיך נישט? אָט יענע, וואָס האָט אי פריליגג געקליבן דיינע פרישע בלומען, אי הארבסט געקליבן דיינע פארגעלטע בלעטער; געחלומט צוזאמען מיט דיר, מיט אייך אלע -- אי מיט דער זומערדיקער שוואלב, אי מיט דער ווינ־טערדיקער קראָ — איך בין דאָך איינע פון אייך, איז שפרייט זשע אויך מיר אויס מכניס־אורחדיק דיין געלעגער, שלעפּ ר מיך אריין אין דער שטילקייט פון רו, אין דיין לעבעדיקער רו, געוועקט פון רוישנדיקע צווייגן און פארבלאָנדזשעטע ווילנס, פון מענטשלעכע האָפענונגען און פייגלגע־זאנג, ווי דו טוסט עס מיט א יעדן, מיטן מענטש, ווי מיט א בוים, צי מיטן גראָז?...

דאָס פעלד, טוט עס דאָך מיט א יעדן — האָט זי געטראכט — איז פאר וואָס זשע זאָל עס נישט טון אויך מיט איר?

די טייס האָט געשטראָמט איר וועגס, איר שטענדיקן גאנג, בעל־כורחה, ווייזט אויס, ווייל זי יאָ — ווייל זי נישט, זי האָט געשטראָמט ווייל זי האָט געמוזט. דאָס איז איר עובדה...

דאָס פעלד האָט גערוט אין זיין שטילקייט. פארשפילט זיך אין זיין לאנגווייל מיט א צווייגל און גרעזל, מיט א בלי און א פארגעלטן בלאט. עס איז זיין אלטער מנהג, ווייל עס יאָ אָדער ווייל עס נישט.

עס איז מעגלעך, אז סערלס עלנט און די שווערקייט זיך צו ווי־דערגעפינען אין דער געזעלשאפט, אָנצוהייבן א טעטיקייט, א פרוכפער־

דיקע, אזוי ווי עס איז געווען פון איר צו דערוואַרטן, איז אויך געווען צוליב דעם וואָס זי האָט גאָרנישט געוואוסט וועגן איר חבר, וועגן לייבין. זי האָט נישט געוואוסט וואו ער איז, וואָס עס איז מיט אים און וועלכע זע־בען זיינע פּלענער אין אַלגעמיין און בפרט לגבי איר. איין זאַך האָט זי גע־וואוסט אויף זיכער, אַז ער לעבט. און דווקא דאָס האָט נישט פאַרלייכ־טערט איר די לאַגע. אדרבה, האָט זי נאָך מער אומרואיקער געמאַכט. זי האָט זיך נישט געקאָנט אַנטשליסן צו עפּעס, אַזוי ווי עס האָבן געטאָן די אַנדערע חברים אירע, וועלכע האָבן זיך צו ביסלעך איינקאָדרירט אין דער אַרבעט און אָנגעהויבן זיין טעטיק אויף פּאָליטיש.

פון אוישוויץ האָט דער ווינט פאַרבלאָזן אהער א גערוך פון פאַר־סמאַלעט, לעבעדיק, מענטשלעך פלייש: א וואָלקנדל רויך...

א גרוס — א וואָלקנדל רויך פון קרעמאַטאָריע־קוימען האָט אהער אויך פאַרבלאָנדזשעט...

אַנו, טוט א טראַכט: — וואָס פאַר א מין געדאַנקען האָבן זיי אין יענעם מאָמענט געהאַט?... וועלכעס טרייסט־וואָרט, אָדער וואָס פאַר א דערמוטי־קונגס געדאַנק האָט זיי באַגלייט אין ברענענדיקן אויוון אַריין?... וואָס פאַר א מיינונג האָבן זיי זיך געקאָנט שאַפן אין יענעם מאָמענט וועגן לעבן, צי־וויליזאַציע און מענטש? יאָ, מענטש?!!!

און אין דער אמתן אַריין — וואָס פאַר א מיינונג קאָן זיך שאַפן אַן אומשולדיקער בן־אָדם, אויף דער שוועל פון א קרעמאַטאָריע — וועגן „מענטש"?...

סערל האָט זיך נישט איין מאָל געשטעלט אָט די פראַגע.

די מוטער — זי האָט עס אוודאי אָנגענומען באהבה. דער לעצטער קרעכץ אירער איז געווען א געוויינטלעכער, א תחינהדיקער, ווי ביי דעם יהי רצון פון ראָש־חודש בענטשן, צי כאָטש פון ליכט־בענטשן. און דער לעצטער געדאַנק, וואָס איז ווי א בליץ אַדורכגעפלויגן, איז געווען א ליכטי־קער, פול מיט טרייסט — סע לעבט נאָך עמעצער פון אירע קינדער, וואָס וועט זיך זאָרגן, אַז צו איר יאָרצייט זאָל מען לערנען א פרק משניות, צי כאָטש זאָגן א קדיש...

דער פאָטער? מיט איילנדיקע טריט האָט ער געשפּאַנט צום לאַגער, וואו עס האָבן געוואַרט איינגעהייצטע אויוונס.

איי‌לנדיק, געוואַלט שוין איין מאָל פּטור ווערן, ווייל ער איז שוין געווען מיד, זייער מיד. שוין לאַנג נישט פאַררייכערט א ציגייער און טון עפּעס קאָן ער סיי־ווי־סיי שוין גאָרנישט. דער גזר איז שוין א געחתמע־טער, וואָס זשע איז צו וואַרטן?

האָט ער צוגעקנעפּלט דאָס נאָכטעלעבענדעדיקע לאַנגע רעקל און מיט א קרענקלעכן, פאַרצווייפלטן שמייכל געטראַכט ביי זיך: אויף „יענער" וועלט וועט עס אפשר שוין בעסער זיין... און עס איז נאָך דאָ ברוך־השם פון אונדזערעקע ביי די אנטיהיטלעריסטישע אַרמייען, זיי וועלן נקמה נע־מען... איז אים געבליבן צו שרייען „שמע־ישראל" און...

אָט אזוי זענען זיי אוועק ביידע, דער פאָטער און די מוטער, יעדער מיט זיין גלויבן...

פאַרשטייט זיך, אז מיט אזעלכע געדאַנקען, איז סערלען נישט לייכט געווען זיך איינצוקאָדרירן אין נייעם לעבן, וואָס האָט נאָר וואָס אָנגעהויבן זיך צו פּראָפילירן.

וואָלט זי כאָטש געוואוסט עפּעס פון לייבין?!

# לייבי איז עלנט

אויף די טרעפּ האָבן זיך געהערט טריט, שווערע, פון אָן אָנגעֿ־שטרענגטן שפּאַנען אַרויף, שלעפּנדיק די פאַנטאָפּל אונטער די פיס. די שכנים האָבן די טירן געעפנט, זיך איבערגערופן, נאָכפרעגנדיק זיך אויף פּאָסט:

— איר ווייסט נישט, פאַר מיר איז פאַראַן?

— און פאַר מיר?

— פאַר אייך?! — האָט דער אַרויפגעקומענער, מיט א בריוו אין דער האַנט, זיך ווי געפּרעגט, גלייך ער וואָלט זיך געוואָלט דערמאָנען דאָס, וואָס ער האָט דאַכט זיך, געלייענט אונטן מיט די אייגענע אויגן און אַרויפקומענדיק, אויפן דריטן שטאָק, פאַרגעסן — דאַכט זיך, אז פאַר אייך איז דאָ, יאָ!...

עס איז געווען זונטיק. אַלע זענען אין דער היים געווען, האָט דער אינטערעס פאַר דער פּאָסט געפונען אָן אָפּקלאַנג צווישן די שכנים. מענ־

טשן, יונגע, וואָס דער גורל האָט זיי צונויפגעבּרענגט אין דער אונגע־רישער הויפּטשטאָט און האָבן זייערע פאַמיליעס אין דער פּראָווינץ גע־האַט, אין שטעטלעך און דערפער, איז האָבן זיי דערוואַרט שרייבן פון אייגענע.

לייבּין האָט דער טומל פאַר זיין טיר ווי צוגעדריקט די ברוסט און נישט געלאָזט אויפאָטעמען, טיף אריינציען לופט א סך, א סך, פולע לונ־גען. דאָס בלוט האָט ער דערפילט, ווי עס לויפט געשווינד, גלייך פון די שלייפן, דורך די אָדערן, וועלכע האָבן זיך אצינד ווי אָנגעדראָלן, אין האַרץ אריין און צוריק: „טיאַך, טיאַך, טיאַך!"... עס האָט זיך געדאכט, אז א פויגל פּיקט מיטן שנאָבל אין זיין האַרץ. די שלעק הערן זיך: טיאַך, טיאַך, טיאַך!...

און דאָך איז ער געלעגן אין בעט, אזוי אין אָנטועכץ, נישט צו פאַרראַטן מיט דער מינדסטער באַוועגונג, אז ער קוקט אויך אַרויס אויף א בריוו. ער האָט זיך געוואָלט ווייזן גלייכגילטיק, גלייך ער טראַכט נישט א מאָל דערפון. יאָ, ער איז פאַרנומען אצינד, ער לייענט א בוך און טאָמער וואָלט עמעצער געוואָגט, אים איצט אָנצוקלאַפּן אין דער טיר: „איר האָט א בריוו!" וואָלט ער געזאָגט א פלעגמאַטישן „דאַנק!" און איי־בערגעמישט א בלעטל, געלייענט ווייטער, מיט א מינע פון א ברוגזן, וואָס מען האָט אים געשטערט...

צי אפשט גאָר — איז אים דורכגעפלויגן א געדאַנק — אפשר? יאָ, מיטן ביכל איז נאָך ערגער. מע וועט זען, אז עס איז אָן אָנשטעל. בעסער וועט ער ליגן אזוי מיט די צוגעמאַכטע אויגן און זיך מאַכן, אז ער דרימלט. אָדער ניין. ער וועט זיך ראַזירן. יאָ, אזוי איז נאָך דאָס בעסטע.

ער איז אויפגעשטאַנען און זיך גענומען אָנזייפן מיטן פּענדזל, ווי צום ראַזירן.

דער דאָזיקער איינפאַל איז אים געפעלן. יאָ, עס איז גוט, האָט ער געטראַכט. ער האָט געשמייכלט צו זיך אליין, אָנקוקנדיק זיך אין שפּיגל, ווי ער זייפט זיך איין דאָס פרישׂ אָפּראַזירטע געזיכט צום „ראַ־זירן" זיך. נו, זיי וועלן שוין זען, האָט ער ביי זיך געטראַכט. זיי, זיינע שכנים וועלן שוין זען, אז ער איז אויך נישט אראָפּגעפאַלן פונעם הימל. ער האָט אויך עמעצן, ווער סע דערמאָנט זיך אים אָנצושרייבן עטלעכע שורות. יאָ, וויפל איז שוין אַדורך, ווי יעדער באַקומט דאָ א בריוו, דאָ א קאַרטל — בלויז ער איינער באַקומט נישט גאָרנישט?!

אלע מאָל, ווען דער בריווטרעגער פלעגט קומען, איבערלאָזן אונטן ביים הויז־וועכטער א פעקל מיט בריוו און צייטונגען פאַר די אייגוואוי־נער פונעם הויז, איז עס געווען אן אָפּקומעניש פאַר לייבין. ווען ער קומט אהיים נאָך מיטאָג, צוזאמען מיט חברים, יענע האָבן געפונען צו א בריוו, א קאַרטל — נאָר ער גאָרנישט, האָט ער געפילט דעמאָלט זיין איינזאמקייט נאָך פיל שווערער. דעמאָלט אין אזעלכע מאָמענטן, האָט עס אים יעדעס מאָל דערמאָנט פון דאָס ניי, אז ער איז דאָ אן עלנטער אָן א גאָענטן, אָן איינעם פון זייניקע, פון זיין משפחה, וועל־כע זאָל זיך דערמאָנען און אים אָנשרייבן א מאָל עטלעכע שורות. דער־פאַר זענען די זונטיקן נאָך מער געווען נישט צום דערליידן. זונטיק פאַר מיטאָג, ווען דער בריווטרעגער פלעגט אָנקומען, איז ער מייגסטנס נאָך אין דער היים. און אז אויף די טרעפּ האָבן זיך דערהערט די טריט, לויפנדיקע צופרידענע שכנים, פונעם צווייטן און דריטן שטאָק, אינטערעסירן זיך וועגן פּאָסט, דעמאָלט האָט אים זיין צימערל אויסגעזען ווי א קעמערל פון א תפיסה, אין וועלכער ער איז איינגעשפּארט, אָפּגע־זונדערט פון יעדן, פון דער וועלט. אים האָט זיך אַלץ מער באוויזן, אז ער איז כמעט אן איבעריקער.

יאָ, דאָרט, ביי דער ארבעט, זיצנדיק אין זיין ביוראָ פאַרן שרייב־טיש, שטודירנדיק א מאַפּע מיט אקטן צי דיקטירנדיק א רעפּעראַט פאַר דער דאַקטילאָגראַפין זיינער, דאָרט פילט ער זיך פאַר עמעצן. א מענטש, וואָס טוט עפּעס אויף דער וועלט, ברענגט עפּעס נוצן דער געזעלשאַפט. שליסט זיך אויך אריין מיט זיין ארבעט, ווי קליין און נישטיק זי זאָל נישט זיין — איז זי דאָך א רינגעלע אין דער קייט פון דער מענטשלע־כער געזעלשאַפט, פון זייערע טואונגען. און עס האָט זיך א סך מאָל אים געוואָלט דאכטן, אז ווען ער זאָל נישט געווען געבוירן ווערן, ווען ער זאָל נישט געווען באזעצן זיין אָרט דאָ, אין דער דאָזיקער געזעלשאַפט, וואָלט עס געבליבן א ליידיק, א ליידיקס, א ליידיק בענקל. אמת, נישט קיין גאָר גרויסע שטול, אָבער דאָך עפּעס. איז זאָל זיין ווי א קליין בענקעלע...

דאַרף מען דען, אויף צו דערהאַלטן דעם מוט, דורכצושטופּן די טעג מיט די יאָרן, האָבן א ווער־ווייסט וואָס פאַר א שטול? אים איז עס גענוג, אז ער באזעצט א קליין בענקעלע, אויף וועלכן אז ער זיצט, פילט ער, אז דאָס אָרט איז זיין און ווען ער וואָלט דאָ נישט געווען, וואָלט אפשר געקאָנט אן אנדערער דאָ זיצן — דאָך וואָלט ער נישט געווען פונקט אזוי ווי ער, אָבער מינדסטנס וואָלט מען אזעלכן געדאַרפט זוכן.

יאָ, דאָרט, ביי דער ארבעט, איז ער טאַקע עפּעס, ער קער זיך אָן מיט עמעצן. דאָ, אין זיין צימערל, צווישן די פיר ווענט, איז ער אליין, אליין. קיינער דערמאָנט זיך נישט אָנצוקלאַפּן אין זיין טיר, אים „א גוטן טאָג" צו זאָגן. קיינעם קומט נישט אויפן געדאנק, אים עטלעכע שורות, א גרוס אָפּצושיקן מיט דער פּאָסט.

פון וועמען זאָל ער בריוו באַקומען, פון סעדלען? זי ווייסט דאָך נישט פון אים און ער ווייסט נישט פון איר, וואו זי געפינט זיך...

אַנומלט האָט אים א חבר אָנגעקלאַפּט אין זיין טיר, אים געוויזן א בריוו פון קאַטין. זי פרעגט זיך נאָך „וואָס מאַכט דער הער אַפּטעדי לעאָן? גריסט אים פון מיר". פּשוטע ווערטער און דאָך האָבן זיי אים אָפּגעטראָגן אויף א ווײַלע צוריק אין יענעם שטעטל, וואו ער האָט געלעבט עטלעכע וואָכן, איידער ער איז געקומען אהער, קיין בודאַפּעסט. ער האָט זיך ווידער דערזען אין הויז פון יענעם אלטן פּענסיאָנירטן מאַגיסטראַט, א פּליט פון דער אונטערקאַרפּאַטישער אוקראַינע, וואָס האָט נישט געוואָלט בלייבן אונ־טערן סאָוועטישן רעזשים. און עס האָט זיך אים געדאַכט, לייבין, אז אָט זיצט ער אויף דעם רונדן, מיט פּלוש אויסגעבעטן טאַבורעטל, און הערט זיך צו צו די אַקאָרדן וואָס קאַטי, דעם מאַגיסטראַטס בת־יחידה, שפּילט אויס אויפן פּיאַן.

זי האָט געמישט די פּאַרטיטורן און נישט געקאָנט זיך באַשליסן, וואָס זי זאָל שפּילן:

— זאָל איך שפּילן דאָס־אָ, „דאָס אינדישע ליד"?

— יאָ, שפּילט עס, כ'בעט אייך.

אים האָט נישט געפעלן קיין שרייענדיקע, לאַרמענדיקע מוזיק, ווי פּאָר זיינע חברים, וועלכע האָבן ביי איר געבעטן טאַנצנדיקע מוזיק, ווי די אונגערישע, א טשאַרדאַש, למשל. ניין, אים האָט געפעלן שטילס, גלעטנדיקס. די שטילע טענער פונעם אינדישן ליד האָבן גערעדט צו אים, צו זיין נשמה. עס האָט אים דערמאָנט אין יידישע מוזיקאַלישע, אָריענ־טאַלישע מאָטיוון.

עס האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אז דאָס צימער, קאַטיס, אויסגעצירט מיטן אלטמאָדישן מעבל, מיט קליינע אָבער ווערטפולע געמעלן, די צאַרטע פינגער אירע, נישט־געקרייזלטע בלאָנדע האָר, אירע טיפע בלויע פּאַר־חלומטע אויגן, גיסן זיך צוזאַמען מיט די אַקאָרדן פונעם פּיאַן, פלעכטן זיך צונויף אין איין סימפאָניע, אין א מעלאָדיע, וואָס דערציילט א מעשהלע פון א פאַרכישופנדיקער אידיליע...

ווען ער האָט איבערגעלייענט איר גרוס, האָט זיך אים געדאכט, אז ער הערט זי שפּילן. אויף די קלאווישן פונעם פּיאַן האָט זי עס אים געשריבן, ווי מע שרייבט אויף א שרייב־מאשין. זי האָט דעמאָלט פאר אים געשפּילט דאָס אינדישע ליד...

און, ער האָט אליין נישט געוואוסט פון וואו עס נעמט זיך צו אים יענץ געפיל, וואָס לייענענדיק די עטלעכע ווערטער, איז אים געקומען אויפן געדאנק: דאָס האָט זי געוואָלט איבערשרייען זיך. דאָס האָט זי גע־וואָלט דערמיט פארבאהאלטן איר פּאַטערס רעאקציאָנערישקייט. זי האָט אים געשיקט גרוסן, ווייל זי האָט געוואוסט, אז ער איז א ייד. זי האָט געוואָלט פארדעקן, אז זי זינגט אין קלויסטערישן כאָר, טראָגט אויפן האלדז א גרויסן פראַוואַצירנדיקן גאָלדענעם צלם און אז זי קאָן קיין ייד נישט פארטראָגן. אָט וואָס פאר א גרוס עס איז...

מער האָט ער פון קיינעם קיין וואָרט נישט באקומען. ער האָט נישט געהאט פון וועמען צו באקומען בריוו.

אצינד האָט ער געוואַרט, ארויסגעקוקט נאָכן בריוו, וועלכן דער בריווטרעגער וועט היינט גאנץ זיכער ברענגען צו טראָגן. יאָ, ער איז געווען זיכער אין דעם, אז היינט באקומט ער א בריוו, נאָר ער האָט עס נישט געוואָלט פארראָטן. אים האָט זיך אויסגעוויזן, אז מיטן מינדסטן נישט־פאָרזיכטיקן בליק קאָן ער פארראָטן און צעשטערן אלץ...

דערפאר האָט ער זיך גענומען אָפּראזירן. אזוי, מיטן אָנגעזייפטן געזיכט, כאָטש ער איז געווען פריש ראזירט, וועט מען נישט קאָנען אראָפּ־לייענען זיין שמייכל...

ווען מען האָט אָנגעקלאַפּט אין דער טיר און אים דערלאנגט דעם געלן קאָנווערט, האָט ער ווי נישט מיט זיין קול געזאָגט „א דאנק" און ערשט אצינד באמערקט, וואָס פאר אן אומפאָרזיכטיקייט ער איז באגאנגען.

דער קאָנווערט איז געווען א דרוקסאַרט פון זיין סעקציעביים אויסנ־מיניסטעריום, וואו ער האָט גיזארבעט. האָט מען זיך, ווער ווייסט, נישט משער געווען, אז ער האָט זיך אליין עקספּעדירט דעם בריוו, נאָר צו ווייזן, אז ער באקומט אויך בריוו?!...

און דאָך —

ער האָט באטראכט דעם קאָנווערט. איבערגעלייענט דעם אדרעס: „לעאָן אפּטערי, בודאפּעסט, פּעטעפי־גאַס 20", און עס האָט זיך אים אליין

שוין אָנגעהויבן ווי דאכטן אויף אַן אמת, אַז נישט ער אַליין האָט זיך אָנגעשריבן דעם דאָזיקן בריוו, נאָר עמעצער, אַן אנדערער, אַ קרוב, אַ חבר, אַ באַקאַנטער פון אים.

מיט אַ שמייכל, אַ דערשטיקטן אין זיך, האָט ער געעפנט דעם בריוו. פּאַמעלעך, פּאַרזיכטיק, גלייך ער וואָלט מורא געהאַט סע זאָל עפּעס נישט אַרויספאַלן פונעם בריוו. אינעם שמייכל האָט ער באַהאַלטן זיין גאַנצן ווייטיק פון זיין עלנטקייט, אַז ער זאָל זיך אַליין דאַרפן שרייבן אַ בריוו.

אייגנטלעך, איז עס נישט פרעמד פון אים, די־אָ „אידייע". אַמאָל, אַמאָל נאָך פאַר דער מלחמה האָט אים שוין געמאַטערט אַזאַ געדאַנק. אין זיין אַליין־לעבן, נאָך אין מאַראַמאַרעשער שטעטל, נאָך דעמאָלט האָט ער זיך באַשעפטיקט מיטן געדאַנק, אַז אַ מענטש זאָל קאָנען שפּילן שאָך מיט זיך אַליין. ער האָט עס געוואָלט דעמאָלט באַגרינדן דערמיט, אַז אַ מענטש קאָן זיך דערהויבן „איבער זיך", אָוועקוואַרפן זיין „עגאָ" און אַזוי אימשטאַנד זיין, זיך צו שפּאַלטן אין צווייען: שפּילן מיט די ווייסע פיגורן — איין טריט; בייטן דאָס אָרט פונעם שאַכטאָוול און שפּילן מיט די שוואַרצע פּיגורן אַ צווייטן טריט. דאָס־אָ זאָל זיין אַ פאַרמעסט מיט זיך אַליין. די צעשפּאָלטענע „איכן" זאָלן קעמפן מיט זיך און ער, דער „איבער־איך" זאָל נאָכפאָלגן מיט אינטערעס. עס איז דען נישט אינטערעסאַנט מיט זיך אַליין זיך צו פאַרמעסטן?! אָט אָ־דאָ ליגט דאָך טאַקע דער סוד פון דער מדריגה פון דערהויבן זיך, מיט אַ מדריגה העכער, — העכער פון זיך אַליין...

אַצינד, ביים עפענען דעם בריוו, האָט ער זיך דערפון דערמאָנט. און ווידער האָט ער געטראַכט פון דעם זעלבן. ווען האָט ער געוואָלט אָפּנאַרן מיטן בריוו, די שכנים זיינע?! ווען גייט עס אָן צו אים, צי ער באַקומט יאָ שרייבן פון עמעצן, צי נישט?! און עס האָט אים אָנגעהויבן קלאָר ווערן, אַז דאָס נאַרט ער זיך אַליין. נישט מער, ווי זיך אַליין. ער האָט זיך אָפּגעשיקט אַליין מיט דער פּאָסט אַ בריוו, ווייל אין זיין איינזאַמקייט, אין זיין בענקשאַפט נאָך עמעצן, נאָך אַ נאָענטן צו האָבן אַרום זיך, האָט ער זיך געוואָלט באַגניגן מיט דעם וואָס ער וועט זיך גופא זען אין שפּיגל, אנשטאָט „עמעצן"; שפּילן שאָך מיט זיך אַליין, נאָר צו מיינען, אַז ער האָט עמעצן פאַר אַ פּאַרטנער אין זיין לעבנס־שפּיל...

ער האָט זיך גענומען לייענען. אַדורכגעטייטלט די שורות מיט די אויגן, געלייענט מיטן געדאַנק, אָן צו רירן מיט די ליפּן אַפילו.

„איז גוט, וואָס דו ביסט געקומען. זיי מיר געגריסט מיט א ווארנמעם ,ביוך־הבאָ!".

זעץ זיך אוועק נעבן מיר, נאָענט. איך וויל פילן זיין אָטעם. איך וויל ארייננקוקן אין דיינע טיפע, ברוינע אויגן. איך וויל אין זיי זען — מיך. דען ווען איך זע מיך אָפּגעשפּיגלט אינעם באהאלטענעם אומעט פון דיינע אויגן, פיל איך אז איך בין, אז איך עקזיסטיר.

איז גוט, וואָס ביסט דאָ. איך קאָן ארומנעמען דיין צארטן, קילן קערפער און פילן אין מיינע אָדערן דיין ליידנשאפטלעכן צאפּל — און דאן פארגעס איך זיך א ווײלע. דער זייגער פון דער צייט בלייבט שטיין, און מיט אים בלייבט שטיין, אין יענעם מאָמענט, אויך מיין לעבן...

יאָ, דאכט זיך, אז דו ביסט עס. פריער, איידער דו ביסט געקומען און איך בין געזעסן אליין. האָט דער זייגער מיר אויסגעשפּילט די טרויעריקסטע מעלאָדיע מיט זיין טיק־טאק. און יעדער טיק־טאק־קלאנג האָט געדראָעט מיט אומקום, מיט יאוש, מיט אונטערגאנג. איז מיר געווען אזוי אומעטיק לאנג־ווײליק. דער אומרו האָט פארזוקט פון מיר שטיקער לעבן נישט־אויסגע־לעבטס, אָבער אויף אייביק פארלוירנס, וואָס איך וועל מער קיין מאָל נישט צוריק געפינען.

און אומרחמנותדיקער זייגער מיינער. ער וואַרט נישט, נאָר פארטראָגט דאָס לעבן מיינס מיט זיך — ווי אין ווינט.

ביסטו געקומען — איז דער זייגער שטיין געבליבן. ווייס איך נישט גאָרנישט, וואָס עס איז געווען און וויל נישט וויסן. וואָס סע וועט זיין. עפּעס האָט מיר געפעלט, און נישט געוואוסט וואָס — אצינד, דאכט זיך, אז דו ביסט עס. יאָ, דו!

איז גוט, וואָס ביסט געקומען. זעץ זיך נענטער, איך וויל שמעקן דעם גערוך פון דיינע האָר, וואָס דו שיכורסט מיך מיט אים אָן...

איז גוט וואָס ביסט געקומען. . און ווען דו קומסט נישט? מאכט נישט אויס. איך וואָלט דיך אליין באשאפן אין געדאנק, ווי איך האָב עס געטאָן מיט גאָט. איך וואָלט דיך אליין באשאפן אין געדאנק. איך וואָלט דיך אויסגעטראכט נאָך פיל שענער, פיל רייצנדיקער, ווי דו ביסט... ווייל אז דו קומסט צו מיר, ברענגסטו מיט דיר מיט דיינע מיידלעשע קאפּריזן, וואָס נישט אלע מאָל קאָן איך זיי פארנעמען. און אויב איך בין נישט גע־ווען גענוג אויפמערקזאם אויף דיינער א נאַרישקייט. דערבייזער זיך נישט, וואָס איך דערלויב עס מיר דיר צו זאָגן, — ביסטו באלד אין יענער זייט טיר, אָדער דו בלייבסט און שפּילסט דעם נארישן פּרויאישן „ברוגז"...

קומסטו נישט — טראכט איך מיר אויס א פרויען געשטאלט, שיין, פארכישופנדיק ווי די גריכישע אפראָדיטע, ווי די שיר־השירימדיקע שולמית. איך נעם זי ארום — דו ביסט עס, כאָטש ביסט נישט געקומען...

קומט אן אנדערע אויף זיין אָרט, איז זי מיר אויך אזוי ליב, גלייך ווי דו. נעם איך זי אויף מיטן זעלבן חשיבות. נעם זי פונקט אזוי אווס, קוש זי מיט דעם זעלבן ליידנשאפטלעכן דורשט, ווייל — כאָטש זי זעט אפשר א ביסל אנדערש אויס, ווייס איך דאָך — דו ביסט עס...

דו ביסט עס, נאָך וועמען איך בענק, און וועל אזוי בענקען אויף מיין גאנץ לעבן.

איז קומסטו — ביסטו מיר ליב, ברענגסטו מיר פארגעניגן און א מאָל ליידן, וואָס איז נאָך מער פון פאַרגעניגן (ליידן זענען ביי מיר תמיד געווען טייער און הייליק — פארגעניגן איז נאריש און גוט).

קומסטו נישט, און עס קומט אן אנדערע אויף דיין אָרט — איז זי מיר אויך ליב, גלייך ווי דו.

קומסטו נישט — דאן פאנטאזיר איך דיך אויס, נאָך שענער ווי דער בעסטער מאָלער וואָלט דיך געמאָלן, נאָך רייצנדיקער, העולעכער — דאן, דאן ביסטו מיר פיל, פיל ליבער..."

ווען האָט ער דאָס אָנגעשריבן?

קריק מיט זעקס־זיבן יאָר. אין א טאָג א הארבסטיקן, א רעגנדיקן, ווען די וואָלקנס, טונקעלע, האָבן זיך אויפגעהאָנגען אויף די מאראמאָרע־שער בערג און זיך געקאפעט לאנגווייליק טראָפנווייז. און ער, ער האָט דעמאָלט געטראכט, אז אין דעם דאָזיקן רעגנדיקן טאָג, דווקא אין דעם טאָג, וואָלט גוט געווען, אז ער זאָל זי, סערלען, האָבן לעבן זיך. יאָ, אין זיין איינזאמקייט, אין זיין בענקען נאָך עמעצן, נאָך סערלען, האָט ער עס אָנגעשריבן.

אויך אצינד, זענען זיי נאָך אקטועל אָט די שורות. נישט נאָר דאָס־א פאפיר האָט זיך אויפגעהיט, און ער האָט עס נאָך געפונען צווישן זיינע כתבים, וואָס מען האָט אים געשיקט פון סיגעט, נאָר אויך דאָס איינזאמקייט־געפיל זיינס האָט זיך אויפגעהיט. גלייך סע וואָלט געלעגן פארדעקט דאָרט, אין זיין ברוסט־קאסטן און געדריקט דאָס הארץ — היינט נאָך מער, פיל מער ווי דעמאָלט.

ער האָט נאָך אַ מאָל געלייענט די אַזוי פאַרפלאָנטערטע, אומקלאָרע און ווידערשפּרעכיקע שורות און זיך געוואָלט מיט זיי טרייסטן:

„...קומסטו נישט, דאַן פאַנטאַזיר איך דיך אויס, נאָך שענער ווי דער בעסטער מאָלער וואָלט דיך געמאָלן, נאָך רייצנדיקער, הערלעכער — און דאַן, דאַן ביסטו מיר פיל, פיל ליבער"...

ער האָט אָנגעקוקט דעם קאָנווערט און געטראַכט: אָט איז אַוועק אַ צייט, דאַכט זיך, אַז עס איז ערשט נעכטן געווען, און דאָך איז עס אַזוי אַנדערש געוואָרן היינט. אַלץ איז אַנדערש. ער אַליין איז שוין נישט דער זעלבער. דעמאָלט האָט ער געהייסן „לייבי", שוין אפילו נישט „אריה", ווי ער פלעגט זיך אַמאָל חתמ'ענען, אָבער דאָך נאָך „לייבי אַפּטער", אַ יידי־שער נאָמען (יאָ, אין מיליטער האָט ער ווי שטאָלצירט, אַז אים רופט מע „אַפּטער לייב" און זיין פאָטער און זיין מוטער רופט מען מיט יידישע נע־מען, נישט ווי זיינע קאַמעראַדן האַלב אַסימילירטע, כאָטש יידן, האָבן זיי זיך גערופן „קויפמאַן וואַסילע", צי „געאָרגע"!). היינט הייסט ער שוין נישט לייבי נאָר „לעאָן" און פון אַפּטער האָט ער געמאַכט „אַפּטערי". צו־געלייגט אַן „אי" צום סוף, כדי סע זאָל קלינגען אונגעריש. מע זאָל נישט געוואויר ווערן אַזוי לייכט, אַז ער איז אַ ייד, גלייך ביים נאָמען...

אפשר איז דאָס אויך די סיבה פון זיין איינזאַמקייט?!

# אין בודאַפּעסט

לייבי האָט זיך צו ביסלעך צוגעוואוינט און זיך שוין אויסגעקענט אין דער שטאָט בודאַפּעסט.

די הויפּטשטאָט פון אונגערן האָט דאָס מזל צו פאַרמאָגן אַ גאַרטל פון אַ בכבודיקן טייך, די דונײַ, ווי די געציילטע און דאָך נישט זעלטענע הויפּטשטעט פון לענדער אויף דער וועלט.

און דער טייך איז, וואָס אַן אמת, נישט קיין וואַלגע, וואָס איר מינדסט ריזשקעלע ווייסט אַ וועלט מיט קאַצאַפּישע מעשיות, מיט פישער־לידער, צי מיט העלדנגעגנדעס; איז נישט קיין ריין, וואָס קאָן שוין אויסג־

ווייניק אזוי פיל היינעשע, נישט דייטשע און נישט פראנצויזישע, נאָר אייביקייטס־לידער מיט א יידישן הינטערגרונט... דער טייך, די דונײַ, איז גיכער א גרוס פון ווין געשיקט דעם שוואַרצן ים. איז פאַרהאַלט ער זיך אויף א ווײַלע אויך אין בודאַפּעסט, אין דער הויפּטשטאָט פון דער יונגער אונגערישער רעפּובליק.

אָבער נישט וועגן דער דונײַ דערציילט זיך דאָ. אדרבה, דער טייך איז דאָ א נעבנזײַטיקע דעקאָראַציע, וואָס וואָלט ער נישט געווען, וואָלט אים קיינער נישט זוכן געגאַן. א פאַקט איז אָבער, אַז מיר קוקן אַראָפּ פון דער הייך אויף דער שטאָט בודאַפּעסט, סײַ מיר לאָזן זיך אַרויס אין די גאַסן פון דער שטאָט גופא — מוז מען דערזען דעם טייך — די דונײַ...

און נאָך עפּעס קאָן מען דערזען, ווען מען האָט א וואַך אויג אויף צו דערזען נישט „זעעוודיקע" נאָר „פילנדיקע" זאַכן: אויף די כוואַליעס פון דער דונײַ שווימט נאָך דער שמייכל, וואָס האָט זיך אַראָפּגעגליטשט פון אונטער די וואָנצעס און דער שייד, צווישן דער צעטיילטער באָרד פון פראַנץ־יאָסיף, דער עסטרייך־אונגערישער אימפּעראַטאָר. אָט דער שמייכל איז א מאָל געשאָנקען געוואָרן פאַר א יידיש־אונגערישער מאַגנאַטישער טאָכטער, וואָס האָט זיך געדרייט אין קיניגליכן הויף, געזונגען אונגערישע לידער — און זיך מיט דער צייט אַסימילירט...

און די שטאָט גופא?

קוקט מען זיך צו, ווי געזאָגט, פון דער הייך — איז עס אָן אָנוואָרף פון הײַזער, פון קלויסטערס און פאַבריק־קוימענעס, סײַ אין דער זײַט דונײַ — אין בודא, סײַ אין יענער זײַט דונײַ — אין פּעסט. עס איז א שטאָט ווי אַלע שטעט.

קוקט מען זיך אָבער צו פון דער נאָענט, מ׳צ גייט אַרײַן אין דער אינעווייניק — קאָן מע דערזען אויך אָן א צאָל שיינקייט פון דער שטאָט, וואָס איז נישט צו זען אין פיל שטעט און אויך אין פיל הויפּטשטעט נישט. מען קאָן דערזען די שיינקייט אפילו אויף דער קייטן־בריק, וואָס איז איצט ערנסט באַשעדיקט צוליב די באָמבעס, וואָס זענען אויף איר געפאַלן בעת דער מלחמה. וועגן אָט דער בריק דערציילט א לעגענדע, אַז איר מייסטער־אַרכיטעקט האָט זיך אין טייך געוואָרפן, ווײַל ער האָט פאַרגעסן לאָזן אַרויס־הענגען די צונגען בײַ די לייבן, וואָס דעקאָרירן די בריק.

מע קאָן זען, אַז אויב נישט הײַנט, א יאָר־צוויי נאָך דער באַפרײַ־אונג פון אונטער די היטלעריסטישע באַלעגערער, איז עס פאַר דער מלחמה געווען א זייער שיינע שטאָט.

פאר לייבין איז עס געווען אן איבערראשונג. פאר אים איז די אייגנע שטאָט, די הויפטשטאָט אונגערנס, גרעסער פון אלע שטעט צוזאמענגענומען, וועלכע ער האָט געזען בי. היינט. בודאפעסט האָט אים טאקע אויסגעוויזן צו זיין א לאנד אין מיניאטור, וואו סע זענען פאראן שטעטלעך צונויפגעגאָסענע אין איין שטאָט, א גרויסער, וואָס טומלט און רוישט ווי א וואלד, וועלכן א ווינט האָט צעהוידעט זיינע באצווייגטע ביימער. אָבער ניין, נישט ווי א וואלד. גיכער האָט אים אויסגעוויזן די שטאָט ווי א שטיינברעכעריי. און דאָס האָבן די צעבאָמבטע הייזער דערמאָנט. יאָ, דאכט זיך, אז דער טומל און דער שטאָטישער הו־הא איז דער קלאנג פון די העק, די האמערס, וואָס קלינגען אָפּ אין דער שטיינברעכעריי.

עס האָט געדארפט פארבייגיין א שטיקל צייט, אז לייבי זאָל זיך אויסגעפינען אין דעם גרויס־שטאָטישן געפלאָנטער; אין דעם לאבירינט פון גאסן און געסלעך, אין דעם געקלאנג פון די טראמווייען, אין געפייפעריי פון די אויטאָמאָבילן, אין דעם ים פון די עלעקטרישע לעמפּ פון אלע קאָלירן, וואָס האָבן ווי פארפלייצט די שטאָט אין אָוונט. עס איז פארביי עטלעכע טעג, ביז ער האָט זיך פונאנדערגעפלאָנטערט און געוואוסט צו גיין אין דער פרי צו דעם קורס, וואו מען האָט זיי אויסגעשולט, ביי ע דיפלאָמאַטישע קאדרען, וואָס זאָלן קאָנען באזעצן די ערטער, וואָס זענען פריי געוואָרן נאָך דער רייניקונג פון די פאשיסטישע אָנגעשטעלטע.

ער האָט זיך אן עצה געגעבן: ער האָט זיך פונאנדערגעטיילט די שטאָט אין קווארטאלן. נאָך א צייט, ווען ער האָט שוין א ביסל אויסגעקענט די שטאָט, האָט ער גאָר דערפארן, אז ער קאָן אין דער דאָזיקער שטאָט געפינען אלץ, ווי אין אנדערע שטעט. ער האָט אויסגעפונען, אז פונקט ווי אין לאָנדאָן איז פאראן „ווייטשעפל“, אין ווארשע זענען געווען די „נאַלעווקעס“, אין בוקארעשט איז דאָ „וואקארעשט“ און „דודעשט“, איז פאראן אויך דאָ, אין בודאפעסט — די „טאבאק־גאס“ צי די „שיפ־גאס“ און נאָך אזעלכע, יידישע קווארטאלן, וואו מען רעדט נאָר אונגעריש, אָבער סע זענען יידישע פנימער. ער האָט אויסגעפונען, אז צווישן דעם שטאָטישן הו־הא־טומל פליסט זיך שטיל די דונײ, א היימישע, וועגן וועלכער ער אליין פלעגט אמאָל זינגען אונגערישע לידלעך.

לייבי האָט זיך פאמעלעך איינגעלעבט אין דער שטאָט.

# לייבי פילט זיך וויבטיק

לייבי האָט זיך קיין אָרט נישט געפונען. די שטול זיינע איז דאכט זיך, פאר אים קלענער געוואָרן און ער האָט קיין פלאץ נישט אין איר. און דער שרייב־טיש? עפּעס איז ער היינט צו נידעריק?!...

דער טעלעפאָן האָט געקלונגען, איין מאָל און צוויי מאָל און ער האָט זיך נישט געאיילט אויפצוהויבן דאָס טרייבל. עפּעס האָט ער ווי פאר־געסן, אז דאָס קלינגט מען אָן צו אים, אין ביוראָ. אים האָט זיך געדאכט, אז דאָס איז א קלינגען פון גלעקעלעך דינע. זיי שפּילן, מיט זייער קלינג־קלינג־קלינג, א געזאנג פון א זיסן ניגון, וואָס דריקט אויס זיין פרייד, מיט וועלכער זיין הארץ איז איבערגעפולט. די קלאנגען האָבן גערעגט אין אים א געפיל ווי ווען מען קראצט ארויס מיטן פינגער א שמייכל פון קינדערישע ליפּעלעך...

אויך די בעסטע מוזיק וועט קיין איינדרוק נישט מאכן אויף א מענטש מיט א טעמפּ געמיט און וועט נישט אימשטאנד זיין אים מיטצורייסן מיט־צוזינגען, נאָכצופאָלגן די קלאנגען, זיך צו וויגן מיט זיי, ווי אין א שיפל אויף די כוואליעס פון די טענער, ארויף־אראָפּ... דאָס געמיט פונעם מענטשן מוז זיין וואך, מוז זיין אויפגעוועקט פון וועלכער סיבה סע זאָל נישט זיין; א כוואליע פון צופרידנקייט, למשל, טוט אויס פונעם ארום און קאָנצענטרירט דעם געדאנק, על־פּי־רוב, אויף אַן אומבאדייטנדיקער זאך און דער מענטש, דאכט זיך, טראכט און דאך — טראכט ער פון גאָרנישט. זיינע געהירן זע־נען איבערגעלאָדן מיט זיך, מיט זיין פרייד, און ער איז נישט אימשטאנד אויסצופירן א געדאנק ביזן סוף. א כוואליע פון טרויער, ווידער, ווארפט אָן צו פיל געדאנקען, פארצווייפלטע, וואָס איינע פארשטויסט די אנדערע, ווי א פילם, וואָס ראָלט צו גיך און די בילדער פארדעקן איינע די צווייטע. דערפאר, איז דער פרייליכער, מיט א לוסטיק געמיט, מער געניגט צו מע־לאנכאָלישער מוזיק און דער טרויעריקער, מיט א דורשלאָגן געמיט, איז מער געניגט צו פרייליכער מוזיק. דער קאָנטראסט איז גיכער עלול צו וועקן, אָנצורעגן מיט א ניי געפיל זיין געמיט...

דער מאָנאָטאָנער טעלעפאָן־געקלאנג האָט אים געלאָזט רואיק, און כמעט גאָר פון געוואוינהייט האָט ער די האנט אויסגעשטרעקט צום טרייבל. א ווײַלע האָט ער געוואַרט מיט דער אויפגעהויבענער האנט, זיך אויסצו־

קלויבן, וועלכער טעלעפאָן עס קלינגט, דער אינערלעכער, צי דער אויסער־לעכער.

— האַלאָ!... צום באַפעל, הער דירעקטאָר. יאָ, דאָ איז דער אָפּטייל פאר מזרח... עס רעדט אַפטערי, פאר רומענישע ענינים...

דער צווייטער טעלעפאָן, דער אויסערלעכער, האָט אויך אָנגעהויבן קלינגען:

— האַלאָ! — האָט לייבי אריינגערעדט אין צווייטן טרייבל, האַלטנ־דיק אין ביידע הענט ביידע טרייבלעך — דאָ איז...

— כ'בעט פארצייאונג א רגע, הער דירעקטאָר — האָט ער גערעדט אין דער רעכטער זייט.

— דאָ איז דאָס אויסנמיניסטעריום—האָט ער געזאָגט אין דער לינ־קער זייט — איך בין עס, הער גענעראַל־דירעקטאָר... איך האָב פארשטאַנען נומער: פינעף, זיבן, נול...

— יאָ, הער דירעקטאָר, איך ארבעט אצינד איבער דעם...

אין דער אמתן האָט ער פאר די אויגן געהאט די מאַפּע מיט די אַקטן, צו וועלכע עס איז געווען צוגעשפיליעט מיט א נעדעלע א קליין צעטעלע: „דעם הער אַפטערי, נאָכן דורכשטודירן די מאַפּע, וועט ער רעפערירן, מאכן א פאָרשלאָג, צי מע זאָל אינטערוועגירן לטובת דעם באטרעפנדיקן צי נישט — דירעקטאָר באַראָש".

עס איז דאָס ערשטע מאָל געווען, וואָס דער דירעקטאָר באַראָש, זאָל אדרעסירן א רעזאָלוציע דירעקט אויף זיין נאָמען. ביז היינט איז געווען אויפגעשריבן „מזרח־אָפּטייל", צי „מזרח־דרום־אָפּטייל" און דאָ, אין אָפּטייל, האָט מען פונדערגעטיילט יעדן זיין ענין. דאָס־אָ, דאָס אָנווייזן פונעם דירעקטאָר גופא, אז מע זאָל איבערגעבן דעם ענין פארן „הער אַפטערי", איז געווען פאר אים א גרויסער כבוד. עס איז געווען א צייכן פון צוטרוי, פון גלויבן אין זיינע פעאיקייטן. צו אורטיילן איבער אזא ענין.

לייבי האָט קיין סוד נישט געמאכט דערפון און זיך אויך נישט גע־שעמט, אז ער קאָן נישט גוט די אונגערישע שפּראך. סיי ביים רעדן רעדט ער מיט א ספעציעלן מאראמאָרעשער דיאלעקט; סיי ביים שרייבן קאָן ער קיין חילוק נישט מאכן צווישן „ö" און „ő". ער הינקט א ביסל אונטער אויף דער גראמאטיק, וואָס איז זיך דאָ וואָס צו וואונ־דערן: וואו, אין דער רומענישער שול, צי אין דער ישיבה זאָל ער געווען לערנען אונגערישע גראמאטיק?!

און דאָך, האָט ער נישט נאָר פאר די רומענישע ענינים, וואָס זענען אים געווען אָנגעטרויט, געמאכט די חודשלעכע ראַפּאָרטן, נאָר פארן גאנצן מזרח־דרום־אָפּטייל. איז האָט מען זיי טאקע שפּראכלעך אויסקאָריגירט, אָבער רעדאקטירט, אנאליזירט זענען זיי געווען — לויבנסווירדיק, לאָגיש אויסגעהאלטן. קלאָרע ראַפּאָרטן, וואָס האָבן אַלע מאָל געהאט בייגעלייגט א גראַפישע סכעמע, איבער דער אַלגעמיינער לאגע פונעם ענין, וואָס האָט אים באלד ביים אָנהויב דערהויבן צום געהילפס־שעף פון מזרח־דרום־אָפּטייל.

דער־אָ ענין, וואָס איז אים דאָס מאָל אָנגעטרויט געוואָרן, איז געווען אַן ענין, א פרעמדס פון אים. עס האָט לגמרי נישט געקערט צו אים און דאָס, דווקא דאָס, האָט אים מער געפרייט און אונטערגעשטראָכן, אז מען האלט פון אים, אז מע רעכנט זיך מיט זיין מיינונג.

אין דער מאפּע זענען געווען אקטן וועגן איינעם א פעלדעשי יאנאָש, וואָס איז פאראורטיילט געוואָרן אין יוגאָסלאוויע, פאר אריבערגיין שוואַרץ די גרענעץ, אויף עטלעכע יאָר תפיסה. דאַרף ער, אפּטערי, זיך ארויסזאָגן צי מע זאָל אינטערווענירן דיפּלאָמאטיש פאר זיין באפרייאונג, צי נישט. ער דאַרף אייגנטלעך אנאליזירן און דערגיין, צי פעלדעשי יאנאָש איז אריבער געגאַן די גרענעץ טאקע צוליב שפּיאָנאזש, און אין וועמענס אינטערעסן.

עס איז געווען א שווערע אויפגאבע, ווייל מע דאַרף אורטיילן איבער אַן ענין, וואָס היינט ווייסט קיינער נישט דעם אמת און מע וועט אים מסתמא קיין מאָל נישט קאָנען דערגיין. און דאָ איז עס נישט קיין קלייניקייט. דאָס אחריות איז גרויס, ווייל פעלדעשי יאנאָש האָט דאָ איבער־געלאָזט אומפארזאָרגט א פרוי מיט פינף קינדער, צו וועלכע מען האָט התחייבותן, סיידן, סע וועט זיך ארויסווייזן, אז ער איז געווען אין דינסט פון די פאשיסטן, אויך דעמאָלט וועט אונגערן איז שוין באפרייט געוואָרן. דאָס הייסט, אז ער האָט געארבעט קעגן דער נייער אונגערישער רעפּובליק, אָדער קעגן די יוגאָסלאווישע פּארטיזאנער, דעמאָלט קאָן ער באטראכט ווערן פאר א פּשוטן קריגס־פארברעכער — און מע דאַרף נישט אינטער־ווענירן לטובת זיין באפרייאונג...

לייבי האָט זיך געפּילט מיט אזוי פיל העכער, מיט וויפל ער האָט געזען די וויכטיקייט און די וואָגיקייט פון זיין אורטייל. און אין זיין פאר־טאָנקייט, זייענדיק פארשיכורט פון זיין דערפאָלג, האָט ער נישט באמערקט, אז ארום זיין וואקסן, צוליב דער געווינענער אָנערקענונג — שפּינט זיך

א געוועב, אמת, א דינער, א דורכזיכטיקער נאָך, נאָר א ווידעראויפגע־
לעבטער, פון יענער צייט, ווען ער האָט געטראָגן די געלע באַנד אויפן
אָרעם ער האָט נישט באמערקט, ווי גיך עס האָט דערוואַכט אַט יענער
בליק פון פאראכטונג, וועלכער איז געווען אויף א ווײַלע פארדעקט פון די
געשעעענישן, וואָס האָבן נישט דערלויבט צו ווייזן זיך מיט אנטיסעמיטישע
געפילן אויף דער פריי, אין דער עפנטלעכקייט. ער האָט נישט באמערקט,
אז עפּעס וואַקסט שוין פריש, וואָס מאַכט אַן אָפּטייל צווישן אים, דעם ייִד,
און זיין ארום, די נישט־יידן, כאָטש עס איז געווען דאָס רוב פּאַרטיי־לייט.

ער האָט נישט באמערקט, אז ראַוואַי גופא, דער שעף פון מזרח־
דרומדיקן אָפּטייל, וואָס איז פאררעכנט צווישן זיינע בעסטע חברים, א גו־
טער קאָמוניסטישער חבר נאָך פון דער אילעגאַליטעט, רעדט צו אים מיט
א צעבראָכענעם אונגעריש, מיט א יידישן אקצענט, כדי פון אים צו חוזקן.
ער האָט געמיינט, אז עס איז פשוט א שפּאַס. ער האָט נישט פארשטאַנען,
אז דערמיט וויל ראַוואַי איבערשרייען זיין קנאהדיקן פארדרוס, וואָס ער,
לעאָן אַפּטערי, וואָס קאָן אפילו נישט גוט די אונגערישע שפּראַך און איז
צופעליק געוואָרן אַן אונגערישער בירגער, וואַקסט אים איבער, באַקומט אַן
ארבעט גלייך פונעם דירעקטאָר, איבערהיפּנדיק אים, כאָטש ער איז דאָ שעף
אין דעם אָפּטייל.

לייבין האָט פארשיכורט דער חלום פון דער קאריערע. אינטערעסאַנט.
ער האָט געוואוסט פון אַזעלכע פאַלן. ער האָט געוואוסט צו פאַראורטיילן
אנדערע יידן, וועלכע האָבן מיט זייער האַלטונג געררייצט און כמעט פּראָ־
וואָצירט דעם האַס קעגן זיך, און נאָר דעמאָלט, ווען עס איז שוין געווען
צו שפּעט, זיי זענען שוין געשוואומען אין א ים פון שנאה, ערשט דעמאָלט
האָבן זיי זיך דורכגעוועקט און זיך דערזען ווי צווישן פרעמדע, אָפּגעזונ־
דערט פונעם ארום.

ער האָט געוואוסט, אז דעם פּעלער באַגייען, אי די וועלכע זענען אָנ־
געשטעלטע, ווי ער, אין מלוכה־אפּאַראַט, ביי דער פּאָליציי, צי אויף אַנ־
דערע פּאָזיציעס, אי די פשוטע בירגער, וואָס זיצן אין קאַפע־הויז, וואָס
פאָרן אין טראַמוויי, וואָס וואַרטן אין דער טעלעפאָן־צענטראַלע. איבעראַל
ווייזן זיי זיך, גלייך ווי זיי וואָלטן דעמאָנסטראַטיוו געוואָלט ווייזן, אז זיי
זענען אומעטום...

די רעאַקציע נוצט עס אויס, פּלעגט מען אָנווייזן, באַנוצט זיך דער־
מיט, אויפצולעבן אַט יענע שנאה, וואָס איז איינגעפּלאַנצט געוואָרן פון
קליינווייז אָן.

ער האָט עס פאַרשטאַנען. פאַר אים איז עס געווען קלאָר ווי דער טאָג. אויך די האַלטונג פון די ייִדן, אויך דאָס האָט ער פאַרשטאַנען. עס איז א פסיכאָלאָגישע דערשיינונג: די ייִדן זענען געווען אונטערדריקט, נישט פאַררעכנט געווען פאַר קיין מענטשן, און אז עס האָט זיך דעמאָלט געטראָפן עמעצער און האָט נישט געוואָרפן קיין שטיין, איז שוין געווען גוט. מען האָט געלאָזט דעכען. האָט מען זיך צונויפגעצויגן אין א ווינקל, קיינער זאָל נישט באַמערקן, און מען האָט „געדעכעט"... מען האָט געלעבט באַהאַלטן אין זיך, ווי אין אן אומזעבאַרער „געטאָ". מען האָט פאַרבאָגן אין זיך די זאָרג און די פרייד, די טרערן און דאָס געזאַנג. מען האָט אין דרויסן נישט אַרויסגעוויזן זיך. מען האָט נישט געוואַגט. מע האָט צו קיינעם קיין צוטרוי נישט געהאַט. אצינד האָט זיך עס געביטן. די ייִדן זענען אַרויס נישט נאָר פון דער געטאָ, נאָר אויך פון דער „געטאָ" אין זיך. מען האָט אָנגעהויבן אַרויסצוטראָגן אַלץ אויף דער גאַס, די זאָרגן ווי די פרייד. און נאָך מער: מען האָט אַלץ אַרונטערגעשטעלט אונטער א „פאַרגרעסערונגס־גלאָז", די סענסיביליטעט איז אָן א שיעור געוואַקסן. מען איז אויפמערקזאַם געוואָרן אויף יעדן „קרומען" קוק. אנשטאָט מע זאָל ווי פריער, באַהאַלטן די זאָרג, די אייגענע ליידן, האָט מען זיי אַרויסגעטראָגן אויף דער גאַס, ווי אן אינוואַליד צערייסט זיין וואונד, כדי אויסצובעטלען רחמנות. און רחמנות איז נישט געווען ביי וועמען צו בעטלען. גיכער האָט מען עס אָנגענומען (נישט רחמנות־בעטלעריי, נאָר דאָס פאָדערן עלעמענטאַרן יושר פאַר די געפייניקטע דורך די פאַשיסטן!) פאַר א פירוואָרף, פאַר א פראָוואָקאַציע. אויך נישט שולדיקע נישט־ייִדן האָבן זיך שולדיק געפילט אין די ייִדישע ליידן, אָבער עס איז זיי נמאס געוואָרן צו לעבן מיט אזא שולדיקייטס־געפיל. — איז ביי וועמען זשע האָט מען געקאָנט געפינען רחמנות, צי יושר? מען האָט די פרייד אויך אַרויסגעטראָגן אויף דער גאַס, זי אַרויסגעשטעלט, ווי אין א וויטרינע. זיך אויסגעצירט מיט גאָלד, וואָס מען האָט אַרויסגעקראַצט פון די חרוב געוואָרענע ייִדישע היימען, אויף די הענט, אויף דער ברוסט און די אויערן...

לייבי האָט עס פאַרשטאַנען. ער האָט זיי געפונען א זכות. דאָס קייטעלע, דאָס גלותדיקע, איז א ביסל אַראָפּגענומען געוואָרן פון די ייִדן, זענען אייניקע אַריבער צום אַנדערן עקסטרעם און ווילן שפּילן די ראָלע פון בעם פּריווילעגירטן, האָבן צו יעדן טענות און זענען גרייט אויפן ערשטן אָנצופאַלן.

יאָ, ביי אַן אַנדערן האָט ער עס געקאָנט זען, געקאָנט עס אורטיילן מיטן שׂכל. ביי זיך, אויף זיין האַלטונג, האָט ער עס אָבער נישט באַמערקט. אַרום זיך, האָט ער נישט געוואוסט, אַז אויך דער בליק זיינער פּראָוואָצירט זיינע קאָלעגן. און אַ מאָל אַז ער האָט יאָ עפּעס באַמערקט, האָט ער נישט געוואוסט, ווי אַזוי עס אויסצומיידן. וואָס זאָל ער טון, זאָל ער די אויגן צו־מאַכן און נישט „פּראָוואָצירן" מיטן בליק? זאָל ער אפשר פאַרלאָזן דעם פּאָס־טן, האָט ער צומאָל געטראַכט, און גיין צוריק, וואו ער איז געווען אַמאָל, אין זיין מאַראַמאַרעשער היים?

באַהאַלטן פון זיך אַליין, האָט אין אים אויפגעשפּראָצט דער געדאַנק, זיך אומצוקערן קיין רומעניע. האָט אים דאָך דער צופעליקער גורל אהער רעפּאַטריאירט (ווייל ער איז דאָך פאַררעכנט געוואָרן פאַר אַן אונגערישן קריגסגעפאַנגענעם, ווייל ער איז געווען אויפן פראָנט מיט די אונגערישע, צוואַנגאַרבעטס־באַטאַליאָנען!) און ער האָט דאָ אַקטיווירט מיט זיינע חברים און איז אַזוי פאַרבליבן צו בויען דאָס נייע דעמאָקראַטישע אונגערן.

נו, איז אַ וואונדער, אַז ער האָט זיך גלייכצייטיק געפרייט און געער־גערט מיט אַ דערפאָלג? איז אַ וואונדער, אַז ער האָט זיך פאַרפּלאָנטערט אין זיינע האָפענונגען נישט וויסנדיק, אויב אָט דער דאָזיקער דערפאָלג וועט אים דערמעגלעכן, אָדער נאָך מער פאַרשווערן זיך צוריק צו קערן קיין רו־מעניע, אין זיין היים?!

אָבער, ווי אַזוי וואָלט ער געקאָנט אַרויסברענגען אויף די ליפּן אַזאַ פאַרלאַנג?

# אונגערישע יידן זענען אַנדערש

דער זאַל איז געווען איבערפולט. דאָס גאַנצע פּערסאָנאַל פון אויסנ־מיניסטעריום איז געווען אויף דער פייערלעכקייט, וואָס איז געווען אָרגאַ־ניזירט לכבוד דעם צוואַנציקסטן אויגוסט, דער טאָג פונעם ערשטן אונגע־רישן מלך, „דער הייליקער שטעפאַן".

אויך דער מיניסטער איז געווען. ער איז געזעסן פאַרן פּרעזידיום־טיש און לאַנגווייליק זיך צוגעהערט צו די רעדנער, וועלכע האָבן גערעדט און גערעדט. דער הילכער האָט אונטערגעטראָגן זייער שטים פאַר די

מענטשן אין די לאָקאַלן ארום זאל, גלייך זיי וואָלטן פארפאָלגט, מען זאָל נישט קאָנען ניצול ווערן פון די רעדעס.

לייבי איז געשטאַנען און געשמועסט מיט א קאָלעגין זיינער, נעלי, וועלכע איז געזעסן אויף א טיש אין א דערנעבנדיקן צימער, וואו זי האָט זיך אַן אָרט געפונען צום זיצן. זי איז געווען א יונגע פרוי, פון עטלעכע און דרייסיק יאָר, מיט געזעצטן שכל און מיט זייער העפלעכער חברעשער באַנעמונג, וואָס האָט זי סימפּאַטיש געמאַכט אין אַלעמענס אויגן. פונעם ערשטן בליק, נאָך איידער זיי האָבן זיך באַקענט, האָט לייבי דערקענט, אז זי איז א יידישע. איר פיגור, פון מיטלוויקסיקער פּראָפּאָרץ, דאָס העלע רונדע געזיכט, די נישט צו פיל געקרויזטע טונקלברוינע האָר, האָבן זי געוויזן פאר א יידישער טאָכטער פון חסידישן אָפּשטאַם. אים האָט זיך אויסגעדאַכט, אז די יונגע ווייבלעך, וואָס שטאַמען פון חסידישע הייזער, טראָגן אויף זייער פּנים, אין זייער פאַרהאַלטן, אין זייער שמייכל צי אין בליק זייערן, עפּעס אַזעלכעס, וואָס פאַרראָט אז זיי זענען יידישע. אויף נעלין האָט ער דאָס זעלבע געזען (אחוץ דעם איז אים פאַרדעכטיקט געוואָרן: פאר וואָס רופט זי א יעדער ביים פירנאָמען „נעלי"! יאָ, זי באַהאַלט מסתמא אויס עפּעס א „פעלדמאַן" צי א „וויינבערגער" נאָמען!) און נישט בלויז איר סימפּאַטישע פּרוּויאישקייט האָט אים צוגעצויגן צו איר, נאָר אויך דער פאַקט, וואָס זי איז אויך געווען א יידישע.

מיט וועמען דען האָט ער געקאָנט זיך געפינען היימיש און זיך אדורכרעדן עטלעכע ווערטער?

און כדי מע זאָל קיין טעות נישט האָבן, דאַרף אָט א־דאָ געזאָגט ווערן, אז דאָס איינלעבן זיך פון לייבין צווישן דער אונגערישער געזעלשאַפט איז שווערער געווען שוין צוליב דעם, וואָס ער איז געקומען פון א לגמרי פרעמדער געגנט, פון מאַראַמאָרעש, וואו עס איז געווען א קאָמפּאַקטער יידישער ישוב, און אויפגעוואַקסן אין דער רומענישער סביבה. איז קאָן מען דען אים פאַרגלייכן מיט א ייד פון אונגערן, צי פון בודאַפּעסט? זיי, די בודאַפּעסטער, לעבן זיך אויס אונגעריש, רעדן אין דער אונגערישער שפּראַך — איז דען א חידוש אז „סענט אישטוואַן", דער הייליקער שטעפאַן, איז אויך זייער יום־טוב?! אָבער וואָס וויל מען פון אים, פון לייבין, דעם מאַראַמאָרעשער יידן?!

זיינע חברים, די יידישע מיינסטנס, האָבן אים נישט געקאָנט פאַרשטיין און געהאַט צו אים טענות, הלמאי ער זאָגט נישט, אזוי ווי זיי, „מיר אונגערן!"...

— קיין יידישע נאציע איז נישטאָ! — האָט אויך אצינד נעלי איינ־געטענהט מיט אים — דו קאָנסט זיין פון איזראעליטישן גלויבן, אויב דו ביסט גלויביק, אָבער בלייבן בלייבסטו פון אונגערישער נאציאָנאַליטעט.

— פאר וואָס, ווייל איך לעב איצט אין אונגערן, צווישן אונגערן?

— האָט ער זיך מיט אן איראָנישן שמייכל געפּרואווט ווערן.

— יאָ, קיין יידישע נאציאָנאַליטעט איז נישטאָ, ווייל עס איז נישטאָ... האָסט געלייענט דאָס בוך „וועגן דער נאציאָנאַליטעטן פראגע“? לייען אדורך, וועסטו זיין אין קלאָרן — האָט זי פארענדיקט מיטן לעצטן ארגומענט...

— איך האָב געלייענט, איך האָב. נאָר זעסטו, וואָס ס'האָט פּאסירט? דווקא דאָרט אין יענעם בוך האָב איך אויסגעפונען באשיימפּערלעך, אז אזעלכע ווי איך — לייבי האָט אונטערגעשטראָכן דאָס וואָרט „איך“, צו־צוגעבן אים וואָגיקייט — זענען יידן. און אויב סע זענען פאראן יידן, דאַן איז לאָגיש אז ס'זאָל זיין אויך א יידישע נאציאָנאַליטעט... ביי אייך איז עס עפּעס אנדערש. איר, אונגערישע, קערט אייך מער אָן מיט אונגערן — נו, איז עס אפשר גערעכט. ביי מיר איז אָבער אנדערש די זאַך...

— פאר וואָס איז עס ביי דיר „אן אנדערע זאַך“?

— אָט פאר וואָס — לייבי האָט זיך גענומען איר געבן פאַרשטיין מיט זיין גמראַדיקער לאָגיק און געפילט א באדערפעניש איצט צו רעדן, ארויס־צורעדן זיך. עס האָט זיך אים אויסגעדאכט, אז דאָס וויל ער אייגנטלעך דערקלערן זיך אליין. זי, נעלי, איז נאָר א צופאַל, וואָס זי הערט זיך אויס צו זיינע רייד — ס'איז מיר קיין חידוש נישט, אז דער חבר צי יענער זאָגט „מיר אונגערן“. ער מעג עס זאָגן און דאַרף אפשר זאָגן, אָבער מיין פאַל איז אן אנדערער. וואָס א שייכות האָב איך צום אונגערישן פאָלק, אז נישט א מאָל די שפּראַך זיינע קאָן איך נישט גוט?...

— דאָס איז קיין מאָטיוו — האָט נעלי זיך געהיצט — אָט רעדט אָרוש מיקלאָש נאָך ערגער פון דיר אונגעריש, איז ער נישט קיין אונגער?!

— ער איז יאָ אן אונגער, נאָר ער האָט נישט געלעבט אין אונגערן, רעדט ער נישט גוט די אונגערישע שפּראַך. אָבער ער איז געבונדן מיט זיין גאנצער נשמה צו דער אונגערישער געשיכטע, צו דער אונגערישער קולטור און צום אונגערישן פאָלק... איך ווידער, לאָמיר אָננעמען אז איך בין נישט קיין גלויביקער און קער זיך גאָרנישט אָן מיטן „איזראעליטישן“ גלויבן, פאַרשטייט זיך, אז מיטן קריסטלעכן גלויבן קער איך זיך אוודאי

נישט אָן... איז קיין ייד בין איך נישט, ווייל ס׳איז נישטאָ קיין יידישע נאַציע — וואָס זשע בין איך יאָ?

עס האָט זיך אויסגעדאכט, אז ער מאָנט עפּעס ביי איר. האָט צו איר טענות, הלמאי זי נעמט פון אים עפּעס אוועק.

— אַן אונגער ביסטו! — האָט אים נעלי ווי אַריינגעהאַקט.

— פאַר וואָס ווילסטו עס אזוי?

— ווייל דו לעבסט אין אונגערן צווישן אונגערן.

— זע זשע אהער — האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, זי אָנגענומען ביי דער האַנט און מיט א שמייכל, וואָס האָט פאַרראָטן, אז אצינד האָט ער מיט וואָס זי צו באַזיגן, מיט איר אייגענעם אַרגומענט, האָט ער פאַמעלעך גערעדט — איז, הייסט עס, אז כ׳בין געבוירן אין סיגעט, אין מאַראַמאַרעש, בין איך דעמאָלט געווען אַן אונגער, ווייל בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה איז מאַראַמאַרעש נאָך געווען איינגעשלאָסן אין די גרענעצן פון אונגערן. דער־נאָך, נאָכן פאַראייניקן זיך מיט רומעניע, איז לויט דיין מיינונג א זעלבסט־פאַרשטענדלעכקייט, אז כ׳בין געוואָרן א רומענער. האָב איך דאָך געלערנט אין דער רומענישער שול, געמאַכט רומעניש מיליטער. איז עס דאָך טאַקע נאָרמאַל. דערנאָך אז ס׳איז געקומען דער היטלעריסטישער ווינער דיקטאַט און האָט צעריסן טראַנסילוואַניע און מאַראַמאַרעש און עס געשאָנקען דעם פאַשיסטישן אונגערן, בין איך ווידער געוואָרן אַן אונגער. ווי דען? אז מ׳האָט מיר אָנגעטאָן א נומערירטע געלע באַנד, מיט אַן אונגעריש קאַש־קעטל און מיך געשיקט צום דאָן מאַכן א „גרויס״ אונגערן — בין איך דעמאָלט נישט געווען קיין אונגער?! היינט בין איך... וואָס בין איך היינט?

— היינט — האָט אים נעלי איבערגעשלאָגן — היינט ביסטו א גוטער יידישער שאָוויניסט!...

— אָט! — האָט ער זי געקלאַפּט מיט דער האַנט איבער דער פּליי־צע — אָט, זענען מיר גוט אַרויסגעקומען מיט דער דיסקוסיע אונדזערער... אינטערעסאַנט. וואָלט איך געווען אַן אונגער, ווי דו למשל — האָט ער באַטאָנט מיט נישט ווייניק איראָניע — וואָלט איך געווען אזא אונגער ווי דו, צי ווי די־אָ דאָ, וואָס חלומען נאָך אפילו פון „הייליקן״ שטעפאַנס „גרויסן״ אונגערן — וואָלט איך נישט געווען קיין שאָוויניסט. אדרבה, איך וואָלט געווען א פּאַטריאָט... אצינד, אז איך זאָג דיר דעם נאַקעטן אמת: מיין זיידע איז נישט געווען „סטעפאַן״ נאָר ר׳ שלום, מיט האַלבע שיך און ווייסע זאָקן — בין איך א שאָוויניסט...

— וואָס היצסטו זיך אזוי?

— אַט וואָס כ׳היץ זיך — לייבי האָט זיך אָפּגעווישט דעם שווייס. ער האָט זיך באמת דערוואַרעמט רעדנדיק — ווייל קיינער, קיינער וועט מיר נישט קאָנען פירוואַרפן אַז איך אַרבעט נישט געטריי, מיט איבער־געגעבנקייט, העלף בויען דאָס נייע דעמאָקראַטישע אונגערן. ס׳איז פאַר מיר אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכקייט, אַז אַזוי דאַרף עס זיין, און ס׳קאָן נישט אַ מאָל אַנדערש זיין. אָבער דערלויבט מיר צו זאָגן אַז פּונקט ווי צו פיל האַלטן פון זיין נאַציע איז אַ שאָוויניסטישער חטא — איז דאָס שפּייען אויף זין אליין נישט קיין מצווה... און דאָס איז נאָר ביי אונדז אַזוי...

— וואָס הייסט „ביי אונדז״?

— אַן אונגערישער, אַ טערקישער צי אַ טאָטערישער קאָמוניסט מעג זאָגן, אַז ער איז אַ טאָטער און קאָן בלייבן מיט דעם אַלץ אַ גוטער פּאַרטיי־חבר. אַ ייד מיינט, אַז דאָס ערשטע איז שפּייען אויף זיין אייגן פאָלק...

נאָר לייבי האָט זיך געכאַפּט, אַז דער שמועס איז אַ ביסל צו ווייט דערגאַנגען, צו וואָס טויג אים אַזעלכע פּלאַפּלערייען? נישט נאָר וואָס זי וועט אים נישט פאַרשטיין — זי וועט גאַנץ באַשטימט מאַרגן מאַכן אַן „אינ־פאָרמאַציע״ (מע זאָגט נישט „מסירה״?) און אָפּטראָגן וואָרט־ווערטלעך דעם גאַנצן וויכוח, כדי צו דעמאַסקירן אים ווי אַ שאָוויניסט...

לייבי האָט געטראַכט: ווען אין דער געשיכטע האָט מען נאָך אַזוי זיך אָפּגעגעבן מיט „אינפאָרמירן״?... אָבער ער האָט זיך געטרייסט: פון יעדער רעה קאָן אַרויסקומען אַ טובה. אפשר וועט דאָס גורם זיין, אַז ער זאָל זיך אומקערן קיין רומעניע, קיין מאַראַמאַרעש?...

# אויפן שיידוועג

די ידיעות, וואָס לייבי האָט באַקומען וועגן סערלען זענען נישט גע־ווען קיין קלאָרע. אין איין און דעם זעלבן טאָג האָט ער באַקומען דריי גרוסן פון איר. און איינער מיטן צווייטן האָבן זיך סותר געווען. צו ערשט האָט ער זיך באַגעגנט מיט אַ סיגעטער מיידל, וועלכע האָט אים געוווי געוואוסט צו זאָגן, אַז זי איז געווען צוזאַמען מיט סערלען אין בעלזנבערגן. און מעגלעך אַז זי איז נאָך דאָרט, זי ווייסט נאָך נישט וואוהין זי זאָל פאָרן. אַ צווייטן גרוס האָט ער באַקומען פון זיינעם אַ באַקאַנטן, אַז זי איז

פון בערגנבעלזן טאקע אוועקגעפאָרן, נאָר, נישט אהיים. זי איז געפאָרן קיין מינכען זוכן איר יונגערע שוועסטער, וועגן וועלכער מען האָט געזאָגט, אז זי לעבט. איז, אז זי געפינט זי, פאָרן זיי ביידע קיין ארץ ישראל. א דריטער האָט דערציילט, אז סערל איז אין דער היים, אין סיגעט. זי גרייט זיך צו פאָרן קיין ארץ ישראל.

לייבי האָט זיך נישט געקאָנט אויספלאָנטערן פון אָט די ידיעות. ער האָט נישט געוואוסט, וואו זי געפינט זיך אין דער אמתן. אין סיגעט איז זי שוין לויט זיין מיינונג מער נישטאָ. ווייל וואָלט זי דאָרט געווען, וואָלט זי זיך געלאָזט הערן, ווייל דאָרט ווייסט מען איצט זיין אדרעס פון בודאפעסט און מע וואָלט אים געוויס פארשטענדיקט.

און דער־אָ געדאנק, אז לויט אלע ווארשיינלעכקייטן האָט זי זיך געמאכט א פלאן אוועקצופאָרן קיין ארץ ישראל, האָט אים געהינדערט, זיך צו אנטשליסן און איר אוועקשרייבן א בריוו, אז ער איז דאָ און ווארט אויף איר מיט אויסגעשטרעקטע הענט. ער האָט נישט געשריבן, ווייל ער האָט נישט געהאט דעם מוט זיך צו אנגאזשירן לגבי איר, צו האָבן זי אויפן געוויסן. ער וואָלט זיך געפילט שולדיק פאר איר, אויף זיין גאנץ לעבן לאנג, אז ער האָט איר געקרייצט דעם וועג. זי האָט געוואָלט פאָרן, נאָר ער האָט זי צוריקגעהאלטן און דאָס אי: געווען פאר אים צו פיל. ער האָט מורא געהאט, אז א מאָל, א מאָל וועט נישט זי — נאָר אפשר ער אליין, זיך מאכן דעם פירוואָרף, פאר וואָס ער האָט זיך אנטקעגנגעשטעלט דעם פרייעם גאנג פון גורל.

און א סך מאָל, אז ער האָט געוואָלט זיין אויפריכטיק מיט זיך אליין, האָט ער זיך חושד געווען אין נישט־ערנסטקייט. ער האָט זיך אליין פארארטיילט אין מאָמענטן, וואָס האָבן אים געפייניקט זיין געוויסן. אן איבערלעך געפיל האָט אים צו מאָל אונטערגעזאָגט, אז דער „גרויסער“, ברייטהארציקער זשעסט זיינער, אונטער וועלכן ער באהאלט זיך, מכלומרשט, אז ער איז מקריב זיינע געפילן צוליב איר, ווייל ער וויל איר נישט שטערן דעם פלאן, אָדער ווי אים האָט זיך געוואָלט זאָגן — „דעם פרייעם גאנג פון איר גורל“. אָט דאָס אלץ זענען פוסטע פראזן, מיט וועלכע ער פרואווט זיך אליין איינשלעפן. דער אמת איז, אז אפילו אין זיין אונטערבאוואוסטזיין האָט ער נישט דעם מוט זיך מודה צו זיין, אז ער פילט זיך דאָ נישט אזוי סטאַביל, ווי אים האָט זיך געדאכט אין די ערשטע צייטן, ווען ער האָט דאָ אָנגעהויבן צו ארבעטן. איצט, ווען ער אליין איז א וואקלדיקער, צו וואָס זאָל

ער זי אויך מיטשלעפּן? איז דאָך שוין בעסער אזוי — אויב זי האָט זיך אנטשלאָסן אוועקצופאָרן — זאָל זי זיין גליקלעך, וואו זי וועט זיין.

ער? ער איז נישט קיין אנטשלאָסענער.

אָט אָ־די געדאנקען זענען געווען ווי צוגעדעקט מיט א שלייער, צו וועלכע קיינער האָט נישט געקאָנט צוקומען. נישט א מאָל ער. אויף אָט די געדאנקען, אויף די באהאלטענע, וועלכע זיי האָבן זיך שוין באלד ווי אָפּגעזאָגט פון סערלען, זענען געווען אנדערע, וואָס האָבן נאָך געוויזן, אז ער האָט זי נאָך אלץ ליב, וואָס זענען געווען דיקטירט פון דער רעאלער איינזאמקייט זיינער. אזוי האָט ער טאקע צו מאָל זיך אויסגערעדט פאר א פריינד, אין מינוטן, אין וועלכע ער האָט זיך אויסגערעדט דאָס הארץ, אזוי אז ווען זי זאָל קומען, סערל, איז זאָל זי זיין אפילו מיט איין פוס — אָט ווי זי וועט זיין, אזוי בּעמט ער זי. אזוי איז זי זיין...

און דאָך, איז אים שווער געווען צו דערקלערן, זיך אליין, אָט דאָס דאָניקע געפיל זיינס, וואָס האָט פארראָטן אומאנטשלאָסנקייט. און אָט די אומאנטשלאָסנקייט האָט אים ארויפגעפירט אויפן געדאנק, צו פארטראכטן זיך: ווי אזוי האָט עס טאקע געקאָנט געשען, אז זי, סערל, וואָס האָט געהאט פארבינדונג מיט דער באוועגונג נאָך אין דער אילעגאליטעט, זאָל היינט, ווען סע מאנגלען קאדרען און זי איז אזוי וויכטיק דאָ, זאָל זיך אנטשליסן צו פאָרן קיין ארץ ישראל?!

ער האָט געוואָלט די זאך אויפוויקלען, ווי מען שיילט אָפּ א הייפּטל קרויט, איין בלאט נאָכן אנדערן. ער האָט געפּרואווט דערגיין ביזן תוך, צו געפינען אן ענטפער אויף דער דאָזיקער פראגע. צופעליק קאָן עס נישט זיין. סע זענען נישטאָ אויף דער וועלט קיין צופעליקייטן. סע זענען נאָר דאָ געשעענישן און סיבות, וואָס פאראורזאכן זיי. נאָר, וועלכע זענען די סיבות?

צו ערשט האָט ער געמיינט, אז געוויס האָט זי זיך באגעגנט מיט א יינגל, וואָס האָט איר געפעלן, און דאָס זאָל געווען זיין די סיבה. פאָרן זיי, הייסט עס, אין איינעם קיין ארץ ישראל.

אזוי האָט ער עס זיך געוואָלט דערקלערן, נאָר פלוצעם איז געשען עפּעס אזעלעכס, וואָס האָט אים מיט א מאָל אויפגעטרייסלט. עפּעס האָט ער זיך דערזען אויף א וועלט, א פרעמדער; עפּעס איז עס נישט די זעלביקע, אויף וועלכער ער לעבט. די צייטונגען האָבן געבראַכט די ידיעה פונעם פּאָגראָם אין קאָמאראָם, אויף די עטלעכע יידן, וואָס האָבן זיך צוריקגעקערט פון די דייטשע לאגערן.

דאָס־אָ האָט אים אויפגעוועקט. הייסט עס, אז מיידאנעק און אויש־וויץ איז נאָך נישט גענוג געווען? נאָך איז דער יידיש־בלוט דורשטיקער מולך נישט זאט געוואָרן?!...

ערשט דאַן האָט ער אָנגעהויבן זען, אז ער לעבט איזאָלירט פון דער רעאַליטעט. ער קאָן בכלל נישט די ווירקלעכקייט. ער לעבט אין א וועלט פון פאפירן, פון אקטן, פון צייטונגען און דאָ וויל ער גאָר באַנעמען געשעענישן פונעם רעאַלן לעבן. ער וויל נאָך דערקלערן פראגן, וואָס די נאַקעטע רעאַליטעט שטעלט אויף?! אז נישט אפילו די פאפירענע וועלט קען ער אויך נישט גענוג גוט.

ער האָט אָנגעהויבן זיך אָפגעבן חשבון, אז ער איז צו פיל פארנומען מיט דער ארבעט. אמת, יעדע ארבעט זיינע איז זייער וויכטיק געווען. ער האָט זיך געפילט, ווי באשיידן, דאָך א שרייפל, א קליין שרייפעלע אין יע־נעם גרויסן אפאראט, וואָס האָט זיך גערופן: ניי, דעמאָקראטיש, רעפובלי־קאניש אונגערן. אָבער — איז דאָס גענוג? הייסט דאָס נישט אז ער האָלט איין אויג פארמאכט?! דארף א מענטש לעבן, צי קאָן מען בכלל לעבן, נאָר מיט איין „אָפן" אויג?!

מיט וואָס האָלט ער פארמאכט אַן אויג?

אַט — יעדן דינסטיק פרי ווערט איבערגעגעבן דורכן ראַדיאָ א יידי־שער גאָטעסדינסט. דער ראבינער פרעדיקט אין דער אונגערישער שפראַך. דער טעמפּלכאָר זינגט א קאפיטל תהילים. ער האָט עס נאָך נישט א מאָל איין מאָל אויסגעהערט.

ער איז נישט רעליגיעז?

וואָס האָט עס דען צו טון מיט רעליגיע?! גייען דען נישט די אונ־גערישע קאָמוניסטן אין קלויסטער, כאָטש זיי זענען נישט רעליגיעז? אדר־בה, פאַר אים, פארן ייד, וואָס איז איבערגעבליבן איינער אליין פון א גאַנ־צער משפחה — נאָר איינער, פאַר אים וואָלט עס עפּעס אנדערש געווען. עס וואָלט אים צונויפגעבונדן מיט די איבעריקע, מיט די איבעריקע שארית הפליטה. אויך מיט די יידן, וואָס זענען אצינד געהרגעט געוואָרן אין קאָ־מאַראָם, און אויך מיט יענע יידן וואָס לעבן אין פחד, אז זיי זאָלן מאָרגן נישט דערהרגעט ווערן — צי אפשר פאַר דעם, וואָס ער לעבט אויסשליס־לעך צווישן נישט־יידן, קער ער זיך מיט זיי נישט אָן?!

און צווייטנס —

אין די חודשלעכע ראַפּאָרטן, וואָס ער באַקומט פונעם „ספּעציעלן" אָפּטייל וועגן דעם אויסלענדישן בריוו־אויסטויש, לייענט ער דאָס, וואָס אים

אינטערעסירט — דעם תוכן פון די בריוו, וואָס קומען פון און גייען קיין רומעניע. דאָס, און נישט מער. פאַר וואָס האָט ער נאָך איין מאָל נישט גע־לייענט יענע בריוו, וואָס יידן שרייבן קיין אויסלאַנד, און באַקומען? האָט ער דאָך געהאַט פאַר זיך אין זעלבן ראַפּאָרט א רעזומאַט אויך וועגן יידי־שע בריוו. פאַר וואָס האָט ער נישט געלייענט כדי אַזוי אַרום אָנטאַפּן דעם דופק פון די יידן?! אַזוי אַרום געוואויר ווערן, וואָס יידן טראַכטן, וואָס יידן חלומען — וואָס עס טוט זיי וויי?!...

דערנאָך איז געקומען קעלץ. און דער דאָזיקער פּאָגראָם, כאָטש ער איז געווען אין פּוילן, דאָך האָט ער אים מער אויפגעטרייסלט. הגם ער איז געווען אין א אַנדערער מדינה, האָט ער אויף אים מער געווירקט ווי דער פּאָגראָם אין אייגענעם לאַנד. דער איז געווען אין א גרעסערער מאָס, אויף א טראַגישערן אופן.

זינט ער האָט געלייענט אין די צייטונגען די ליסטע פון די קדושים פון קעלצער פּאָגראָם, איז ער אַרומגעגאַנגען ווי שיכור. ער האָט נישט גע־הערט און נישט פאַרשטאַנען, וואָס מע האָט גערעדט צו אים. ער האָט נישט געגעסן, נאָר שטיין געבליבן אַזוי, אין מיטן קייען א שטיקל ברויט, מיטן אָפענעם מויל, פאַרגלאָצט די אויגן ערגעץ פאָרויס, ווי א פאַרגליווער־טער מאָנומענט. פאַר אים האָבן געשוועבט די בילדער און די ראַנגלענישן פון אָט יענע אומגליקלעכע קרבנות מיט א צערייצטער מאסע פון ווילדע בלוטדורשטיקע. עס פלעגט זיך אים אויסדאַכטן, אַז ער הערט די פאַרצווייי־פלטע געשרייען. זיי קלינגען אָפּ אין זיין איינזאַם צימער. ווער האָט זיי אָהער פאַרטראָגן?

איין מאָל האָט ער זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף אין מיטן דער נאַכט, ווי געטריבן פון עפּעס א קראַמפּ, אַן אומבאַקאַנטער, וועלכע האָט אים געמאַ־טערט און נישט געלאָזט שלאָפן רואיק. ער איז אַראָפּ פונעם בעט, ווי א סאָמנאַמבול, אַפּירגענומען די צייטונג, געלייענט די נעמען פון די אומגעקו־מענע און זיך אָפּגעשטעלט ביי יעדער באַמערקונג. אָט איז צווישן די הרוגים דאָ א קינד פון פיר וואָכן... וואָס קאָן מען זאָגן צו די־אָ, וועלכע האָבן נעבן זייער נאָמען אויך א מיליטערישן טיטל? אָט איז א סערזשאַנט, א פּאַרטיזאַ־נער, א קאַפּיטאַן, א פּאַרוטשניק, און צום סוף — איז אַנשטאָט א נאָמען — איז דאָ בלויז א נומער: B 2969, אוישוויץ.

ער האָט זיך אוועקגעזעצט ביים טיש, איבער דער צייטונג, אונטער־געשפּאַרט דעם קאָפּ מיט ביידע הענט און פאַרקוקט זיך אזוי, קראַנקהאַפט אָנגעשטעלט די בליקן אויף די נומערן, וועלכע האָבן אין זיך פאַרדעקט אַן א שיעור ליידן און צום סוף — אזא טראַגישער טויט, אזא סוף! ער איז אזוי געזעסן, גלייך ער וואָלט דערוואַרט פון אָט די נומערן אַן ענטפער, זיי זאָלן אים דערקלערן, ווי אזוי דאָס איז מעגלעך געווען, אז עפּעס מער ווי אַ יאָר נאָכן ליקווידירן „אוישוויץ" זאָל קאָנען פאַרקומען אַ „קעלץ". אָט איז א טראַגעדיע פונעם יאָר ניינצן זעקס און פערציק, א יאָר נאָכן זיג: B 2969 אוישוויץ!... אָט איז א פינאַל פון א באַשעפעניש, וואָס האָט געהאַט דאָס אומגליק, געבוירן צו ווערן א ייד.

ער פלעגט אין ביוראָ שטיין בלייבן אין מיטן דער ארבעט און אָנ־הויבן טענטלען מיטן שרייבפעדל אויפן פּאַפּיר: קאָמאַראָם, קעלץ—קעלץ, קאָמאַראָם...

די פּאָגראָמען פון קאָמאַראָם און קעלץ האָבן אים כמעט מער באַ־שעפטיקט זיין מוח, ווי דאָס אומקומען פון זיין גאַנצער פאַמיליע, פון זיינע עלטערן און שוועסטער און ברידער.

יאָ, ער האָט נישט געגלויבט, אז דאָס איז נאָך מעגלעך, אז דאָס קאָן נאָך געשען. ער האָט געמיינט, אז ער האָט אויסגעטאָן די געלע באַנד פונעם אָרעם, וועלכע ער האָט געטראָגן בעת דער מלחמה אין ארבעטס־באַטאַליאָן, און איז היינט א מלוכה־אַנגעשטעלטער. איז גלייכבאַרעכטיקט ווי סיי וועלכער נישט־ייד — איז עס א סימן פון א נייער תקופה. אין אַ תקופה, ווען מע ווייכט אויס דעם אויסדרוק „זשידאָ", כאָטש ער איז נישט קיין באַליידיקנדיקער אין דער אונגערישער שפּראַך, און מען נוצט גיכער דעם אויסדרוק „איזראַעליטאָ", ווייל עס קלינגט פיינער. ער האָט גע־זען בעת די יידן־רדיפות פון דער מלחמה־צייט, אז זיי זענען געווען אָנגעפירט מצד דער אנטיסעמיטישער פאַשיסטישער מלוכה; דאָס פאָלק, די מאַסן זענען געווען ווייניקער אַקטיוו. און היינט, האָט ער גאָר דערזען, אז ווען די מלוכה איז א דעמאָקראַטישע, יידן פרייען זיך מיט אַלע רעכטן — דאָך געשעט קאָמאַראָם און סע געשעט קעלץ. כאָטש זיי זענען אויך דער רעזולטאַט פון דער העץ פון די פינצטערע פאַשיסטישע כוחות, וואָס זענען נאָך טעטיק צווישן די מאַסן, פון דער באַהעלטעניש; אָבער דאָך איז עס עפּעס שרעקלעכערס ווי פריער, ווייל דאָ זענען די מאַסן געווען אַק־טיוו. פויערים האָבן טייל גענומען אין די פּאָגראָמען פון קאָמאַראָם און קעלץ. עס האָט זיך נישט געפונען, ווער עס זאָל געווען פּרואוון צוריקהאַלטן די־

מאסן. נישט געווען אזא כוח וואָס זאָל געווען אין שטאנד זיין, אויך ווען עמעצער וואָלט געוועלט יאָ געפּרואווט מציל צו זיין יענעמס לעבן. וואָס נישט א מאָל דאָ, אויף דער ליסטע פון די טויטע, האָט ער קיין נאָמען נישט, נאָר אַן אוישוויצער נומער. אָט איז געווען א בלויזער נומער — און אצינד איז דער נומער אויך שוין נישטאָ...

יאָ, ער האָט עס אָנגעהויבן פארשטיין, ווי אזוי עס איז מעגלעך געווען אז סערל זאָל געוועון אָננעמען איר באשלוס.

און אויך דאָס, סערלס באשלוס, האָט נישט ווייניק גורם געווען אז אויך ער זאָל זיך אָנהייבן ארומטראָגן מיטן געדאנק, ווי אזוי זיך צוריקצו־ציען פון זיין טעטיקייט דאָ, כדי ער זאָל זיך קאָנען אומקערן אהיים, קיין רומעניע. וואָלט דאָך זיין טעטיקייט דאָרט געוויס געגעבן אים מער גייס־טיקע רו, ווייל דאָרט וואָלט ער דאָך געווען אין דער היים?!

*

סערל?

יאָ, וועגן סערלען האָט ער שוין געהערט נאָר געלעגנהייטלעך. באַ־געגנט האָט ער זי פיל שפּעטער. שפּעטער ווי מיט א צוויי צענדליק יאָרן.

וואָס עס איז געשען מיט איר במשך דער צייט; וואָס עס איז געשען מיט אים אין דער צייט, דאָס האָבן זיי זיך נישט געקאָנט דערציילן אפילו דעמאָלט, ווייל זיי האָבן דערצו נישט געהאט אזוי פיל צייט — סערל האָט שוין געהאט איר מאַן, א שיינע טאָכטער (פאר וואָס האָט מען איר געגעבן א צונאָמען: וואקא לואי דומנעזעו?*) און א זון. לייבי האָט שוין געהאט דע־מאָלט א פרוי און א זון...

ווי עס איז צו זען, געהער דאָס שוין נישט צו דער דאָזיקער מעשה, וועגן דעם, וואָס עס איז געשען מיט סערלען צי מיט לייבין במשך דער דאָ־זיקער צייט, באדארף מען דערציילן באזונדער, מיט אַן אנדערער געלעגנהייט, נישט אין איילעניש — נאָר מיט ישוב־הדעת.

*) אין רומעניש: גאָטס קו.

# יעדן מוז מען געפינען א זכות

א מתנה —
מיין רייכסטן קרוב,
לוטשי־יידל מוסקאל,
וואָס פאַרמאָגט יידיש־דערצויגענע
קינדער און אייניקלעך.

## גיטל, גיטטטל!

זינט איר מוטער איז געשטאָרבן זענען אוועק שוין גוטע דריי יאָר. דעמאָלט איז זי אַלט געווען קנאַפּע פערצן יאָר. וואָס זשע קאָן א מיידל אין דער דאָזיקער עלטער טון, ווען זי איז א טאָכטער ביי א נישט־אַלטן אַלמן, וואָס האָט שוין צו האָדעווען זעקס קינדער פונעם ערשטן ווייב? האָט זי א מומע, דעם פאָטערס א שוועסטער, גענומען צו זיך, כדי אזוי ארום ארויסצוהעלפן דער באַלעסטיקטער משפחה. דעם אמת געזאָגט, איז דער כיוון נישט געווען אין גאַנצן בלויז ארויסצוהעלפן איר, גיטלען, זי צו וואַקסן. מער האָט די מומע אין זינען געהאַט ארויסצוהעלפן זיך אליין.

א גאַנצן טאָג האָט מען געהערט נאָר איין אויסגעשריי, ווי א רוף אין א טיפן מדבר: „גיטל!". דערנאָך האָט זיך עס איבערגעחזרט, אָבער אויף א העכערער אָקטאַווע: „גיטלל!". און הגם דאָס מיידעלע האָט איר תיכף געענטפערט, געלאָזט הערן אז די מומע זאָל וויסן אז זי איז דאָ, אין דער נאָענט און טוט עפּעס, העלפט אָנטון צי גיט עסן פאַר א קלענער קינד פון איר, דאָך האָט זיך ווידער א מאָל געהערט אַן אויסגעשריי, דאָס מאָל שוין כמעט א קנאַל פון א האַרמאַט: „געטטטל!".

ביי אָט דעם לעצטן פאַרצווייפלטן אויסגעשריי, האָט גיטל איבער־געלאָזט איר אַרבעט, אין סיי וועלכער לאַגע זי זאָל זיך געווען נישט גע־פינען און געלאָפן אויסהערן דעם נייעם באַפעל, וואָס די מומע האָט איר צו געבן.

גיטל איז געווען דאָס צווייטע קינד ביי חיים־בער קאַץ, ווען מע רעכנט לויט דער עלטער. אָבער אז מע נעמט אין חשבון דאָס גאַנצע

געזינדל איז זי געווען איינע פון די זעקס קינדער זיינע, מיט וועלכע סע האָט אים איבערגעלאָזט אויף גאָטס באַראָט זיין פרוי, וועלכע איז געשטאָרבן טאָקע ביי א געבורט. ווי אזוי האָט ער זיך געקאָנט אן עצה געבן מיט אזוי פיל קינדער, פון וועלכע דאָס עלטסטע מיידל איז פופצן יאָר אלט און דאָס קלענסטע קינד האָט בלויז עטלעכע טעג? אָט דער פרעגצייכן בלייבט אין דער לופט אומפאַרענטפערט. ער איז דען דער איינציקער אויף דער וועלט?!

גיטל איז געווען א רירעוודיק מיידעלע, מיט רונדיקע גלידער, אָנהויבנדיק מיטן פנימל, וואָס האָט אויסגעזען ווי א פולע לבנה, ארומגעוואקסן מיט נישט פארקעמטע, בלאָנדע, פלאַקסענע האָר, וואָס האָבן זיך געענדיקט מיט צוויי לאנגע צעפלעך, וואָס האָבן דערגרייכט ביזן נאָפל. ווער סע האָט זי דערזען צום ערשטן מאָל, איז אים אָנגעקומען צו לאכן פון איר אויסזע, ווי א פארזעעניש, מיט טונקעלע זונשפרענקעלעך אויפן זעלטן געוואשענעם פנים. נאָר אז זי האָט זיך צעלאכט, אָדער כאָטש א שמייכל געטאָן, האָט דאָס פנימל אויפגעשיינט, גלייך סע וואָלט אויפגעגאנגען די זון בעת סע גייט א רעגן... אירע אומגעוואשענע, אָבער דאָך ווייס בלישטשענדיקע גרויסע ציין, האָבן פארפלייצט ארום זיך א חן מיט פרייד, וואָס גיסט זיך אריבער און דערגרייכט אויך צו יענע, וואָס קוקן זיך אמאָל, צופעליק צו איר צו. נאָר ווען קאָן מען ביי איר זען א שמייכל?

דאָ, ביי איר מומע, וואו זי איז פאמעלעך פארוואנדלט געוואָרן פון אן אויפצעכטלינג אין א פשוט קליין דינסטל, וואָס טוט אָפ כמעט אלע שטוב־ארבעטן, האָט זי נישט קיין צייט און אויך נישט די שטימונג פאר א שמייכל. אפשר ביי נאכט אין חלום, ווען זי איז פארזינקען אין א הארטן שלאָף, נאָך א שווערן אָפגעהאָרעוועטן טאָג, וואָס איז געווען איבער אירע יונגע כוחות, דעמאָלט קאָן זיך פארגנבענען א שמייכל ביי די מוילווינקלען.

איין זאך איז אָבער יאָ גוט דאָ, ביי דער מומען. זי האָט כאָטש וואָס צו עסן און צו דער זעט. דאָס וואָס ביי אירע עלטערן האָט זי ווייניק געהאט, נאָך בעת די מוטער אירע האָט געלעבט. איצט, ווען זי איז געבליבן א יתומה, ביי א שטיפמוטער, וואָס קאָן זי זיך שוין דאָרט דערווארטן? איז נעמט מען אָן באהבה און מע פרואווט זיך אדורכשלייכן דאָס שווערע לעבן. אנדערש קאָן מען דען וואקסן?!

— גיטל! גיטטל! געטטל!

אַט דאָס איז די מוזיק, צו וועלכער זי האָט שוין צו ביסלעך זיך צוגעוווינט. אָבער זי וואונדערט זיך נאָך אַלץ: פאַר וואָס ביים דריטן אויס־רוף פון איר נאָמען, ווערט פאַרוואַנדלט דער חירק אין אַ סגול, און סע ווערט פון גיטל — געטל, אפשר אים צו געבן מער אָפּהילך?...

שוין דריי יאָר ווי זי הערט אָט די גרילצנדיקע מוזיק, צו וועלכער זי האָט זיך שוין אַ ביסל צוגעוווינט, אָבער דאָך גרילצט ס'עס און ס'ערגערט אין די אויערן־פּייקעלעך. און צוליב וואָס, צוליבן הוילן עסן?

די עלטערע שוועסטער אירע, ביילע, איז איר געקומען צו הילף און האָט פאַר איר געפונען אַן אַנדער „אָרט". זי האָט זיך געטראַכט, אַז אויב שוין יאָ זיין אַ דינסט, איז זאָל מען כאָטש איר באַצאָלן דערפאַר. ווי קליין דאָס געהאַלט זאָל נישט זיין, וועט דאָך זיין מיט וואָס זיך אָנצו־טון, פון צייט צו צייט אַרויפצוואַרפן אויף זיך אַ קליידל, צי אַ פּאָר שיך, און נישט אַרומגיין מיט אַלטע צעריסענע שקראַבעס, וואָס אַנדערע וואַרפן אַוועק.

אַזוי איז זי אָנגעקומען צו יידל סעגאַל אין הויז. דאָ איז שוין ביז איצט געווען אַ משרת, אַן עלטערע פרוי, פאַראַסקע האָט מען זי גערופן, אָדער פאַרקירצט: פּאַראַ! זי פלעגט קומען אין דער פרי און אָפּטון די הויפּטאַרבעטן אַרום דער ווירטשאַפט. זי האָט אויסגעמאָלקן די קו, ריין געמאַכט אין שטוב און צוגעגרייט אויך דאָס עסן פאַר די בעלי־בתים. נאָך מיטאָג איז זי געגאַנגען אַ היים צו איר משפּחה.

איצט איז גיטל געוואָרן איר אויסהילף, טו'ענדיק די אַרבעטן, וואָס זענען איבערגעבליבן, ווען פאַראַסקע איז אַוועק אַהיים, צו איר היים.

# אַן אָקסיש־לעבן

— וואַ־האָו, וואַ־האָו!

— וואַ־האָו! וואַ־האָו!...

גאַנץ פרי, איידער עס שאַריעט דאָס באַגינען, איז אויף אַ קורצער צייט טונקעלער ווי די גאַנצע נאַכט איז געווען. דאַכט זיך אַז איצט, אין דעם מאָמענט, גיט זיך די לעצטע שלאַכט צווישן טאָג און נאַכט, צווישן ליכט און פינצטערניש. דערפאַר איז איצט דאָס דאָרף, דאָס באַרגיקע מאַ־ראַמאָרעשער דאָרף, מער איינגעהילט אין חשכות. ווער וועט גובר זיין אין

אָט דעם געראַנגל? דאָס איז נישט קיין שאלה. גובר זיין וועט דאָס ליכט, דער טאָג. ווייל אזוי איז עס שוין משׁשת ימי בראשית. אָבער די נאַכט לאָזט זיך נאָך נישט בייקומען און נעמט צונויף אירע לעצטע כוחות. איז דערפאַר איצט, ערב באַגינען, נאָך פינצטערער. מע קאָן זי אָנטאַפּן מיט די פינגער, די פינצטערניש. אָבער דאָס איז נאָר אויף א קורצער צייט, עטלעכע מינוטן. דערנאָך הויבט אָן צו פאַרשווינדן דער טונקעלער פיר־האַנג, זיין אָרט פאַרנעמט א גרויער טול, א דורכזיכטיקער, דורך וועלכן די ליכטיקע שיין שטעכט אדורך קודם שוואַכע, כמעט נישט אָנזעעוודיקע, דערנאָך וואָס א מאָל מער אויסגעשאַרפטע שטראַלן־שפּיזן...

נו, קאָן דען א מענטש וואַרטן אלע מאָל, און זיך אַרויסלאָזן אין וועג, ערשט נאָכן באַגינען? דערגייט דען דער טאָג? איז דערפאַר הערט זיך נאָר א סקריפּען פון א וואָגן, סע גרילצן די אויסגעטרוקנטע רעדער אויף די זעלטן גיעשמירטע הילצערנע אַקסן, און פון צייט צו צייט הערט זיך פּונקט אזא סקריפּענדיק קול, א הייזעריקס פון מידקייט, פון דאגות, פון א שווער געהאָרעוועט לעבן:

— וואָהאָו, וואָ־האָו!

ערשט ווען עס הייבט זיך אָן צו באַווייזן א נישט־געוואַגטע שיין, א ליכט פונעם באַגינען, קאָנטורירן זיך געשטאַלטן, ווי אין א פאַרנעפּלט געמעל, א וואָגן וואָס ווערט געשלעפּט פון א פּאָר פּוילע, מידע אָקסן, אונטערגעטריבן פון א הויכן ייד, מיט א לאַנגער באָרד און פיאות, אייב־געהילט אין א טלית איבער די אָנגעטוענע תפילין. פון צייט צו צייט איז ער מפסיק דאָס דאַווענען זיינס און טרייבט אונטער מיט דער בייטש: וואָ־האָו! וואָ־האָו! אָדער ווען די אָקסן דאַרפן פאַרקערעווען אויף רעכטס, טרייבט ער זיי אונטער מיט א: „טשאַ, טשעאאאאַ!" אָדער ווען מע דאַרף פאַרקערעווען אויף לינקס: „היעיס! העיס!" וואָס פאַר א לשון איז דאָס? מען קאָן, דאַכט זיך, אָט די ווערטער נישט געפינען אין קיין שום ווערטער־בוך. דאָס איז א מין עספּעראַנטאָ פאַר אונטערצוטרייבן אָקסן. דאָס פאַר־שטייען נאָר אָקסן, אָט די ווערטער, און אויך מענטשן וואָס פאַרשטייען זיך איין צו רעדן מיט זיי אויף זייער שפּראַך.

אגב, קאָנען אלע חיות און בהמות אלע שפּראַכן, נאָר נישט די דאָזיקע, מיט וועלכער דער מענטש רעדט געוויינטלעך יעדן טאָג...

אויף ר' חיים־בערן, וואָס טרייבט אונטער איצט אָט די אָקסן, וועט אים קיין מאָל נישט איינפאַלן צו רעדן מיט זיינע בהמות אויף יידיש. ער ווייסט (און ווער ווייסט דאָס דען נישט?) אז מיט בהמות, אָדער מיט הינט,

צי מיט קעץ, דארף מען רעדן אן אנדערע שפראך. ער רעדט מיט זיי רומעניש. אנדערע רעדן מיט זיי אונגעריש, רוסנאקיש, זוכן א לשון, וואָס די דאָזיקע באשעפענישן פארשטייען. דאָס זעלביקע טוען אויך די רומע־נער, די אונגערן — זיי רעדן מיט זיי מיט יידישע ווערטער...

דער ריבונו־של־עולם וועט זיך מיסתמא נישט בייזערן אויף אים, וואָס ער רעדט אויס אין מיטן דאווענען אָט די וואָכעדיקע ווערטער פון אָקסישן לשון. געווי אזוי ווי אזוי ער בייזערט זיך נישט, פאר וואָס ער האָט אָנגעהויבן דאָס דאווענען אזוי פרי, איידער עס איז אויפגעגאנגען דער מאָרגנשטערן... ביז ווען זאָל ער ווארטן מיטן דאווענען? אָט באלד קומט ער שוין אָן אין וואלד אריין, וועט ער דאָך מוזן אין איילעניש צונויפנעמען דעם טלית און תפילין און אָנלאָדן די דעמבעס — און פון דאָס ניי וועט זיך הערן, נאָך מיט מער אימפעט: „וואָ־האָו! וואָ־האָו!" ביז אין דער נאכט אריין וועט ער דאָך אזוי אונטערטרייבן זיינע אָקסן, כדי וואָס מער דעמבעס אָפצופירן פונעם וואלד ביז צו דער באן, וואו מע וועט זיי אָנלאָדן די דעמבעס, דאָס מאָל אויף די וואגאָנדלעך, וואָס וועלן פירן דאָס האָלץ ביז צום גאטער, אין שטעטל, און זיי פארוואנדלען אין ברעטער.

„וואָ־האָו, וואָ־האָו!" שלעפט ער די מידע פיס זיינע, וואָס טאָפּ־טשען די בלאָטע, וואָס האָט זיך ברייט פארפלייצט איצט, נאָך א רעגנדל.

ר' חיים־בער איז צווישן די ווייניקע יידישע בעלי־עגלות, וואָס פירן האָלץ פונעם וואלד מיט אן אָקסעניעם וואָגן. דאָס רוב יידישע בעלי־עגלות פירן האָלץ מיט פערד. אמת, פערד לויפן גיכער, גייען אין טראָפּ, בעת אָקסן גייען נאָר אין שפאן אויך ווען מע נידערט א בערגל — אָבער זיי קאָנען פירן א גרעסערע משא ווי פערד. מיט אן אָקסענעם וואָגן קאָן מען פירן אין צוויי גענג, וויפל מיט פערד אין דריי מאָל. און ערך אזוי פיל. דאָס איז איינע פון די סיבות, פאר וואָס ער איז געבליבן ביי אן אָקסענעם וואָגן. אָבער די הויפט־סיבה איז געווען, וואָס ער איז צוגעוווינט צו אָקסן. די שכנים זיינע, די נישט־יידישע, האָבן אָקסן. זיין פאָטער האָט אויך געהאט אָקסן — איז ער אויך געבליבן ביי אָקסן. מיט זיי פארשטייט ער זיך איין בעסער. זיי קענען זיין לשון און ער פארשטייט זייער „לשון". נאָך מער, מיט זיי פארשטייט ער זיך בעסער איין אפילו ווי מיט ד מענטשן... ווען און וואו באגעגנט ער דען די מענטשן? דאָס רוב לעבן זיינס פארברענגט ער דאָך מיט די אָקסן. מיט זיי פארדינט ער

אויך אויף חיונה. פאַר זיי רעדט ער זיך אַראָפּ פונעם האַרצן. מיט זיי פאַרשטייט ער זיך איין, בעסער און לייכטער ווי מיט די מענטשן...

אויך דער קאָליר פון זיין באָרד און פּיאות האָבן כמעט די זעלביקע קאָליר פון זיינע אָקסן. זיי זענען אויך אַזוי רויטלעך־בלאָנד, ווי די אָקסן זיינע. אויך דאָס קול זיינס סאַמעוועט מיטן מערוקען פון די אָקסן זיינע... אַנומעלט האָט ער געהערט, ווי די קינדער אויף דער גאַס האָבן אים נאָכגעקרומט, ווי אַזוי ער דוכנט. יאָ, אמת, אַ סך מאָל האָט ער אַליין זיך ווי דערשראָקן פון זיינע אייגענע ווערטער, זיין אייגן קול, ווען ער האָט אויסגעלאָזט ווי אַ געשריי, ווי אַ מערוקען פון אַן אָקס: „יברכך!"...

דעמאָלט האָט ער אַ טראַכט געטאָן: פאַר וואָס האָט אים גאָט אַזוי געשטראָפט אויך מיט דעם, וואָס ער איז אַ כהן?... צו וואָס האָט אים דאָס געטויגט, אַז ער זאָל דאַרפן יעדן יום־טוב דוכנען?

אַלץ איז ביי אים אַ שטראָף פון גאָט. נישט נאָר וואָס ער איז אַ כהן. נאָר אויך דאָס, וואָס ער עקזיסטירט, וואָס ער לעבט, יעדער ריר און ווענד זיינער איז אַ קללה פון גאָט. האָט ער דערפאַר נישט איין מאָל געטראַכט, אַז ער איז שוין מקנא זיין ווייב, רוען זאָל זי אין גן־עדן, וואָס זי האָט צוגעמאַכט די אויגן ביים געבוירן פון זייער זעקסט קינד... און אויך דאָס דאָזיקע געפיל איז נישט געווען קיין קלאָרס ביי אים, נאָר פאַרמישט מיט אַלערליי טעמים, אומאָנגענעמע: טייל מאָל האָט ער זי פאַרטיילט, ווי מע פאַראורטיילט אַ פאַררעטער אָדער ווי אַ דעזערטיר וואָס אַנטלויפט אין דער סאַמע מיטן פון די שלאַכטן, וואָס האָט געטאָן אַ שטאַרב אַוועק און אים איבערגעלאָזט ווי אויף צו להכעיס: אַנו, גיב דיר אַן עצה אַליין, אָן מיר מיט זעקס קינדער!... ניין, אַזוי טוט נישט קיין איינשטענדיקער מענטש. אַזוי טוט נאָר אַ שונא... און טייל מאָל האָט ער געבענקט, נישט נאָר אַזוי נאָך איר אַליין, ווי נאָך דעם וואָס זי דערמאָנט אים. ווייל אַזוי לאַנג זי האָט געלעבט, איז ער נאָך געווען אַ שטיקל מענטש. אמת, ער האָט אויך דעמאָלט געהאָרעוועט ווי אַן אָקס צוזאַמען מיט די אָקסן זיינע, כדי צו פאַרדינען אויפן שטיקל ברויט פאַר זיין בני־בית. אָבער דאָס לעבן האָט נאָך דעמאָלט געהאַט אַ זינען. אויך צווישן די מענטשן האָט ער אַנדערש אויסגעזען. דעמאָלט האָט מען אים נאָך גערופן „ר' חיים־בער". אָבער אַזוי ווי זי, זיין ערשט ווייב איז אָפּגעשטאָרבן, איז ער אויך ווי אָפּגעשטאָרבן. פון אים איז איבערגעבליבן בלויז אַ שיריים, אַן איבערבלייבעכץ, וואָס איז שוין נישט ער. אין איר קבר האָט זי מיטגענומען אַ חלק אויך פון זיין לעבן. דערנאָך האָט אים

שוין קיינער נישט גענזאָגט „ר׳ חיים־בער״, נאָר פשוט: „חיים־בער״. דאָס איז געווען דער ערשטער סימן, אַז ער איז שוין נישט ער, שוין נישט דער זעלביקער, וואָס ער איז געווען, נאָר א יורד, אַן אָפּגעקומענער.

(אגב, איז יעדער אלמן א האלבער מת. די העלפט פון זיין לעבן איז אריין אין קבר מיט זיין פרוי...)

נאָך מער, זינט א צייט האָט ער געהערט, אַז הינטער די אויגן זאָגט מען שוין א מאָל נישט „חיים־בער״ — היינט זאָגט מען שוין נאָך איינפאַכער: חיים־פערטש...

— וואָ־האָו! וואָ־האָו! טרייבט ער אונטער מיט דער בייטש זיינע אָקסן, און רעדט אויס אין מיטן דאַווענען, און רייסט איבער זיינע טרויע־ריקע מחשבות וואָס באַמבלען זיך אים אַצינד אין קאָפּ, ווען דער וואָגן רירט זיך קוים, סקריפּענדיק, און שניידט אריין זיינע רעדער אין ליימע־נער בלאָטע, וואָס קלעפּט זיך צו און לאָזט נישט פאָרויס גיין נישט אים, נישט די אָקסן — די גאַנצע וועלט זיינע איז ווי צוגעשמידט צו דער בלאָטע...

# אַן אומגליק — א לעבעדיקער מת

— גיטל, גיטל! וואו גייסטו ארום א גאַנצן טאָג, אַז ווען מע רופט דיך, געפינט מען דיך קיין מאָל נישט?

— איך בין דאָ, מומע, איך בין דאָ. וואו זאָל איך זיין? — פאַר־ענטפערט זיך שוין צום וויפלטסטן מאָל היינט, דאָס מיידל.

— וואו „ביסטו דאָ״, אַז דו הערסט נישט און ווערסט פארפאלן און מע זעט דיך נישט גאַנצע שעהן? אַנו, דערלאַנג מיר דעם האַנטעך.

זינט א צייט איז אָט דער שמועס א געוויינטלעכער רעפרען, וואָס חזרט זיך איבער כמעט נאָך יעדע פינף מינוט. יעדעס מאָל רופט זי די באַלעבאָסטע און זאָגט איר עפּעס, וואָס איז פון גאָר א קליינעם באַטייט. מער איז עס אַן אויסרייד זיך צו פארזיכערן, אַז דאָס מיידל איז דאָ, אין איר סביבה, אַז זי איז נישט געבליבן אליין. זי וויל זי זען, תמיד וויל זי זי האָבן אונטער די אויגן, אונטער איר השגחה. איז ווי נאָר זי האָט איר געגעבן א באַפעל צו טון עפּעס, און יענע איז אַוועק צו דער ארבעט, צו

וועלכער זי האָט זי טאַקע געשיקט, קומט ביי איר אויף א נייער געדאַנק און זי רופט זי תיכף צוריק און גיט איר אַן אַנדערן באַפעל, וואָס האָט גאָרנישט צו טון מיטן פריערדיקן באַפעל. מע דאַרף זיין צו נאַריש אָדער נאַאיוו, דאָס נישט צו באַמערקן, אַז נישט די באַפעלן זענען דאָ דער עיקר, נאָר דאָס פאַרזיכערן זיך, אַז זי איז דאָ, נישט ווייט פון איר בעט...

מלכה, דאָס אַמאָליקע שיינע ווייבל פון יידל סעגאַל, איז אַמאָל געווען א גוטע נשמה. זי האָט קיין מאָל קיינעם נישט באַרירט מיט א וואָרט. אדרבה, מע האָט זי געקענט פאַר איינער, וואָס איז גרייט אַרויסצוהעלפן א נויטבאַדערפטיקן. אויב עס איז צו זיי אַריינגעפאַלן א ייד, וואָס קלייבט נדבות, איז ער פון איר הויז נישט אַרויסגעגאַנגען אַן אומגעגעסענער, און טייל מאָל אויך מיט א מלבוש. שוין נישט קיין נייס, א ביסל אָפּגעניצט, אָבער דאָך א מלבוש, וואָס קומט צו ניץ פאַר איינעם, וואָס איז אָפּגעריסן. יאָ, אַזוי איז זי געווען באַקאַנט, פאַר א גוטהאַרציקער נשמה. יאָ, אַזוי איז עס געווען אַמאָל, ביז זי איז קראַנק געוואָרן.

זינט זי איז קראַנק געוואָרן, האָט זי זיך געענדערט. האָט אויפגעהערט צו רעדן נאָרמאַל, ווי זי איז געווען געוואוינט. איצט רעדט זי נישט בלויז מיט אַנדערע ווערטער, נאָר אויך מיט אַן אַנדער טאָן, גלייך זי מאַכט אַלעמען מיט יעדן וואָרט א פּירוואָרף, גלייך מע וואָלט שולדיק געווען אין דעם, וואָס זי איז ווי צוגענאָגלט צום בעט און קאָן זיך נישט רירן. שוין יאָרן אַזוי. און וואָס מער די צייט גייט פאַרביי, אַלץ מער אויפגעטראָגן ווערט זי, אַלץ מער באַלעסטיקט זי מיט אירע פאַרלאַנגען. אפילו דאָס מיידל, וואָס האָט זי באַדינט געטריי, טאָג און נאַכט, און איז אויפגעשפּרונגען, ווי נאָר זי האָט געהערט איר קול, ווי נאָר זי האָט דערהערט איר בקשה (יאָ, אַזוי האָט עס אָפּגעקלונגען אין די ערשטע וואָכן — שפּעטער האָט זיך עס פאַרוואַנדלט צו ביסלעך אין באַפעלן!). ווייל זי האָט געוואוסט אַז נישט נאָר וואָס זי איז דאָ א משרת, און מוז אויספירן יעדן באַפעל, אויב זי וויל אויפהיטן איר פּאָסטן דאָ, וואו זי געפינט צו עסן און אויך עפּעס געהאַלט, וואָס דער פאָטער אירער מאָנט איין יעדן חודש, — נאָר זי האָט זיך שוין געפילט ווי צוגעצויגן צו איר באַלעבאָסטע. זי האָט זי באַדינט מיטן גאַנצן האַרצן, ווייל זי האָט רחמנות געהאַט אויף איר, וואָס איז עלטער פון איר מיט קוים עטלעכע יאָר, און שוין איז זי פאַראורטיילט צו ליגן אין איר צימער ווי אין תפיסה. ניין, נישט ווי אין א תפיסה, ווייל דאָרט איז מען טאַקע איינגעשפּאַרט, אָבער מע קאָן דאָך זיך רירן און אפילו אַרומגיין אין קאַמערל —

און ועל־כולם איז מען דאָך איינגעשפּאַרט אויף א צייט און מע האָפט א מאָל ארויסצוגיין אויף דער פריי. זי אָבער, ליגט נעבעך אין בעט, ווי א ליים, אָן א ביסל האָפענונג, אז זי וועט א מאָל זוכה זיין, זיך צו קאָנען אויפזעצן און נעמען אליין א לעפל אין מויל אריין.

אזוי איז עס געווען ביז א צייט. דאָס איז אָבער געווען אמאָל, אין די ערשטע חדשים. מיט דער צייט האָבן זיך די באציאונגען געענדערט. די באַלעבאָסטע האָט זיך געענדערט, נישט גיטל. די באַלעבאָסטע האָט אָנגעהויבן זען אין איר א שונא, גלייך זי, גיטל, וואָלט שולדיק געווען אין איר קרענק. די דאָזיקע שנאה איז נישט געווען קיין פּערזענלעכע, נאָר, אָן אלגעמיינע, וואָס זי האָט אָנגעהויבן פילן, אָן א כּאַרוואָס, לגבי אלע יענע וואָס זענען געווען געזונט. גלייך ווי זייער געזונט זיין וואָלט געווען אויף איר חשבון...

מיט דער צייט האָט אָבער אויך זי, גיטל, זיך געענדערט. זינט א צייט באדינט זי שוין נישט מיט דער זעלביקער געטריישאַפט, ווי זי האָט עס געטאָן פריער. איצט טוט זי צו מאָל ווי אויף צו להכעיס. נישט נאָר זי איילט זיך שוין נישט אזוי שטארק אויסצופולן איר באגער, נאָר זי האָט אָנגעהויבן אויך אָפּצוענטפערן מיט א וואָרט.

סע האָט זיך געפילט אין דער לופט, אז דער כוס איז שוין כמעט פול, און סע פעלט שוין נישט קיין סך, אז ער זאָל איבערגיין. די באַציאונגען זענען געווען געשפּאַנטע, אָבער זי, מלכה, האָט נישט געוואגט צו זאָגן איר מאַן, אז זי וויל נישט מער אז דאָס דאָזיקע מיידל זאָל זי באדינען. זי האָט מורא געהאַט, אז ביז וואָס ווען, וועט זי בלייבן אָן א געהילף, ווייל פּאראסקע אליין קאָן זיך דאָך נישט באַפּאַרען, איז ווער וועט זיך מיט איר מתעסק זיין? קאָן זי דען בלייבן כאָטש אויף א שעה אליין אָן א געהילף?

האָט זי געליטן און פון צייט צו צייט אויסגעבראָכן אין היסטערישע געשרייען, וואָס האָבן אָנגעפולט דאָס צימער, ווי מיט א פאַרסמטן רויך, וואָס שטיקט און לאָזט נישט אָפּעטעמען קיינעם ארום איר. די שטימונג איז געווען א געשפּאַנטע, אָבער קיינער, קיין איינער פון זיי אלע דריי, האָבן נישט געקאָנט געפינען קיין אויסוועג, דעריבער האָט קיינער נישט א מאָל געטראכט וועגן אָן אויסוועג, נאָר געלאָזט אז די זאכן זאָלן זיך גיין זייער נאָרמאלן וועג, און די צייט (אוי, וויפל פּראָבלעמען האָט די „צייט" צו דערליידיקן?) וועט מסתמא, מיט דער צייט, געפינען א לייזונג אויך פאר

אַט דעם אַנגעווייטיקטן לעבן, וואָס שטייט נישט אויפן אָרט, נאָר פאַר־ערגערט זיך מיט יעדן טאָג וואָס פאַרגייט.

אין א טאָג איז געקומען דער טראָפן, וואָס האָט איבערגעגאָסן דעם כוס. ווי אזוי סע האָט זיך געמאכט אז דאָס זאָל געשען, געדענקט קיין איינער נישט פון זיי. דאָס איז געשען אָן קיינעמס ווילן, קיינער האָט דערצו נישט געטראכט און נישט געקאָנט זיך פאָרשטעלן, וואָס סע קאָן דערפון ארויסקומען. אָבער א פאקט איז, אז פון דאָרט, פון איר בעט, האָט זי דער־זען ווי אין א חלום, אז גיטל, דאָס דינסט־מיידל, האָט ווי שטיפעריש דערלאנגט דעם באלעבאָס איבער דער האנט, גלייך זי וואָלט אים אוועקגעטריבן פונעם בעט פון דער קראנקער, ווען זי האָט זיך דערנענטערט צו געבן איר א שעלעכל טיי.

דעמאָלט, אין דער סעקונדע, איז געבוירן געוואָרן אין מוח פון דער קראנקער א געדאנק, וואָס האָט אָנגעהויבן צו בויערן ווי א וואָרעם, אז אָט דער כמעט אומשולדיקער זשעסט פאַרראָט אָן אינטימקייט, וואָס איז נישט באַרמאל צווישן א משרת און א באלעבאָס, אויך דעמאָלט, ווען מע רופט אָט יענעם באלעבאָס „פעטער”.

זי איז טאקע געלעגן אין בעט ווייטער, צוגענאָגלט צו איר געלע־גער, ווי ביז איצט, אָבער מיט איר פאנטאזיע איז זי ארומגעגאנגען אין גאנצן הויז און אויסער דעם הויז, אין הויף, אין דער שטאל און — בפרט אויפן שטאלן־בוידעם, וואו נאָר דאָס מיידל האָט געהאט צו טון. מיט איר קראנקהאפטיקן, אייפערזיכטיקן געדאנק, האָט זי נאָכגעפאָלגט יעדן שריט אירן און זיך צוגעהערט צו יעדן שאָרך, וואָס איז געקומען זינט א צייט, פארגרעסערט ווי מיט א הילכער...

דאָס וואָס דער מאן אירער, יידל סעגאל, האָט נישט א מאָל אין אכט גענומען די דאָזיקע קליינקייט, דער אומבאמערקטער זשעכט, האָט איר געעפנט די אויגן אז צווישן איר מאן און איר דינסט, פון וועלכער מע הערט כמעט נישט קיין הויך וואָרט, קומט עפעס פאָר, וואָס שטייגט איבער די באציאונגען צווישן א משרת און א באלעבאָס.

פון דעמאָלט אָן האָט מען זי געהערט שרייען, אזוי אין דער וועלט אריין, גלייך זי וואָלט גערעדט צו זיך אליין:

— דאָס איז א פשוטער אומגליק, א לעבעדיקער אומגליק אין שטוב...

א פרעמדער וואָלט נישט געוואוסט וועמען זי מיינט. ווער איז דער לעבעדיקער אומגליק: דאָס געזונטע מיידל וואָס גייט ארום אין שטוב, צי זי, וואָס ליגט אין בעט, ווי א לעבעדיקער מת...

# תאוהדיקער קורצשלוס

ביז א צייט האָט ער זי כמעט נישט אין אכט גענומען. זי איז דאָך געווען ביי זיי אין שטוב, פשוט און נאטירלעך, ווי עס איז א לעבעדיק וועזן אין א שטוב. ווי למשל א קאַץ, אָבער אויף קיין אופן נישט ווי א פרוי. און אוודאי נישט איז ער נישט געווען לגבי איר קיין מאנצביל. דאָס מאָל אָביער איז געשען א קלייניקייט. זיי האָבן זיך באַ־געגנט אין דער סאמע טיר וואָס האָט געפירט פון שטוב אין געוועלב אריין. די טיר איז געווען א שמאָלע און עס איז אים נישט געבליבן קיין אנדערער אויסוועג ווי זיך איינצושרימפּן און אדורכגיין און גלייכצייטיק זי לאָזן אדורכגיין. אייגנטלעך איז יאָ געווען אן אנדערער אויסוועג, אז איינער זאָל, אין א פראקציע פון א סעקונדע, זיך צוריקציען אויף א שפּאַן און לאָזן צו ערשט אדורכגיין דעם צווייטן און ערשט דערנאָך אליין אדורכ־גיין. אָבער פאר דעם איז שוין געווען צו שפּעט. עס איז קיינעם נישט געקומען אויפן געדאנק, אז זיי ביידע קאָנען נישט אדורכגיין די טיר, אָן דעם, אז זיי זאָלן זיך באַרירן, און דאָס אומשולדיקע באַרירן זאָל זיין אזוי געפערלעך, גלייך סע וואָלטן זיך באַרירט צוויי עלעקטרישע דראָטן, אָנגע־לאָדענע מיט עלעקטרישן שטראָם און האָבן ארויסגערופן א קורצשלוס, א גייסטיקן קורצשלוס...

א קורצשלוס, וואָס געשעט געוויינטלעך נאָכן באַרירן פון צוויי עלעקטרישע קאבלען, רופט ארויס קודם פונקען און כהרף־עין לעשט זיך אויס דאָס ליכט. דער קאבל ווערט פארברענט, ערגעץ וואו אויף דער ליניע, וואו ער איז שוואכער, דינער, און דער שטראָם ווערט איבערגעריסן. ער רינט נישט מער. דאָ אָבער איז געשען פארקערט. ווען יידל סעגאל האָט דערפילט דעם באַריר, האָט ער זיך צוזאמען געצויגן וויפל ער האָט נאָר געקאָנט, אז ער זאָל איר פּלאַץ מאכן, דאָך האָט ער דערפילט דעם הויך פון גיטלס אָטעם, דעם גערוך פון אירע פלאקסענע, בלאָנדע לאַנגע האָר, וואָס האָבן אים פארפלייצט מיט ווייבלעכקייט, וואָס ער האָט ביז היינט ביי איר לגמרי נישט אין אכט גענומען. און — ועל־כולם, האָט ער דערפילט אז דער באַריר מיט אירע עזותדיקע ברוסטן האָט אים פארוואונדיקט, אזוי ווייטיקלעך־זיס... טאקע אין דער דאָזיקער סעקונדע איז געשען דער „קורצשלוס״, דער אינערלעכער. זיין גאנצער קערפּער, פונעם מוח, לענג אויס דער חוט־השדרה, ביז דעם מינדסטן פינגערל פון זיינע פיס, האָט ער

דערפילט, ווי עס ריזלט זיין אַנגעצינדן בלוט, גלייך אַן עלעקטרישער שטראָם וואָלט אַדורכגעלאָפן. אָבער דער שטראָם איז נישט איבערגעריסן געוואָרן, ווי עס געשעט ביים עלעקטרישן, נאָר אדרבה, סע האָט זיך עפּעס אָנגעצונדן אין אים, און ערשט איצט האָט עס אָנגעהויבן ברענען, און וואָס א מאָל האָט עס האַסטיקער זיך צעפלאַקערט. פון א שוואַכן טליען איז עס בהדרגהדיק איבערגעגאַנגען פּאַמעלעך אין א פייער, וואָס האָט זיך צעפלאַקערט, אָבער, ווי, וואָס פאַר א גרויסן כוח דאַרף דער מענטש האָבן, כדי צו זיין ביכולת, אַז אויב נישט צו לעשן גענצלעך אַזא שרעק־לעך פייער, כאָטש עס צו פאַרדושען, צו דערשטיקן צוצודעקן מיט אַש, אַז סע זאָל נישט אַרויס מיט פלאַמען, וואָס קאָנען באַמערקט ווערן אויך פון פרעמדע, נישט געגאַרטע בליקן?!

יידל האָט זיך צוריקגעצויגן אין א ווינקל, ביי זיך אין געוועלב, ער האָט צוגעמאַכט די טיר מיט א האַסטיקן זעץ, כדי ער זאָל נישט האָבן פאַר זיך דאָס „לעבעדיקע אומגליק". ער האָט געמיינט, אַז אויך זי, גיטל, די דינסט זיינע האָט דערפילט דעם זעלביקן געפערלעכן שטראָם, וואָס האָט אים ווי עלעקטריזירט. און דאָס האָט אים צערודערט. ער האָט זיך געפילט אומבאַקוועם, גלייך ער וואָלט געוועזן א נאַקעטער פאַר פרעמדע בליקן. ווי אַזוי זאָל ער עס אויסבאַהאַלטן, דאָס בושה־געפיל, וואָס ער גופא האָט עס איצט דערפילט און סע זאָל דערפון קיינער נישט געוואויר ווערן? ניין, נישט קיין בושה־געפיל, נאָר א ווייטיק, וואָס מאַכט האַסטיקער דאָס עטעמען און דעם דופק.

ערשט איצט, זיצנדיק אויפן ווינקל פאַרטראַכט, מיט כמעט פאַר־גליווערטע בליקן, וואָס קוקן משתומם און דאָך זעען זיי גאָרנישט, האָט ער דערזען זיין טראַגישע לאַגע: דאָס ווייב זיינס איז פּאַראַליזירט שוין צוועלעכע יאָר. זי ליגט אין בעט ווי א פאַרגליווערטע, נאָר דאָס קול אירס לאָזט זיך פון מאָל צו מאָל הערן, אין א גרילצנדיקן געשריי, ווען זי מאָנט עפּעס. און דאָס מאָנען עפּעס איז שוין נישט קיין געבעט, אַז מען זאָל איר אַרויסהעלפן, מע זאָל איר דערלאַנגען א ביסל וואַסער, צי מע זאָל איר העלפן און דערלאַנגען דאָס נאַכטטעפּל — נאָר א מין כמעט ריש־עותדיק פירוואַרפן, וואָס זי איז ווי צוגענאָגלט צום בעט, בעת זיי באַוועגן זיך פריי לויט זייער ווילן. אָבער ווער איז דערין שולדיק? מיט וואָס איז ער שולדיק דערין?

דאָס בלוט איז אים פאַרלאָפן און געברענט זיין פּנים, ווען ער האָט זיך דערמאַנט אין יענעם טרויעריקן עפּיזאָד, ווען צוריק מיט יאָרן, ווען

ער האָט זי געפּרואווט ביישלאָפן און סע האָט זיך אים נישט איינגעגעבן טראָץ זיינע באַמיאונגען... אויך דעמאָלט איז עס נישט געקומען דער פּרואוו פון זיין איניציאַטיוו. זי איז געווען די וואָס האָט אים אָנגערעגט. ער איז דעמאָלט אוועקגעפאַלן אַן אומעכטיקער... זינט דעמאָלט האָט ער מער שוין קיין מאָל נישט געפּרואווט אפילו, און זי האָט אויך מער נישט דערוועגט דערפון.

די נעכט זענען געווען ביי אים קאָשמאַרישע, קראַנקהאַפטיקע, צעריסענע געמעלן פון שדים און לילית־טענץ, וואָס האָבן אים נישט דערלאָזט קיין רו. אין דער פרי איז ער אויפגעשטאַנען אַ נישט־אויסגעשלאָפענער: פיל מידער ווי ווען ער האָט זיך געלייגט.

טראָץ דעם האָט ער ווי נישט געזען, אַז אונטער זיין נאָז, ביי זיך אין שטוב, דרייט זיך אַרום ווי אַ מלאך (צי ווי אַ שד?) אַ לעבעדיק באַשעפעניש, וואָס איז ווי אַ שטראָף (צי ווי אַ ברכה?) פון גאָט, גיטל איז אַ שרייענדיקער קאָנטראַסט קעגן זיין קראַנק, געלעמט ווייב, וואָס ליגט ווי אַ לעבעדיקער מת אין בעט — בעת זי דרייט זיך אַרום איר. זי צו באַדינען, און פאַרשפּרייט רייץ, אַפילו אָן איר ווילן, בלויז מיט איר אָנוועזנהייט, מיט איר לייביקן געזונטן יונגן קערפּער, וואָס ער האָט ערשט איצט צום ערשטן מאָל דערפילט.

(יאָ, דאַכט זיך אַז זיין פרוי, פונעם קראַנקן בעט, האָט עס פריער דערזען, פאַר אים. און אפשר גאָר אַז דווקא מיט איר אייפערזוכט, פאַר וועלכער זי האָט נישט געהאַט קיין שום גרונט, האָט זי עס אים סוגערירט? האָט זי דאָך שוין לאַנג געשריגן אַז דאָס איז אַ לעבעדיקער אומגליק?!).

ווי אַזוי האָט עס געקאָנט געשען, טראַכט ער זיך איצט, אַז ער האָט עס נישט אין אַכט גענומען ביז איצט? וואו זענען געווען זיינע אויגן ביז איצט, ווי אַזוי האָט ער עס געקאָנט אויסמיידן ביז איצט? איז עס געפאַלן אויף זיין קאָפּ ווי אַ בליץ און אָנגעצונדן זיינע געבליטן און זיינע שוין אַזוי אויך ביז איצט אָנגעדראָלעוועטע אָדערן.

וואָס וועט געשען פון איצט אָן? ער האָט נישט געוואוסט, ווי אַזוי צו קוקן אין די אויגן פון אָט דעם נאַאיוון פּשוטן דאָרפישן מיידל. ביז איצט איז זי געווען אין זיין הויז, גלייך זי וואָלט געווען אַ מיטגליד פון זיין משפּחה, מע קאָן זאָגן אַפילו ווי אַ טאָכטער. ווער קוקט אויף זיין אַ טאָכטער ווי אויף אַ פרויענצימער? אַזוי איז עס געשען ביז איצט. ער האָט געקאָנט פאַרביי גיין פאַר איר אין דער פרי, אין די אונטערוועש. זי האָט געקאָנט אַרומגיין אין שטוב ביי נאַכט, ווען זיין פרוי האָט זי

געשריען, אז זי זאָל איר עפּעס ארויסהעלפן אין אירע שווערע באַוועגונגען, אין הוילן העמד. אָבער ער האָט דעמאָלט גאָרנישט באַמערקט, וואָס זאָל אים אויפרייצן, אז ער האָט פאַר זיך א יונגע הירשין, וואָס האָט געגנבעט צוויי בארן און זיי באַהאַלטן אין איר בוזעם?... ניין, ער האָט עס ביז איצט נישט באַמערקט און נישט געקאָנט באַמערקן, ווייל א נאָרמאלער מענטש דאַרף אזעלכע זאַכן נישט באַמערקן ביי זיין אייגענער שוועסטער צי טאָכטער, צי אפילו ביי א ברודערס א טאָכטער. אָבער איצט האָט זיך עס מיט א מאָל געענדערט. אַלץ האָט זיך געענדערט און איז דערשינען פאַר אים אין א נייער ליכט. ערשט איצט דערמאַנט ער זיך, ווי ער האָט זי געזען איין מאָל, אין מיטן דער נאַכט, ווען ער איז געגאַנגען טרינקען א ביסל וואַסער, אז ער האָט זי געזען אַן אויפגעדעקטע, סע האָבן זיך איר ארויסגעזען טיילן פון ווייבלעכן קערפּער, וואָס זענען געווייניטלעך צוגעדעקט. ער האָט זי פאַרזיכטיק צוגעדעקט און איז זיך צוריקגעגאַנגען אין זיין בעט ווייטער שלאָפן, גלייך ווי גאָרנישט וואָלט נישט געשען. אָבער איצט? איז עס שוין לגמרי עפּעס אַנדערש.

זיינע געדאַנקען זענען איבערגעריסן געוואָרן. דאָס מיידל איז אריינגעקומען אין געוועלב, פשוט, גלייך סע וואָלט צווישן זיי גאָרנישט נישט געשען:

— פעטער, איך דאַרף א ביסל צוקער, צו פאַרצוקערן די קאַווע פאַר דער באַלעבאָסטע.

— הם!... — האָט ער א ברום געטון. ער האָט דאָך נישט געקאָנט טאָן עפּעס אַנדערש, ווי קוים ארויסרעדן אָט דעם ברום. ער האָט זיך נישט געקאָנט אויפהייבן פונעם בענקל. דאָס איז ער נישט געווען בכוח צו טאָן. בעסער וואָלט שוין געווען, ווען סע זאָל אריינקומען איצט א קונה, אז ער זאָל זיך מיט אים פאַרנעמען און זיך צעשטרייען. אפשר וועט ער אזוי נישט זען פאַר זיך אָט דאָס לעבעדיקע באַשעפעניש...

אזוי פיל איז נאָך גוט, וואָס דאָס מיידל האָט זיך מיט גאָרנישט געענדערט. זי גייט ארום ווי גלייך סע וואָלט גאָרנישט געשען.

אפשר האָט דער באַריר, וואָס האָט אים אזוי אויפגעשויבערט די נשמה, נישט אויפגעוועקט פון איר טאָג־טעגלעכן שטילן לעבן, אפילו צניעותדיקן, דאָס באַשעפעניש, וואָס שלייכט זיך ארום אין זייער הויז, ווי א שאָטן, און האָט נישט קיין מאָל קיין שלעכטע מחשבות, ווייל זי איז דאָ נישט מער ווי א טאָלערירטע? זי איז דאָך דאָ, אין אָט דעם

הויז, נישט מער ווי א משרת, הגם זי רופט אָן דעם באַלעבאָס אירן „פעטער“ און די קראַנקע באַלעבאָסטע אירע „מומע“.

איז אָט דאָס, וואָס זי האָט זיך מיט גאַרנישט פאַרענטפֿערט און זעט זיך ווייטער צו טאָן איר שטוב־אַרבעט, איז דאָס אויך גוט. סע שטעלט פֿאַר אים נישט קיין תיכפדיקע פּראָבלעמען. מיט דער צייט, האָט ער געמיינט, וועט עס זיך פֿאַרגלעטן אָט די אויפגעשויבערטקייט. דערווייל האָט דאָס גליקל איבער דער טיר פֿונעם אַריינגאַנג אין געוועלב אָנגעקלונגען און אָנגעזאָגט, אַז עס איז אַריינגעקומען א קונה. האָט ער זיך אויפגעהויבן אים צו באַדינען און אויף דער מינוט פֿאַרגעסן פֿון זיינע בייזע מחשבות.

## בייטאָגיקע קאָשמאַרן

— גיטל, גיטל! זי פּאָפּט ווי געהרגעט און איך קאָן נישט צוטון אַן אויג... איך קאָן דאָ אויסגיין און קיינער וועט נישט א מאָל וויסן... גיטל, גיטל! גיב מיר א זופּ טיי.

אָט די געשרייען האָט מען געקאָנט הערן נאָר ביי נאַכט. ביי טאָג האָט מען געטנוי אַזוי געקאָנט הערן שרייען: „פּאַרא! הער, פּאַרא!“ צי „פּאַראסקע!“.

פֿונעם געשריי האָט זיך יידל אַדורכגעוועקט, אָבער ער האָט נישט געעפֿנט די אויגן. ער איז שוין געווען צוגעוווינט צו אָט די מין געשרייען, דערפֿאַר האָט ער געוואָלט פֿאַרזעצן זיין שלאָף. אָבער דאָס מיידל איז אַריינגעקומען מיטן ברענענדיקן לאָמפּ אין איין האַנט און מיט א שעלעכל טיי אין דער צווייטער, האָט ער נישט ווילנדיק געעפֿנט די אויגן און פֿאַר אים איז דערשינען דאָס געשטאַלט, וואָס ער האָט געהאַט אין זיין מוח שוין זינט חדשים לאַנג, און דאָך איז עס איצט פֿאַר אים ווי עפּעס נייס, וואָס ער זעט איצט צום ערשטן מאָל. די שיין פֿונעם ליכט האָט אַדורכגעלויכטן דאָס דינע, לייוונטענע העמדל פֿונעם מיידל און עס האָט זיך אָנגעזען די פֿאָרעם פֿונעם מיידלשן קערפּער, גלייך זי וואָלט פֿאַר אים דערשינען אַן אויסגעטאָנענע. די פֿאָרעמען האָבן אַרויסגעשפּאַרט ווי זיי וואָלטן געוואָלט אַרויס פֿון א קליעם. מעגלעך אַז דאָס האָט זיך אָנ־

געזען, און מעגלעך, אז דאָס האָט זיך אים בלויז געדאכט. אלץ איז דאָך מעגלעך, ווען מע וועקט זיך אָקערשט אדורך פונעם שלאָף, פון א קאָש־מארישן, אָנגעלאָדענעם שלאָף. דעמאָלט גיסט זיך דאָך צונויף דער חלום מיט דער וואָר...

אין אזא מצב האָט ער דאָך סיי ווי סיי נישט געקאָנט איינשלאָפן, האָט ער זיך אויפגעהויבן און איז ארויסגעגאנגען פונעם צימער. ער איז ארויס אין דרויסן, ווי מיט אן אויסרייד משתין צו זיין, אָבער אין דער אמתן איז ער געגאנגען בלויז אזוי, נישט צו זיין אין צימער ווען דאָס מיידל וועט זיך צוריקקערן צו איר געלעגער, אין דער קיך.

ערשט ווען ער האָט געזען אז דאָס ליכט האָט זיך ווידער אויסגע־לאָשן, האָט ער פארשטאנען, אז דאָס באדינען פון זיין ווייב האָט זיך געענדיקט. דעמאָלט איז ער צוריקגעקומען, מכלומרשט טרינקען וואסער און א שעפטשע געטאָן, מע זאָל אים קוים הערן:

— וואו געפין איך א גלאָז וואסער?

דאָס מיידל האָט דאָס דערהערט, האָט זי זיך תיכף אויפגעכאפט, אים צו דערלאנגען א גלאָז — אָבער זי האָט נישט געקאָנט מאכן קיין איין שפאן נישט. דער וועג איז איר פארשטעלט געוואָרן. זי איז געפאנ־גען געוואָרן ווי א שוואלב אין א פאסטקע, פון וואו מע קאָן שוין נישט ארויספליען...

זי האָט גאָרנישט געזאָגט. זי האָט נישט געוואגט ארויסצורעדן קיין וואָרט, כדי די „מומע" זאָל נישט דערהערן. אָבער זי האָט געצאפּלט ווי א פישל אין א נעץ. זי האָט זיך נישט געפרואווט ארויסרייסן פון דעם שאָטן, וואָס האָט זי געהאלטן ווי געפאנגען. זי איז געשטאנען א רעזיג־נירטע און נישט געוואוסט וואָס צו טאָן. דאָס איז דאָך געווען ביי איר דער ערשטער פאל, האָט זי נישט געוואוסט אויף וועלכער וועלט זי געפי־נט זיך. זי האָט זיך געפילט און נישט דערפילט. זי האָט געוואוסט און נישט געוואוסט: דארף זי אים אָפּשטויסן מיט פאראכט צי דארף זי אים צוציען און אָננעמען פאר ליב, ווי א פאטאליטעט, צוליב זיין מצב, וואָס זי האָט געקאָנט אין דער גרעסטער טראגישקייט, און אויך איר מצב, וואָס איז גאָרנישט אזוי קלאָר. עס איז דאָך דאָס גאנצע אזוי מאָדנע פאר־פלאָנטערט ווי א קאָשמאר, ווי א בייזער חלום.

ער האָט דערפילט איר צאפּל, וואָס האָט זיך איבערגעטראָגן אין זיינע חושים און אים אָפּגעשוואכט, אויסגעמאטערט. קודם האָט ער געזוכט זיך צוריקצוהאלטן אוסצומיידן סיי וועלכן שאָדן, כדי נישט אדורכצו־

וועקן זיין פרוי. סע האָט זיך אים אויסגעדאכט, אז ער איז נאָך ביכולת צו זיין פאַרזיכטיק, נישט צו מאכן קיין רעש, אָבער אין דער אמתן האָט ער פארלוירן דעם קאָנטראָל איבער זיך. (ער האָט דאָך שוין נישט געוואוסט וואָס ער טוט. צי מאכט ער יאָ, צי נישט קיין רעש. וואָס אינטערעסירט עס אים איצט? סע גייט דאָך אים איצט גאָרנישט און קיינער נישט אָן. באַר איין זאך פילט ער (ער ווייסט פון גאָרנישט, אָבער פילן פילט ער. דאָס גאנצע וועזן זיינס באשטייט דאָך איצט נאָר פון דעם, וואָס ער פילט!), ער פילט אז אין זיינע הענט צאפלט אן איבערגעשראָקענע טויב, אן אָפּגעשוואכטע, וואָס איז שוין נישט בכוח פונאנדערצושפּרייטן די פליגל צום פליען, נאָר צו שטיין אזוי, זיך צוצוקוקן צו דעם אלעמען, וואָס געשעט מיט איר און ארום איר. זי האָט אָנגעהויבן שטיל צו כליפּען און אריבער צו א שטיל געוויין, א דערשטיקטס, וואָס מע האָט נישט געקאָנט וויסן, צי איז עס פאר מורא פונעם אומבאקאנטן, פאר חרטה צי אפשר גאָר פאר ליידנשאפט.

דאָס האָט געדויערט א צייט, וויפל? מע קאָן דען מעסטן אזא צייט?! סע האָט זיך אויסגעדאכט אז קוים עטלעכע מינוט, ביז ער איז אוועקגעפאלן אן אויסגעשעפּטער, ווי א זאנג אויפן וועג פון א פעלד, וואָס איז אומצעאקערט... און אויף דער נשמה איז געווען מעלאנכאָליש, ווי ווען מע טרינקט זומער ליעבלעך וואסער, אָפּגעשטאנענס, וואָס איז נישט געזאלצן און האָט נישט קיין שום טעם. הגם ער האָט זיך געפונען אין א לאגע, וואָס ער האָט נישט געוואוסט וואָס עס איז יאָ און וואָס עס איז נישט געשען, דאָך האָט ער געפילט, גלייך א משא וואָלט פון זיין געמיט אראָפּגענומען געוואָרן.

ווען ער איז צוריקגעגאנגען זיך לייגן אין זיין בעט האָט ער נאָך נישט געקאָנט איינשלאָפן, ער האָט געפילט ווי סע נעמט אים ארום א חרטה־געפיל. גלייך סע וואָלטן ארומגעקראָכן מוראשקעס אונטער זיין הויט. זי ווי־דער האָט נישט געקאָנט איינשלאָפן פאר אויפרעגונג, נישט ווימנדיק גענוי, וואָס עס איז געשען מיט איר. זי האָט נישט געוואוסט ווי אזוי זי זאָל עס אויפנעמען: מיט חרטה צי מיט גדלות; מיט ווייטיק צי מיט פרייד. אָבער זי איז נישט געווען בייז אויף אים. זי האָט דאָך פארשטאנען זיין לאגע און געזען מיט אירע אייגענע אויגן, וואָס פאר א לעבן ער פירט. ער איז טאקע א פארהייראטער — אָבער דאָך האָט ער קיין פרוי נישט.

ער אליין האָט זיך אין געדאנק אויסגערעדט: וואָס איז ער שולדיק, וואָס דער מענטש איז באשאפן געוואָרן מיט אזעלכע חיהשע אינסטינקטן,

וואָס ווילן נישט וויסן, אַז דו לעבסט איבער אַ טראַגעדיע, מיט אַ פּרוי וואָס איז שוין זינט יאָרן אין בעט, אַ געליִעמטע?! ער האָט זיך געדרייט אויף זיין גוּלַיִעגוּער מיט די מחשבות, און אַלץ איז עס אים אויסגעקומען, אַז גע־רעכט איז ער. קיינער האָט נישט דאָס רעכט אים צו באַשולדיקן.

כמעט דאָס זעלביקע האָט אויך זי געטראַכט, מיט דער זעלביקער לאָגיק. אָבער זי האָט עס געאורטיילט בלויז פון זיין שטאַנדפּונקט. איר הנאה צי גלוסטעניש איז דאָך געווען בלויז אַן אָפּשפּיגלונג פון זיינער?...

— — — — — — — — — — — — — — —

...דאָס מאָל האָט זי שוין נישט געוויינט... די ביידע שאָטנס האָבן זיך איינגעביסן איינער אין אַנדערן, קראַמפּהאַפטיק, גלייך ווי אַ צווילינג־בוים וואָלט אַרויסגעוואַקסן פון דער ערד, מיט די וואָרצלען פון די טיפע־נישן, איינגעקלאַמערטע איינער אין דעם אַנדערן. שאָטנס האָבן זיך צוגע־צויגן אָפּשטויסנדיק, און האָבן זיך אָפּגעשטויסן צוציִענדיק. דער גראַנגל האָט אָנגעהאַלטן אַ צייט, אין אַ ריטעם פון אַ געזאַנג, פון אַ סימפאָניע, וואָס איז סינכראָניזירט אין איין האַרמאָניע, אַ זיסע, וואָס צעגייט זיך אין אַלע חושים, וואָס וויל נישט וויסן פון גאָרנישט, וואָס איז געווען פאַר דעם, וואָס סע קאָן זיין נאָך דעם, נאָר לעבט מיט דער גאַנצער געשפּאַנט־קייט דאָס איצטיקע זיין, וואָס צעגיסט זיך ווי אַ ניגון, אַ געטליכער, אַ הימלישער, וואָס מלאכים זינגען ביכולת צו זינגען (צי גאָר שדים און מלאכי־חבלה?). איין זאַך איז כמעט זיכער, אַז קיין מענטשלעכער געזאַנג איז עס נישט. דאָס איז ווי איבערמענטשלעכס... ביז — דאָס גייסטיקע פאַרוואַנדלט זיך אין ערדישן, און דעמאָלט פאַלט דער מענטש אַראָפּ פונעם דערהויבענעם און דערזעט זיך אויף דער ערד, אויסגעטאָן פונעם גייס־טיקן, און עס בלייבט אַ ליידיקייט אויף דער נשמה, וואָס פאַראומערט און פאַרשטערט די פריערדיקע דערהויבנקייט.

אָט דאָס איז דער מענטש. דאָס באַשעפעניש וואָס מיינט אַז סע קאָן זיך דערהויבן צו מלאכישקייט, אָבער פאַקטיש איז ער דאָך נישט מער ווי אַ פּשוטער וואָרעם, וואָס קריכט אויף דער ערד, ווי אַ שרץ...

אַזוי איז כמעט אַ יעדער מענטש, אָבער נישט דווקא יעדער מענטש, און נישט תמיד איז עס אַזוי אויך ביי דעם זעלביקן מענטש. צו מאָל מאַכט זיך דאָך, אַז אויך צוויי שאָטנס, וואָס פלעכטן זיך צונויף אין איין ברענענדיקן פאַקל, וואָס ברענט אין אַ הייליקן פלאַם, וואָס קיינער טאָר

נישט פאַרשווען און אוודאי נישט פאַראורטיילן. דאָס קאָן נאָר טון א א ביַיזוויליקער, א וואולגאַריער. א מענטש, א פאַרשטענדלעכער, וואָס ווייסט א חילוק צו מאַכן צווישן מענטשלעכע ליידן און געפילן, צווישן אויסגעלאַסנקייט און א מענטשלעכער טראַגעדיע, פון א נשמה וואָס מאָנט איר רעכט צום לעבן — דער קאָן נישט אויסמיידן און נישט דן זיין לכף זכות...

מיט אזעלכע געדאַנקען צי חלומות, געמאַטערט ביז ווייטיק, מאָנענדיק דאָס רעכט צום לעבן, איז יידל סעגאַל איינגעשלאָפן אין א טיפן שלאָף אויף זיין טרויעריקן געלעגער. ער האָט דאָך שוין אזא שלאָף נישט געהאט שוין יאָרן. אנשטאט די יעמערלעכע קאָשמאַרן האָט ער איצט געהאט זיסע חלומות, וואָס האָבן אויפגעלעבט זיין נשמה און אים געמאַכט פאַרגעסן כאָטש אויף א ווייַלע זיין טראַגישן מצב.

אין דער פרי, ווען ער איז אויפגעשטאַנען און אָפּגעטאָן די ערשטע געוויינטלעכע אַרבעטן, האָט ער געעפנט דאָס געוועלב, ווי דער שטייגער איז געווען. אָבער אויך ווי זיין שטייגער איז געווען, האָט ער אויך איצט נישט פאַרלוירן אומזיסט די צייט. בטל איז ער דאָך קיין מאָל נישט געזעסן. האָט ער אויך איצט, ביז סע וועט אַריינקומען א קונה, האָט ער זיך גענומען לערנען דעם דף־היומי, דעם געוויינטלעכן טעגלעכן שיעור, פון א בלאַט גמרא יעדן טאָג, וואָס ווערט געלערנט אין דער זעלביקער צייט אין דער גאַנצער וועלט, פון די וואָס זענען לומדים.

אויך דאָס מאָל האָט ער זיך גענומען די גמרא ברכות (סע זענען דאָך נאָך איבערגעבליבן אין גאַנצן דריי טעג און ער וועט מאַכן דעם סיום!) און אָנגעהויבן לערנען דעם דף ס״ב: „תניא, אמר רבי עקיבא“... און שפּעטער מיט עטלעכע שורות האָט ער באַלד אָנגעטראָפן אויף א מעשהלע, וואָס וואָלט געקאָנט אויסגעטייטשט ווערן פאַר אן עראָטישער שילדערונג, אָבער זי איז ביי לומדים פאַרוואַנדלט אין א וויסנשאַפטלעכן אָביעקט צום שטודירן...

„רב כהנא על גנא תותיה פורייה דרב שמעיה דשח ושחק ועשה צרכיו. אָמר ליה: דמי פומיה דאבא כדלא שריף תבשילא. אמר ליה: כהנא הכא את, פוק, דלאו אורח ארעה. אמר ליה: תורה היא וללמוד אני צריך...“

אויף יידיש וואָלט אָט דער דיאַלאָג אזוי זיך געלייענט:

„רב כהנא איז אַרונטער אונטערן בעט פון רב שמעיהן און זיך צוגעהערט ווי ער רעדט און שפּאַסט מיט זיין פרוי, צערטלענדיק זי, דערנאָך האָט ער געטאָן וואָס מע באַדאַרף. האָט רב כהנה געזאָגט צו זיין רבי:

„סע זעט אויס אז דו ביסט אזוי אויסגןעהונגערט, גלייך דו וואָלסט אין דיין לעבן נישט געווען געגעסן קיין מאכל?״ (מאכט רש״י: סע זעט אויס אז דו האָסט נאָך אין דיין לעבן נישט באשלאָפן קיין פרוי. דיין גלוסטע־ניש איז אזוי גרויס, גלייך סע וואָלט ביי דיר געווען דאָס ערשטע מאָל!).

ענטפערט אים רב שמעיה: „כהנא! דו ביסט דאָ? גיי ארויס. עס איז נישט קיין דרך ארץ אונטערצוהערן״... האָט אים רב כהנא געזאָגט: „דאָס איז א וויסנשאפט און איך מוז זיך עס אויסלערנען!״.

...אייגנטלעך איז אים געווען באקאנט אָט דער פאל. יידל סעגאל האָט עס נישט געלערנט איצט צום ערשטן מאָל. דאָס ווערטל „תורה היא וללמוד אני צריך!״ איז דאָך באניצט צווישן לומדים געגוג אָפט, ביי פארשידענע געלעגנהייטן. אָבער איצט האָט עס באקומען ביי אים א נייעם באטייט.

...סע האָט אים הנאה געטון, וואָס אויך די גמרא נעמט עס נישט אויף ווי עפעס א שענדלעכע זאך, ווי א ניבול־פה, נאָר ווי א מענטשלעכע באטירלעכע זאך. אמת, בלויז דעמאָלט ווען סע בלייבט אין די ראמען פון א מענטשלעכער זאך...

# דעם רבינס עצה

דאָס מיידל איז ארומגעגאנגען אין שטוב, גלייך גאָרנישט וואָלט זיך נישט געענדערט אין איר לעבן. מע האָט נישט געקאָנט באמערקן גאָרנישט אין איר האלטונג וואָס זאָל פאררעטן, אז די באציאונגען צווישן איר און דעם באלעבאָס אירן האָבן זיך געביטן. זי האָט מיט גאָרנישט נישט ארויסגעוויזן אז זי איז שוין נישט מער דער פשוטער משרת, וואָס שטייט אויף אין דער פרי, העלפט ארויס פאראסקען כאָווען די קו און די עופות, גרייט צו דעם פרישטיק, און אז סע קומען אריין שטעלעכע קונים מיט א מאָל, גייט זי אויך אריין אין געוועלב ארויסהעלפן דעם „פעטער״. אויסערלעך האָט מען גאָרנישט געקאָנט דערקאָנען.

מיט גאָרנישט האָט זי עס נישט געלאָזט דערקענען, אפילו נישט לגבי דעם באלעבאָס. זי האָט קיין מאָל נישט ארויסגעוויזן קיין אינטערעס פאר עפעס, אז זי זאָל האָבן פון אים עפעס א מאטעריעלן געווינס. אדרבה,

זינט זייערע נייע באציאונגען, האָט זי זיך אָפּגעזאָגט אפילו ווען ער האָט איר געוואָלט געבן א מתנה. זי האָט ארויסגעוויזן אן איבער־געגעבנקייט, זייענדיק א שווייגנדיקע ווי א געטרייער הונט וואָס באַוואכט דאָס הויז, אז גנבים זאָלן זיך נישט דערנענטערן. זי האָט שטיל־ערהייט געטאָן איר ארבעט, אָן געטומל, אָן רייד, גלייך זי וואָלט עס געטאָן פאר איר, נישט פאר א פרעמדן.

בעת די באלעבאָסטע, וועלכע איז געלעגן אין בעט שוין איבער אכט יאָר, פלעגט אויפמערקזאם מאכן איר מאן, אז ער זאָל אכט געבן, אז דאָס „מיידל" זאָל נישט באגנב׳ענען דאָס הויז, האָט ער נישט געענטפערט. ער האָט געוואוסט, אז דאָס מיידל איז מער ווי א צדיקת. זי האָט קיין מאָל נישט גענומען קיין זאך, וואָס איז נישט אירס. אויב סע זענען געווען פארוואָרפן עטלעכע ליי, וואָס זענען ארויסגעפאלן פון זיין קעשענע, האָט זי זיי אים אומגעקערט, ווען זי האָט זיי געפונען ביים ריין מאכן. צו נעמען עפעס פונעם שופלעדל איז שוין אָפּגערעדט. גאָלד האָט געמעגט זיין דאָרט, וועט זי זיך נישט צורירן. ער האָט צייט געהאט זיך צו איבערצייגן, אין די דריי יאָר, וואָס זי איז ביי זיי. אדרבה, ער האָט איר געוואָלט פון צייט צו צייט געבן עפעס א מתנה, האָט זי זיך אָפּגעזאָגט. זי האָט אים געגעבן אָנצוהערן, אז זי וויל נישט פארשוועכן זייערע באציאונגען... זי טוט עס דען פאר געלט? זי טוט עס בלויז דערפאר, וואָס זי האָט דאָס געפיל, אז זי איז ניצלעך. זי לעבט דאָך בלויז אין אָפּשפיגלונג פון אים. זי האָט אים געגעבן אָנצוהערן, אז אויב ער וועט פרואוון שאפן דעם איינדרוק אז ער וויל זי „קויפן" וועט זי אוועקגיין פון זיי.

מיט דער צייט האָט זי זיך געצייטיקט. זי האָט אָנגעהויבן אויסזען, נישט ווי א זיבעצן יעריק מיידל, ווי ווען זי איז געקומען אין זייער הויז, א צארטע, רירעוודיקע, מיט צוויי אָנגעשוואָלענע בלאָנדע, לאנגע צעפּ. טייל מאָל האָבן זיי געבייטשט איר פנים. ווען זי פלעגט מאכן א פלוצימדיקן קער מיט איר קאָפּ, איז איין צאָפּן ארויסגעקומען צו זיין פון פאָרנט, זיך אָפּגעשטעלט פונקט צווישן דער שייד פון די צוויי בריסטלעך, און זי באצירט מיט דער ווייסער באנד, וואָס האָט פארבונדן דעם עק פונעם צאָפּן.

איצט, נאָך דריי יאָר, האָט זי זיך א ביסל געענדערט אין איר אויסזע. זי איז א ביסל רונדיקער געוואָרן, פליישיקער. האָט באקומען מער אן אויסזע פון א ווייבספארשוין, ווי פון א מיידל.

דאָס הייסט, אז אויסערלעך האָט זי זיך יאָ געענדערט, אָבער בלויז מיטן אויסזע, נישט מיט איר האלטונג.

די געמיטער זענען א ביסל אויפגעברויזט געוואָרן מיטן קומען אין באזוך פון שיינדלען, דער באַלעבאָסטעס יונגערע שוועסטער.

צו וואָס איז זי געקומען אין באזוך, ווען קיינער האָט זי נישט פארבעטן, און גאָר פארגעסן צוריק צו פאָרן? דאָס האָט ארויסגערופן אומ־צופרידנקייט אין דער משפחה. דאָס האָט ער, יידל, געלאָזט אָנצוהערן מיט זיין אויפגענעמען זי גאָר קאלט, אז אן אנדערע אויף איר אָרט וואָלט זיך תיכף איינגעפאקט אירע זאכן צוריקצופאָרן. יאָ, אן אנדערע וואָלט אזוי געטאָן, אָבער נישט זי, שיינדל. זי איז געזעסן אויף זייער קאָפּ שוין א חודש צייט, אונטערן אויסרייד, אז זי וויל זיי ארויסהעלפן, הגם זי האָט די גאנצע צייט גאָרנישט געטאָן אין שטוב. גאנצע טעג איז זי ארומגע־גאנגען זינגענדיק אין שטוב, הגם די קראנקע שוועסטער אירע האָט איר שוין נישט איין מאָל געזאָגט, אז זי זאָל נישט שטערן איר רו מיט איר זינגען. איר גלוסט זיך נישט קיין געזאנג.

אין דער צייט, ווען מלכה איז געלעגן אין בעט און אלץ מער פארוועלקט מיט יעדן טאָג וואָס איז פאריבער — מע האָט כמעט געקאָנט אָנזען, ווי זי ווערט איינגעשרומפּן, און זעט אויס ווי א בוים, וואָס איז געבליבן מיט די נאקעטע צווייגן, אָן א גרין בלעטל — איז זי, שיינדל, ארומגעגאנגען דעמאָנסטראטיוו מיט א פראָוואָצירנדיק דעקאָלטירט קליידל.

אפשר האָט זי עמעצער אויסגעלערנט, אז זי זאָל זיך אזוי אויפ־פירן, כדי אזוי „איבערצורעדן“ איר שוואָגער?...

צי אפשר גאָר האָט זי קיינער נישט געדארפט אויסלערנען. זי, וואָס איז שוין געווען איין מאָל פארהייראט, א יאָר צייט, האָט געדארפט אז מ'ע זאָל איר געבן עצות? זי איז איצט א גרושה, א יונגע, נאָך קיין פינף און צוואנ־ציק יאָר נישט אלט. דער שוואָגער, יידל, איז אמת נישט פון איר עלטער אָבער א מאנצביל קרוב די פערציקער איז נישט קיין זקן. און פאר וואָס, זאָל זי געווען זיך נישט מאכן חשבונות, אז די שוועסטער אירע וועט סיי ווי שוין קיין פיל „מיסט נישט מאכן“. איז אז זי וועט צומאכן די אויגן, איר שוועסטער, וועט דאָך שיינדל קאָנען בלייבן די באַלעבאָסטע איבער דעם געבליבענעם פארמעגן און אויך מיטן שטילן מאן, וואָס קאָן ערלעך האלטן א ווייב... זי האָט דאָך געזען, וואָס ער האָט איבערגעליטן פון דעם

קראנקן ווייב זיינעם און קיין מאָל נישט אויפגעהויבן דעם טאָן קעגן איר. האָט זי געניצט דעם אלטן ווייבערישן טריק: זי איז ארומגעגאנגען אין שטוב, ווייזנדיק דעמאָנסטראטיוו איר ווייבלעכקייט, וואָס א נאָרמאלער מאנצביל קאָן געוויינטלעך זייער שווער ביישטיין. אָוונט און אין דער פרי איז זי ארומגעגאנגען כמעט נאקעט. אין א העמדל, וואָס האָט מער אויפ־געדעקט ווי פארדעקט איר ארויסרופערישן ווייבלעכן קערפער. קודם האָט זי געשלאָפן אין דעם זעלביקן צימער מיט איר שוועסטער, אָבער נאָך עטלעכע טעג האָט זי זיך געלייגט אין דער קיך, אין גיטלס בעטל, און גיטלען האָט זי געשיקט שלאָפן אין יענעם צימער. נאָר גיטל האָט געזאָגט, אז ליבער שלאָפט זי אויפן שטאָלן־בוידעם, ווייל עס איז דאָך זומער און אין שטוב איז פאר איר צו הייס...

האָט שיינדל עפּעס באמערקט, אז דער שוואָגער אירער, יידל, ווערט צו מאָל פארפאלן און נאָך א צייט זעט מען אים מיט עטלעכע סטעבלעס היי אין זיין באָרד? זי האָט געהאט א חשד, אָבער זי האָט נישט געוואגט דאָס ארויסצוזאָגן, אפילו נישט פאר איר שוועסטער, וואָס איז צוגענאָגלט צו איר בעט.

אין אן אָוונט האָט זי ארומגעכאפּט יידלען און אים געגומען קושן איבער די אויגן און אים צוגעצויגן צו זיך, אָבער ער האָט זי אָפּגעשטויסן מיט טאקט, געבנדיק אָנצוהערן, אז ער האָט עס פארשטאנען, ווי א זשעסט פון א שוועסטער צו א ברודער, זיי זענען דאָך שוואָגער און שוועגערין, דארף מען עס נישט פארשטיין דווקא ווי א זשעסט, מיט שלעכטע חמור־אייזלישע כוונות...

...ווען ער איז געווען ביים רבי זיך געזעגענען מיט א קוויטל, האָט ער זיך געקלאָגט, אז ער דארף האָבן א ישועה, נישט אזוי אויף א רפואה פאר זיין קראנק ווייב, ווייל ער האָט שוין לאנג פארלוירן יעדע האָפע־נונג צו דערווארטן זיך אויף אזא ישועה. מער האָט ער זיך געבעטן פאר א רפואת הנפש, ווייל פיל מער האָט ער געפילט די נויטווענדיקייט פאר זיך אויף א רפואה, צו קענען איבערלעבן די נסיונות. האָט ער זיך טאקע באקלאָגט, אז ער דארף אויסשטיין ווי יוסף הצדיק, זיך אקעגנצושטעלן דעם יצר־הרע.

נאָר וואָס האָט ער זיך צוצוגלייכן צו יוסף הצדיק? ער איז דאָך אויסגעשטעלט אויף גרעסערע נסיונות פון יוסף הצדיק. יוסף איז ארויסגע־לאָפן פונעם געצעלט און איבערגעלאָזט דאָס קלייד זיינס אויפן בעט פון זיין באלעבאָסטע, פּוטיפרס ווייב, איז ער געווען אזא גרויסער העלד? ער

האָט זיך דערמאנט אז רש״י שרייבט: אז סע האָט זיך באוויזן פאר יוספן דאָס געשטאלט פון זיין אלטן פאָטער יעקב, אזוי האָט ער געקאָנט גובר זיין דעם יצר־הרע... קאָן מען דאָך גאנץ גוט פארשטיין, אז יוסף איז נישט געווען ווייט פון אויסצוהערן די פּוטיפרקע, ווען זי האָט אים גע־שלעפּט אין איר בעט אריין, ער האָט אָבער דערזען דאָס געשטאלט פון זיין אלטן פאָטער, א רמז אז די פּוטיפרקע איז געווען אן אלט פארזעעניש, איז האָט ער דאָך נישט געהאט קיין גאָר גרויסע שוועריקייטן גובר צו זיין דעם יצר־הרע... והא ראיה, אז ער האָט שפּעטער חתונה געהאט מיט איר טאָכטער, פּוטיפרס טאָכטער. איז וואָס וואָלט מען געוואָלט, אז ער זאָל זינדיקן מיט זיין אלטער שוויגער?!... „איך וואָלט געוויען געוואָלט זען, אז יוסף הצדיק זאָל געוויען אנטלויפן פון פּוטיפרס טאָכטער״...

דער רבי האָט אים געעצהט מיט א פילזאָגנדיקן שמייכל:

— גיי אהיים און פאריאָג דעם שטן פון דיין הויז, וואָס באהאלט זיך אויס אין דיין שוועגערין, די חצופה, זאָל זי דיך לאָזן צו רו...

דערגאנגען אהער, האָט יידל סעגאל נישט געוואָלט פארלירן די געלעגנהייט זיך מתוודה צו זיין מיט א האלב מויל וועגן זיינע באציאונגען מיט גיטלען. ער האָט געוואָלט געבן אָנצוהערן מיט אן אָנדייט, אז אין זיין הויז איז נאָך פאראן נאָך איין מין יצר־הרע, אפשר וועט דער רבי פארשטיין, עפּעס אויך אפילו פון דעם נישט דערזאָגטן און אים געבן אן עצה, וואָס זאָל אים פארגרינגערן אויפן הארץ, אָט די פארבינדונג, וואָס איז אים געוואָרן נאטירלעך און פשוט, אָן קאָמפּליקאציעס, און דאָך צו מאָל א ביסל פּיינלעך...

אָדער דער רבי האָט נישט פארשטאנען, אָדער ער האָט זיך געמאכט אז ער פארשטייט נישט, וואָס יידל האָט אים געוואָלט זאָגן. אָבער א פאקט איז אז ער האָט מכלומרשט גערעדט ווי וועגן אנדערע ענינים. ער האָט אים דערמאנט וועגן נסיונות, וואָס מען האָט געהאט אויסצושטיין פון תמיד, אָנהויבנדיק מיט די הייליקע אבות. אברהם אבינו, למשל, האָט געהאט אויסצושטיין די רדיפות פון דער מוטער שרה, וואָס האָט אים גרוי און אלט געמאכט מיט אירע טענות, יעדן טאָג פון דער פרי ביז אויף דער נאכט, פאר וואָס ער פאריאָגט נישט די ציגיינערטע הגר... ער האָט דער־מאנט אז דער חרם דרבינו גרשון איז נישט קיין תורת משה... דער רבי האָט נישט גערעדט מיט קיין קלאָרע דיבורים, אָבער יידל האָט געוואָלט פארשטיין פון אָט די רייד, אז דער רבי ווייסט דווקא יאָ פון זיין אינטימען לעבן און ער פאראורטיילט אים נישט.

איז זער אהיימגעקומען און דאָס זערשטע, וואָס זער האָט געטאָן, איז געווען אז זער האָט געזוכט א געלעגנהייט אהיימצושיקן זיין שוועגערין, כדי ער זאָל האָבן מ'ער מנוחה אין זיין הויז. זער האָט זיך חלילה נישט געקריגט מיט איר. זער האָט געוואָלט אויסמיידן מחלוקות אין דער משפחה, פון וועלכער זער האָט געהאט בלויז צרות. איז צו וואָס טויג זיך קריגן? זער האָט בעסער איר געגעבן אָנצוהערן, אז דאָס איז אין איר אייגענעם אינטערעס, אז זיי זאָלן נישט געבן קיין געלעגנהייט פאר מענטשנס מיילער, פאר רכילות... איצט דאַרף מען אויסמיידן אזעלכע אומאָנגענעמע רייד, ביז איר שוועסטער לעבט נאָך...

זי האָט עס גענומען ווי א צוזאָג און איז אוועק אָן געוואלדיעס.

אַלץ איז אדורך בשלום. גיטל האָט זיך אומגעקערט צוריק אין איר בעטל אין דער קיך, און דער „פעטער" יידל האָט שוין מער נישט געהאט קיין סטעבלעס שטרוי אין זיין באָרד...

# געשמוגלטע סחורות

שבת צו נאכט, ווי נאָר יידל האָט געמאכט די הבדלה, האָט זעמעצער אָנגעקלאפט אין די לאָדנס.

— ווער איז?

— איך בין עס — האָט זיך דערהערט א קול, וואָס האָט קוינטיק נישט געוואָלט מאכן קיין ריעש — עפנט אויף.

— ווער איז דער „איך"?

— עפנט, וועט איר זען.

— גיטל, עפן אויף די טיר — האָט יידל געזאָגט — ס'איז נאָך נישט שפעט און מע קאָן נאָך אויפעפענען דאָס געוועלב, כאָטש אויף א האלבער שעה.

זעס אין אריינגעקומען א פויער, וואָס האָט אים אוועקגערופן אין א זייט, כדי דאָס מיידל זאָל נישט הערן דעם שמועס, אז זער האָט א ביסל שניט־סחורה, וואָס זער האָט אריבערגעשמוגלט פון „יענער זייט דער טייס"...

קודם האָט יידל געזאָגט אַז ער האָט מורא און וויל זיך נישט אַריינ־לאָזן אין אַזעלכע מיסחרים, אָבער דער פּויער האָט נישט געהאַט קיין חשק אים אָפּצולאָזן. אויב ער האָט זיך פאַר אים שוין אַרויסגעזאָגט, אַז ער האָט צו פאַרקויפן געשמוגלטע זאַכן, האָט ער שוין געוואָלט, אַז יענער זאָל אויך שוין זיין אַריינגעמישט. ער איז גרייט געווען אים צו געבן פון דער סחורה צו סיי וועלכן פּרייז, אַבי נישט אַרויסגיין פון דער שטוב מיט די ליידיקע הענט.

ביז צום סוף האָט יידל געזאָגט:

— נו, לאָמיר זען, וואָס איר האָט.

דער פּויער איז אַרויס פון דער שטוב און נאָך עטלעכע מינוט האָט ער זיך צוריקגעקערט מיט אַ פּעקל סחורה, וואָס איז גוט אויף שטעפּיר, בעטגעוואַנט, וועש און זיידנס.

דער אָנבאָט איז געווען האַלב אומזיסט, אַז ס׳איז באמת שווער געווען זיך אָפּצוזאָגן.

אַ מענטש טוט אַמאָל אָפּ אַ זאַך, וואָס ווייזט אויס אַ קלייניקייט, אָבער שפּעטער, ווען דער ענין ווערט אַ ביסל קאָמפּליצירט, קאָן מען זיך אַליין נישט דערקלערן, ווי איז עס מעגלעך געווען, אַז מע זאָל זיך קאָנען אַריינלאָזן אין אַזעלכע טריפהנע עסקים?

יידל סעגאַל האָט קיין מאָל נישט געהאַט צו טון מיט קיין נישט כשרן האַנדל. ער האָט געוואָוסט אײַנצוקויפן אַ ביסל סחורה, געווינטלעך איין מאָל אין דריי וואָך, העכסטנס איין מאָל אין צוויי וואָכן, און אויסצו־פאַרקויפן צו ביסלעך, מיט אַ קליינעם ריווח, פון וואָס ער האָט געצויגן פּרנסה. קיין עשירות האָט מען דערפון נישט געקאָנט זאַמלען, אָבער צום לעבן, האָט ער געהאַט. ער האָט געצאָלט די שטייערן צו דער צייט, הגם זיי זענען יעדעס מאָל געוואַקסן און האָט אים געדריקט ביים האַלדז, אַז אָט־אָט דערשטיקט ׳עס אים. אָבער עפּעס אַנדערש איז דאָך אים נישט איבערגעבליבן צו טון.

דאָס מאָל האָט ער מיט מורא געמאַכט אָט דעם נישט כשרן מיסחר, וואָס דאָס געזעץ פאַראורטיילט, הגם לויט דער אָנגענומענער מאָראַל, איז דאָס נישט צום פאַראורטיילן, וועמען ברענגט ער דען שאָדן, דער מלוכה? די מלוכה האָט דאָך קיין מאָל נישט געטראַכט צי זי טוט אים אָן שאָדן. אַדרבה, דורך די פאַשיסטישע געזעצן ווערן די רדיפות פון טאָג צו טאָג ערגער.

גיטל, וואָס איז נישט געוווּסט דאָ עצות צו געבן, האָט געהערט וואָס דאָ קומט פאָר, האָט זי קודם געשוויגן, אָבער דערנאָך האָט זי געזאָגט:

— פּעטער, צו וואָס טויג עס אונדז?

ער איז אויפמערקזאַם געווען אויפן אויסדרוק „אונדז“, אָבער דער ענין גופא, וואָס זי האָט געזאָגט, אַז סע טויג נישט, דאָס האָט ער נישט גענוג דערהערט, אַז ער זאָל זיך צוהערן צו איר עצה.

זי האָט נישט איבערגעחזרט, וואָס זי האָט געזאָגט. זי האָט זיך נישט גענומען דאָס רשות צו זאָגן דאָ דעות. זי איז דען דאָ די באַלע־באָסטע? זי איז דאָך סוף־כל־סוף נישט מער ווי א דינסט. אַזוי פיל נאָר, אַז זי האָט געזען אַז ער, דער „פּעטער“, איז איבערגעשראָקן, צו וואָס זשע טויגן אַזעלכע עסקים?

האָט זי אַרויסגעהאָלפן באַהאַלטן די געקויפטע סחורה. עפּעס האָט מען אַריינגעשטעלט אין געוועלב, און דאָס איבעריקע האָט מען באַהאַלטן אויפן שטאַלן־בוידעם, אין היי.

דערמיט האָט זיך עס אָבער נישט געענדיקט. שפּעטער מיט עטלעכע חדשים האָט מען געשיקט רופן יידלען צו דער פּרימאַריע, פון וואַנען ער האָט זיך צוריקגעקערט מיט דריי שעה שפּעטער, באַגלייט מיט צוויי אונגערישע זשאַנדאַרן (אין דער צייט איז דאָך מאַראַמאַרעש אַרונטערגעפאַלן אונטער דער אונגערישער הערשאַפט!), וואָס האָבן צוגענומען די גאַנצע סחורה, וואָס זי האָט געהייסן אַז זי איז געשמוגלטע, אָבער פאַקטיש איז זי געווען א געגנבעטע. יענער האָט זי טאַקע געבערענגט פון „יענער זייט“, אָבער נאָך א שטיקל צייט איז „יענע זייט“ געוואָרן איינס מיט „דער זייט“ און אַזוי אַרום איז מען גרינגער געוואויר געוואָרן, אַז דער שמוגלער איז גאָר אַן איינברעכער און האָט באַראַבעוועט א געוועלב און אויספאַרקויפט די סחורה האַלב אומזיסט.

איצט האָט דער שמוגלער מודה געווען און דערציילט, וועמען ער האָט פאַרקויפט פון דער גניבה.

קודם האָט מען צוגענומען די סחורה. וואָס סע וועט זיין ווייטער, קאָן מען נישט וויסן. מסתמא וועט זיין א פּראָצעס, אין וועלכן סע וועלן אַריינגעצויגן ווערן אויך די, וואָס האָבן געקויפט פון די געגנבעטע זאַכן.

יידל האָט זיך דערוויילן געמוזט באַגניגן מיט די מיאוסע שלעק, וואָס ער האָט באַקומען פון די אכזריותדיקע זשאַנדאַרן, אַז ער זאָל מודה זיין, הגם ער האָט נישט געהאַט וואָס מודה צו זיין. ער האָט דאָך תיכף, ווי נאָר מע האָט אים געפרעגט וועגן דער געקויפטער סחורה, האָט ער

באלד מודה געווען און געזאָגט אז ער איז גרייט צוריקצוגעבן די סחורה.

דער הימל איבערן מאראמאַרעשער דאָרף בכלל האָט זיך דערווייל פאַרוואָלקנט מיט ראסיסטישע גזירות. איבער יידלס קאָפּ בפרט האָט געהאנגען א סכנה, אז דער עסק קאָן זיך ענדיקן מיט פאַרמישפּטן אויף עטלעכע יאָר תפיסה.

#ביים דוכענען

אין בית־המדרש איז אין ווינקל, נאָענט צו דער מיזרח־וואנט, געווען דאָס בענקל מיט פיר זיץ־ערטער. דאָס איז געווען דאָס אָרט פון דער מישפחה כהנים: דער אלטער כהן מיט זיינע דריי זין. חיים־בער איז געווען דער עלטסטער פון זיי. אט דאָס אָרט איז געווען נאָך פון יענער צייט, ווען עס איז געבויט געוואָרן דאָס בית־המדרש. אט דאָס זיץ־אָרט איז געווען א בכבודיקס. אמת, עס איז נישט מיזרח, אָבער דאָך איז עס געווען בשכנות, אין צפון־מיזרחדיקן ווינקל. פאר זיי, פאר דער משפחה כהנים, איז עס געווען א בכבודיק אָרט. אמת, זייער פאָטער איז טאקע געווען א ייד א תלמיד־חכם, אָבער דאָך איז ער געווען א בעל־עגלה. פאר איינעם וואָס קאָן נישט די סביבה קלינגט עס מאָדנע, אז א תלמיד־חכם איז א בעל־עגלה, אָדער א בעל־עגלה זאָל זיין א תלמיד־חכם. דאָ, אָבער, איז עס נישט קיין זעלטנהייט, אז א מאראמאַרעשער ייד זאָל זיין א תלמיד־חכם. זיין פאָטער איז אויך געווען א בעל־עגלה. ער האָט אויך געפירט דעמבעס פונעם וואלד אָבער בעת ער האָט געטריבן די אָקסן מיט דער בייטש, האָט ער געבאָמבלט מיטן מויל אויף אויסנווייניק, בלעטער גמרא. ער, חיים־בער, איז שוין נישט אזא קענער. ער האָט אזוי פיל טאקע נישט געלערנט, אָבער צו באָמבלען אויסנווייניק קאפּיטלעך תהילים, דאָס קען ער דאָך. אויף די אָקסן זיינע האָבן שוין צייט געהאט זיך אויסצולערנען פון דוד־המלכס תהילימדיקע זמירות...

זענען זיי דאָ געזעסן, אין בית־המדרש, אויף אָט דעם קאָלעקטיוון זיץ־אָרט, די מישפחה כהנים. דאָ האָבן זיי געדאווענט שבת און יום־טוב, ווייל אין דער וואָכן זענען זיי זעלטן געקומען דאווענען. זיי האָבן

קיין צייט נישט געהאַט. ס'האָט זיי געוואָרפן די פּרנסה. גאַנץ פּרי זענען זיי אַוועק צו דער אַרבעט, איז האָבן זיי געדאַוונט ווי אַזוי זיי האָבן געקאָנט. אָבער שבת און יום־טוב האָבן זיי געדאַוונט דאָ. יום־טוב האָבן זיי זיך אויסגעטאָן די שיך און געבליבן נאָר אין די זאָקן. די לוויים האָבן זיי אָפּגעגאָסן די הענט און זיי, די כּהנים, זענען אַרויף אויפן באַלעמער פון פאַרן ארון־קודש, אויפגעהויבן די הענט מיט די פונאַנדערגענומענע פינגער, ווי דער אות „שין" און געדוכנט, געבענטשט דאָס עם ישׂראל...

מע פלעגט דערציילן אַן אַנעקדאָט, אַז מע האָט אַמאָל געפרעגט דעם אַלטן כּהן וואָס פאַר אַ מחשבות ער האָט בעתן דוכענען, האָט ער געזאָלט ענטפערן, אַז ער האָט אין זינען, אַז מע זאָל אים נישט צוגנבענען די שיך... ווען מע זאָל געווען פרעגן חיים־בערן, וואָס ער האָט אין זינען בעתן דוכענען, וואָלט ער שוין נישט געגעבן אָט דעם ענטפער, ווייל ער האָט שוין נישט קיין שיך. ער גייט שוין אָנגעטאָן מיט פּאָסטעלעס, וואָס זענען געמאַכט פון אָפּגעניצטע גומענע אויטאָמאָביל־רעדער. ער האָט זיך זיי אַליין אויפגענייט. ער האָט זיי פאַרהאָפטן פון פאָרנט, ווי אַ דריי־עק מיט אַ דראָט, געמאַכט צוויי לעכלעך ביי די זייטן און אַריינגעשנירט אַ רימענדל, מיט וועלכן ער בינדט זיך זיי צו אַרום די פיס. קודם איז ער געגאַנגען אין די פּאָסטעלעס, ווי אַלע פּויערים אָדער בעלי־עגלות, נאָר אין די וואָכנדיקע טעג. אויף שבת און יום־טוב האָט ער געהאַט שיך. יום־טוב, ווען ער האָט געדאַרפט זיך אויסטון די שיך פאַרן דוכענען, האָט ער געהאַט אַ פּאָר זאָקן. זיין ערשט ווייב האָט שוין אין זינען געהאַט, אַז זיי זאָלן זיין אויסגעוואַשענע, זויבערע, כּדי נישט בבושה צו בלייבן פאַר מענטשן. אָבער זינט זי איז אַוועקגעשטאָרבן, האָט צו ביסלעך זיך געפעלט דאָס אַלץ. קיין שיך מיט זאָקן האָט ער שוין נישט. גייט ער נאָר מיט פּאָסטעלעס, איבער די אָנעטשעס, וואָס וויקלען איין די אָנגעשוואָלענע פיס. איז דערפאַר בלייבט ער געווענטלעך באָרוועס, ווען ער גייט אַרויף פאַרן ארון־קודש דוכענען...

דאַרף ער נאָך זיין פאַרזאָרגט, אַז מע וועט אים אַוועקגנבענען די פּאָסטעלעס?

מיט דער צייט ניצט זיך אָפּ דער מענטש ווי אַ מאַשין, ווי אַ כּלי. ער איז שוין נישט דער וואָס איז געווען אין זיין יוגנט. די פיס טראָגן אים שוין נישט אַזוי. אדרבה, זיי אַליין זענען אויס, ווי צו זיין אַ לאַסט.

מ׳ע דארף זיי אויפהייבן אויף א שפאן צו טון, און ס׳ע קומט אַן אזוי שווער. די אויגן ווערן אַן זייער גלאנץ און אויך זייער ליכטיקע שיין. חיים־בער האָט געפּרואווט ניצן א פּאָר אלט׳ע ברילן. אָבער, דאכט זיך, אז מיט די ברילן זעט ער נאָך ווייניקער ווי אָן זיי. די אותיות שווינדלען אים פאר די אויגן, ווי קליינע פליגעלעך ארום א ליכטיקער שיין. איין מזל איז נאָך, וואָס ער קען שוין דאווענען אויף אויסנווייניק. נאָר אזוי ווי ער איז שוין געוואוינט, אז אין די וואָכנדיקע טעג זאָל ער דאווענען אויפן וועג, אין וואלד אריין, אונטערטרייבנדיק די אָקסן, און פון צייט צו צייט זאָל ער מפסיק זיין דאָס דאווענען מיט א „וואָ־האָו״ צי „טשאו!״ און „העיס!״ טוט ער עס שוין אויך אָן זיין ווילן אויף שבת, ווען ער דאוונט אין בית־המדרש... און אויב ער איז פאַרזיכטיק, ער אויסצומיידן, כדי זיך נישט צו מאכן צו לייטיש געלעכטער, פאסירט עפּעס נאָך מער קאָמישס (פאר אן אנדערן, פאר אים איז עס ווייטיקליעך־טראגיש!). ער פארפלאָנטערט זיך אין די ווערטער און קאָן זיך נישט אויפפלאָנטערן. ס׳ע קומט ארויס א מין „הדק־היטב — היטב־הדק״ אָן אן עק, ווי אן איבערחזרן פון א גראמאפאָן ביי א קאליע געוואָרענער פּלאטע. וואלט ער געזען בעסער, כאָטש מיט די ברילן, וואלט ער זיך געקאָנט ארויסהעלפן מיטן סידור, וואָס ער האלט אין דער האנט. ער זעט דאָך אָבער נישט אזוי גוט?

ער ווייסט, אז ער איז שוין צו לייטיש געלעכטער. ער ווייסט, אז אויך דאָס דאָזיקע האָט בייגעטראָגן, אז ער זאָל זיך אראָפּגליטשן פון דער געזעלשאפטלעכער לייטער, און ר׳ חיים־בער קאץ איז געוואָרן סתם „חיים־בער״ און דערנאָך פּשוטער: „חיים־פּערטש״ ...אָבער ער האָט זיך שוין צוגעוואוינט, ווי זיינע אָקסן האָבן זיך צוגעוואוינט צו זייער שווערן יאָך, אין וועלכן ער שפּאנט זיי איין אין זיין וואָגן טאָג־אויס און טאָג־איין. יאָ, ער האָט זיך אויך שוין צוגעוואוינט. ער שלעפּט אויף גלייך מיט זיינע אָקסן, זיין אייגענע יארמ׳ע, דעם עול פון זיין שווערן לעבן... דערפאר מיידט ער אויס די מענטשן. ער קוקט קיינעם נישט אין געזיכט. ער מיידט אויס די מענטשן. יעדנס בליק. ס׳ע דאכט זיך אים אויס, אז ווען ער מיידט אויס פרעמדע בליקן, וועט מען אים אויך ווייניקער אָנזען... ער איז ווי אָפּגעזונדערט. און אז ער נידערט אראָפּ פונעם באלעמער, נאָכן דוכענען, און די מענטשן דאנקען אים אָפּ פאר די ברכת־כהנים מיטן טראדיציאָנעלן „יישר כוח!״, ענטפערט ער בלויז מיט א שאָקל מיטן קאָפּ: „יישר!״ מ׳ע הערט קוים אז ער זאָגט עפּעס. מ׳ע זעט

נאַר, אז זיין רויטע צעפלאָסענע באָרד שאָקלט זיך, שטעלט מען זיך פאָר, אז ער ענטפערט אויף דער ברכה.

זינט דער מעשה מיט גיטלען, קאָן ער נישט קוקן די מענטשן אין די אויגן. נישט נאָר אין דער שיל. איבעראל, וואו ער באגעגנט עמעצן א לעבעדיקן נפש, איז עס פאר אים ווי א שטראָף פון גאָט. גיכער וואָלט זיך די ערד פאר אים געעפנט, וואו זיך אויסצובאהאלטן, איידער צו באַגעגענען א מענטשן.

נו, יאָ, וואָס האָט ער די מענטשן צו זאָגן? נאָר אייגנטלעך, צוריק גערעדט, וואָס האָבן די מענטשן אים צו זאָגן, אָדער פירצווואָרפן? עס איז א שטראָף פון גאָט. אפילו ווען ער איז געווען אין דער גרעסטער רציחה, ווען ער האָט זיך צום ערשטן מאָל דערוואוסט, אז גיטל, זיין טאָכטער, איז פארגאנגען אין טראָגן, אויך דעמאָלט האָט ער נישט געוואוסט אויף וועמען זיך צו בייזערן. אויף וועמען זאָל ער זיך בייזערן? אויף איר, וואָס איז אָן אָרעם מיידל און האָט געמוזט אָנקומען צו זיין א דינסט ביי פרעמדע, אויף צו פארדינען א שטיקל ברויט? אויפן באלעבאָס אירן, וואָס האָט זי טראָגנדיק געמאכט? אויף וועמען? אויפן קינד, וואָס האָט נאָך קיין צורה נישט, נאָר הויבט זיך אונטערן פארטעך, ווי א טייג, וואָס יערט און אָט־אָט גייט עס ארויס פון דער מולטער?!

אמת, כהנים זענען טאקע בעלי־ריגזהניקעס, אָבער אויף וועמען זאָל ער אויסגיסן זיין רציחה?

ער פארשטייט עס. אָבער ער קאָן דאָס נישט געבן צו פארשטיין קיינעם. ער אליין איז אויך אומבאהאָלפן און קאָן נישט פארשטיין אָן אנדערע זאך: פאר וואָס קומט אים אזא שטראָף פון גאָט?

# נאָך אזא אָפּגיסן די העגט דוכנט מען?

די לופט איז געוואָרן אזוי געדיכט, וואָס שטיקט און ווארגט און לאָזט נישט עטעמען. אין שטוב האָט מען געהערט איין איינציק קול, דאָס איז געווען מלכהס. זי האָט זיך נאָר פון צייט צו צייט געלאָזט הערן מיט איר הייזעריקן רוף:

— גיטל!

מער האָט מען נישט געהערט, ווייל דאָס איז געווען א מין רעפרען, וואָס סיי זי האָט יאָ געהאט עפּעס צו זאָגן, סיי זי האָט נישט געהאט, האָט זי איבערגעחזרט דעם נאָמען, כדי צו האָבן דאָס געפיל, אז זי איז נישט אליין. זי האָט געוואָלט פילן, אז סע געפינט זיך עמעצער ארום איר, אז אין א נויט, אז מע זאָל נישט באדארפן, קאָן זי עמעצן צורופן, און דאָס איז געווען די איינציקע גיטל.

אין דער אמתן איז זי טאקע געווען אליין. וועלנט אליין. קיינער האָט זיך מער נישט אומגעקוקט אויף איר און אויף אירע אויסגעשרייען. אומזיסט האָט זי גערופן. ווער האָט זיך געקאָנט אָפּרופן?

יידל, דער מאן אירער, איז דאָך געווען אין געוועלב, איבערגעבויגן איבער א ספר און געלערנט. פון צייט צו צייט, אז עס איז געקומען א קונה, האָט ער זיך אויפגעהויבן, פארבויגן א בלעטל, כדי נישט צו פארלירן דאָס אָרט, וואו ער איז געבליבן און האָט אויסגעפאָלגט דעם קונה. ער איז געקומען איר ארויסהעלפן און זי באדינען צוזאמען מיט גיטלען, נאָר דעמאָלט ווען מע האָט געדארפט איר איבערבייטן דאָס בעטצייג ועדומה, וואָס איין מענטש האָט נישט געקאָנט טון אליין.

גיטל האָט געוואוסט וואָס זי האָט צו טון, אנהייבנדיק פון אין דער פרי, צו מאכן איר די טואלעט, זי צו שפּייזן צו דער צייט. מע האָט זי נישט געדארפט רופן. זי איז אליין געקומען טון וואָס מע באדארף, און האָט קיין מאָל נישט פארשפּעטיקט מיט גאָרנישט. פארשטייט זיך, אז צו מאָל האָט זי די קראנקע גערופן ווען זי האָט זיך גענויטיקט אין איר. אָבער סע האָט זיך פיל מאָל איבערגעחזרט, אז זי האָט גערופן גיטלען אָן א שום גרונד, דערפאר האָט זיך עס שוין מיט דער צייט געמאָלט, אז דאָס מיידל איז שוין נישט געקומען מיטן ערשטן רוף.

איצט איז דאָס רופן געבליבן הענגען אין דער לופט, קיינער האָט דעם רוף נישט אויפגענומען. ווער זאָל אים אויפנעמען, גיטל? זי איז ווי גלייך זי וואָלט דאָ נישט געווען. אייגנטלעך איז זי יאָ דאָ, מע זעט זי, ווי זי דרייט זיך ארום מיט אירע שטוב־ארבעטן, אָבער זי איז דאָך נישט דאָ. זי זעט נישט גאָרנישט און קיינעם. זי האלט די אויגן אראָפּגעלאָזט און וויל נישט זען קיינעם, הגם זי האָט נישט וועמען צו זען. אין גאנצן הויז איז זי דאָך נאָך מיטאָג כמעט אליין. פאראסקע האָט געכאָוועט די קו זי אנגעטרונקען, זי אויסגעמאָלקן און נאָכן אָפּפארטיקן אירע ארבעטן איז זי אוועקגעגאנגען צו איר משפּחה. גיטל, ווען זי איז איבערגעבליבן אליין, האָט זי זיך געזוכט ארבעט, כדי זי זאָל זיך פארנעמען מיט עפּעס, און וואָס

ווייניקער האָבן צייט צו טראַכטן, ווייל די מחשבות זײַנען אַזוינע שוואַרצע, ווי וואָראָנעס, וואָס פליִען אַרום אין איר געדאַנק, מיט די פונאַנדערגע־שפּרייטע פליגל און קראַקען מיט אַזאַ טומל, אַז ס׳קומט אויס משוגע צו ווערן.

זי האָט נישט מיט וועמען כאָטש איבערצורעדן אַ וואָרט. זינט עט־לעכע טעג פילט זי נאָר, ווי ס׳איבלט זי, אַז זי האָט געטרונקען אַ ביסל מילעך, האָט זי עס תּיכּף צוריקגעגעבן. האָט זי דערנאָך שוין נישט גע־געסן און נישט געטרונקען גאָרנישט. שוין צוויי טעג האָט זי נישט געגע־מען גאָרנישט אין מויל. אָבער דאָס איז אויך נישט קיין תּכלית. ראשית מוז מען דאָך עפּעס עסן, און, והשנית, הערט דאָך דאָס איבלען נישט אויף, אפילו ווען זי עסט נישט. ס׳קומט איר אָן אַרויסצוגעבן פון זיך די גרינע גאַל.

אין אַ שמועס מיט אַ שכנטע, וואָס איז געקומען עפּעס קויפן, האָט יענע מיט אַ שמייכל געלאָזט פאַלן אַ וואָרט, אַז ביי פרויען אין אַזעלכע פאַלן איז עס אַ סימפּטאָם פון פאַרגיין אין טראָגן, אָבער ביי איר איז דאָך דאָס נישט שייך, זי איז דאָך אַ מיידל...

דאָס איז געווען דער ערשטער נאָגל, וואָס איז אַריין אין איר האַרץ.

ביז איצט האָט זי דערפון נישט געטראַכט, אַז זי קאָן מעוברת ווערן. זי האָט בכלל נישט געטראַכט פון גאָרנישט, אַז די באַציאונגען אירע מיטן באַלעבאָס קאָנען זיך ענדיקן מיט אַזאַ טראַגישן פאַרפאַל, אַז זי זאָל בלייבן מעוברת.

דאָס איז נאָך נישט צום וואונדערן זיך. זי האָט נישט געהאַט קיין דערפאַרונג. זי איז דאָך געווען נישט מער ווי אַ נאַאיוו מיידל. אָבער ער, יידל, ער האָט נישט געטראַכט קיין מאָל אויף אַזאַ פאַל?

ס׳קאָן זיין, אַז ער האָט טאַקע אויך נישט געטראַכט. קודם האָט ער דאָך טאַקע גאָרנישט געטראַכט. ווען ער האָט זיך דערנענטערט צו איר, האָט ער דאָך זיך נישט דערנענטערט, ווי צו אַ געליבטער, נאָר בלויז ווי סתם צו אַ פרויענצימער, וואָס קאָן באַפרידיקן זיינע פיזישע גלוסטע־נישן, אַזוי פיל און נישט מער. פאַר אים איז עס דאָך דעמאָלט געווען אַלץ איינס, אויב עס איז זי, אָדער אַן אַנדערע. דאָס איז דאָך ביי אים געווען אַ נויטווענדיקייט, וואָס האָט נישט געשטעלט קיין פראַגן פון אַן עתיד, צי פון קאָנסעקווענצן. ערשט מיט דער צייט, ווען ער האָט זיך געזע־טיקט אין דער פולער מאָס פון איר טרייער איבערגעגעבנקייט, ערשט דע־מאָלט האָט ער זיך געפילט צוגעבונדן צו איר, פערזענלעך, דווקא צו

איר, צו גיטלען, וואָס האָט זיך אים איבערגעגעבן מיט איר גאַנצער יוגנט־לעכער וואַרעמקייט. מע האָט געפילט אַז זי באַמיט זיך אים צו לינדערן זיין ביטער מזל, צו האָבן נישט נאָר אַ געלעמט ווייב אין בעט, נאָר אויך אַזאַ מין פרוי, וואָס צוליב איר קרענק, צוליב איר אומבאַהאָלפנקייט, צוליב דער קנאה צו די אַלע האָס זענען אַרום איר געזונטע, איז זי פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מרשעת, וואָס האָט זיך ווי געשטעלט דעם ציל, זיי אַרויסצו־ברענגען פון די כלים, זיי ממש נישט לאָזן לעבן, נאָר דערקוטשען, אויך ווען זי האָט דאָס נישט געדאַרפט און נישט געמוזט טאָן. זי האָט עס אָבער מיט דער צייט געטאָן. נאָר סתם אַזוי, צו פייניקן, צו זאַלצן זייערע וואונדן.

אָט דאָס אַלץ האָט דאָך נישט ווייניק גורם געווען, אַז זי זאָל קוקן אַנדערש אויף איר באַלעבאָס, נישט סתם ווי אויף אַ מאַנצביל, נאָר ווי אויף אַן אומגליקלעכן, וואָס עס איז אַ מצווה, אויב מע קאָן אים אַרויס־העלפן. אָט די געטריישאַפט האָט ער אויסגעטייטשט ווי ליבשאַפט, וואָס האָט אים ענג צוגעבונדן צו איר. געפילט זי ווי אַ געטרייעם איבערגעגעבענעם פריינד. איז אַ חידוש אַז אין אַזאַ צייט האָט ער נישט געטראַכט, אַז זי קאָן אין אַ שיינעם טאָג מעוברת ווערן?!

ער האָט דערצו נישט געטראַכט.

ער האָט נישט געטראַכט וועגן דעם, צוליב נאָך איין טעם. זיין פרוי, מלכה, מיט וועלכער ער האָט דאָך געלעבט עטלעכע יאָר אין נאָרמאַלע באַציאונגען, איידער זי איז פאַראַליזירט געוואָרן, איז קיין איין מאָל נישט מעוברת געוואָרן. האָט ער דאָך געקאָנט מיינען, אַז ער איז אפשר די סיבה דערפון?

איצט, נאָך כמעט דריי יאָר ווי זיי האָבן באַציאונגען, איז גיטל גע־וואָרן מעוברת. זי ווייסט עס שוין אויף זיכער. ער ווייסט עס נאָך נישט, ווייל זי האָט עס אים נישט געזאָגט קלאָר. לעת־עתה האָט זי אים געגעבן אָנצוהערן. דערנאָך, אַז ער האָט געזען, ווי דערשלאָגן זי איז, האָט ער זיך אָנגעהויבן משער צו זיין, אַז עפּעס איז געשען.

זי האָט אים נאָר געזאָגט, אַז זי גייט אַהיים אויף עטלעכע שעה. מסתמא האָט זי געוואָלט רעדן עפּעס כאָטש מיט איר עלטערער שוועסטער. מיט וועמען דען האָט זי געקאָנט רעדן וועגן אַזעלכע אינטימע ענינים? אָבער ווען זי איז צוריקגעקומען האָט זי כמעט נישט געקוקט אויף אים. זי איז אַרומגעגאַנגען מיט די אַראָפּגעלאָזטע אויגן, וועלכע האָבן זיך גע־באָדן אין טרערן.

ער האָט זיך משער געווען. אָבער וואָס קאָן ער טון, וואָס פאַר אַן עצה קאָן ער זיך געבן?

ער איז געזעסן אין געוועלב, איינגעבויגן איבער א גמרא, ער האָט ווי געוויינטלעך געוואָלט לערנען זיין שיעור, צווישן איין קונה און א צווייטן. אָבער ער איז שוין נישט געווען ביכולת איבערצוקייען איין געדאנק. ער האָט נישט געזען די אותיות פאר זיך. זיי האָבן געשווינדלט פאר זיינע אויגן, ווי זלידנע פליגן. ער האָט זיך נישט געקאָנט פאַרטיפן אינעם לערנען, כאָטש ער האָט זיך אָנגעשטרענגט עס צו טון, כדי אזוי ארום צו פאַרגעסן אויף א צייט זיינע ערדישע קאָמפּליקאַציעס, וואָס האָבן זיך אויף אים אראָפּגעלאָזט, ווי בלייערנע וואָלקנס, וואָס שטיקן אים, וואָס וואַרגן אים...

אים איז נאָר געקומען אויפן געדאנק איין זאך: ווי אזוי וועט ער זיך קאָנען ווייזן פאר מענטשן?

כאָטש ער האָט געהאַלטן צו גיטלען — פאַר אים איז זי דאָך איצט געווען נאָענט און ליב, ווי אַן אייגענע — דאָך האָט ער דערפון כמעט נישט געטראַכט. דערפון האָט ער ווייניק געטראַכט: וואָס וועט זיין מיט איר, ווי אזוי וועט זי זיך קאָנען ווייזן פאַר מענטשן, קודם מיט א הויכן בויך פון א מעוברתער פרוי און דערנאָך מיט אַן עופהלע אין די הענט, וואָס יעדער וועט טייטלען מיטן פינגער, אז זי האָט געבוירן א ממזר?

ער האָט ווייניקער געטראַכט וועגן איר לאַגע. מער האָט ער געטראַכט וועגן זיך. יעדער טראַכט דאָך קודם נאָר בלויז וועגן זיך. איז האָט זי געטראַכט וועגן זיך, וואו וועט זי זיך קאָנען איצט געפינען אַן אָרט אונטער דער זון, וואו? ביי אים וועט זי דאָך נישט קאָנען בלייבן (ווען זיין פרוי זאָל אין צווישן שטאַרבן? אויך דיער געדאנק איז איר געקומען אויף איין רגע, אָבער דאָס איז א ווייטער געדאנק, אויף דעם קאָן מען דאָך נישט רעכענען. זי קאָן לעבן א וואָך, א חודש, אָבער זי קאָן נאָך לעבן אויך מערער יאָרן?!) זי זאָל גיין אהיים צו אירע עלטערן, איז דאָך אויך נישט קיין עסק, ווייל פון דאָרט איז זי דאָך אוועקגעגאנגען, אָבער בעסער געזאָגט ארויסגעטריבן געוואָרן, ווייל זיי האָבן נישט מיט וואָס זי אויסצוהאַלטן. איז איצט, נאָך מיט א קליין קינד דערצו, וועט מען דען זי יאָ קאָנען אויסהאַלטן?!

ער האָט וועגן אָט דעם אַלעמען ווייניקער געטראַכט. אים האָט געמאַטערט דער געדאנק ווי אזוי וועט ער קאָנען איבערלעבן די בושה, אַז דערנענטערן זיך די יום־טובדיקע טעג, ווען מע זיצט מער אין שיל, מע

קאָן נישט אויסווייכן די מענטשלעכע בליקן, וואָס עקבערן אדורך און אדורך ביז אין די געדערים, ווי פארסמטע שלענג.

נישט די מאַטעריעלע לייזונג, נישט די זאכלעכע פון אַט דעם געפלאַנטער האָט אים געפלאגט, אים האָט געמאַטערט דער געדאנק: ווי וועט ער קאָנען אויסהאלטן די בושה?

ער האָט געטראכט אויפצונעמען א משרת אנשטאט פאראסקען, וואָס זאָל זיין ביי אים א גאנצן טאָג, אז ער זאָל ארויסהעלפן ביי די שטוב־ארבעטן. ראשית מוז ער עס טון צו פארלייכטערן פאר איר, פאר גיטלען, די ארבעט, און א חוץ דעם האָט זיך אים פארגנבעט אין אונטערבאוואוסטזיין א געדאנק, אז אפשר וועט זי אליין זיך אוועקגיין פון אים, זאָל ער נישט בלייבן אומבאהאָלפן, אָן א משרת, ווער סע זאָל באדינען די קראנקע.

האָט זי דאָך אליין, איידער עס איז אויפגעקומען דאָס אומגליק מיטן מעוברתשאפט, געלאָזט אָנהערן, אז סע וואָלט נאָך אויסגעפעלט אָן ארויסהילף. ער האָט דאָך געזען, אז עס איז פאר איר שווער, זיך צו באפּאָרען אליין מיט דער ארבעט, וואָס איז שווערער פון טאָג צו טאָג, צוליב דער קראנקער, וואָס איז וואָס מער צודרעגלעכער, און פאלט ווי אן עול איבערן גאנצן טאָג. סע בלייבט נישט איבער קיין צייט אויך פאר דער ווירטשאפט אין הויז און ארום הויז.

אזוי האָט ער זיך געוואָלט איינוויגן, כדי צו באקומען צוריק כאָטש א טייל פון דער ביסל רו, וואָס ער האָט געהאט ביז איצט. יאָ, א קלייגער חלק רו, ווייל קיין פולשטענדיקע רו האָט ער דאָך קיין מאָל נישט געהאט. אדרבה, ער האָט געוואוסט, אז קיין רו, אָן קאַפּווייטיק, האָט קיינער נישט־אזוי איז דאָס לעבן. יאָ, איינער האָט ווייניקער, א צווייטער מערער, סע באלאנגט נאָר אין דער מאָס רו, וואָס דער מענטש קאָן זיך דעווערבן אין א געוויסער צייט. דאָס מאָל אָבער האָט זיך אויף זיין קאָפּ אָנגעזאמלט צו פיל דאגות און צרות.

ער האָט געטראכט צו גיין צום רבין. נאָר וואָס וועט ער דעם רבי זאָגן? ער וואָלט זיך געוואָלט מיט עמעצן שואל־עצה זיין, אָבער איז עס דען אָן ענין וואָס ער וואָלט געוואָגט ארויסצובברענגען אויף די ליפּן פאר עמעצן, בפרט פארן רבין? יאָ, ווען ער וואָלט געווען זיכער, אז ער וואָלט געקאָנט באקומען אָן עצה, וואָס זאָל אים ארויספירן פון אָט דעם קלעם, וואָלט ער אָנגעוואָנדן די לעצטע כוחות זיינע, כדי ביכולת צו זיין און זיך מתוודה זיין פארן רבי, אָבער ער גלויבט נישט אז דער רבי

קאָן אים מיט עפּעס אָרויסהעלפן. דאָ איז נישט געגוג אָן אָנווינטשן. עס איז זייער ווייניק.

דער הויכפּונקט פון זיינע ליידן אין דעם ענין איז געווען דווקא אין שיל, איידער די כהנים זענען אַרויפגעגאַנגען אויפן באַלעמער דוכע־נען. אמת, דאָס וואָס עס איז פאָרגעקומען, איז געווען און געקאָנט בלייבן א סוד. סע האָבן נישט געזען קיין אַנדערע אויגן. אַלץ איז פאָרגעקומען נאָר צווישן זיי ביידע. צווישן אים, יידלען דעם לוי און חיים־בערן דעם כהן, גיטלס פאָטער.

ער, חיים־בער, איז דאָך א כהן. איז איידער די כהנים גייען דוכענען, וואַשן זיי זיך די הענט. דאָס הייסט, אַז נישט זיי וואַשן זיך, נאָר מע וואַשט זיי די הענט. די לויים, וויפל זיי זענען פאַראַן אין דער שיל, לייגן צו א האַנט צו דעם טעפּל וואַסער און מע גיסט זיי אויף די הענט. כדי סע זאָל נישט אויסקומען, אַז יידל סעגאַל דער לוי, גיסט אָפּ די הענט פון חיים־בערן דעם כהן, האָט ער בכיוון אויסגעוואָרט צו בלייבן דער לעצטער צווישן די עטלעכע כהנים, זיינע ברידער און זייערע זין, כדי אויסצומיידן אַז יענער לוי, יידל, וואָס האָט אים פאַראומגליקט זיין טאָכטער זאָל אים אָפּגיסן די הענט.

יידל סעגאַל, כדי אויסצומיידן, אַז ער זאָל נישט זיין געצוואונגען, אַז ער זאָל אָפּגיסן די הענט פונעם כהן, וועמענס בליקן ער וויל דווקא אויס־מיידן, האָט אויך געזוכט צו בלייבן דער לעצטער, אַזוי האָט זיך עס גע־מאַכט אַז דווקא דער דאָזיקער כהן און יענער לוי, וואָס האָבן זיך נישט געוואָלט באַגעגענען, זאָלן זיך דווקא יאָ באַגעגענען, און אַז יידל זאָל דאַרפן אָפּגיסן די הענט פון חיים־בערן... ער האָט איינגעטונקען דאָס טעפּל אין עמער וואַסער וואָס איז געווען צוגעגרייט אין פּאָליש, און די הענט האָבן אים געציטערט. אָבער איידער ער זאָל עס נאָך אַרויסנעמען פונעם עמער, מיטן אָנגעשעפּטן וואַסער. האָט דער כהן (כהנים זענען דאָך באַ־קאַנט פאַר אויפגערעגטע מענטשן!) עפּעס א וואָרטשע געטאָן אונטער דער נאָז און אַריינגעשטעקטביידע פויסטן אין עמער וואַסער און זיך געלאָזט גיין צום באַלעמער, איידער ער זאָל זיך אָפּווישן די הענט מיטן האַנטעך...

יידל איז געבליבן מיטן טעפּל וואַסער אין די הענט, און א מינוט נישט געוואוסט וואָס צו טאָן. ער האָט זיך אַרומגעקוקט, צי סע האָט עמע־צער נאָך געזען. אים האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז אַלע דאַווענער וועלן איצט קוקן אויף אים און אַראָפּלייענען פון זיין געזיכט אָט יענעם סוד, וועלכן ער וואָלט נישט געוואָלט אַז ער זאָל באַקאַנט ווערן פאַר יעדן.

אָט דער פּאַרפּאַל, כאָטש עס האָבן אים כמעט נישט געזען קיין פּרעמדע אויגן. האָט אים דאָך אויסגעוויזן ווי א פּאַטש, וואָס ער האָט באַקומען אין דער עפנטלעכקייט.

עס איז געשען דווקא דאָס, וואָס ער האָט געוואָלט אויסמיידן.

# ווער וועמען קאָן מישפּטן?

דאָס געוועלב איז געווען צוגעשלאָסן. מענטשן זענען פאַרבייגעגאַנגען פאַר דער פאַרריגלטער טיר און האָבן געהויבן מיט די אַקסלען און נישט געוואוסט וואָס צו פאַרשטיין. אמת, סע זענען געווען אַזעלכע טעג, נישט זעלטן, אַז די טיר פונעם געוועלב איז געווען צוגעשלאָסן, אָבער נאָר פון איינציוויניק. דאָס האָט געהייסן, אַז דאָס געוועלב איז נאָר צייטווייליק געשלאָסן, ווייל דער פאַרקויפער איז ערגעץ אַרויס אויף א זייער קורצער צייט. אַז די אויסערלעכע טיר זאָל זיין צוגעשלאָסן, האָט געקאָנט פּאַסירן נאָר שבת און זונטיק, צי אין א יום־טוב.

איצט איז נישט געווען ווער סע זאָל עפענען דאָס געוועלב, אָבער דאָס ווייסט נאָך נישט דער דרויסן. דערווייל ווייסט עס נאָר זי, גיטל, די אויף וועמען עס איז געפאַלן דער גורל, צו טראָגן אויף אירע שמאָלע מיידלישע אַקסלען דעם עול פון א הויזווירטשאַפט, מיט וואָס זי קאָן זיך קוים באַפאַרען. אויב ער, דער באַלעבאָס, וואָלט געווען געעפנט דאָס געוועלב און סע וואָלטן געקומען מערער קונים אויף איין מאָל, דעמאָלט וואָלט זי אויך אפשר אַרויסגעהאָלפן א שטיקל צייט. אָבער צו עפענען אַליין דאָס געוועלב, אָן אים, דאָס איז שוין צו פיל פאַר איר. בפרט אין דעם מצב, אין וועלכן זי געפינט זיך איצט.

האָט זי פאַרלייפיק געוואַרט, אַז דער באַלעבאָס זאָל זיך באַווייזן.

וואו איז ער? דאָס האָט זי זיך געפרעגט און נישט געפונען קיין ענטפער. נאָך מער, — די פראַגע האָט זי זיך געקאָנט שטעלן בלויז פאַר זיך אַליין. קיין אַנדערן האָט זי נישט געהאַט וועמען צו פרעגן. אַזוי פיל האָט זי געוואוסט, אַז נעכטן אָוונט, פאַר מינחה־מעריב, האָט מען יידלען גערופן צו די זשאַנדאַרן, מיסתמא ווייטער אים אויסצופרעגן אין שייכות

מיט דער געגנבעטער סחורה, וואָס זי האָט געקויפט, אָבער מער האָט מען אים נישט געזען.

זי האָט זיך געאיילט אָפּצופאָרטיקן מיט דער נויטיקסטער אַרבעט אין שטוב, כדי אַרויסצוגיין זיך נאָכפרעגן, אפשר ווייסט עמעצער צו זאָגן עפּעס וועגן אים. אפשר איז ער נאָך אָפּגעהאַלטן ביי די זשאַנדאַרן.

צוויי טעג זענען אַזוי צו ביסלעך אַריבער און דאָך האָט זי נישט געקאָנט דערפאַרן מער, ווי זי האָט געוואוסט פון פריער. סע זענען געווען מערער מיינונגען. טייל האָבן געמיינט, אַז ער איז אַוועק אין שכנות־דיקן שטעטל, כדי זיך צו אינטערעסירן וועגן דער סכנה, וואָס סע דראָעט אים, געמישפּט צו ווערן פאַר האָבן אַ שותפות צו אַ גניבה. אָבער דאָס איז נישט מער ווי אַן השערה. וויסן האָט קיינער גאָרנישט געוואוסט אויף זיכער, וואו ער איז. איין זאַך האָט מען אָבער יאָ געוואוסט, אַז ביי די זשאַנדאַרן איז ער שוין נישטאָ. דאָרט איז ער נישט געווען אַליין. עס איז נאָך געווען דאָרט נאָך איין יידישער געוועלבער, וואָס האָט אויך געקויפט פון יענע געגנבעטע זאַכן. מע האָט זיי ביידע צעשלאָגן בעת דער אויס־פאָרשונג, אָבער פאַרפאַלן געוואָרן איז בלויז ער אַליין.

דעם דריטן טאָג, ווען גיטל האָט געזען, אַז דער באַלעבאָס האָט זיך נישט באַוויזן, האָט זי אַלאַרמירט זיינעם אַ ברודער. זי האָט געשיקט אַ שליח מיוחד, אַז ער זאָל אים רופן, כדי אים צו דערציילן דעם מצב. די שטוב איז דאָך געבליבן אָן אַ באַלעבאָס.

זי האָט דאָך געהאַט גענוג אויך פון אירע אייגענע צרות. זי האָט נישט געוואוסט, ווי אַזוי זיך אַן עצה צו געבן מיט זיך גופא. אמת, דער פאָטער אירער האָט איר נישט געזאָגט גאָרנישט. ווען זי איז געווען אויף עטלעכע מינוט אין דער היים, האָט ער זיך נישט אַ מאָל מטריח געווען צו וואַרפן אַ בליק צו איר. ער האָט נאָר געוואָרטשעט עפּעס אונטער דער נאָז, וואָס זי האָט נישט פאַרשטאַנען און נישט אַ מאָל געוואָלט איבערפרעגן. די מוטער, די שטיפמוטער, האָט איר אָבער געזאָגט גאַנץ קלאָר, אַז דער פאָטער האָט געזאָגט, אַז ער וויל זי מער נישט זען פאַר זיינע אויגן. אויב זי האָט געקאָנט אים אָנטון אַזאַ מין בושה, אַז ער זאָל נישט קאָנען קוקן די מענטשן אין די אויגן, זאָל זי זיך אַן עצה געבן, ווי זי פאַרשטייט. ער איינער וויל פון איר מער נישט וויסן.

איצט איז געפאַלן אויף איר קאָפּ אויך אָט דאָס דאָזיקע אומגליק. וואָס זאָל זי טון? אויף וועמען זאָל זי לאָזן די קראַנקע, ווער זאָל זי באַ־דינען? ווער זאָל זי אין זינען האָבן?

זי האָט אָנגעהויבן פילן ווי א שינאה צו איר באַלעבאָס, וואָס האָט זיך אפשר דערגעץ אויסבאַהאַלטן און זי איבערגעלאָזט אַליין, מיט אַזעלכע צרות אויפן קאָפּ. אַזוי טוט דאָך נישט קיין ערלעכער ייד. אַזוי טוט נאָר א שונא...

אָט די אַלע טענות האָט זי, פאַרשטייט זיך, נישט געהאַט וועמען צו זאָגן. דאָס האָט זי געקאָנט זיך אויסטענהען מיט זיך גופא, אין געדאַנק.

עס האָט זי פאַרדראָסן, וואָס ער איז קלוגער געווען פון איר. אַלע מאָל זענען די בעלי־בתים קלוגער פון די משרתים. אויך דאָס מאָל איז ער קלוגער. אנשטאָט זי זאָל געווען עוקר זיין און גיין, וואו די וועלט האָט אַן עק, זי זאָל זיך אויסבאַהאַלטן פאַר דער בושה, וואָס זי האָט אָנגעטראָפן. א בושה, וואָס איז נאָך מער ווי די ווייטיק, וואָס זי ווייסט נישט, ווי אַזוי זי וועט ארויס פון אָט דעם אומגליק. איצט איז זי דאָ, און ער איז נעלם געוואָרן. ווי אַזוי האָט ער עס געקאָנט טון, אויף וועמען האָט ער זי איבערגעלאָזט?

זאָל געווען ליגן אין אים אַזוי פיל צביעות?! ווי אַזוי האָט ער זיך געקאָנט אויף איין מאָל אויסדרייען מיטן רוקן און זיך נישט אינטערעסירן, וואָס סע וועט זיין מיט איר, וואָס זאָל זי טון מיט דער קראַנקער, נאָר אַוועקגיין אָן א „זייט געזונט!"?!

זי האָט דאָך געגלייבט אין אים. זי האָט דאָך געגלייבט אין זיין ערלעכקייט. זי האָט דאָך געגלייבט אין זיינע אויפפירונגען אויך לגבי איר. ווען ער האָט זי אַרומגענומען, ווען ער האָט זי געהאַלדזט, האָט זי געפילט, אַז דאָס זענען נישט קיין אָפּנאַרערייען פון א הייסער מינוט, דאָס זענען דאָך געווען באַווייזן, אַז ער האַלט צו איר, אַז ער געפינט זיך גוט מיט איר און פאַר גאָר נישט וועט ער זי נישט פאַרטרייבן פון זיין הויז. אין דעם איז זי ביז היינט געווען מער ווי איבערצייגט. אָבער איצט, וואָס איז מיט אים געשען? ער האָט זי טאַקע נישט פאַרטריבן, אָבער ער האָט אָפּגעטאָן נאָך עפּעס פיל ערגערס, ער האָט זי איבערגעלאָזט אַליין מיטן גאַנצן עול אויפן קאָפּ?!

ווען ער זאָל זיך איצט ווייזן, האָט זי זיך באַשלאָסן אים איבערצולאָזן. זאָל ער זוכן וועמען ער וויל פאַר א משרת (פאַר א קעפּסווייב?). יאָ, מער ווי דאָס פאַרדינט ער נישט ביי איר. איצט, אין די לעצטע צוויי טעג האָט זי זיך איבערצייגט, אַז ער איז פּונקט אַזא פאַלשער ווי אַלע מענער... יאָ, זי וועט אים איבערלאָזן. וואוהין וועט זי גיין? יאָ, וואוהין קאָן זי אייגנטלעך דען גיין?...

זי האָט נישט צו וועמען צו גיין. איר וועלט איז דאָך אזוי באַ־שרענקט און אזוי ענג, אז זי האָט נישט וואו צו געפינען קיין מיקלט. זי איז געצוואונגען צו ליידן און — — —

...אָבער אַן אויסוועג פון איר מצב, ווי אזוי וועט זי געפינען?

אין מוח האָט אויפגעבליצט א געדאנק, א פארסמטער, וואָס האָט פארפלייצט איר גאנצע נשמה, ווי א טונקעלער וואָלקן רויך פארשטעלט אַן אָפן פענצטער. זי האָט זיך פארלוירן און נישט געקאָנט זיך ווידער־געפינען. גלייך זי וואָלט אויסגעטרונקען א שטארקע משקה און זי איז פארשיכורט און ווייסט נישט מער, וואָס סע פאסירט מיט איר. זי האָט ווי־פארלוירן די גלייכוואָג אירע און זיך אָנגעהויבן ווי אין חלשות וואקלען, וואקלען, וואקלען...

יאָ, דאכט זיך, אז דאָס איז דאָס איינציקע, וואָס עס איז איר איבערגעבליבן צו טון — זי זאָל זיך נעמען דאָס לעבן.

זי איז שוין מער נישט געווען ביכולת צו דערטראכטן דעם געדאנק ביזן סוף. די מחשבות זענען ביי איר שוין געווען פארפלאָנטערט, אז זי איז שוין געווען צו שוואך אויף אויפצופלאָנטערן זיי. זי האָט שוין מער נישט געקאָנט זיך באהערשן. זי האָט שוין נישט געהאט קיין כוח דערצו. זי האָט נאָך היינט גארנישט געגעסן. זי האָט נאָך נישט גענומען גארנישט אין מויל, ווי אין א תענית. איין זאך איז איר געקומען אין געדאנק און אין דעם האָט זי זיך אָנגעכאפט, נישטוויסנדיק אפילו געגנוי, וואָס זי דארף טון, ווי אזוי זי זאָל פארווירקלעכן אָט דעם געדאנק, וואָס איר האָט זיך איצט אויסגעדאכט, אז דער איז איצט דער בילכערסטער.

זי איז ארויסגעלאָפן פון דער שטוב און זיך געלאָזט לויפן, לויפן...

אזוי, מיט די באָרוועסע פיס, אין הוילן קליידל, מיט וועלכן זי ארבעט ביי דער שטוב, מיט די צעפלאָכטענע צעפ, האָט זי זיך געלאָזט לויפן אזוי, אַן א ציל, ווי א חסר־דעה, נישט וויסנדיק וואוהין און צו וואָס, איז זי גע־לאָפן איבערן גאָרטן, איבער די פעלדער, צום וועלדל...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ווען דער ברודער, יידלס, איז אָנגעקומען, האָט ער קיינעם נישט געפונען אין דער היים. די טיר איז געווען אָפן. אויפן פייער איז געווען א טעפל, אין וועלכן סע האָט זיך געדארפט קאָכן דער מיטאָג...

פונעם צימער, וואו עס איז געלעגן די קראנקע, האָט זיך געהערט א שטיל כראָפּען:

— גיטל, גיטל!

## יעדן מוז מען געפינען א זכות

די שכנים האָבן געזאָגט, אז זיי האָבן געזען, אז דאָס מיידל איז געלאָפן איבער די גערטנער צום וועלדל.

דעם באַטייט פון אָט דעם לויפן האָט קיינער נישט געוואוסט. יעדער האָט געוואָלט דערפון דרינגען דאָס, וואָס פאר אים האָט זיך אויסגעדאכט. אָבער דווקא דאָס נישט וויסן האָט דאָך באוואויגן די מיינונג, אז מע וואָלט געדאַרפט גיין זען, וואוהין איז אייגנטלעך דאָס מיידל געלאָפן אין אזא וויל־דער איילעניש.

דערפאר איז קיין חידוש נישט, פאר וואָס מען האָט זיך טאקע גענו־מען גיין אויף דעם זעלביקן וועג צום וועלדל, זוכן דעם גרונט, פאר וואָס דאָס מיידל איז אהין געלאָפן. פון וואו זאָל מען געוועזן וויסן, אז פארן מיידל איז דעמאָלט געווען אלצאיינס וואוהין זי זאָל לויפן. זי האָט דאָך דעמאָלט געוואוסט בלויז איין זאך, אז זי דארף לויפן. גיין, נישט לויפן נאָר אנט־לויפן. אנטלויפן פון זיך אליין.

פון וואו זאָל געוועזן אזא יונג מיידל וויסן, אז מע קאָן נישט אנט־לויפן פון זיך גופא? קיין מאָל קאָן מען נישט פון זיך אליין אנטלויפן. אדרבה, וואָס מער מען אנטלויפט — דאָס הייסט, אז סע דאכט זיך אויס, אז מען אנטלויפט — אלץ מער דערנענטערט מען זיך דאָך צו זיך גופא.

אויך דאָס מאָל איז געשען דאָס זעלביקע.

ווען מען איז געגאנגען אויף דעם זעלביקן וועג, וואוהין דאָס מיידל איז געלאָפן, איז מען דערגאנגען, ביז מען האָט דערזען, אז אויף א בוים הענגט א מענטש, געוויגט פונעם ווינט.

טייל האָבן זיך אָפּגעשטעלט. עס האָט זיי געפעלט דער מוט, פאַר־צוזעצן דעם וועג. דער אָטעם האָט זיך ביי זיי אָפּגעשטעלט, ווען זיי האָבן זיך דערנענטערט צו קוקן דעם טויט גלייך אין די אויגן. נישט דעם נאַ־טירלעכן טויט, נאָר דעם אומנאַטירלעכן, דעם גרויזאַמערן.

סע זענען אָבער געווען טייל, אמת, ווינציקע, וואָס האָבן יאָ געוואלט זען יענץ לעבן, וואָס האָט זיך אליין אונטערגעשניטן, מיט די אייגענע הענט.

צו זייער אלעמענס איבעראשונג האָבן זיי געטראָפן ביידע: יידל סעגאל איז געהאָנגען אויף א צווייג, שוין א טויטער פון מסתמא עטלעכע טעג, און גיטל, דאָס מיידל, וואָס איז געלאָפן אָן א ציל און זיך באגעגנט מיטן טויט אויפן וועג, זי איז געלעגן א גע̇חלשטע. אמת, זי איז געלעגן אין א קאלוזשע בלוט, ווי נאָך א געבוירן, אָבער זי איז געווען א לעבעדיקע. זי האָט געאָטעמט.

סע זענען פאראן חילוקי־דעות: טייל האלטן, אז די וואָס נעמען זיך אליין דאָס לעבן זענען פחדנים. זיי האָבן נישט קיין מוט זיך אקעגנצושטעלן יענע פּראָבלעמען, וואָס דאָס לעבן האָט זיי געשטעלט און נישט געפינענדיק א תיכפדיקע לייזונג, באגייען זיי גיכער זעלבסטמאָרד. סע זענען אָבער פאראן דעות, וואָס מיינען, אז א זעלבסטמערדער איז דער מוטיקסטער מענטש. ער באווייזט דאָך א קוראזש, אז אים שרעקט נישט אָפּ דער טויט... פארשטייט זיך, אז דאָס זענען גריבלענישן, וואָס באַרירן נישט דעם תוך פון דעם דאָזיקן ענין. מע וואָלט דאָך געקאָנט צוגעבן, אז נישט פחדנות, צי מוטיקייט איז דאָ צו לייגן אויף דער וואָגשאָל. דאָך קאָן מען אָנווייזן אויף אן אנדערן אספּעקט: אויבנאויפיק וואָלט זיך געקאָנט מיינען, אז יענער וואָס האָט זיך גענומען אליין דאָס לעבן, האָט דערמיט ארויסגעוויזן, אז ער איז נישט קיין עגאָאיסט — ער האָט זיך געקאָנט אָפּזאָגן פון דעם טייערסטן, וואָס ער האָט פארמאָגט — דאָס אייגענע לעבן. אָבער דאָס איז נאָר, ווי געזאָגט, אויבנאויפיק. ווייל אז מע טראכט נאָר צו דעם, וואָס בלייבט איבער נאָכן נעמען זיך דאָס לעבן, קאָן מען באמערקן, אז דווקא דער דאָזיקער, וואָס נעמט זיך אליין דאָס לעבן, דער איז דער גרעסטער עגאָאיסט. ער איז א דעזערטיר פונעם לעבן און פון דער געזעלשאפט.

יאָ, דער מענטש וואָלט טאקע געקאָנט זיין דער בעל־הבית איבער זיין אייגן לעבן, אז ער וויל עס אונטערשניידן, וואָלט עס געווען זיין פּריוואטער פּערזענלעכער ענין. יאָ, דאָס וואָלט געווען ריכטיק, ווען ער, דער זעלבסטמערדער, וואָלט נישט באַרירט דערמיט דאָס לעבן און די פרייהייט (צו טון מיט זייער לעבן אויך דאָס, וואָס זיי ווילן!) פון די אנדערע מענטשן. יאָ, ער האָט זיך טאקע גענומען זיין אייגן לעבן, דאכט זיך, אז ער מעג טאָן מיט אים וואָס סע גלוסט זיך אים. אָבער וואָס געשעט ווייטער? ער איז דאָך נישט פארשוואונדן פון דער אויבערפלאך. זיין טויטער

גוף איז דאָך געבליבן און מע מוז אים באערדיקן. ווער וועט זיך מיט דעם באַשעפטיקן? אַזוי הייבט זיך אָן, שוין פון דער ערשטער מינוט אָן, ארויס־צווייזן אַז דער זעלבסטמערדער איז נישט מער ווי אַ דעזערטיר, וואָס האָט באַנקראָטירט און איז „אַנטלאָפן". און איצט האָט ער געלאָזט אַז אַנדערע, וואָס האָבן קיין שום מגע־משא מיט זיין אַזוי גערופענעם פּערזענלעכן לעבן, אָדער טויט, זאָלן באַצאָלן אַ טייל פון זיינע חובות. זיי דאַרפן זיך דאָך צו אַלעם ערשט באַשעפטיקן מיט זיין באַערדיקן און מיט די אַנדערע נישט ליקווידירטע עסקים זיינע.

נאָך מער, נישט נאָר וואָס ער ליגט אַ טויטער און ווי אויף צו להכעיס וויל ער זיך נישט רירן פונעם אָרט — אַנדערע זענען מחויב אַרומצולויפן און זיך מתעסק זיין מיט זיין קבורה — נאָר ער האָט נאָך אָפּגעטאָן אַזאַ שטיקל מיאוסע אַרבעט: ער האָט אַרויסגעהאָנגען דעם טויט ווי אַ קויטיקע פאָן, וואָס איז אַן אומאָנגענעם ספּעקטאַקל. ווער האָט עס אים געגעבן דאָס רעכט, אַז ער זאָל פאַראומרייניקן דאָס „לעבן", דאָס געזעלשאַפטלעכע, דאָס לעבן פון אַנדערע, וואָס זענען צופעליק געווען אין זיין סביבה? ווער האָט עס אים געגעבן דאָס רעכט, צו פאַרשטינקען די לופט אַרום זיך?

איז דערפאַר נישט קיין חידוש, וואָס ביי אַלע וואָס קוקן זיך צו צו אַזאַ ספּעקטאַקל, רופט עס אַרויס אַ ווידערווילן צו אָט דעם גאַנצן עסק. און צו ביסלעכווייז גנבעט זיך אַריין אין הארץ פון די נאָענטע אַ געפיל פון שינאה, נישט פון רחמנות. פאַר וואָס זאָל מען האָבן רחמנות אויף איינעם, וואָס ער האָט נישט געהאַט קיין רחמנות אויף קיינעם, נישט אַ מאָל אויף זיך אַליין?!

דערמיט דערקלערט זיך אויך, וואָס די יידישע טראַדיציע האָט תמיד פאַראורטיילט דעם זעלבסטמאָרד. ביי אַ זעלבסטמערדער איז מען זיך נישט נוהג ווי געוויינטלעך ביי אַן אַנדערן מת. די קבורה, תכריכים און טהרה מאַכט מען יאָ ווי געוויינטלעך, אָבער מען איז אים מקבר נעבן פּלויט, ווי מחוץ למחנה. מע שניידט נישט קיין קריעה, מע זיצט נישט קיין שבעה, מע קלאָגט נישט נאָך אים...

אַזוי האָט טאַקע די חברה־קדישא געוואָלט טאָן אויך אין דעם דאָזיקן פאַל. אָבער אַז דער ברודער האָט געפרעגט אַ שאלה ביים רב, האָט יענער אַנדערש געפּסקנט. קודם האָט ער געשטעלט אַ פראַגע, וואָס דער יידישער דין שטעלט אין אַזאַ פאַל: אויב מען האָט נישט געזען ווען ער האָט זיך אויפגעהאָנגען, איז פון וואַנעט זשע ווייסט מען אַז ער איז באַגאַנגען

זעלבסטמאָרד? האָט דען עמעצער געזען ווען יידל סעגאַל האָט זיך גענו־מען דאָס לעבן? אין אז קיינער האָט דאָס נישט געזען, קאָן מען דאָס נישט וויסן אויף זיכער.

די פראַגע איז קודם געשטעלט געוואָרן סתם, טעאָרעטיש, אָבער זי האָט זיך באַלד אַרויסגעוויזן צו זיין נישט בלויז אַ טעאָרעטישע. פון וואַ־נען קאָן מען טאַקע וויסן, צי ער איז בכלל באַגאַנגען זעלבסטמאָרד? מע ווייסט, אַז ער איז גענומען געוואָרן פון די זשאַנדאַרן אויף אויסצופאָרשן אים אין שייכות מיט יענער גניבה. מע ווייס אַז דאָרט האָט מען אים גע־שלאָגן. אָבער מער ווייסט מען דאָך נישט גאָרנישט. מע האָט אים נישט געזען אַרויסגייענדיק פון די זשאַנדאַרן. קיינער, קיין שום עדות האָט זיך נישט געפונען, וואָס זאָל אים געוועזן זען נאָכן רופן אים צו די זשאַנדאַרן.

אָט די פראַגע פונעם רב, האָט געענדערט דעם גאַנצן צוגאַנג צו אָט דעם פאַל. דאָס הייסט, אַז קיינער האָט שוין נישט דאָס רעכט אים צו פאַראורטיילן און נישט אַ מאָל דערלאָזן דעם געדאַנק, אַז ער האָט זיך גענומען אליין דאָס לעבן. דער רב האָט נאָך געזאָגט, אַז ער האַלט אַז ר׳ יידל סעגאַל איז אַ צדיק, וואָס ער פאַרדינט דעם גרעסטן כבוד, ווייל ער האָט געליטן אויף דער דאָזיקער וועלט מער ווי אַ פשוטער בשר־ודם. ער איז אויסגעשטאַנען אַזוי פיל נסיונות, וואָס נישט יעדער ווייסט דאָס, דע־ריבער וועט ער האַלטן אַ הספד (טראָץ דעם וואָס די, וואָס נעמען זיך אליין דאָס לעבן, איז מען נישט מספּיד!).

דער רב האָט טאַקע אונטערגעשטראָכן ביי דער געלעגנהייט, אַז דאָס אַלץ, וואָס מע טוט, איז נישט נאָר פונקטם כבוד וועגן פונעם מת, נאָר אויך פון זיין משפּחה, וואָס האָט נישט קיין שום שולד נישט, איז פאַר וואָס זאָלן זיי ליידן אַזעלכע בזיונות?

...יעדן מוז מען געפינען אַ זכות...

גיטל, ווען זי איז צו זיך געקומען, האָט זי נישט געקאָנט פאַרזעצן איר נאָרמאַלע אַרבעט. אַ וואונד איז פאַרבליבן אין איר האַרץ. די אַלע רייד פונעם רב, וואָס האָט געמוטיקט דעם ברודער פונעם באַלעבאָס, דאָס אַלץ האָט זי נישט אָנגערירט. זי האָט געפילט ווי אַ שינאה צו יענעם, וואָס האָט זי איבערגעלאָזט אַזוי, אָן אַ „זיי געזונט!“.

זי איז אַרומגעגאַנגען אַ שווייגנדיקע, נישט גערעדט צו קיינעם קיין וואָרט. זי איז מער נישט אַריינגעגאַנגען אין יענעם הויז. זי איז צוריק צו

אירע עלטערן און געשוויגן. אויב מע האָט זי עפּעס געפרעגט, האָט זי אויסגעהערט, אָבער געענטפערט האָט זי גאָרנישט. זי האָט געפילט אַ שראַם אין איר נשמה, וואָס לאָזט זיך נישט אויסהיילן אַזוי גיך ווי אַ שראַם אויפן גוף. זי האָט געפילט ווי אַ קנופּ וואָלט זי געוועזן געוואָרגן אין האַלדז. זי האָט געוואָלט וויינען און נישט געקאָנט. די טרערן זענען נישט געקומען. די קוואַל איז ווי אויסגעטרוקנט געוואָרן. עס איז איר אָנגעקומען צו שרייען ווילד, ווי סע רעוועט אַ חיה. אָבער דאָס האָט זי געמוזט דערשטיקן אין זיך. פון דעם האָט זי [זיך געמוזט צוריקהאַלטן. הגם איר האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז ווען זי וואָלט געהאַט די מעגלעכקייט ווילד צו שרייען אַזוי, אַ שטיקל צייט, וואָלט איר אפשר גרינגער געוואָרן...

# אַ שפּאַן פונעם טויט צום לעבן

גלייך זי וואָלט זיך געוועזן אַדורכגעוועקט אין אַ טיפן תהום, אַזוי האָט זי זיך פאַרלוירן. טעג און וואָכן איז זי געזעסן פאַרטיפט אין אירע מחשבות און נישט אַרויסגערעדט קיין איין וואָרט מיט קיינעם. וועגן וואָס און מיט וועמען האָט זי עס געהאַט צו רעדן, מיטן פאָטער?! דער פאָטער איז כמעט נישט געווען אין דער היים. אין דער פרי איז ער אַוועקגעגאַנגען אין וואַלד אַריין און צוריק געקומען איז ער שפּעט אין אָוונט. נאָר וואָס האָט זי געהאַט צו רעדן מיט אים? ער האָט דאָך בכלל כמעט מיט קיינעם נישט גערעדט. אויב ער האָט יאָ עפּעס געהאַט אויפן הארצן, האָט ער זיך דאָך עס אָפּגערעדט פאַר די אָקסן זיינע... די מענטשן האָבן שוין געוואוסט ווי אַזוי ער באַקלאָגט זיך אויף זיין בידנעם מזל: אויב איך לאָז זיך ערגעץ אין וועג, מוז איך תמיד גיין צו פוס, ווייל אויפן וועג באַגעגן איך אַ וואָגן, וואָס קומט מיר אַנטקעגן. קום איך שוין אָן, דאָרטן וואוהין איך דאַרף אָנקומען — יאָגט מיך איבער אַ וואָגן... אָבער ווען אַ איך בין שוין אָנגעקומען, דערוואַרט מיך שוין דאָרט דאָס שלימזל זינט דריי טעג פריער...

אַזוי פלעגט ער שילדערן זיין שלימזל. עפּעס דערמאָנט עס אינעם אופן ווי אַזוי דער אבן־עזרא פלעגט זיך באַקלאָגן, אַז ווען ער זאָל זיך

געמען האנדלען מיט ליכט, וואָלט די זון קיין מאָל נישט אונטערגעגאַנ־
גען; ווען ער זאָל האנדלען מיט תכריכים, וואָלט קיינער נישט געשטאָרבן...

אזוי פלעגט זיך באקלאָגן איר פאָטער, חיים־בער.

איז וואָס זאָל זי רעדן מיט איר פאָטער?

מיט איר שטיפמוטער? מיט איר האָט זי נישט געקאָנט רעדן. זיי האָבן נישט געהאט דאָס זעלביקע לשון. דאָס כוחות־פארהעלטעניש צווישן זיי איז דאָך נישט געווען קיין גלייכס. פאר איר, פאר גיטלען, איז יענע געווען א פרעמדע, וואָס האָט זיך איינגעאָרדנט אויף איר מוטערס פלאַץ, געטראָגן פון אירע מלבושים, וואָס זענען איבערגעבליבן נאָך איר טויט... הגם, צו־ריק געשמועסט, איז זי, די שטיפמוטער, דען שולדיק וואָס איר מוטער איז אוועקגעשטאָרבן ביים געבוירן? אויך אָט דעם געדאנק האָט זי נישט זעלטן אדורכגעטראכט, ווען זי האָט רחמנות באקומען אויך אויף איר, אויף איר שטיפמוטער. האָט זי דען געפירט א סך א בעסער לעבן פון איר? איז זי דאָך אויך געווען נישט מער ווי א דינסט אויפצוכאָווען די קליינע קינדער, וואָס זענען נישט אירע. אדרבה, פיל מאָל קוקן זיי אויף איר ווי אויף א שונא.

יאָ, די איינציקע, מיט וועמען זי האָט יאָ געקאָנט בייטן א וואָרט, איז געווען איר עלטערע שוועסטער, ביילע. נישט נאָר, וואָס זי איז על־טער געווען פון איר און איז אויך געווען מיט מער דערפארונג, נאָר איז אויך געווען צוגעבונדן צו איר, ווי א מאמע. אָבער זי איז דאָך אויך נישט אין דער היים. זי איז דאָך אויך נאָר א דינסט. איז אז זי וויל כאַפּן א שמועס מיט איר, דארף זי גיין זי אויפזוכן, און ארויסגיין אויף דער גאַס, ווייזן זיך צווישן מענטשן, דאָס איז איר אָנגעקומען שווער, זייער שווער...

אָבער מיט דער צייט איז זי צו זיך געקומען. יעדעס אומגליק, וואָס ווייטער סע דערווייטערט זיך, אין אָרט, צי אין דער צייט, פארגייט עס, ווערט עס אָפּגעשוואכט. אויך א בארג, ווען מע דערווייטערט זיך פון אים, ווערט ער וואָס א מאָל קלענער, ביז ער זעט אויס צו זיין נישט מער ווי א קליין פינטעלע...

...אָן אומגליק, זעט אויס קודם ווי א ריזיקע וואנט. זי מאכט אזא שאָטן אז סע דאכט זיך אויס, אז מע וועט זי קיין מאָל נישט קאָנען ארי־בער גיין. זי מאכט אזא ריזיקן שאָטן, וואָס פארשטעלט יעדע פערספעק־טיוו. עס איז ממש סוף וועלט... אָבער מיט דער צייט (אוי די צייט!) היילט דאָך יעדע קרענק. צו יעדן אומגליק קומט א סוף. אויב מע קאָן נישט אריבער דעם וואנט־אומגליק, זוכט מען און מע געפינט, מיט דער

צייט, אן אויסוועג ווי אזוי כאָטש אויסצומיידן. מע נעמט אן אנדערן וועג, און מע גייט נעבן דער וואנט, רעכטס אָדער לינקס, און מע גייט פארביי, מע מיידט זי אויס. מע גייט פאָרויס... מע מוז דאָך גיין פאָרויס. נישט גיין פאָרויס הייסט דאָך זיין טויט, און טויט זיין וויל נישט קיין איין נאָרמאלער מענטש אין דער וועלט, כל־זמן ער לעבט און האָט זיין גלייכוואָג נישט פארלוירן... מיט דער צייט ווערט דאָך פון דיער דאָזיקער וואנט, ווי פון אלע שטרויכלונגען, א קליין בערגל, וואָס שפּעטער דערמאנט מען זיך קוים, צי זי האָט גאָר איבערהויפּט עקזיסטירט א מאָל.

גיטלען איז עס, וואָס אן אמת, זייער שווער אָנגעקומען. די פיזישע ליידן האָט זי נאָך ווי עס איז איבערגעטראָגן. זיי איז לייכטער געווען צו פארהיילן. אָבער די מאָראלישע, די גייסטיקע וואונד — דאָס האָט זיך נישט געלאָזט פארגעסן מיט איינעם און מיט צוויי. דער שניט, די וואונד, איז געווען טיף אריינגעקריצט אין דער נשמה, אין דער יונגער נשמה, וואָס איז נישט געווען געניט געהארטעוועט פאר אזעלכע נסיונות. אָט דער שאָק איז געווען דער ערשטער אין איר לעבן, איז ער געווען צו ווייטיק פאר אן ערשט מאָל, דערפאר איז ער געווען אזוי שווער איבערצוטראָגן. און נאָך שווערער איז עס איר אָנגעקומען, ווייל זי האָט זיך נישט געהאט פאר וועמען אויסצורעדן דאָס הארץ. וואָלט זי יאָ געהאט פאר וועמען זיך אויסצורעדן, וואָלט עס איר אפשר גרינגער אָנגעקומען.

איר שוועסטער,ביילע, איז עלטער געווען פון איר מיט צוויי יאָר, זי האָט שוין יאָ פארשטאנען, אז אזוי זיצנדיק ליידיק, וועט עס איר נאָך שווערער זיין. אויב מע פארנעמט זיך מיט עפּעס, סיי וואָס, נאָר עפּעס דארף מען דאָך טאָן, קאָן מען פארגעסן אויך פון אזעלכע ליידן. יאָ, זי האָט 'עס פארשטאנען — דערפאר איז זי געקומען מיטן פאָרשלאָג: זיי זאָלן זיך נעמען טראָגן מילעך אין דער שטאָט אריין.

די יונגוועלייט, וואָס האָבן זיך מיט דעם באשעפטיקט זענען דאָך אוועקגעגאנגען אין צוואנגארבעטס־לאגערן, איז דאָך געבליבן ליידיקע ערטער פאר די מיידלעך, איז זאָלן זיי זיך מיט דעם באשעפטיקן... אויך זי, ביילע האָט אויפגעהערט ארבעטן אויף איר אָרט, וואו זי האָט געדינט. זיי האָבן צוזאמען אָנגעהויבן זיך צו באשעפטיקן מיט אָט דער פרנסה, וואָס איז נישט געווען גאָר לייכט, אָבער זיי זענען געווען אין זייער אייגענעם רשות. זיי זענען נישט געווען ביי יענעם.

די ארבעט איז באשטאנען אין צונויפנעמען יעדן אָוונט און פריימאָרגן די מילעך ביי די פּויערים, צו עטלעכע ליטער אויף יעדן אָרט. און

צונויפנעמען א צוויי־דריי קאָנדעס מילעך, וואָס איז געווען בערך א פערציק־פופציק ליטער מילעך וואָס מע האָט זיי אין דער פרי אָפּגעפירט אין שטעטל, אויסגעטיילט פאַר די קונים צו א ליטער, צוויי, ביי וואָס מען האָט פאַרדינט אויף ברויט און אויך אויף ארויפצוואַרפן אויף זיך א מלבוש...

די ארבעט איז איר נישט געווען לייכט. זי האָט אָוונט געדאַרפט ארומגיין אויף די בערג, צו יעדן פויער אהיים, נאָך דער מילעך. גאַנץ פרי איז זי אויפגעשטאַנען און געגאַנגען צו אנדערע, ביז מע האָט קאָמפּלעטירט די שווערע קאָנדעס און מיט א וואָגן, צוזאַמען מיט אנדערע מילעך־טרעגער, אריינגעפירט די מילעך אין שטעטל. דאָ האָט זי געדאַרפט איבערגיסן פון דער גרויסער קאָנדע אין א קליין קענדל, א גרינגערס צום טראָגן, כדי סע זאָל איר מעגלעך זיין אויסצוטיילן די מילעך איבער די הייזער פון די קונים... עס איז נישט לייכט געווען, ווייל דאָס האָט מען דאָך געדאַרפט טאָן, סיי אין די היצן, סיי אין דער קעלט, אין רעגן און אין שניי. יעדן טאָג אחוץ שבת און יום־טוב. יעדן טאָג.

מיט דער צייט האָט זי זיך אָבער איינגעלעבט אויך אין דער דאָזיקער ארבעט און זיך צוגעפּאַסט צו די באַדינגונגען. אדרבה, מיט דער צייט האָט זי אויסגעפונען אז זי קאָן נעבן דער ארבעט נאָך טון צוויי זאַכן: איינס, זי זאָל זיך א ביסל אויסרוען א שעה־צוויי, לאָמיר זאָגן, צווישן צוועלף און צוויי א זייגער, אין דער צייט, ווען אויך די איבעריקע זאַמלען זיך צונויף מיט די ליידיקע קענדלעך, אויף אהיים צו פאָרן. אין אָט דער צייט, אויב זי איז פאַרטיק געוואָרן מיטן אויסטיילן די מילעך, האָט זי זיך צוגעלייגט א ביסל און געכאַפּט א שלאָף כאָטש א שעה. דאָס איז איר צו ניץ געקומען, ווייל אז זי איז אָנגעקומען אהיים, האָט זי דאָך ווידער אָנגעהויבן די ארבעט פונסניי: ווידער אויסוואַשן צוזאַמען מיט איר שוועסטער די קאָנדעס און די קענדלעך, ווייל אז מע וואַשט זיי נישט אויס ווי סע באַדאַרף צו זיין, זייערט זיך די מילעך נאָך איידער זי קומט אָן צו די קונים... און ווידער דאַרף מען נעמען דעם באַקאַנטן וועג איבער די בערג צונויפצונעמען מילעך אויפן מאָרגנדיקן טאָג.

פאַר אויסרוען זיך האָט זי געפונען אן אָרט, ביי א קונה, א פרוי וואָס האָט איר אָנגעבאָטן אז זי זאָל זיך צולייגן אויף דער סאָפע. סע וועט זי דאָך קיינער נישט שטערן...

דאָס איז איינס, וואָס זי האָט זיך פאַרלייכטערט איר ארבעט, און צווייטנס: זי האָט אָנגעהויבן לייענען צו א ביכל. איינער א בחור, שוואַרץ

שימי, וואָס האָט אונטערגעהינקט אויף א פוס און מע האָט אים נישט גע־נומען צו די צוואנגארבעט־באטאליאָנען, הגם די מלחמה איז שוין אין צווייטן יאָר. ער איז מיט איר באקאנט געוואָרן, ווייל זי האָט געטראָגן אויך צו זיי יעדן טאָג מילעך. ער האָט זיך מיט איר ארייַנגעלאָזט אין א שמועס און אין אכט גענומען, אז זי איז טאקע א דערפעריש מיידל, אָבער זי איז נישט קיין נאריש מיידל. אדרבה, ער האָט אנטדעקט, אז זי האָט מער שכל ווי פיל שטעטערישע מיידלעך. אזוי פיל נאָר, וואָס זי האָט זיך נישט געלערנט. זי קאָן א ביסל עברי, זי וואָלט געקאָנט לייענען עפּעס, אָבער ביז איצט האָט זי עס נישט געטאָן. זי האָט נישט געהאט די געלעגנהייט עס צו טון... איצט באקענענדיק זיך מיט אָט דעם יונגנמאן, האָט זי דערפאַרן, אז סע זענען פאראן אזעלכע ביכלעך, וואָס קאָנען איר אויפעפענען דעם מוח. זי האָט אָנגעהויבן לייענען קליינע בראָשורן, פון דער סעריע „גראָשן־ביב־ליאָטעק", וואָס זענען דערשינען אין פוילן, אויף יידיש, און האָבן פּאָ־פּולאריזירט פארשידענע וויסנשאפטלעכע און פּאָליטישע פּראָבלעמען.

פאר גיטלען איז עס געווען א רעוואָלוציע. זי האָט זיך נישט גע־קאָנט קיין מאָל פאָרשטעלן, אז עס איז אזוי פשוט. זי האָט זיך נישט גע־קאָנט פאָרשטעלן, אז זי וועט עס קאָנען פארשטיין א מאָל, אָט דאָס, וואָס זי האָט איצט געלייענט אין אָט די קליינינקע ביכלעך... זי האָט זיי געשלונ־גען מיט אזא אפּעטיט, פון אָן אויסגעהונגערטן. זי האָט זיי געלייענט אויפן וועג, ווען זי איז געפאָרן אויפן וואָגן. אמת, ווען דער וואָגן האָט זי געהוי־דעט איבערן גריבערדיקן שטראָז, האָט זי א סך מאָל געמוזט איבעררייסן דאָס לייענען, אָבער נאָך א מינוט־צוויי האָט זי ווייטער געלייענט. כמעט יעדן צווייטן טאָג, העכסטנס דעם דריטן טאָג, האָט זי גענדאַרפט בייטן דאָס ביכל. און אויב זי האָט באגעגנט ווערטער (און אין אָנהויב האָט זי זיי באגעגנט זייער אָפט!), וואָס זי האָט נישט פארשטאנען זייער באטייט, האָט זי איבערגעפרעגט שימין. ער האָט איר געדולדיק דערקלערט. אים האָט עס הנאה געטאָן וואָס ער פירט זי ארויס אויפן ליכטיקן וועג. ער האָט ממש געזען מיט די אויגן, ווי זי וואַקסט אין אירע אייגענע אויגן... זי הויבט זיך אויף, אויף א העכערער מדריגה. זי אליין הויבט אָן קוקן אויף זיך און איר ארום מיט אנדערע אויגן. גאָר אנדערש זעט זי איצט די וועלט.

נישט אלע ווערטער, וואָס זענען איר אומפארשטענדלעך געווען, האָט זי געפרעגט. זי האָט דאָך אין אָנהויב געהאט צו פיל אומפארשטענד־לעכע ווערטער. זי האָט זיך געשעמט צו פרעגן יעדעס וואָרט. זי האָט

עס געלאָזט אויף שפּעטער. זי האָט זיך באַגניגט מיט דעם, וואָס זי האָט זיך משער געווען, זייער באַטייט. נאָר אַזעלכע ווערטער, וואָס האָבן זיך נישט געקאָנט לאָזן פאַרשטיין מיטן בלויזן משער זיין, אויב זי האָט נישט פאַרשטאַנען דעם גאַנצן זאַץ — דעמאָלט האָט זי געפרעגט.

אַזוי זענען געגאַנגען אירע טעג, וואָכן און חדשים. אמת, ווינטער איז איר שווערער אָנגעקומען דאָס לייענען. אין דער קעלט, צי אין אַ רעגן, צי אין אַ שניי, האָט מען נישט געקאָנט לייענען. איז האָט זי זיך אָפּגעזאָגט פונעם אויסרוען און — זי האָט געלייענט...

זי איז דאָך שוין נישט מער דאָס נאַיווע דערפעריש מיידל, מיט די בלאָנדע פלאַקסענע צעפּלעך...

איצט איז זי שוין אונטערגעשוירן. די צעפּלעך ליגן אין דער היים, ערגעץ וואו אין אַ פּאַפּירענעם שקאַרמוץ. די שטיפמוטער האָט זיי באַהאַלטן ערגעץ, נאָך דעם ווי זי האָט זי אונטערגעשוירן... איצט האָט זי קורצגעשוירענע האָר, וואָס זענען נישט לענגער ווי די אויער־לעפּלעך, מאָדערן, שטעטעריש.

די צוויי יאָר, אין וועלכע זי איז געקומען אין קאָנטאַקט מיטן שטעטל, האָבן זי געענדערט.

דאָס אָנגעטועכץ איז אויך שוין אַ ביסל שטעטעריש. אמת, פאָרב־דיק מיטן וואָגן יעדן טאָג, מיט דער מילעך, קאָן זי זיך נישט אָנטון ווי אַ שטעטערישע, אָבער דאָך איז זי שוין בעסער געקליידט. אין דער היים, אויף שבת, ווען זי זיצט אין דער היים, דעמאָלט האָט זי בעסערע קליידער. אָבער פאַר וועמען זאָל זי זיך אָנטון?

הגם מע זאָגט אַז נישט די קליידער זענען דער עיקר, נאָר דער מענטש גופא, דאָך שפּילן די קליידער פון אַ מענטש אַ ראָלע. אויך פאַר זיך אַליין, אויך ווען מע האָט נישט פאַר וועמען זיך אָנצוטון, אָדער זיך צו ווייזן אָנגעטון. דער מענטש, אין זיינע אייגענע אויגן, שעצט זיך אַנ־דערש, ווען ער איז אָנגעטאָן נישט אַזוי נעבעכדיק, ווי אַ דינסטמיידל...

גיטל האָט זיך געפילט צו אַלעם ערשטן, אין אירע אייגענע אויגן פאַר אַ מענטש — פאַר אַ נייעם מענטשן... זי האָט אָנגעהויבן פאַרשטיין דעם גאַנג פונעם געראַנגל מיט דעם פאַשיזם. זי האָט אָנגעהויבן פאַרשטיין די סכנה, וואָס שטייט פאַר זיי, אויך פאַר די יידן, וואָס זענען געבליבן אין דער היים, אָן די יונגע מענער, וועלכע זענען אַרויסגעפירט געוואָרן אויפן פראָנט מיט צוואַנגאַרבעטס־באַטאַליאָנען.

# אין תפיסה צווישן פרייע מענטשן

ווען גיטל וואָלט געווען געגלייבט אין אן עין־הרע, וואָלט עס זי אפשר ווינציקער געוואונדערט. דעמאָלט וואָלט זי זיך אליין אויסגערעדט, אז מע האָט זי פארעין־הרעט... אנדערש ווי אזוי קאָן זי זיך דערקלערן, פאר וואָס זי האָט געטראָפן אזא אומגליק?!

נישט נאָר די בושה, נאָר אויך די ווייטיק, וואָס זי קאָן נישט פאר־שטיין, וואָס עס איז מיט איר געשען. די פרוי, ביי וועלכער זי האָט זיך כמעט יעדן טאָג צוגעלייגט אויף דער סאָפע, אויסצורוען זיך, האָט ארויס־געלאָזט א שם־רע, אז סע פעלט איר פון דער שטוב הונדערט פענגע (אונ־געריש געלט!). יאָ, זי האָט געהאלטן דאָס געלט אין א שעלעכל, אויף דער קאָמאָדע און מיט א מאָל, ווען זי האָט איבערגעציילט דאָס געלט, האָט זי באמערקט אז סע פעלט איר א הונדערטער...

זי האָט עס נישט געזאָגט אָפן, דירעקט פאר גיטלען. זי האָט עס קודם דערציילט פאר די שכנים. פון די שכנים, אויף אומוועגן, האָט זי דערפארן וועגן אָט דעם בילבול. ערשט דערנאָך, ווען זי האָט איבערגע־פרעגט די פרוי, פאר וואָס זי האָט ארויסגעלאָזט אויף איר אזא בילבול, איז יענע ארויס מיט א געוואלד, אז טאקע זי האָט זי באגנבעט. קיין אנ־דערער איז דאָך ביי איר אין שטוב נישט ארומגעגאנגען, נאָר זי...

איר האָט זיך אָנגעהויבן אויסדאכטן, אז אלע קוקן אויף איר מיט א חשד, אז אלע האלטן זי פאר דער גנבטע... אויב עמעצער האָט עפעס גע־זאָגט נישט אויף א הויך קול, האָט איר אויסגעוויזן, אז מע רעדט וועגן איר, אז מע באַרעדט זי... אויב עמעצער האָט געלאכט אויפן קול, האָט זיך איר אויסגעוויזן אז מע לאכט פון איר. פון טאָג צו טאָג איז דער בילבול געוואָרן מער טפּנטלעך, מער פארשפרייט. זי האָט זיך שוין אויך געשעמט צו נעמען א ביכל פונעם בחור, וואָס האָט זיך מיט איר מיט דער צייט באפריינדט, און גערעדט מיט איר, ווי צו זיין גלייכן, אויך וועגן פאָ־ליטישע פראגן. איצט האָט זי אים אויך געוואָלט אויסמיידן. זי האָט מער נישט גענומען קיין ביכלעך צום לייענען. איז איר דען איצט געשטאנען דער קאָפּ צום לייענען?!

מיט וואָס קאָן זי זיך דען ריינוואשן פון אזא מין בילבול, וואָס מע קאָן קיין מאָל נישט אויפווייזן אז דאָס איז נישט אמת?!

בלויז איין מענטש האָט איר געגלייבט, אַז זי האָט טאַקע נישט געגנבעט דאָס געלט. דאָס איז געווען איר שוועסטער. זי האָט איר געגלייבט, ווייל זי האָט געוואוסט, אַז אויב זי וואָלט יאָ געווען גענומען דעם הונדערטער, וואָלט זי דערקענט אין חשבון, און — זי וואָלט עס איר אַליין דערציילט.

אָבער וואָס העלפט עס איר, וואָס איר שוועסטער גלייבט איר יאָ?

שימי האָט געזען אַז זי מיידט אים אויס. זי קומט מער נישט נעמען קיין ביכער פון אים. אָבער ער האָט נישט געוואוסט דעם גרונד. ער האָט אָנגעהויבן טראַכטן, אויב ער האָט זי נישט באַליידיקט מיט עפּעס אַ וואָרט, צי מיט אַ זשעסט. אָבער וויפל ער זאָל נישט געווען טראַכטן, האָט ער נישט געקאָנט אויסגעפינען פאַר וואָס זי מיידט אים אויס.

נאָך אַ וואָך וואַרטן און נאָכפרעגן איז ער אויך דערפאַרן וועגן בילבול. ער איז קודם געבליבן איבערראַשט. קודם איז ער אויך געווען געניגט צו גלייבן, אַז אפשר האָט זי טאַקע געגנבעט דאָס געלט? אָבער דער אינסטינקט, ער איז דאָך געווען אַ ביסל צוגעוואוינט צו איר, האָט אים אונטערגעזאָגט, אַז דאָס קאָן נישט זיין אמת. ווי אַזוי ער איז געקומען צו דעם אויספיר? ווייל ער האָט אויך געטראַכט: ווי אַזוי קאָן מען זיך ריינוואַשן פון אַזאַ בילבול? פּשוט חושד זיין קאָן מען דאָך אַ יעדן. אַזוי איז ער אַרויפגעקומען אויפן געדאַנק, אַז מע מוז האָבן צוטרוי צו אַזאַ מענטש, ווי זי, וואָס ער האָט זי גענוג אויסגעקאָנט, אַז ער זאָל מער זי נישט חושד זיין. ער האָט דאָך געפילט אַ ביסל אחריות אָדער אַ מין שותפותדיקייט אין איר וואַקסן, צו וועלכן ער האָט נישט ווינציק בייגעטראָגן. קודם האָט ער זיך געפילט ווי אויסגעפּאַטשט. סע האָט אים וויי געטאָן: איז עס מעגלעך, אַז ער זאָל זיך אַזוי אַנטוישן אין איר? טראַכטנדיק אַזוי, האָט ער טאַקע אָנגעהויבן צווייפלען: און אַז זי איז טאַקע אומשולדיק?

ער האָט עס נישט געקאָנט לאָזן אַזוי. ער טאָר זי נישט איבערלאָזן איצט, ווען זי געפינט זיך אין אַזאַ פיינלעכער לאַגע. ער האָט זיך אַנטשלאָסן, אַז ער מוז מיט איר איבערשמועסן די זאַך. מע קאָן דאָך נישט אַזוי פאַראורטיילן אַ מענטשן אָן אַ משפט, ווען ער האָט נישט די מעגלעכקייט זיך ריינצווואַשן?!

איז ער אַרויס אין דער פרי, כדי אַקעגנצוגיין דעם וואָגן, וואָס ער דאַרף אָנקומען מיט די מילעכטרעגער. ער האָט זיך שפּאַצירט אַרויף און אַראָפּ דער גאַס, אונטערהינקענדיק מיטן רעכטן פוס. ער האָט זיך אַלץ אָפּגעשטעלט און אַרויסגעקוקט אַדורכצושטעכן די ווייטקייט, כדי צו דער־

זען דעם וואָגן. ער האָט געוואוסט, אז אָט דאָ דאַרף ער זיך אָפּשטעלן. דאָ לייגט מען אראָפּ, אין א ווינקל, הינטערן טויער עטלעכע קאַנדעס מיי־לעך, פון וואו די מיידלעך נעמען שפּעטער אין א קלענער קענדל, וואָס איז לייכטער צום פונאנדערטראָגן. יאָ, דער וואָגן האָט זיך טאַקע דערנענטערט אָבער גיטלען, אָדער ווי ער פלעגט זי רופן „פריילין קאַץ", זי האָט ער נישט געזען. אָבער ער איז נישט אוועק פונעם אָרט. ער האָט געוואַרט אז דער וואָגן זאָל זיך אָפּשטעלן, כדי זיך נאָכצופרעגן וועגן איר. ער האָט זיך געמאַכט אז ער הערט נישט, ווי איינע האָט לאַכנדיק אויס־געשריגן: „דער קאָטער וואַרט אויף דער קאַץ"... זי האָט עס געזאָגט אויף א קול. אפשר ספּעציעל, אז ער זאָל עס הערן. אַלע האָבן אויסגעשאָסן אין א געלעכטער.

— דיר מעג אָפּנעמען דאָס לשון.

ער האָט זיך ארומגעקוקט זען, ווער עס נעמט זיך אָן זיין קריוודע, און האָט דערזען א מיידל, אַן עלטערע ווי גיטל, אָבער אָן שפּרענקעלעך אויפן פּנים. ער וואָלט געקאָנט שווערן, אז עס איז איר שוועסטער.

ער האָט זיך דערנענטערט צו איר:

— פריילין קאַץ איז נישט געקומען?

— איך בין די פריילין קאַץ — האָט זי געזאָגט מיט א שמייכל — איר זוכט מסתמא מיין שוועסטער?

— יאָ, אויף גיטלען האָב איך געוואַרט - האָט ער געענטפערט מיט א צוריק־געהאַלטענעם טאָן — איך האָב געוואָלט מיט איר עפּעס רעדן.

— איר מיינט, אז מיר קומען אהער „רעדן"? מיר קומען ארומ־טראָגן די קאַנדעס מילעך... מיר האָבן נישט קיין צייט צו...

זי האָט זיך אַליין אָפּגעשטעלט און נישט דערזאָגט ווייטער. זי האָט א טראַכט געטאָן: וואָס האָט זי מיט אָט דעם מענטשן? זי קאָן דאָך אים נישט א מאָל. זי ווייסט דאָך נישט וועגן אים נישט קיין גוטס, אָבער אויך קיין שלעכטס — האָט זי זיך אַליין צוריקגעהאַלטן מיט אירע רייד. זי האָט באַלד געביטן דעם טאָן:

— מיין שוועסטער פילט זיך עפּעס נישט גוט, בין איך געקומען היינט. מיר ארבעטן דאָך צוזאַמען. בין איך געקומען היינט...

שימי שווארץ איז געבליבן א ביסל פאַרטראַכט. ער האָט געזען אז דאָ איז נישט דאָס אָרט און אויך נישט די צייט צו פאַרפירן א שמועס, האָט ער איר נאָר אזוי פיל געזאָגט.

— איז וואָלט איך געוואָלט עפּעס רעדן מיט אייך. טאַקע וועגן אייער שוועסטער, אָבער איצט נישט. איר זענט דאָך פאַרנומען. ווען איר ענ־דיקט וואָלטן מיר געקאָנט רעדן? א זייגער וויפל ענדיקט איר? לאָמיר זאָגן א זייגער איינס...

— גוט, איז זי מסכּים געווען — א זייגער איינס וועל איך וואַרטן.

הגם זי האָט נישט געוואוסט, וואָס זי האָט מיט אים צו רעדן, אָדער ער מיט איר.

די גאַנצע מעשה מיט דער שוועסטער האָט דאָך גאָרנישט מיט אים צו טאָן. און אויב אפילו עמעצער וואָלט איר געוואָלט העלפן, אז זי זאָל רייני־געוואַשן ווערן פונעם בילבול, איז דאָך אויך נישט שייך...

ווען זי האָט אויף אים געוואַרט, אין דער צייט ווען זיי האָבן זיך אָפּ־גערעדט צו טרעפן, איז ער נישט געקומען. פאַר וואָס איז ער נישט געקומען? גלויבט ער אויך אז איר שוועסטער איז א גנבטע? זי האָט נישט געקאָנט פאַרשטיין. זי האָט דאָך אים נישט געזוכט. אדרבה, ער האָט זי געזוכט, איז פאַר וואָס האָט ער זיך אזוי גיך מישב געווען און נישט געקומען צו דער באַשטימטער שעה?

ווען זי איז אהיימגעקומען האָט זי דערציילט גיטלען, אז דער בחור האָט זיך נאָכגעפרעגט אויף איר. זי האָט איר נישט געזאָגט די גאַנצע מעשה, אז ער האָט צוגעזאָגט אויף איר צו וואַרטן, אז זיי זאָלן זיך טרעפן און צום סוף איז ער נישט געקומען. ניין, זי האָט איר דאָס נישט דערציילט. צו וואָס זאָל זי זיך ערגערן אויך וועגן דעם?

אָבער אז סע זענען אדורך עטלעכע טעג און שימי האָט זיך מער נישט געוויזן, האָט ביילע באַשלאָסן אים אויפצוזוכן. זי איז דאָך נייגעריק געווען צו דערפאַרן, וואָס האָט ער מיט איר געוואָלט דעמאָלט רעדן?

ערשט שפּעטער איז זי געוואויר געוואָרן, אז מע האָט אים אַרעסטירט און אוועקגעשיקט קיין וואַץ, נעבן בודאַפּעסט, אין דער באַקאַנטער אונגערי־שער תּפיסה פאַר פּאָליטישע...

ווען זי איז אהיימגעקומען, האָט זי געוואָלט אָנזאָגן די בשורה פאַר גיטלען, אז זי זאָל וויסן וואָס עס איז געשען מיט איר פריינד — אָבער, אין דער היים האָט זי שוין נישט געפונען וועמען צו דערציילן דאָס נייעס... מען האָט דאָך אַרעסטירט אויך גיטלען, ווען מען האָט געמאַכט אַן אַבלאַווע און געפונען ביי איר עפּעס א ביכל, וואָס מען האָט געזאָגט אז עס איז פאַרבאָטן...

אין וואַץ, אין דער באַרימטער אונגערישער תּפֿיסה, דאָ האָט גיטל פֿאַרגעזעצט די שול, וואָס זי האָט אָנגעהויבן אין דער היים אונטער דער השגחה פֿון שימין... דווקא דאָ, אין געפֿענקעניש, האָט זי געלעבט צווישן פֿרייע מענטשן, וואָס האָבן געשטרעבט און געחלומט...

*

...נאָר, צוריק געשמועסט: וואָס איז זיך דאָ צו וואונדערן, אַז אין גע־ראַנגל אויף טויט און לעבן צווישן פֿאַשיזם און אַנטיפֿאַשיזם האָט די מאַראַ־מאַרעשער יידישע יוגנט געהאַט נאָר איין איינציקע ברירה?!...

**איזאָ שאפּירא**

# מדרש מאראמאָרעש

אין מאראמאָרעשער גרענעץ־לאנד זענען די אָרטיקע טראדיציעס פון שטייגער, שפּראך און אלגעמיינער קולטור באזונדערס טיף פארוואָרצלט. דער פאָלקלאָר צייכנט זיך אויס מיט זיין וואוכטיקער, עלעמענטארער, אויסדרוקסקראפט.

דער איינגעפונדעוועטער לעבנסשטייגער פון יידישן קיבוץ פון מאראמאָרעש קומט בולט צום אויסדרוק אין די שאפונגען פון זיינע קולטור־טרעגער.

וואָלף טאמבור געהערט צום יונגערן דור יידישע שרייבער. ער שטאמט פון די מאראמאָרעשער קאנטן, וואו עס האָט געבליט א יידיש קולטורעל לעבן, מיט יידישע צייטונגען און יידישע ביכער, מיט שרייבער, דיכטער, זשורנאליסטן.

וו. טאמבור דרוקט זיין ערשטע דערציילונג אין יאנואר 1935 אין טשערנאָוויצער וואָכנבלאט „דאָס יידישע וואָרט", וואו ער ארבעט שפּעטער (1935 — 1938) אין דער רעדאקציע און דרוקעריי. אין 1937 דערשיינט אין בוכפאָרעם זיין „ביי דער טיר".

די וואַרשעווער „ליטעראַרישע בלעטער" שטרייכן אונטער אין א רעצענזיע „וו. טאמבורס אינטערעסאנטע און רייכע שפּראכפאָרמען"...

שפּעטער זענען דערשינען „מיין היים", „זאלצמענטשן", „פרילינג און זון" און „משה".

ד"ר שלמה ביקל שרייבט וועגן מחבר: „אָט דער ליריקער און רעזאָנירער האָט זיך ערבייז א זעלטענעם כוח צו דראמאטיזירן געשטאלטן און געשעענישן..."

וו. טאמבור האָט אין די ווייטערדיקע יאָרן מיטגעמאכט א לאנגן קאָמפּליצירטן וועג: ער ווערט מאָביליזירט אין די אונגערישע צוואנגארבעטס־באטאליאָנען, פאלט אריין אין געפאנגענשאפט פון וואו ער גייט ווי א פרייוויליקער אין די רייען פון דער רומענישער אנטיפאשיסטישער דיוויזיע. אזוי האָט די מלחמה, אין וועלכער ער האָט פארלוירן זיין גאנצע

משפחה, אויך אים ארייננעשלעפט אין געווירבל און געביטן זיין קאריערע. געוואָרן אן אקטיווער אָפיציר פון דער נייער דעמאָקראטישער ארמיי, ביזן ראנג פון קאָלאָנעל.

נאָך א לענגערן איבעררייס האָט זיך וו. טאמבור אומגעקערט צו דער פען. זינט דריי יאָר איז ער רעדאקטאָר פון דער בוקארעשטער צוויי־וואָכנדיקער „צייטשריפט".

— — — און אָט פירט ער ארויס זיינע „מאראמאָרעשאנער" צו דער ליכטיקער שיין.

... פון מזרח, זאָגט מען, קומט די ישועה.. די מאראמאָרעשער ייִדן „מיט דער געלער אָרעמבאנד" האָט מען געשיקט קיין מזרח, אויפן אוקראַי־נישן פראָנט, כדי אומצוקומען פאר האָרטיס „גרויס־אונגערן".

דער ווידערשטאנד קעגן די פאשיסטישע רוצחים האָט אָנגענומען די פארשיידנסטע פאָרמען: ווער עס האָט זיך אקעגנגעשטעלט מיט כוח, ווער מיט פארביסענע ציין און געביילטע פויסטן. ווער מיט א ניגון, צי גאָר מיט א תפילה...

אין לאגער פון די צוואנגארבעטס־דינסטלער האָבן די שומרים זיך איזדיעקעוועט איבער די ייִדן מיט די הארבסטע שטראָפן און פייניקונגען. דאָס „אויסהענגען" אויף א בוים מיט אונטערגעבונדענע הענט אָדער דאָס „זשאבע־שפרונגען" איז פאר די האָרטי־בעסטיעס אן אָפטע פארווײַלונג.

...האָט מען שוין א מאָל געפירט די ארבעטס־דינסטלער אין באָד אריין, האָט מען זיי אָדער אָפּגעבריט די הויט, אָדער געלאָזט איינגעזייפט און נישט אָפּגעוואשן, און זיי צוריקגעטריבן אין די באראקעס מיט קלעפ און מיט געזאנג:

**„איך בין דער זעלנער פון האָרטי מיקלאָש —**
**דער שענסטער זעלנער זיינער בין איך..."**

וו. טאמבור שילדערט איינדרינגלעך די פחדים און אנגסטן, וואָס האָבן ארומגעכאפּט יעטוועדן ווי מיט אן אייזערנער צוואנג.

עס איז נישט לייכט אָנגעקומען דעם איבערזעצער פון ייִדיש און רומע־ניש אויף אונגעריש אויסצובאהאלטן פאר דער לאגער־צענזור א פסוק פון

א בריוו ווי למשל: „דער ימח־שמוניק זאָל נאָר איינמעמען א מיתה משונה...‟
די איבערזעצונג האָט געקאָנט ביטער אריינלייגן אי דעם ארבעטס־דינסטלער, אי זיין משפחה אין דער היים. פון דער אנדערער זייט איז דער איבערזעצער נישט ווייניקער אויסגעשטעלט, אויב מע דערוויסט זיך פון זיין נישט־פינקטלעכקייט.

די שבעה מדורי גיהנום זענען נאָר א פרוזדור אקעגן די אָפגרונטיקע ליידן און דערנידערונגען אין צוואנגס־לאגער.

האָט מען באוויליקט אן ארבעטס־דינסטלער אהיימצופאָרן זיך געזע־גענען מיט פרוי און קינדער, איידער מע ווערט אוועקגעשיקט אויפן פראָנט, איז אין דער זעלבער צייט זיין פרוי געפאָרן צו אים. זייערע צוגן קרייצן זיך און דער אורלויב איז אוועק מיטן רויך. צוריקקומענדיק אין לאגער, טרעפט דער אורלויבער זיין פרוי אויפן וואָקזאל. נאָר דאָ מישט זיך אריין דער לאגער־אונטעראָפיציר, וואָס פארלאנגט די פרוי צו ערשט פאר זיך. א פויסט האָט ווי א דונער אנידערגעוואָרפן דעם אונטעראָפיציר...

כדי זיך ארויסצודרייען פון דער שטראָף האָט דער בעל־חוטא זיך פארשטעלט אלס משוגענער. געחשבונט און אויסגערעכנט, אז „פון זיבן זע־נען געבליבן עלף‟... ס׳איז אים אזוי ארום געלונגען, אז דער קאָמאנדאנט זאָל אים אָפשיקן אין א משוגעים־הויז.

*

די געשיכטע חזרט זיך איבער. .

ווען סע גלוסט זיך איינעמען שטעט און לענדער אין מזרח, פאו־כאפט אים דער רוסישער ווינטער און פארפרירט זיינע אברים און חלומות.

די אָפיציר און שומרים פון צוואנגארבעטס־באטאליאָן האָבן גע־וואָלט באגליקן די וועלט מיט „גרויס־אונגערן‟. פון גזילה, גניבה און רציחה האָבן זיי געוואָלט שאפן א נייע „אָרדענונג‟.

וואָלף טאמבור, וואָס האָט אליין דורכגעמאכט דעם וועג קיין מזרח, קען זייער גוט, פון אייגענער דערפארונג די נסיונות און דעם פארעקשנטן בטחון פון די ארבעטס־דינסטלער. יעדער וואָס האָט איבערגעלעבט דעם היטלעריסטישן גיהנום גייט אריין — לויט דער מיינונג פון מחבר — אין דער בחינה פון גבורה און העלדישקייט.

דערפאר זאָגט בערט ברעכט:
„גליקלעך איז דאָס פאָלק, וואָס באַדאַרף נישט קיין העלדן...״

*

די נאָוועלע „מיין ברודער פייוויש״ באַקענט אונדז מיט דער מערכה פון א יידישער מאַראַמאַרעשער משפחה: אכט פאַרשווינען זענען זיי. טאַטע־מאַמע, צוויי זין און פיר טעכטער. די אייביקע קשיא: וואו נעמט מען פרנ־סה? עס איז אָך און וויי. מע שלעפּט חיונה פון א פיצל גאָרטן מיט א שטיקל קו.

די עלטסטע שוועסטער, בראַנע, קאָן זיך נישט אויסקלויבן קיין חתן. א כלה אָן נדן בלייבט זיצן...

דעם טאַטן נאָגט דאָס דחקות, האַלט ער אין איין מוסרן פייווישן: „א ספר וועסטו נישט נעמען אין די הענט!...״ געמיינט האָט ער דעם אָרעמען גראָשן.

נישט געיאָגט זיך. פייוויש האָט צייט. ער גריבלט זיך, ער זוכט דעם אבן־טוב, א „פערפּעטואום מאָבילע״... צום סוף האָט זיך פון פערפּעטואום מאָבילע אויסגעלאָזט א בוידעם...

וואָס זשע טוט מען? איז דאָס א תכלית?...

אז מע וואוינט ביי דער גרענעץ, איז באין ברירה ווערט מען א שמוגלער.

פייוויש איז געוואָרן דער ברויטגעבער און פאַרזאָרגער. די עלטערע שוועסטער האָט מען געוואָלט פאַרשלייערן. געפונען אָט־אָט א בחור, וואָס נעמט זי אָן נדן. מיטן תנאי, אז פייוויש זאָל נעמען דעם חתנס שוועסטער אויך אָן נדן...

נאָר מע האָט נישט געבראָכן קיין טעלער. ווי זאָגט די מאַמע:

**„וועט ס׳עס זיין פון מייערן —**
**וועט עס זיך פאַרשלייערן...**
**וועט ס׳עס, חלילה, זיין פון כריין —**
**וועט עס זיך צעגיין...״**

דער שמוגל איבער דער טייס־גרענעץ איז אזוי לאַנג געגאַנגען ביז דאָס אייז האָט געפּלאַצט. מע האָט נאָכגעשאָסן די שמוגלער. זיי האָבן אוועקגעוואָרפן די סחורה און זענען געווען גליקלעך. וואָס מע האָט זיי

נישט געכאפט. און פייוויש איז געבליבן אָדם, נאקעט, אָן גאָרנישט, דער דלות פייפט ווידער אין שטוב דאָס אלטבאקאנטע ליד.

פייוויש איז אָבער פאָרט א „מזל־קינד״: ער דרייט זיך ארויס פון דחקות און געפינט א גוטע פרנסה. ער ווערט א האָלץ־מענטש. כדי די וואלד־העקער זאָלן נישט אוועקטראָגן דאָס געלט צו אן אנדערן, שאפט ער אויך א קאנטינע, וואו די גאנצע משפחה איז באשעפטיקט.

איצט האָט מען זיך ערשט געקאָנט דערלויבן פראווען א קנס־מאָל, מיט לייטן גלייך.

...פייוויש ווערט איינגערופן צום מיליטער. בלימע, די יונגסטע שוועסטער איז איצט זי ברויטגעבערין.

זי ארבעט און ברומט זיך דערביי אונטער, צום טאקט פון דער ניימאשין:

**„וואו זענען מיינע זיבן גוטע יאָר?**
**אז נישט זיבן, זאָל כאָטש זיין א פאָר...״**

יענטע, איר עלטערע שוועסטער. ווארט אויף א וויזע צו פאָרן קיין בעלגיע. אפשר איז דאָרט איר מזל?

דער מיזיניק פון דער משפחה האָט געענדיקט מיטן חדר. נישטאָ פון וואנעט צו צאָלן שכר־לימוד.

וויל ער, דער יונגסטער. אויסטרעטן נייע וועגן, אויסשמידן א ניי לעבן — איז ער אוועק צו משה, דעם קאָוואל. האָט ער זיך געלערנט שלאָגן אָן רחמנות מיטן שווערן האמער אויף דער קאָוואדלע...

דאָ הויבט זיך אָן א נייע געשיכטע.

צייטן בייטן זיך.

פרישע באשעפענישן מיט אנדערע מזלות אין א ניי־געבוירענער וועלט.

דעם המשך איז אונדז דער מחבר דערווייל שולדיק געבליבן...

מיר וועלן זיכער נאָך הערן פון די מאראמאָרעשער יידן מיט זייער זאפטיקער שפּראך, זייער שפּרודליקן הומאָר און וואולקאנישן טעמפעראמענט.

מאראמאָרעש איז א ליטעראַרישער באגריף פאר זיך, וואָס אָטעמט מיט דערהויבנקייט פון אן עקסטאטישער אטמאָספער. מאראמאָרעש אנטפלעקט

פאר אונדז זיין לעבנסשטייגער אין א רייכן פייסאזש פון וועלדער און גערט־נער, בערג און וואסערן.

יידן אקערן מיט דער נאָז די ערד און האנדלען מיט עולם־הבא. אַט די מדינה אנטוויקלט און פארמערט געשטאלטן פון א באזונדערן שניט, פון אן עקסצענטרישער פלאסטיציטעט.

אין אַט די קאנטן איז געבוירן סערל, א נישט געוואונטשן קינד. נישט לייכט קומט זיי אָן דער ביסן.

נאָר סערל איז געווען מלא חן און אלע האָבן זי געפעשטשעט, גרויס און קליין. געענדיקט די עלעמענטארע קלאסן, איז סערל אָנגעקומען אין שטעטל, צו איר מומע עטל, ארבעטן אין דער וירשטל—פאבריק געביטן די היים, האָט זיך געביטן איר איידל הייטל. אויס זיידן פליטערל, וואָס שוועבט פון רויז צו רויז...

באהאלטענערהייט פלעגט זי זיך צו מאָל טרעפן מיט לייבין, זיי האָבן געשפינט קאָנספיראטיוו דעם חלום פון ליבע און רעוואָלוציע. דעם זיי־בעטן נאָוועמבער האָט לייבי זיך פארשטעלט אלס קוימענקערער און אויפ־געהאָנגען א רויטע פאָן אויפן דאך פון דער פאָליציי.

לייבי איז פארשלעפט אין צוואנגארבעטס־באטאליאָן.

סערלס יוגנט פארבליט און זי פארגעלט פאר דער צייט.

...אין פיר און פערציקער יאָר. נאָך די יום־טובדיקע טעג פון פסח האָט מען די מאראמאָרעשער יידן איבערגעטריבן פון זייערע היימען און אריינגעשטופט אין ענגן געטאָ אויך פון סעלאָטווינע, אין געטאָ האָבן געהערשט פאניק און הונגער, חוזק און דערנידערונג, די אכזריותדיקייט פון א ווילדער בעסטיע.

די זשאנדארן פלעגן זיך פארווײלן. שלעפנדיק די מיידלעך צום פארהער. סערל האָט מיט אירע שארפע ציין און נעגל זיך ארויסגעריסן פון די חייהשע לאפעס.

„רעדער מוזן ראָלן פארן זיג".

די רעדער האָבן געראָלט און געפירט די יידן צו דער קרעמאטאָריע. אין די פארשלאָסענע וואגאָנען, אָן לופט, האָבן האלוציני̇רט האָפענונגען און ווייטיקן אין אן אפּאָקאליפּטישן געראנגל צווישן גלויבן און יאוש.

א טייל האָט ממש געזען און געפילט: אָט קומט די גאולה. אָט איז איר אויסגעשטרעקטע האנט. . בעטנדיק כאָטש איין שטראל פון דעם אייביקן

ליכט... דאָרט וואַקסט די פאַרצווייפלונג, דער אומגלויבן... אָפּגעשיידט פון אַלע הייליקייטן ווערן תפילין אַוועקגעשליידערט.

אין דעם עקסטאַטישן ווידעראַנאַנד צווישן גלויבן און יאוש האָט זיך געדראַטעוועט א כזית פון האָפענונג און אַלץ ווייטער געטליעט...

אין טויטן־גרוב אוישוויץ זענען אָפּט פּאַרגעקומען סעלעקציעס: ווער סע האַלט זיך נאָך אויף די פיס, דעם שיקט דער דאָקטער אויף רעכטס, אין אן ארבעטס־לאַגער. לינקס פירט דער וועג צו דער קרעמאַטאָריע. וואו מע ווערט פאַרוואַנדלט אין אַש און רויך.

טרעפנדיק זיך דאָ מיט איר קוזינע ביי דער סעלעקציע, האָבן זיך האָפערדיקע פינקען אָנגעצונדן. ביידע זענען אַדורך אויף רעכטס, באַלאַנסירנדיק מיטן רעכטן פוס אויף דעם דינעם שטראַל פון לעבן... ביז דער נצחון האָט זיך דורכגעראַנגלט.

...דער סוד איז געגאַנגען פון מויל צו מויל און אויפגעריסן די הערצער פון פרייד. די פאַשיסטישע בעסטיע איז פאַרניכטעט. עס פלאַטערן די פליגל פון דער פרייהייטס־פאָן...

וואוהין, וואָס, ווען?...

דאָס לעבן איז אויסגעהוילט. עס שמעקט מיטן רויך פון אוישוויצער קרעמאַטאָריעס.

אין איר היימשטאָט סיגעט האָט סערל קיינעם נישט געפונען. א חרובֿע נעסט.

סערל און לייבי חלומען פונאַנאַנדער, נאָר איינער ווייסט גאָרנישט פון צווייטן.

לייבי האָט זיך דערשלאָגן קיין בודאַפּעסט. ער הייסט נישט מער לייבי אַפּטער, נאָר לעאָן אַפּטערי רופט ער זיך איצט אין זיין אַמט. אין מזרח־אָפּטייל פון מיניסטעריום.

אין זיין עלנטקייט נאַרט לייבי אָפּ די פּאָסט און די שכנים און שיקט זיך אליין בריוו.

די טרייסט פון איינזאַמקייט.

די כוואַליעס פון דער דוניי פאַרבינדן אים מיט זיין עבר און פאַרוויגן אים מיט ראָזשינקעס און מאַנדלען.

דינענדיק אין אונגערישן צוואַנגאַרבעטס־באַטאַליאָן, איז לייבי פון דער געפאַנגענשאַפט רעפּאַטריאירט געוואָרן קיין אונגערן. ער האָט זיך

איבערגעגעבן דער ארבעט בלב ונפש. ער שטייגט אלץ העכער אויף דער לייטער פון דערפאָלג. נאָר עס שווינדלט אים פאר די אויגן.

בלייבט ער אָפּהענטיק און אויסגעוואָרצלט.

עס קאָכט אין אים דער פארלאנג צו זיין אין איינעם מיט אייגענע און נאָענטע.

אין דער סאמעטאָכע, נאָך די גרויליקע צייטן פון מלחמה און אומקום איז זייער שווער געווען זיך אָפּצוגעפינען.

דער ראָמאן צווישן לייבי און סערל ענדיקט זיך נישט מיט קיין העפּי־ענד.

ערשט נאָך צוואנציק יאָר פון צעשיידונג האָבן זיך סערל און לייבי באגעגנט. יעדער פון זיי האָט חתונה געהאט, איז באשטאט מיט א היים און קינדער... אזא אויסבליק קאָן מען אויך באטראכטן ווי א העפּי־ענד. ווארטן אָן א סוף איז נישט שייך...

פאר די פארוואָגלטע, וואָס ווערן מיטגעריסן אין שטורעם פון אויפ־טרייסלענדיקע ווינטן, צייכענען זיך אויפן האָריזאָנט בליצן פון רעגנ־בויגן־פארבן...

**בוקארעשט, יאנואר 1975.**

## מאראמאָרעשער לאָקאליזמען
## וואָס זענען בכיוון באניצט געוואָרן אין בוך

**אייגענען זיך** — באגיין זיך; נישט האָבן זיך וואו צו **אייגענען** — מיינט אָבער: נישט האָבן גענוג אָרט, וואו זיך צו באוועגן.

**אויסשורהען** — אויסרייען, שטעלן אין איין ריי, אין איין שורה.

**אויסרעכטן, אויסגעראָכטן** — צוגרייטן צום וועג, ארויספראוועןן.

**איינמאָנען זיך** — לוינען זיך.

**אָנטאסעווען** — אָנשטופן, צונויפקוועטשן אין ענגשאפט.

**איינשפענערל** — פורל מיט איין צי־פערד.

**אָנפאָרן** — צוגרייטן.

**אָנרוקן** — קומען צו גיין, צו פאָרן (מיינסטנס ביי א נישט דערווארטן גאסט).

**אָפטרייבן** א קינד — אוואָרטירן.

**אָפּכאָזען** — שפייזן, באדינען, צוכטן.

**ארויסגעשארט** — ארויסגיין בגנבה.

**אריטש** — שטעכלער.

**ארשיצע** — א זומערדיקער היציקער טאָג.

**באָדנערן** — מייסטרעווען.

**באָכטע** — בולקעלע.

**באנשטראָז, באנוועג** — גערעלס.

**באפאָרען** — פונאנדערקלויבן, איינאָרדענען, אויספארטיקן די ארבעט.

**באָקער** — פליס, צו טראנספּאָרטירן האָלץ אויף א טייך.

**באָקעריש** — פליס־טרייבער.

**באראָז** — שווערער זעך־האמער ביי א שמיד.

**בראך, בערעם האָלץ** — א פאָר שייטלעך האָלץ, וואָס מע קאָן זיי ארומנעמען מיטן אָרעם אויף צו טראָגן.

**בריטשקע** — קליינע דערפערישע קארעטע.

ברינדושע — פון די ערשטע פרילינג־בלומען, מיינסטנס פון געלן קאָליר.

גוווימלט — באַוועגט זיך מאַסנווייז הין און הער.
געלאָפּן — אַ קו וועלכע באַפּרוכפּערט דורך אַ בוהיי.
געאייסערט — אַרויסגעזאָגט.
גרייצער — עסטרייך־אונגערישע מינץ, גראָשן.
גרענישערן — גרענעץ־זשאַנדאַרן.

דאָגע — קלעפּקע, יעדעס ברעטל, מיט וועלכן מע שטעלט צונויף אַ פּעסל.
דערלעגנ — פּאַזע.
דבר־אחר — חזיר־פלייש.

האַזאַרד — ריזיקע.
האָרטי — פאַשיסטישער דיקטאַטאָר פון אונגערן.

וואַרעמע לאָקשן — אַ תנאים־מאָל, קנס־מאָל.

זעהייען — דערקוטשען.
זערנע — קערנדל.

טאָפּען, צעטאָפּען — צעלאָזן, צעשמעלצן.

יאַקאָס — ווי עס איז.
יאַקמיי — נאָר וואָס; סאַמע.

כאָלאָשניעס — פּויערישע ווינטער־הויזן פון פילץ.

לאָפּטע — שפּיל־באַלעם.
לאַקעמקע — לאַקעטקע.
לעווענטע — אונגערישע פאַשיסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציע.

מאלײ — פֿאַפּשױ.

מכין זײַן — טון די מענטשלעכע פֿיזישע באַדערפֿענישן.

מעלעאַווע — אָן אַ טעם, אומגעזאַלצן.

מערינדע — צידה־לדרך.

סאַקוועס — אַ טאָפּלטע טאַרבע, וואָס מע טראָגט עקיליברירט אויפֿן אַקסל. אײנע פּאַרט אויף דער ברוסט און די צווײטע אויפֿן רוקן.

סטינע — פּאַשע־פֿעלד פֿאַר שאָף, וואו סע ווערט אויך צוגעגרײט דער שאַפּקעז.

סטעבלע — גרעזל, גראָז צי שטרוי־צווײַגל.

סיגוראַנצע — פּאַרצײַטיקע רומענישע געהײם־פּאָליצײ.

סמערעקע־בײמער — פֿיכטן בײמער.

פּאַסטעלעס — פּויערישער פּוסבאַקלײד, אַלײן קאָנפֿעקציאָנירט.

פּומפּע־הױזן — שפּאַרטהױזן, אונטערגעבונדענע אונטער דער קני.

פּידל — טאַמבאַנק, פּאַרקויף־טיש אין אַ געוועלב.

פּרימעריע — שטאָטהויז.

פֿאַרטראַצען — פֿאַרטאַכלעווען.

פֿאַרשטײ — אפֿשר, מסתּמא.

פֿינפֿטער שולחן־ערוך — שׂכל (סע זענען פֿאַראַן פֿיר ש״ע, דעם פֿינפֿטן, שׂכל, לערנט מען נישט אין קײן ספֿרים).

פֿיראַרבעטער — שלאָגלער.

פֿיר־בלעטלעך — לוצערנע האָט צו דרײַ בלעטלעך. זעלטן געפֿינט מען אַ גרעזל מיט פֿיר בלעטלעך. דאָס היט מען אויף אין אַ ביכל, צווישן צווײ בלעטער, ווי אַ סגולה.

**ק** ל א ק ע — מערער אירע ארבעטן צוזאמען, נישט פאר געצאָלטס, נאָר אויפן סמך פון קעגנזייטיקייט, ביי וועלכער מע זינגט פאָלקסלידער און מע דערציילט פאָלקס־מעשיות.

ק אָ נ פ ע נ י ר ן, ק אָ נ וו ע נ י ר ן — זיך לוינען.

**ר** אָ ר ע ז א ך — זעלטענע זאך.

ר י ב ל — קארטאָפל.

**ש** א כ ט ל — שקעטעלע (שקאָטל); א ל ט ש א כ ט ל — פארעלטערטע בריאה, אַלטע מויד.

ש ט א ט, צ ו ש ט א ט — פאמעלעך.

ש ל י פ ע ר ע ס — די העלצער, אויף וועלכע סע זענען מאָנטירט די רעלסן.

ש מ יי ל י ק — לגנאי הייליק.

ש פ אָ ר — פליטעביים אויוון.

ש פ ר אָ נ ט ש י ק — שנאָלן.

# אינהאלט:



## מיט דער געלער אָרעמבאַנד

## מיין ברודער פּיוויש



## אין געראנגל מיט זיך

## יעדן מוז מען געפינען א זכות

## פונעם זעלביקן מחבר

### זעבען דערשינען:

**ביי דער סיר** דערציילונגען. משערנאָוויץ 1937.

**מײַן היים,** דערציילונגען, סינעם 1940,

**פריילינג אָן זון,** ראָמאַן. אראַד 1947.

**משה,** א מעשה ווי אין חומש. אראַד 1948.

### גרייט צום דרוק:

**לעבעדיקע מתים,** ראָמאַן.

**ליעקטאָר: איזאָ שאפּירא**
**טעכנישער רעדאקטאָר: שט. לעפּאָיעוו**

---

פּאָרמאט 84×16/54. זייטן 320. דערשינען 1975
טיראזש: 65 + 450
שרייב פּאפּיר: טיפּ 1 *A* ‎,83%‎ 108/72,6×84
1 פּאָרטרעט. פארלאגס־בויגן 15,67.
דרוק־בויגן 20. 22.844, *A*.

---

**פּאָליגראפישע אונטערנעמונג „דער 13־טער דעצעמבער 1918“. בוקארעשט. סאָציאליסטישע רעפּובליק רומעניע.**

Vladimir Tamburu

# Maramureșeni

Povestiri
(în limba idiș)

Editura Kriterion
București 1975